אלפרעד גראַנט




פאַרלאַג פאַריז

1958

Alfred GRANT:

# PARIS, A SCHTOTT FOUN FRONT

(Paris, ville du front)

הילע געצייכנט: **משהקע באַהעלפער**

פאָטאָס אויפגענומען: **יצחק צוקערמאַן**

געזעצט : ל אַ ז אַ ר וו יי ן

עס איז געדרוקט געוואָרן פון דעם בוך אַ
ספעציעלע אויפלאַגע אין 200 עקזעמפלאַרן,
נומערירט פון 1 ביז 200.

PRINTED IN FRANCE



...דער מאָטאָר טרייבט די שיף
פּאַרויס און דאָס וואַסער שוימט פון
רציחה — אָבער ס׳איז אומעכטיק...

# דעם אָנדענק

פון מיין ייִנגסטן ברודער, חיים צוקער, געפאַלן אין שלאַכט קעגן פאַשיזם, אין דעצעמבער 1936, ביי מאַדריד, אין די רייען פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס פון דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי אין שפּאַניע

און פון אַלע מיינע אומפאַרגעסלעכע קאַמפּסחברים פון דער ייִדישער ווידערשטאַנדבאַוועגונג אין פראַנקרייך, געפאַלענע אין אונדזער געמיינזאַמער שלאַכט קעגן נאַציזם.

# פאָרוואָרט

אין דער לאַנגער, פינצטערער נאַכט, וואָס האָט איינגעהילט די אָקו־פירטע אייראָפּע, איז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג געווען דער העלער שטערן, וועלכער האָט אָנגעזאָגט, אַז די זון וועט אויפגיין. זי האָט דערנענטערט דעם סוף פון דער נאַכט, ווייל זי האָט געוויזן דעם וועג, וואָס פירט אַרויס פון דער פינצטערניש — דעם אָנטשלאָסענעם, צילבאַוווסטן קאַמף.

אין דער געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, באַזונדערס אין דער פראַנצויזישער, וועט אונדזער קליינער, איינגעוואַנדערטער יידישער ישוב פאַרנעמען אַ חשוב פּלאַץ. עס איז אַ גרויסער, היסטאָרישער פאַקט: אַדאַנק אַ גאַנצער ריי אָביעקטיווע און סוביעקטיווע סיבות איז די דאָמינירנדיקע דערשיינונג אין אונדזער יידישן ישוב אין פראַנקרייך, ביי דער גאַנצער גרויל און פּיין און ביי אַלע שווערע קרבנות, געווען נישט דער אומקום, נאָר דער ווידערשטאַנד.

אין אַ לאַנד, ווו די פרייהייטס־טראַדיציעס זענען אַזוי טיף פאַרוואָרצלט; ווו דער אַרבעטער־קלאַס האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין אַנטי־פאַשיסטישן קאַמף און אין דער שלאַכט פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג; ווו די יידישע איינגעוואַנדערטע עלעמענטן זענען צווישן ביידע וועלט־מלחמות אָנגעקומען אָנגעלאָדענע מיט לאַנגיאָריקע רעוואָלוציאָנערע קאַמף־געווינהייטן; ווו די אָנפירנדיקע בירגערלעכע כוחות, סיי צווישן נישט־יידן, ווי צווישן יידן האָבן בהדרגהדיק זיך אָפּגעריסן פון די ברייטסטע שיכטן פון פאָלק — אין אַנבליק פון אויפשטייגנדיקן און דראָענדיקן היטלעריזם — אין דעם דאָזיקן לאַנד האָט דער ווידערשטאַנד דאָמינירט אין דער אַנטוויקלונג פון די געשעעניש.

אונדזער צאָלמעסיק קליינער ישוב פאַרנעמט דורך זיין קאַמף אַ בכבודיק אָרט אין דער געשיכטע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווייל ער האָט פאַרשריבן, אונטער דער אָנפירונג פון די יידישע פּראָגרעסיווע טוער, אומצאָליקע און רומפולע בלעטלעך פון גבורה און מוט אינעם

גערֶאנגל פֿאַר דער באַפרייאונג פון פראַנקרייך, פֿאַר דער פֿאַרניכטונג פון היטלעריזם.

דער צוקונפטיקער געשיכטע־שרייבער פון דער דאָזיקער טראַגישער אָבער העלדישער עפּאָכע פון פראַנקרייך וועט זיכער אָנערקענען דאָס חשובע פּלאַץ, וואָס די יידישע רעזיסטאַנס האָט פֿאַרנומען אין דעם אַנטי־היטלעריסטישן קאַמף.

איןביידע זאָנעס, וועמענס גרענעצן די דייטשע חיילות האָבן איינ־געשטעלט, צעשניידנדיק דאָס לאַנד אין צוויי טיילן — אין דער צפון־זאָנע, אין פּאַריז און אין אַנדערע שטעט, ווי אויך אין דער דרום־זאָנע אין צענדליקער שטעט, ווי ליאָן, גרענאָבל, מאַרסעיל, טולוז, פּעריגע, לי־מאָזש, פּאָ, אַזשען, סען־זשערווע, נים, ראָאַן א״א — איז אַנטשטאַנען אַ מאַסנהאַפטע ציווילע און מיליטערישע אונטערערדישע ווידערשטאַנד־באַ־וועגונג, וואָס האָט אין אָנהויב געטראָגן דעם נאָמען „סאָלידאַריטעט״ און דערנאָך: „פֿאַרבאַנד פֿאַר ווידערשטאַנד און קעגנזייטיקער הילף״. זי האָט אַרומגענומען פֿאַרשידענע געביטן: אומלעגאַלע פּרעסע אויף יידיש, פראַנצויזיש און דייטש; קאָנקרעטע סאָלידאַריטעט מיט די קרבנות פון טעראָר, און אויך באַוואָפנטער קאַמף, געפירט דורך ספּעציעלע קאַמפ־אָפּטיילונגען.

זי האָט אַרויסגעוויזן אַן אומגעהויערן סכום מוט, קרבנות־גרייטקייט, העראָאיזם. הונדערטער פון אירע קעמפער און העלדן זענען געפאַלן אין שלאַכט מיטן פּנים צום שונא, אָדער זענען אומגעקומען אין די טויטן־לאַגערן. אָנגעוויזן איז אויך די צאָל פון די, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק צו דערלעבן ביזן זיג.

די דאָזיקע עפּאָפּייע וואַרט נאָך אויף אַ היסטאָריקער, וואָס זאָל פון די אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן און די נאָך אומבאַקאַנטע בלעטלעך באַ־שאַפן דאָס אומשטערבלעכע ווערק, ווירדיק די גרויסע געשעענישן, אָנשרייבן די אומצאָליקע קאַפּיטלעך איבערן גערֶאנגל, וואָס איז גע־פירט געוואָרן אָן איבעררייס, איבער די טאָג־טעגלעכע, כסדרדיקע ווי־דערשטאַנד־מעשים קעגן די נאַצישע אָקופּאַנטן און זייערע משרתים פון ווישי און פון „אוזשיף״ (יודען־ראַט).

אונדזערע זכרונות פּרעטענדירן בשום אופן נישט צו זיין אָט די גע־שיכטע פון דער גלאָררייכער יידישער רעזיסטאַנס. זיי זענען אויך נישט קיין ליטעראַרישע טראַנספיגוראַציע פון די היסטאָרישע פֿאַקטן. דאָס זע־נען מעמוּאַרן, ווערק פון זכרון, און זכרון איז אַ סוביעקטיווער ענין. נישט יעדער מענטש פֿאַרצייכנט אין זיין זכרון די זעלבע דערינערונגען פון דער זעלבער עפּאָכע.

אונדזערע מעמואַרן שילדערן אויטענטישע פֿאַקטן פון לעבן, די ער־טער און די אָנטייל־נעמער זענען פֿאַרצייכנט מיט זייערע נעמען. די פֿאַקטן אַנטוויקלען זיך אויפן פֿאָן פון די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָנ־געהויבן מיטן אויסברוך פון קריג, אין סעפּטעמבער 1939 און זיי פֿאַר־ענדיקן זיך גענוי 5 יאָר שפּעטער מיט דער באַפרייאונג פון פּאַריז.

דאָס זענען באַשרייבונגען געזען דורכן שמאָלן פענצטער פון אונ־
דזער קאַמף־פּאָסטן אין פּאַריז. מיר האָבן אויסשליסלעך פאַרצייכנט אי־
בערלעבונגען, באַגעגענישן, אַקטן, צו וועלכע מיר האָבן געהאַט אַ פּער־
זענלעכע שייכות; מיר האָבן דערמאָנט קעמפער, מיט וועלכע מיר האָבן
זיך געטראָפן פּערזענלעך אין דער אָרגאַניזאַציע. נאָר אין איינצלנע פאַלן
ברייטערן מיר אויס דעם דאָזיקן ראַם, כדי צו מאַכן פאַרשטענדלעכער
אונדזער שילדערונג.

עס ווערן נאָמענטלעך דערמאָנט 273 געזעלשאַפטלעכע טוער און
ווידערשטענדלער. די צאָל שטעלט מיט זיך פאָר נאָר אַ ברוך־טייל פון
דער אומצאָליקער מאַסע, וואָס איז געווען איינגעשלאָסן אין דער ווידער־
שטאַנד־באַוועגונג.

אין דער ווירקלעכקייט איז אונדזער קאַמפס־פּאָסטן נישט געווען
עפּעס אַנדערש ווי **איין** אָפּשניט, **איין** באַריקאַדע פונעם גרויסן אַנטי־
פאַשיסטישן פראָנט, וואָס האָט זיך געצויגן דורך לענינגראַד, מאָסקווע
און סטאַלינגראַד, דורך וואַרשע, ביאַליסטאָק און ווילנע, דורך פּראָג, אַמ־
סטערדאַם, בריסעל און פּאַריז. פּאַריז, איינע פון די שטעט פונעם פראָנט,
ווו עס האָט זיך אויסגעווירקט די טאָטאַלע מלחמה פון דייטשן מיליטאַ־
ריזם און ווו עס איז אויך אויסגעוואַקסן אַ האַרטנעקיקע און אַנטשלאָ־
סענע פראַנצויזישע רעזיסטאַנס, אין וועלכער, מיר, יידן האָבן פאַרנומען
אַן אָנגעזעען אָרט.

די סיבות, וואָס האָבן אונדז באַוויגן צו פאַרשרייבן די דאָזיקן זכרו־
נות אין דער איצטיקער צייט, זענען קודם־כל דער באַגער צו באַטייליקן
זיך מיט אונדזער באַשיידענער גבית־עדות אין דעם דענקמאָל לכבוד
דער העראָאישער פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

אונדזער ווונטש איז אויך, אַז דער אָנגעזעענער חלק פון די איינגע־
וואָנדערטע יידן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פאַר דער באַפרייאונג
פון לאַנד זאָל נישט מיט דער צייט פאַרטונקלט ווערן.

די דאָזיקע בלעטלעך זענען אויך געשריבן געוואָרן, כדי צו העלפן
פאַרוואָרפן אַ בריק צווישן דער פאַרגאַנגענהייט און דער צוקונפט אין אַ
צייט, ווען דער דייטשער מיליטאַריזם הויבט זיך צוריק אויף שטופנווייז,
עטאַפּנווייז פון דער מפּלה, פון דער קאַפּיטולאַציע, און זיין געשפּענסט
הייבט שוין ווידער אָן צו וואַרפן אַ שאָטן אויף אייראָפּע.

אין אַזאַ צייט איז אונדזער הייסטער ווונטש, אַז אונדזער גבית־
עדות איבער אומענטשלעכן גרויל און איבערמענטשלעכער גבורה, אַז די
אָנגעזאַמלטע דערפאַרונג אין קאַמף זאָלן ווערן אַ באַשיידענער ביי־
שטייער לטובת דער פאַרזיכערונג פון אונדזער צוקונפט.

**דער מחבר.**

פּאַריז, נאָוועמבער 1958.

קאַפּיטל איינס:

# די אַנגאַזשירונג

וויפל זענען מיר דאָרט געווען ביים רעקרוטיר־ביוראָ פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, סוף אויגוסט 1939?

ווער האָט דען געקאָנט ציילן דעם עולם, וואָס איז געשטאַנען אויף דער גאַס, אַז יעדעס מאָל, ווען אַ גרופּע מענטשן פלעגט איינגעשלונגען ווערן דורך דער טיר פון אַריינגאַנג, פלעגט דאָך די ריי אויף דער גאַס בלייבן פּונקט אַזוי ווי פריער.

זיי פלעגן דאָרט אַריין אין דער קאַזאַרמע רעאי אפשר צו צוואַנציק, אפשר צו פינף און צוואַנציק, זיי פלעגן אַרויס בערך אין אַ האַלבער שעה אַרום דורך אַן אַנדערער טיר, אַביסל ווייטער און צוריקקומען צו דעם כסדר זיך פאַרויסרוקנדיקן צוג, צו וועלכן עס פלעגן פון הינטן כסדר צו־קומען פרישע מענטשן. זיי פלעגן צוריקקומען, כדי אונדז איבערצוגעבן, ווי עס איז צוגעגאַנגען אין ביוראָ.

דער עולם האָט זיך שנעל געפילט היימיש. מען האָט געשמאַק געשמועסט. יעדער איינער האָט געהאַט זיין סיבה צו אַנגאַזשירן זיך אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. אַלע צוזאַמען האָבן באַגריפן, אַז עס איז אומעגלעך עס נישט צו טון. זעלבסט־פאַרטיידיקונג אָדער קאָלעקטי־ווע פאַרטיידיקונג — עס איז נישט וויכטיק געווען די דיסקוסיע אין דעם מאָמענט, עס איז געווען נויטווענדיק זיך צו פאַרטיידיקן.

די באַזונדערע גרופּעס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי דער צוג וואָלט באַשטאַנען פון באַזונדערע טיילן, אָבער דאָך איז עס געווען איין לאַנגע ריי.

איך האָב זיך אויך געפונען אין אַ גרופּע. פאַר אַסך מענטשן בין איך געווען באַקאַנט. די דריי יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט ביי דער

אויפנאַמע פון קראַנקע אין דער פאַלקס־קלינים, אויף 75, רי דע טירען, האָבן פון מיר געמאַכט אַ קהלשע פיגור. טייל האָבן אויך געקאָנט מיין פּאָליטישע טעטיקייט, אין די פּאַטראָנאַטן, אין אַרבעטער־אָרדן, אין דער פאַלקס־הילף.

— דו ביסט אויך דאָ ?

— פאַרוואָס זאָל איך זיין אַן אויסנאַם ?

— און די פאַלקס־קליניק ?

— מ׳דאַרף שטענדיק אויסקלייבן דאָס וויכטיקסטע אין לעבן. אגב, באַדראָט די מלחמה די מענטשן ווי די אינסטיטוציעס.

עס נעמען פאַלן פּאַטריאָטישע רייד. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, די פרייהייט, פראַנקרייך איז אַ ווויל לאַנד, אַ טייער פאַלק... אָבער נישט אַלע, ווייזט זיך אַרויס, זענען געגאַנגען זיך אַנגאַזשירן מיט ענטוזיאַזם. פאַר אסך איז פראַנקרייך געווען „דער 5־טער שטאָק", דאָס טרערן־אינדזל פון דער פּאָליציי־פּרעפעקטור, באַזונדערס פאַר די אַנטלאָפענע פון פוילישן אָדער רומענישן פאַשיזם. זייערע חלומות וועגן פרייען פראַנקרייך זענען צעשטערט געוואָרן דורך די ווילקירלעכע מושלים פון די פּאַפּירן־געבער, באַזונדערס בעת דער הערשאַפט פון לאַוואַל און טאַרדיע.

פאַר אַנדערע איז פראַנקרייך געווען דאָס לאַנד, ווו זיי האָבן איבער־געלאָזט דאָס געזונט ביי דער מאַשין, אַרבעטנדיק אומלעגאַל אין אַ בוי־דעם־שטיבל. זייערע פאַרדינסטן זענען געבליבן אין די קעשענעס פון די „מאַכערס", וועלכע האָבן געלעבט ווי פּאַראַזיטן אויפן עמיגראַנט, אַן וווין־און אַרבעטסרעכט. מיט די פאַרשידענע תירוצים האָבן די דאָזיקע לייט אַרויסגענאַרט די אויסגעהאָרעוועטע פראַנקן. נישט געקוקט אָבער אויף די תירוצים פון די „מאַכערס", זענען די אויסוויזן געבליבן אויסווייזן.

ווען דער פּאָליציאַנט ביי דער קאַזאַרמע האָט אונדז העפלעך געבעטן צו דיסקוטירן אַביסל שטילער, האָט איינער מיר פאַרטרויט:

— דאָ איז ער העפלעך, אָבער דאָרט, אויפן „5־טן שטאָק", דאַרפסטו אים הערן. נו, יאָ, דאָ דאַרף ער מיך אויף צו שלאָגן זיך פאַר „זיין" פראַנקרייך.

— איר דאַרפט אַזוי נישט רעדן — רופט זיך אָן אַן אַנדערער. — „זיין" פראַנקרייך איז היינט אונדזער אַלעמענס פראַנקרייך. מיר טוען דאָס נישט פאַרן פּאָליציאַנט, אָדער פאַר דער פּרעפעקטור, נאָר קעגן היטלערן. אויב מ׳זאָגט, אַז יעדער אויסלענדער האָט צוויי פּאַטערלענדער, זיין אייגנס און פראַנקרייך, איז אונדז, עמיגראַנטן פון די פאַשיסטישע לענדער, באַזונדערס טייער דאָס פראַנקרייך פון די מענטשן־רעכט.

דער לעצטער האָט מן הסתם געהאַט אַ פּאָליטישע דערציאונג. עס האָט זיך טאַקע אַנטוויקלט באַלד אַ דיסקוסיע אויף פּאָליטישע טעמעס. איינער האָט געהאַלטן, אַז „פאַרי סואַר" איז געווען גערעכט — דאָס האָט דער ראַטנפאַרבאַנד אַרויסגערופן די מלחמה דורך דעם פּאַקט מיט דייטש־

לאַנד. אויף דעם האָט אַ צווייטער געגנטפּערס, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געמאַכט אַלע באַמיאונגען צו שאַפן דעם אַנטי־היטלערישן בלאָק און דאָס — זינט דעם וויזיט פון לאַוואַלן אין 1935 אין מאָסקווע, נאָך די פראַנצויזישע רעאַקציע האָט געזוכט אויסצושפּילן היטלערן קעגן איר פּראָלעטאַריאַט פון איין זייט און קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד פון דער צווייטער זייט. די עקזיסטענץ פון ראַטנפאַרבאַנד — האָט ער צוגעגעבן — איז אַ גאַראַנטיע פאַר אונדזער צוקונפט און פאַר דער מפּלה פון פאַשיזם.

נישט אַלע זענען געווען איבערצייגט אין דעם. דער לייענער פון „פּאַרי סואַר” האָט געצוקט מיט די אַקסלען:

— אַז מ׳וועט לעבן, וועט מען זען.

פון אַ נעבנדיקער גרופּע האָט מען גערעדט נאָך העכער פאַר אונדז. זייער טעמע איז איבערגענומען געוואָרן דורך אַלעמען.

מען האָט געשמועסט וועגן דער אַנגאַזשירונג, וואָס מ׳שרייבט אונטער אינעווייניק, אין ביוראָ: „פּור לאַ דירעי דע לאַ גער” — אויף דער צייט פון דער מלחמה, הייסט עס.

— און אַז די מלחמה וועט דויערן פינף יאָר, בין איך אַנגאַזשירט אויף אַזאַ לאַנגער צייט? — ווערט אַ ייד אָפּגעקילט פון זיין חשק אַריינצוגיין אין ביוראָ.

— פאַראַן מענטשן — וואַרפט איינער אַריין — וואָס זענען שוין אַנגאַזשירט זינט 1936 און זיי זעצן פאָר. דער זעלבער שונא, וואָס איז געקומען קיין שפּאַניע — דער פאַשיזם — גייט אויף פראַנקרייך. עס איז געקומען די צייט, אַז דער קאַמף פון די רעפּובליקאַנישע מיליציאַנערן זאָל זיך ווייטער ציען, נישט געקוקט אויף דער מפּלה. זייער היסטאָרישע אַנגאַזשירונג — די ערשטע קעגן היטלערישן פאַשיזם — דאַרף זיין אַ לערע.

מיין ריי איז אָנגעקומען אַריינצוגיין אין ביוראָ פון דער קאַזאַרמע רעאַי. מ׳האָט מיך דאָרט אינעווייניק געוויגן, געמאָסטן און דערקלערט „פעאיק צום מיליטער־דינסט”. דאַן איז געקומען די הויפּט־פאָרמאַליטעט: דאָס אונטערשרייבן די אַנגאַזשירונג. פאַר מיר האָט נאָך איינער געפרעגט זיין שכן:

— ווי מיינט איר, כ׳וועל אַרויס אַ גאַנצער?

— איר דאַרפט נאָר זען, אַז היטלער זאָל נישט אַרויס קיין גאַנצער, וועט אייך שוין גוט זיין.

פאַר מיר איז די אַנגאַזשירונג געווען נישט מער ווי אַן אָפיציעלע פאָרמאַליטעט. אין דערווירקלעכקייט האָב איך זי אונטערגעשריבן נאָך מיט 9 יאָר צוריק, אין נאַנסי, ווען כ׳בין אַריינגעטרעטן אין דער סטודענטישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אַ חברטע פון מיין גימנאַזיע, וואָס איז געקומען שטודירן צוזאַמען מיט מיר פון פוילן, האָט מיר דאַן געמאַכט אַ פאָרוואורף, אַז איך דאַרף זיך נישט פאַרנעמען מיט פּאָליטיק אַזוי לאַנג, ווי איך האָב נישט געענדיקט דאָס שטודיום. אויף וואָס אַן אַלטער סטודענט האָט איר דאַן געענט־

פערט, אַז מיט אַזאַ לאָגיק איז נישט פאַראַן קיין שום פעריאָד אין לעבן, ווען מ'זאָל זיך קאָנען „פאַרנעמען מיט פאָליטיק". ווען מ'גייט אין גימנאַזיע, דאַרף נישט עקזיסטירן קיין אַנדער זאָרג, ווי צו באַקומען די מאַטורע. אַלס סטודענט איז נייטיק צו וואַרטן ביזן דיפלאָם; ווען מ'האָט אים שוין באַקומען, איז אַ שאָד אים צו פאַרלירן. אינצווישנצייט האָט מען חתונה. ווי קאָן אַ חתונה־געהאַטער זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע געפערלעכע געשעפטן ווי פאָליטיק? און ווען ער האָט קינדער, איז עס דאָך „אומפאַראַנטוואָרטלעך" נישט צו זאָרגן פאַר זיי. און אַז עס קומען אָן די עלטערע יאָרן, הייסט מען אים איבערלאָזן די „נאַרישקייטן" פאַר יינגערע פון אים.

אַט אַזוי זינגט זיך דאָס לידל אין אַלע צייטן, אין אַלע יאָרן. ווייל אין הינטערגרונט ליגט די מורא, וואָס דער רעזשים וואַרפט אָן אויף די, וועלכע ווילן זיך פאַרנעמען מיט פאָליטיק, ד"ה מיט אַזאַ פאָליטיק, וואָס איז געוואָנדן קעגן אים.

דאָס פאַפיר, וואָס כ'האָב באַקומען, האָט אַנטהאַלטן די דעקרעטן פון קריגס־מיניסטער דאַלאַדיע וועגן דער סיטואַציע פון די אויסלענדער אין אַ מלחמה־פעריאָד.

איך האָב אונטערגעשריבן.

פון דאַן אָן האָט מיין ציוויל־לעבן נישט לאַנג געדויערט. דעם 4־טן אָקטאָבער האָט מען מיך גערופן אין דער זעלבער קאַזאַרמע רעאַי און מיר איבערגעגעבן דאָס צעטל צו לאָזן זיך אין וועג אַריין: דעם 6־טן אָקטאָבער האָב איך געדאַרפט זיך צושטעלן אין מיליטערישן לאַגער פון אויסלענדישן לעגיאָן, אין סאַטאָנעי, נישט ווייט פון בורג, אין דעפאַרטאַמענט עין.

מיין פרוי, פאַני, האָט מיך באַגלייט צו דער באַן. זי האָט דאַן געשוואַנגערט. מיר זענען געשטאַנען אויפן וואָקזאַל און נישט געקאָנט פרעציזירן אונדזערע געדאַנקען. עס האָבן געדריקט די פראַגן, ווען און ווי אַזוי מיר וועלן זיך נאָך זען, ווי אַזוי וועט זיך אויסווירקן די מלחמה אויף פאַניס צושטאַנד? וואָס וועט זי טון אַליין מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט?

דעם ערשטן באַווייז פון דעם, וואָס די מלוכה איז אימשטאַנד צו טון פאַר איר, האָט זי שוין געהאַט באַקומען אָנהייב סעפטעמבער, ווען מען האָט זי עוואַקואירט אין אַ דאָרף פון סאַרטער דעפאַרטאַמענט, צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע פרויען אין איר צושטאַנד. מען האָט זי דאָרט אַריינגעזעצט אין אַ קעלער־צימער, וואָס האָט פריער געהאַט געדינט אַלס לאַגער פאַר קוילן, אָן וואַסער, אָן אַן אויוון, אָן די מינדסטע באַקוועמלעכקייטן. עסן האָט מען באַדאַרפט נעמען אין דער קיך, ווו די רייען זענען געווען אין לשער. צוויי טעג שפעטער איז פאַני צוריקגעקומען קיין פאַריז. אויב מען פאַרנעמט זיך אַזוי שיין מיט שוואַנגערע, טאָ וואָס־זשע וועט זיין מיט די אַנדערע?

מיר זענען אַזוי געשטאַנען ביים צוג. דער רעגן האָט געטריפט מיט קאַלטע טראָפּנס, וואָס דערקוטשען און מאַטערן אויס. מען וויל ליבערשט אַן אמתן שלאַקס־רעגן, נאָך וועלכן דער הימל און די נשמה לייטערן זיך אויס.

מיר האָבן זיך באַמיט צו טרייסטן איינער דעם צווייטן. זי האָט געקאָנט רעכענען אויף דער הילף פון דער משפחה, פון די חברים. פאַני האָט מיר צוגעזאָגט צו זאָרגן פאַר איר געזונט, צו פאַרטרעטן מיך אין דיספאַנסער, וואָס איז אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע און קאָן נישט בלייבן אָן אַ פירונג. איך, פון מיין זייט, האָב איר צוגעזאָגט רעגולער צו שרייבן.

ווען דאָס טירל פון וואַגאָן האָט זיך פאַרקלאַפּט, האָט אַ טרער זיך אַראָפּגעקייקלט אויף מיין באַק. מיינע שכנים האָבן מן הסתם זי אָנגענומען פאַר אַ טראָפּן רעגן.

אינדערפרי האָט דער רעגן אויפגעהערט. נאָר די באַן־סטאַציע, ווו מיר זענען אָנגעקומען, איז געלעגן אין בלאָטע. דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן אונדזערע ציווילע געוווינהייטן און די מיליטערישע מנהגים איז פאָרגעקומען אָט דאָ אין דער בלאָטע, נעבן אַ באַראַק, אין וועלכן מען האָט נישט געטאָרט אַריינגיין. די וואַליזקעס האָט מען נישט געהאַט ווו צו לייגן, אויסער אין דער בלאָטע. די מאַנאַשקעס, וואָס מען האָט אונדז געגעבן צו טרינקען קאַווע, זענען געווען שמוציק און פעט. אויסוואַשן האָט מען זיי געקאָנט נאָר מיט בלאָטיק וואַסער, אָדער מיט די ברייטע בלעטער פון אַ דערנעבנדיקן בוים. צום גליק האָט זיך די זון באַוויזן און געצומען טריקענען אונדזערע קליידער.

די יעניקע צווישן אונדז, וואָס האָבן נישט דורכגעמאַכט קיין מיליטער־דינסט, האָבן געמיינט, אַז אַזוי דאַרף אויסזען דאָס מיליטער־לעבן. פאַר די שפּאַניער פון אונדזער גרופּע זענען אָבער די דאָזיקע באַדינגונגען געווען פיל בעסער ווי די באַדינגונגען פון לאַגער פון אַרזשעלעס, ווו זיי זענען געווען אינטערנירט נאָך דעם איבערגיין די שפּאַנישע גרענעץ אין פעברואַר 1939.

מען האָט אונדז שנעל אַוועקגעפירט אין מיליטערישן לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען 4 אָדער 5 קילאָמעטער ווייט פון דער באַן־סטאַציע. איך האָב געשלעפּט, אונטער דער שיינענדיקער זון, מיין וואַליזקע און, ווי אַלע אין ענלעכע סיטואַציעס, האָב איך געהאַט חשק זי אַוועקצוואַרפן אין דער בלאָטע. בייטנדיק זי כסדר פון איין האַנט צו דער צווייטער, האָב איך זיך דאָך דערשלעפּט.

מיט גרויס פרייד טאַקע בין איך אַריין אין צימער מיטן אייזערנעם בעטל, אויף וועלכן כ׳האָב זיך גלייך אויסגעצויגן, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט. דאָס זעלבע האָבן, אגב, געטון די איבעריקע עלף זעלנער פון צימער. מיר האָבן אפילו נישט געהאַט קיין חשק צו לאַכן איינער פון אַנדערן פון אונדזער הולך.

מען האָט אונדז שוין געהאַט אויסגעקליידט אין מיליטערישן מאַגאַזין. מיר האָבן באַקומען אָדער צו לאַנגע הויזן, אָדער צו קורצע, אָדער

צו ענגע מאַנטלען אָדער צו ברייטע. בלויז די שיך, די „דאַלאַדיע־שיך", זענען געווען מער־ווייניקער צו דער מאָס. קיינער האָט אָבער נישט גע־האַט קיין כוח, נאָך אַ נאַכט פאָרן, נאָך אַ פּאָר קילאָמעטער מיט די וואַ־ליזקעס, מיט אַ ליידיקן מאָגן, צו באַדויערן די טואַלעטן.

פאָרן אַוועקשיקן אונדז אין דער קאַזאַרמע פון וואַלבאָן האָבן מיר אַדורכגעמאַכט אַ נייע מעדיצינישע קאָנטראָל. דער הויפּט־דאָקטאָר איז דאָ געווען ד"ר הופנאַגעל, אַן אייננגייער אין פּוילישן קאָנסולאַט אין פּאַ־ריז. אגב, בזכות זה האָט מען אים, מן הסתם, געהאַט אַוועקגעשטעלט אויפן פּאָסטן פון פּרעזעס פון פאַריין פון פּוילישע יידן, וואָס האָט זיך געגרינדעט אַרום 1935. ער האָט זיך באַצויגן מיט פיל פאַראַכטונג צו די „שניידערס", ווי ער האָט באַצייכנט די יידישע פּריוווּיליקע.

מיר זענען אַריין אין מיליטערישן לעבן מיטאַמאָל. אויסער מיט די צווייטראַנגיקע זאַכן, ווי גלייכלייגן די וועש, שיילן קאַרטאָפל און ריין מאַכן די קאַזאַרמע, זענען אונדזערע טעג געווען אויסגעפילט דורך לאַנגע מאַרשן, די ספּעציאַליטעט פון אויסלענדישן לעגיאָן. קיין ביקסן האָבן מיר נישט באַקומען. קיין אַנדער געווער אויך נישט. מיר האָבן געשוויצט אין די גרינע קאַפּאָטעס, אַדורכמאַכנדיק 15, 20 און אפילו 30 קילאָמעטער יעדן טאָג, מיט אַ רוקזאַק, אויסגעפילט לויטן רעגולאַמין מיט ציגל אָדער שטיינער ביז אַ געהעריקער וואָג, זיך אָנגעריבן די פיס אין דאַלאַדיעס הויכע מיליטערישע שיך. פאַרנאַכט בעת דער דער פרייער צייט, דער אַזוי גערופענער „קאַרטיע ליבר", פלעגן די קאַפּע־הייזער פון שטעטל זיך אָנפילן מיט לעגיאָנערן, וועלכע האָבן געזוכט ווי צו פאַרטרייבן די צייט. זונטיק פלעגט מען אַוועק אין אַ דערבייאיק שטעטל, ווו עס איז געווען אַ קינאָ און אַ גוטע בעקעריי.

מיר האָבן זיך געשפּילט אין מלחמה. טויזנטער פּריוווּיליקע האָבן זיך געשפּילט אין מלחמה. דערוואַקסענע מענער, פאַמיליע־מענטשן, פּאַטערס פון דערוואַקסענע קינדער, שוין אַליין אין דער אַרמיי — האָבן זיך גע־שפּילט אין זעלנער.

נאָך אַ פּאָר וואָכן פון אַזאַ „מיליטער־דינסט" האָב איך אַ טאָג פאַר־פאַסט אַן איראָניש לידל אויף דער דאַן זייער פאָפּולערער מעלאָדיע: „מיר, די יאַטן פון ים־פּלאַט" (סע נו לע גאַ דע לאַ מאַרין). פאַרענ־דיקט האָט זיך דאָס ליד פון אייניקע סטראָפן אַזוי:

מיט אַזאַ וואָפן אין האַנט
וועלן מיר אַרויס זיגרייך
אין יאָר... פינף און פופציק.

דאָס לידל האָט מען גענומען זינגען ביי אַלע מאַרשן, כדי זיך פריי־לעך צו מאַכן. מ'דאַרף זאָגן, אַז דאָס מאַרשירן איז אונדזער אָפּטיילונג נישט אָנגעקומען לייכט. עס פלעגט גיין לעבן מיר זשאַק, דער שטריקער פון בעלוויל — דער גראָבער זשאַק — ווי מען האָט אים גערופן, און פלעגט טענהן:

— וואָס ווילן „זיי" פון מיר האָבן. 20 יאָר האָב איך זיך געלערנט שטריקעריי און זיך נישט אויסגעלערנט, וועלן זיי מיך אויסלערנען מאַר־שירן?

דעם סערזשאַנט, אַ שווייצער, אַן אמתער לעגיאָנער פון אַפריקע, פון סידי־בעל־אַבעס, איז דער גאַנצער ענין אַנגעגאַנגען ווי דער פּאַראַיאָרי־קער שניי, ווי נישט ער וואָלט אונדז באַדאַרפן אויסלערנען דאָס פאַך פון זיין אַ זעלנער.

איין טאָג איז מיר איינגעפאַלן פאַרצושלאָגן דעם סערזשאַנט מיר איבער־צוגעבן די אָפּטיילונג אויף אַ שעה צייט. ער האָט מיך אָנגעקוקט פון אויבן אַראָפּ און איך האָב זיך געכאַפּט, אַז מיין פאָרשלאָג קאָן מיך פירן אין קאַרצער. נאָר מיין שרעק איז שנעל פאַרביי. אגב, איז שוין געווען צו שפּעט.

— אויב דו ווילסט — האָט ער מיר געענטפערט. ער האָט זיך אויס־געזוכט אַ בוים און זיך אַוועקגעלייגט אונטער אים, מיטן פנים צום הימל.

איך האָב זיך דאַן געוואַנדן צו די סאָלדאַטן אויף יידיש:

— חברה, נישט אַלע פון אונדז האָבן געדינט אין מיליטער. אין קיין שום אַרמיי האָבן מיר זיך נישט געפילט גוט, ווייל זי האָט אונדז נישט פאַרטיידיקט. היינט איז אָבער די מלחמה צווישן אונדז מיטן היטלעריזם אַ פראַגע פון לעבן און טויט. אונדזער שונא איז נישט קיין באַנדע פון פּאָגראָמשטשיקעס, באַוואָפנטע מיט שטעקנס, נאָר אַן אַרמיי מיט טאַנקן און אַוויאָנען. אויב מיר וועלן נישט באַהערשן די קונסט פון פירן קריג, זענען מיר פון פאָרויס באַזיגט. לאָמיר אָנהויבן פון מאַרשירן צום טאַקט. באַוועגט זיך לייכט און דער ריטם וועט קומען פון זיך אַליין. איינס־צוויי־דריי־פיר.

מיינע פּאָר ווערטער האָב איך איבערגעזעצט און צוגעפּאַסט אויף פויליש פאַר די פּאָליאַקן און אויף פראַנצויזיש פאַר די שפּאַניער. נאָכ־דעם האָבן מיר אָפּמאַרשירט אַ פּאָר הונדערט מעטער. דעם סערזשאַנט האָט מען מער נישט געזען.

— איינס־צוויי־דריי־פיר — זענען געפאַלן מיינע באַפעלן אָן איבער־רייס. איך האָב זיך דערמאָנט די קורסן פון מיליטערישער צוגרייטונג, וואָס מען האָט אונדז געגעבן אין גימנאַזיע, אין דער היים.

וויפל דאָס מאַרשירן האָט געדויערט, דערמאָן איך זיך נישט. מיר זע־נען געגאַנגען אַהין און צוריק אויפן שאָסיי און געאיבט זיך. ביז דער עולם האָט געהאַלטן, אַז עס איז גענוג. כ׳בין דאַן אַוועק צום סערזשאַנט און אים געמאָלדן, אַז די אָפּטיילונג קומט אָן.

ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צו אים, איז ער שוין געשטאַנען אויפן שאָסיי, ווי אַ גענעראַל, וואָס נעמט אויף אַ דעפילאַדע פון זיין אַר־מיי. מיר האָבן מאַרשירט אין טאַקט און אָנקומענדיק צום אָרט, ווו ער איז געשטאַנען, האָבן מיר אויסגעדרייט די קעפּ אין זיין ריכטונג, ווי אַ ריכטיקע דעפילאַדע. ער האָט דאַן אינסטינקטיוו צו אונדזער גרויסער פאַרוווּנדערונג אויפגעהויבן די האַנט און סאַלוטירט.

די דאָזיקע געשעעניש איז געוואָרן די טעמע פון טאָג אין דער קאַזאַרמע און אין אָוונט אין די קאַפּעס. דאָרט, אין די קאַפּעס האָט מען פאַרנאַכט, אין די שעהן פון אַזוי גערופענעם „קאַרטיע ליבר" געקיבעצט, געפּטרט די אומנוצלעכע צייט, פאַרטריבן די דאגות. הויפּטזאַכלעך איז מען געווען פאַרטון אין הילכות „בעלאָט" (אַ קאָרטן־שפּיל). דער עולם האָט זיך אין דער קאַפּע געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. מיט אַ זיפץ אָדער אַ גראָב וואָרט אָפּגעפּטרט דעם ענין פון דער אַנגאַזשירונג און דעם גאַנצן ענין מלחמה.

ביסלעכווייז אָבער האָבן זיך גענומען קניפּן פעדעם פון אַן אַנדער מין צווישן געוויסע יידן, שפּאַניער און פּאָליאַקן. עפּעס אַנדערש ווי קאָרטן האָט די דאָזיקע מענטשן פאַרבונדן. מען האָט פון זיי נישט געהערט קיין נבול־פּה, זיי האָבן געזאָרגט פאַר בעסערע היגיענישע באַדינגונגען, זיי זענען געווען גרייט צו טון אַ טובה. זיי האָבן זיך באַמיט צו ווערן גוטע סאָלדאַטן. זייער אויפירונג האָט אַזוי אַרום שטאַרק זיך אונטערגעשיידט פון דער אויפירונג פון די איבעריקע סאָלדאַטן. דאָס זענען געווען קאָמערגיסטן.

מערסטנטייל האָב איך מיין פרייע צייט פאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפט פון איזידאָר בערנשטיין, פּעדאַגאָג אין דער געזעלשאַפט „פריינט פון אַרבעטער־קינד", פון שמעון שטרומפמאַן, מיטגליד פון אָנפירונג פון „אַרבעטער־אָרדן", פון יוזשעק קאַנאַר, אַרטיסט פון „פּאַריזער יידישן אַרבעטער־טעאַטער" (פּיאַט) און מ. ווילנער, סעקרעטאַר פון „טעלמאַן־קאָמיטעט".

אַ פּאָר טעג נאָך דעם ווי איך האָב פאַרטראָטן אונדזער סערזשאַנט, האָט מען מיך גערופן צום קאַפּיטאַן אין ביוראָ. דער קאַפּיטאַן שאַפּואַי האָט געהאַט אַ שם פון אַ פּאַנאַטישן לעגיאָנער. ער האָט דאָרט, אין צפון־אַפריקע, פאַרבראַכט 17 יאָר און איז דערגאַנגען פון ראַנג פון אַ פּשוטן סאָלדאַט ביזן ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן. מען האָט דערציילט, אַז זיין פרוי איז אַמאָל אָנגעקומען אין דער קאַזאַרמע פון לעגיאָן אין סידי־בעל־אַבעס פונקט אין מאָמענט, ווען פאַר דעם קאַפּיטאַן שאַפּואַי האָבן דעפילירט די פערד. אונדזער קאַפּיטאַן האָט דאַן, אַליין זיצנדיק אויף אַ פערד, געצווונגען זיין פרוי צו שטעלן זיך „אויף אַכטונג" און אויפנעמען די דעפילאַדע פון די פערד.

דער קאַפּיטאַן שאַפּואַי האָט אויך שטרענג געהיטן די דיסציפּלין אין דער קאַזאַרמע. אויף יעדן קנעפּל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ספּעציעל האָט ער געוואַכט איבער דער ביוראָ.

איינמאָל, ווען מיר זענען שוין געווען אין אַ דערבייאיקן דאָרף, לעבן וואַלבאָן, האָט ער געוואָלט דערגיין די אמתע ציפער פון אונדזער באַשטאַנד, צוליבן צופלוס פון נייע לעגיאָנערן. עפּעס האָט נישט געשטימט. עסן פלעגט מען אויסטיילן טעגלעך פאַר 560 סאָלדאַטן. קליידער האָט מען אַרויסגעגעבן פאַר 565, די ליסטעס פון די באַזונדערע קאָמפּאַניעס האָבן צוזאַמען באַטראָפן 540 מאַן.

וואָס האָט געטון אונדזער קאַפּיטאַן? ער האָט פאַרטראַכט אַ מיטל ווי צו כאַפּן דעם גנב ביי דער האַנט. איינמאָל, 6 אַזייגער אין דער פרי איז די גאַנצע קאַזאַרמע אויפגעוועקט געוואָרן דורך דעם טרומייטער. מיר האָבן קוים באַוויזן זיך אָנצוטון, איינצופּאַקן זיך און אַרויסגיין אויפן פעלד. די קאַפּראַלן און די סערזשאַנטן זענען געלאָפן אין די צימערן און געטריבן אין פעלד אַריין:

— אין וועג אַריין, שנעל, גיך!

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מיר פאָרן אָפּ אויפן פראָנט. מילא, פאַרפאַלן. אפשר וועט מען באַוויזן צו שרייבן פון וועג? מ׳קאָן דאָך נישט לאָזן אונדזערע פאַמיליעס אָן נייעס, און אָן אַזאַ וויכטיקער נייעס.

אויפן פעלד איז געשטאַנען דער קאַפּיטאַן שאַפּואי, אַרומגערינגלט פון גאַנצן שטאַב: אַלע לייטענאַנטן, סערזשאַנטן, אפילו דער פריזירער, דער פּאָסט־טרעגער, דער סעקרעטאַר, דער אָרדאָנאַנס, דער סאַניטאַר זענען געווען אָנוועזנד.

נישט אַנדערש, מיר פאַרלאָזן די קאַזאַרמע.

— חברה, דער „באַל״ הייבט זיך אָן.

די אמתע לעגיאָנערן, די פון אַפריקע, האָבן קיינמאָל נישט געזאָגט, ווי די ציווילע, „גיין אויפן פראָנט״. ביי זיי האָט עס געהייסן „גיין אויפן באַל״.

— צום ראַפּאָרט — האָט מיטאַמאָל אָפּגעהילכט דער טרומייטער.

לויט דער ריי האָט יעדע קאָמפּאַניע ראַפּאָרטירט איר באַשטאַנד.

— קאָמפּאַניע נומער 1, באַשטאַנד 52, גרייט צום אַרויסמאַרש, מיין קאַפּיטאַן.

אַזוי נאָכאַנאַנד ביז דער 10־טער קאָמפּאַניע.

— אונטער מיין אָנפירונג, פאָרויס, מאַרש! — און דער קאַפּיטאַן האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

נאָך אים זענען אַרויס די קאָמפּאַניעס אויפן שאָסיי.

אַ פּאָר הונדערט מעטער ווייטער האָט דער קאַפּיטאַן פאַרלאָזט דעם „קאָפּ״ פון צוג און זיך אָוועקגעשטעלט ביים וועג מיטן שטאַב און מיר האָבן פאַר אים אַדורכדעפילירט.

פאַרבייגייענדיק לעבן אים האָב איך באַמערקט, אַז ער מורמלט עפּעס, ווי ער וואָלט שטילערהייט געציילט.

2 שעה שפּעטער, נאָך עטלעכע פאַרטיעס פוטבאָל אויפן פעלד, זע־נען מיר צוריקגעקומען אין אונדזערע פויערישע כאַטעס.

דער קאַפּיטאַן האָט פּשוט געוואָלט דערגיין וויפל עס האָט באַטראָפן דער באַשטאַנד, נאָר דאָס איז ער נישט געוואָר געוואָרן.

די אינטענדאַנץ, די קיך, געוויסע מיליטער־לייט און ציווילע האָבן ווייטער אָפּגעלעקט אַ ביינדל.

אָט צו דעם דאָזיקן קאַפּיטאַן שאַפּואי האָט מען מיך גערופן.

אריינקומענדיק אין ביורא, האָב איך זיך פאַרגעשטעלט, אַז מען האָט מיך גערופן צוליב מיין איינפאַל צו וועלן פאַרטרעטן דעם סער־זשאַנט פון דער קאָמפּאַניע. ווי אַזוי — האָב איך געטראַכט — וועט ער דאָס אויפנעמען? מיט סימפּאַטיע אָדער רוגזה?

אין אַרמיי־מנהגים בין איך געווען אַ קליינער בקי. די מינע פון קאַפּיטאַן האָט מיך אָבער באַאומרואיקט.

— אַזוי, דאָס ביסטו דער, וואָס וויל מאַכן אָרדענונג אין לעגיאָן?

דער קאַפּיטאַן האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל, וואָס ער האָט מיר דער־לאַנגט. דאָס איז געווען אַ קאָפּיע פון מיין לידל. ער האָט עס צעריסן אויף שטיקלעך און עס אַריינגעוואָרפן אין ברענענדיקן אויוון.

— אַכט טעג תפיסה, מיט אַ ראַפּאָרט צום קאָלאָנעל. אין אַ שעה אַרום שטעל זיך צו מיט דיינע זאַכן — איז געווען דער אורטייל.

— און פאַרוואָס? — האָב איך געשטעלט אינסטינקטיוו אַ פראַגע, אויף גאָרנישט קיין מיליטערישן שטייגער.

— מיט אַ ראַפּאָרט צום קאָלאָנעל וועגן הוספה — האָט צוגעגעבן דער קאַפּיטאַן, אַנקוקנדיק מיך שאַרף — דו קאָנסט גיין.

— דאָס האָט מיר נאָר געפעלט — האָב איך זיך געטראַכט — נאָר פאַר־פאַלן.

די תפיסה איז באַשטאַנען פון אַ קאַמער, וואָס האָט אַמאָל געדינט פאַר אַ פערד־שטאַל. לענגאויס די ווענט, אַנשטאָט דער קאַריטע, איז גע־ווען אָנגעקלאַפּט אַ פּריטשע פון ברייטע ברעטער, באַדעקט מיט שטרוי, אָן זעק. די טיר איז געווען באַוואַכט דורך אַ סאָלדאַט.

כ'האָב געהאַט צייט צו טראַכטן וועגן מיין „איינפאַל", נאָר כ'האָב גאָרנישט באַגריפן, אין וואָס עס איז באַשטאַנען מיין זינד.

אויפן דריטן טאָג האָט מען מיך אַרויסגערופן פון קאַמער און געהייסן קערן דעם הויף, דאָס הייסט וואַרטן אונטער דיביימער ביז דער האַרב־סטיקער ווינט וועט אַראָפּרייסן די בלעטער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די מיסיע פון צונויפנעמען די בלעטער, וואָס פאַלן אַליין פון די ביימער, איז געווען נישט מער ווי אַ פּרעטעקסט. דער שפּאַנישער אונטער־אָפיציר גאָ־מעז האָט מיר געוואָלט לאָזן געניסן פון אַביסל פרישער לופט.

דעם 7־טן טאָג פון מיין אַרעסט האָט מען מיך אַוועקגעשיקט צוזאַ־מען מיט מיין קאָמפּאַניע קיין ליאָן אויף דער לעצטער מעדיציניַשער אונ־טערזוכונג פאַר דער ענדגילטיקער אינקאָרפּאָראַציע אין דער אַרמיי.

דאָס איז פאָרגעקומען אין שפּיטאָל דעזשענעט.

איך בין צוריקגעקומען פון דאָרט מיט אַ צעטל „אומפּעאיק פאַרן לע־גיאָן". די דאָקטוירים האָבן מן הסתם געהאַלטן, אַז איך בין אפילו נישט פּעאיק צוצופּאַסן זיך צום באַרימטן דעוויז פון פרעמדן־לעגיאָן: „מאַרשיר אָדער קראַפּיר!"

פאַרוואָס בין איך געווען ווייניקער פּעאיק פאַר אַן אַנדערן? דאָס בין איך נישט דערגאַנגען. בכלל האָט די מעדיציניַשע אונטערזוכונג אַזוי אויסגעזען, מער ווייניקער:

— ווי הייסטו?
— גאָלדבערג מאָריס.
— דיין פאַך?
— אַ שניידער.
— „באָן פור לע סערוויס" (פּעאיק צום מיליטער־דינסט).
אַזוי האָט זיך דאָס איבערגעחזרט אָן אויפהער.
צוריקקומענדיק פון ליאָן האָב איך געמאַכט אַ פרישע ווענדונג וועגן בלייבן אין דער אַרמיי, אונטערגעשריבן אַ נייע אַנגאַזשירונג.
די אַדמיניסטראַציע האָט דערוויילן אויסגעפירט דעם באַשלוס פון דאָקטאָר, מיך דעמאָביליזירט און אַהיימגעשיקט.
וואָס־זשע איז געוואָרן מיט מיין אַנגאַזשירונג „פאַר דער צייט פון דער מלחמה"? ווערט זי ווייטער אָנגיין אָדער איז זי בטול געוואָרן?

אין חודש נאָוועמבער האָב איך דורכגעמאַכט דעם וועג אויף צוריק. אין סאַטאַנע, בעת דער דעמאָביליזאַציע, האָב איך געטראָפן די חברים מאָניקאָווסקי און ג. קעניג, וואָס זענען ערשט געפאָרן קיין וואַלבאָן, צו־זאַמען מיט די נייע קאָנטינגענטן, וואָס מען האָט מאָביליזירט. דער ערש־טער איז געווען אַ שניידער־אַרבעטער, אַ סינדיקאַלער טוער און גענע־ראַל־סעקרעטאַר פון „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנק־רייך". דער צווייטער איז געווען פאַרן קריג רעדאַקטאָר אין דער טעגלע־כער „נייע פרעסע".

ביי זיי בין איך געוואָר געוואָרן דעם זין פון דער „קאָמישער מלחמה" — דער נייער טערמין, וואָס דאָס פאָלק האָט באַשאַפן — ווי אויך די סיבות פון דער רואיקייט אויף דעם היטלערישן פראָנט און פון דער רע־גירונגס־ענערגיע אויפן אינערלעכן פראָנט, פון רעפּרעסיעס קעגן קאָמו־ניסטישע דעפּוטאַטן און אָרגאַניזאַציעס.

זיי האָבן מיר געשילדערט די לאַגע אויף דער יידישער גאַס. ג. קע־ניג האָט איבערגעגעבן, אַז די איינציקע פּאָלקס־צייטונג, די „נייע פרע־סע", איז געוואָרן געשלאָסן. טייל מאַשינען זענען געראַטעוועט געוואָרן. אויף די אַרכיוון האָט מען באַהאַלטן. עס איז דערשינען דער ערשטער נומער פון אונדזערער אַן אומלעגאַלער צייטונג. דערפאַר האָט אָבער דער „בונד" אַרויסגעגעבן זיין צייטונג אין אַ פאַרגרעסערטן פאָרמאַט. ער האָט זיך געפרייט מיט דער געשאַפענער לאַגע און געמיינט צו פאַרנעמען אונ־דזער פּלאַץ. דער „פּאַריזער היינט", די טאָג־צייטונג פון יאַצקאַן, איז גע־וואָרן נאָך העסלעכער ווי פריער.

מאָניקאָווסקי האָט מיר דערציילט וועגן „פאַרבאַנד", אַ קינד פונעם איינהייטס־גייסט, וואָס האָט אַרומגענומען די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט. פונקט ווי אויף דער פראַנצויזישער גאַס האָבן פּראָגרעסיווע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, אין אָנבליק פון דער געמיינזאַמער געפאַר, אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק צו דערנענטערן זיך, אומאָפּהענגיק פון די פּאָליטישע אָנשויאונגען.

די ערשטע פרוכט פון אַזאַ דערנענטערונג איז געווען אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע — די „פאָלקס־קליניק", אויפגעבויט אין 1935, אויף דער איניציאַטיוו פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע — „דער אַרבעטער־אָרדן", דורך 28 סאָסיעטעס און לאַנדסמאַנשאַפטן. די דאָזיקע מעדיצינישע צענטראַלע, וואָס האָט געהיילט מיטגלידער און נישט־מיטגלידער, איז דערגאַנגען שטופנווייז צו אַן אינסטיטוציע, ווו עס האָבן אַמטירט 24 דאָקטוירים, וואָס האָט באַדינט אַן ערך 20 טויזנט מעדיצינישע פאַלן יערלעך, און איז גיך אויסגעוואַקסן פון דער יינגסטער אינסטיטוציע צו דער פּאָפּולערסטער פון דעם מין צווישן די פּאַריזער יידן, אַדאַנק איר פאָלקס־גייסט און דער דעמאָקראַטישער אָנפירונג מצד די אָנגעשלאָסענע געזעלשאַפטן.

פון איר שויס זענען אַרויסגעקומען די ערשטע סאָסיעטעט־טוער, וועלכע האָבן געלייגט דעם גרונט־שטיין אין 1938 פאַר דער גרינדונג פון אַ צענטראַלע פאַר סאָסיעטעט־טעטיקייט, פונעם „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנקרייך". צו זייַנע אויפטוען, אין לויף פון די אַנדערטהאַלבן יאָר עקזיסטענץ, האָבן געהערט דאָס שיקן אַ דעלעגאַציע קיין זבאַנשין (פּויזן) מיט הילף פאַר די אַרויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאַנד; דאָס גרינדן פון פאָלקס־קיכן פאַר דייטשע פליכטלינגען; דאָס פייערן 150 יאָר פראַנצויזישע רעוואָלוציע און דאָס רופן צו אַנגאַזשירן זיך אין דער אַנטי־היטלערישער מלחמה.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, און אונטערן דרוק פון דער אַנטי־סאָוויעטישער וואַקכאַנאַליע, האָבן די יעניקע, וועלכע האָבן שטענדיק מכלומרשט געפּרעדיקט אומפּאַרטייאישקייט, געפּאָדערט פון קאָמיטעט פון „פאַרבאַנד" אונטערצושרייבן אַ פּאָליטישע דעקלאַראַציע קעגן דעם סאָוויעטיש־דייטשן פּאַקט. דעם טעקסט האָט צוגעשיקט דער „קאָמיטעט פון הילף פאַר פליכטלינגען" (ס. א. ר.), אָנגעפירט דורך די ראָטשילדס. אין פאַל פון אַן אָפּזאָג האָבן די ווילטעטיקע הערן מיט „יידישע הערצער" געדראָט אָפּצושניידן די סובסידיע פון 30 טויזנט פראַנק אַ חודש, וואָס איז 3 מאָל געוואָרן אויסגעצאָלט לטובת דער פאָלקס־קיך אויף 8, רי סענטאָנזש, מיט וועלכער דער „פאַרבאַנד" האָט פאַרוואַלטעט.

אַ דעלעגאַציע פון „פאַרבאַנד", אין באַשטאַנד פון אברהם שטערן און וואָלף טראַפּיקאַנט, איז אַוועק אין ביוראָ פון ס. א. ר., ווו מען האָט איר געדראָט מיט עווענטועלע רעפּרעסיעס. מען האָט די דעלעגאַטן אפילו געדראָט צו לאָזן אַרעסטירן זייערע קינדער. טראַפּיקאַנט, וואָס איז, אגב, געווען איינער פון די שליחים אין זבאַנשין, האָט די מאַכער פון ס. א. ר. אויף זיין פאָלקסטימלעכן אופן דערציילט, אַז אין 1905 איז ער געזעסן אין פּאַוויאַק און אַז מען האָט אים דאָרט שרעקלעך געפּייניקט. דאָך האָט ער נישט פאַראַטן. אים, האָט עס געהייסן, קאָן מען מיט גאָרנישט נישט אָפּשרעקן.

אין ביוראָ פון „פאַרבאַנד" איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. טייל מיטגלידער זענען גרייט געווען נאָכצוגעבן. די דעקלאַראַציע איז דאָך נישט

געוואָרן אונטערגעשריבן. צוליב דער מורא פאַר עווענטועלע רעפּרעסיעס האָבן אַ טייל מיטגלידער פון דער ביוראָ ביסלעכווייז זיך אָפּגערוקט פון דער אַרבעט. דאָס אָרט פון גענעראַל־סעקרעטאַר, מאַניקאָווסקי, וועלכער האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן די פאָדערונגען פון ס. א. ר., האָט פאַרנו־מען גרינהויז, וועלכער איז איינגעגאַנגען אויף קאָמפּראָמיסן.

אין „פאַרבאַנד" זענען צוגעקומען די האַנטווערקער־טוער תנחום נאַ־דעלמאַן און יוסף שטאַמפּאַטער. דאָס האָט פאַרשטאַרקט די גרופּע פון קאָמפּראָמיסלאָזע. אָבער די לאַגע איז געוואָרן ערנסט. דער אַרגומענט — „וואָס וועט מען טון מיט די הונגעריקע פליכטלינגען, די קליענטן פון דער קיך" — האָט אָנגעטראָפן אויפן קאַטעגאָרישן ענטפער פון שטערן, טראַפּיקאַנט, בערקאָוו, אַשלאַק:

„מען וועט זיך ווענדן צו עמך, צו די בעקערס, קצבים, אָבער נישט קאַפּיטולירן". יעדן טאָג האָט זיך פאַרטיפט דער ריס.

בעסערע זענען געווען די ידיעות פון דער פאָלקס־קליניק, ווו דער קאָמיטעט האָט אויסגעהאַלטן דעם פּאָליטישן דרוק. דאָרט איז, אגב, די סיטואַציע געווען אַן אַנדערע צוליב דעם, וואָס די „פאָלקס־קליניק" האָט קיינמאָל קיין סובסידיעס נישט באַקומען.

כ'בין אָנגעקומען קיין פּאַריז אין אַ פּראָסטיקן טאָג. די גאַסן זענען געווען באַדעקט מיט גליטשיק אייז. מיין פרוי איז געלעגן אין בעט, ווייל אַ טאָג פריער, גייענדיק אין דיספּאַנסער צו דער אַרבעט, האָט זי זיך אויס־געגליטשט און איז אומגעפאַלן. כ'בין, הייסט עס, צוריקגעקומען צו דער ריכטיקער צייט. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך צוריק פאַרנומען מיין אָרט אין דער פאָלקס־קליניק. כמעט אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן זיך געפונען אין פּאַריז, נעמלעך, ריבאָזשאַד, בערקאָוו, קרישטאַל, ראָשמאַן, שטערן, שוואַרצבאַרד, גינזבורג, וואַרשניטער, גרינהויז, וויינטרויב א"א. בלויז דער אָפּיציעלער סעקרעטאַר לאַסקאָ, אַ פראַנצויזישער בירגער, איז געווען מאָביליזירט.

אויף דער ערשטער זיצונג פון דער אָנפירונג פון דער פאָלקס־קליניק איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצושליסן די אינסטיטוציע אין דער „פּאַסיווער פאַרטיידיקונג" און איינצושטעלן אַ מעדיצינישן פּאָסטן פאַר פאַרוווּנ־דעטע אין פאַל פון באָמבאַרדירונגען. די מערי פון 3־טן אַראָנדיסמאַן האָט שפּעטער נאָמינירט דעם ד"ר עדעלמאַן אַלס מעדיצינישן שעף פון פּאָסטן און מיך אַלס געהילפס־פאַראַנטוואָרטלעכן.

בלויז עטלעכע וואָכן קריג האָבן פאַרענדערט דעם אויסזען פון פּאַ־ריז. די „שטאָט פון ליכט" איז געוואָרן פינצטער.

אין דעם טונקעלן פּאַריז האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די פענצטער פון דיספּאַנסער דאָס בלאָע ליכט פון דער „פּאַסיווער פאַרטיידיקונג". אי־נעווייניק האָבן געברענט די לאָמפּן ווי פריער, נאָר אין אַ קלענערער צאָל.

קאַפּיטל צוויי:

# אין פּאַריז, אין דער פינצטער

די פּאָליטישע אַקטיוויטעט פון די פּראָגרעסיווע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָט אין די דאָזיקע ערשטע מלחמה־חדשים אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. זי איז אַריבער אין אונטערערד.

איך פּערזענלעך האָב נישט געהאַט קיין באַזונדערע דערפאַרונג אין דער אומלעגאַלער אַרבעט. דאָס לעבן גופא האָט מיך איצט געלערנט פון טאָג צו טאָג. אַביסל האָט מיר געדינט די געוווינהייט פון מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון פאַרן קריג. פאַר אונדז, אויסלענדער, איז דאָס אָנטיילנעמען אין אַ זיצונג פון דער לעגאַלער פּראָנצויזישער „פאָלקס־הילף" אויך געווען פאַרבונדן מיט אַן „אויסווייז", און אַ „ווייסן" דערצו, ד"ה אַ פּאָליטישן, וועלכן מאַכערס האָבן אָפּגעשאַצט אויפן העכסטן פּרייז. גייענדיק אין לאָקאַל פון אַוועני מאַטירען מאָראַ, דאָס זיץ־אָרט פון דער „פאָלקס־הילף", האָט מען באַדאַרפט אָננעמען פאַרזיכט־מיטלען, שוין בימי טאַרדיע און לאַוואַל.

צווישן יידישע פּראָגרעסיווע טוער איז נאָך קיינער פון דער אָנפירונג דערוויל נישט געווען אַריינגעפאַלן אין דער נעץ פון דער פּאָליציי, ווי דאָס איז שוין פאָרגעקומען ביי די פראַנצויזן. דאָס האָט נישט באַדייט, אַז מען האָט געדאַרפט אָפּשוואַכן די וואַכזאַמקייט.

די סאָציאַלע אַרבעט, הילף פאַר פאַמיליעס פון מאָביליזירטע, פאַר אַרבעטלאָזע, פאַר פליכטלינגען פון דייטשלאַנד איז לעגאַל באַפרידיקט געוואָרן דורך דעם „אַרבעטער־אָרדן", וועלכער איז נישט געוואָרן געשלאָסן, ווי אויך דורך דער פאָלקס־קיך פון די סענטאַנזש, פאַרוואַלטעט דורך דעם „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן". די פאָלקס־קליניק האָט פאַרגעזעצט, אין אַ רעדוצירטן פאַרנעם, צו געבן מעדיצינישע הילף.

אַ גרויסער טייל פון אונדזערע דאָקטוירים איז געווען מאָביליזירט, דער סאַניטאַר, ווילי ראַפּאַפּאָרט, איז געוואָרן אינטערנירט אַלס אָפּשטאַמי־קער פון דייטשלאַנד. מיר האָבן געאַרבעט מיט איין קראַנקן־שוועסטער, אַננאַ. אין „אַרבעטער־אָרדן" האָבן מיר געשולט געהילפס־סאַניטאַרן פאַר דער „פּאַסיווער פאַרטיידיקונג". דערווייל האָבן זיי אַדורכגעמאַכט אַ סטאַזש אין דער „פאָלקס־קליניק".

פון דער פּאָליטישער אָנפירונג פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג איז אַ גרויסע צאָל מיטגלידער געווען אין פּאַריז. די „נייע פּרעסע" איז דער־שינען אונטערערדיש אונטערן נאָמען „אונזער וואָרט", אַמאָל געדרוקט, אַמאָל ראָנעאָטיפּירט. מען האָט זיך באַנוצט מיט דער לעגאַלער דרוקעריי פון חבר זיילער, אויף 118 רי ד'אַנגולעם. מען האָט אָבער שוין געאַרבעט אויף אויפצושטעלן אַ צווייטע דרוקעריי, אַן אונטערערדישע, אין מעבל־וואַרשטאַט פון חבר הערשל וואַלמאַרק, אויף רי מאַראַ. אויך אין אַנדערע לעגאַלע דרוקערייען האָט מען געדרוקט פאַרשידענע פאַרבאָטענע מאַ־טעריאַלן. מען האָט דערביי געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל די פּאָ־ליציי האָט געפאָדערט פון די דרוקער עקזעמפּלאַרן פון אַלע געדרוקטע זאַכן.

די יידישע אינטערסינדיקאַלע אָנפירונג האָט זיך איבערגערופירט אין דער אומלעגאַליטעט און איז אין יענעם מאָמענט באַשטאַנען פון יאָסל וואַרשאַווסקי, זשאַק לעדערמאַן און לייזער האַלצמאַן.

ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן דורך דער יידישער פּראָגרעסיווער אָנפירונג אַדורכצופירן אַ פּאָליטישע שול פאַר קאַדערן. די אָנפירונג פון דער שול האָט אויסגעקליבן אַלס זיצאָרט די ווױנונג פון לאַנגיערן געזעלשאַפטלעכן טוער, בראָנעס, פון מינסק־מאַזאָוויעצק, וועלכער האָט געוווינט אין אַלטן קעניגלעכן קוואַרטאַל, לעבן רי דעז אַרשיוו. דאָרט האָט מען געלייענט לעקציעס און צוגעגרייט זיי פאַר די באַזונדערע גרופּן. בראָנעס האָט פאַרמאָגט אַ שניידער־געשעפט און זיין ווױנונג איז נישט געווען פאַרדעכטיק.

באַוועגן זיך אין גאַס איז נאָך געווען פאַרהעלטנישמעסיק לייכט. קיין לאָקאַלן האָבן נישט געפעלט, נאָר די פאָרזיכטיקייט האָט געפאָדערט זיי אויסצוקלייבן לויט דעם הויז, לויט די שכנים, לויט דער גאַס, לויט דער באַשעפטיקונג פון לאָקאַטאָר או"וו. צרות האָבן געהאַט נאָר די יונגע. זיי האָבן געדאַרפט באַרעכטיקן זייער אָנוועזנהייט אין פּאַריז און זייער אָפּ־וועזנהייט פון אַ קאַזאַרמע.

די אונטערערדישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן אינ־סטרוקציעס מיט די כללים פון קאָנספּיראַציע. דאָס איז געווען באַלערנדיק און נוצלעך. עס איז אויך פאַרשפּרייט געוואָרן די בראָשור פון דער „פאָלקס־הילף", ווו מען האָט אונדז געלערנט, ווי אַזוי זיך צו האַלטן אין פאַל פון אַן אַרעסט. עס איז אייניקע מאָל איבערגעחזרט געוואָרן: נישט

זאָגן דער פּאָליציי דאָס, וואָס זי אַליין ווייסט נישט, דערפאַר: רעדן וואָס ווייניקער.

עס זײַנען געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען פון אונדזער זייט אײַנצו־שטעלן קאָנטאַקטן מיט דער לעגאַלער „פעדעראַציע פון יידישע געזעל־שאַפטן", אויף 5, אַוועני דע לאַ רעפּובליק, וועגן שאַפן אַ קאָאָרדיניר־קאָ־מיטעט. נאָך די פירונג פון דער „פעדעראַציע" איז געלעגן אין די הענט פון סאָציאַל־דעמאָקראַט יאַרבלום, וועמענס פּאַרטיי־חבר, סעראַל, דער אינערן־מיניסטער, האָט דעקרעטירט טויט־שטראָף פאַר קאָמוניסטן.

דער „בונד", פון זיין זייט, איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ מער אַנטי־קאָמוניסטיש און אַנטי־סאָוויעטיש. די עוואַקואַציע פון די פּוילישע יידן, וועלכע זענען אַריבערגעלאָפן די פּוילישע גרענעץ אויף דער סאָוויעטי־שער זייט, טיפער אין לאַנד אַריין, איז דורך דער בונדישער צייטונג אַנאָנ־סירט געוואָרן מיט קידוש־לבנה־אותיות, ווי אַ „דעפּאָרטאַציע" (דאָס זעל־בע האָט דעמאָלט געטון דער ניו־יאָרקער „פאָרווערטס"). זייערע קעפּלעך אויף דער ערשטער זייט זענען געווען געגנוי ווי די קעפּ פון „פּאַרי סואַר". בעת דער מלחמה צווישן פינלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד האָט „די שטימע" מיטאַמאָל געגומען דרוקן מכלומרשטע טעלעגראַמעס פון „פינלענדישע יידן", וועלכע רופן צו „ראַטעווען" זיי פון באָלשעוויזם. זי האָט מיטגע־מאַכט דעם שדים־טאַנץ פון דער פראַנצויזישער רעאַקציע, פון דער 5־טער קאָלאָנע, קעגן ראַטנפאַרבאַנד, קעגן די קאָמוניסטן און דערביי פאַרגעסן, אַז די מלחמה איז אָפיציעל דערקלערט געוואָרן דעם היטלע־ריזם און נישט די קאָמוניסטן.

דעם גענעראַל וועיגאַנס טעלעגראַמע פון נאָענטן מזרח, אַז ער איז גרייט צו באָמבאַרדירן באַקו, איז ביי זיי אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס שמחה. ווי די גאַנצע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, זענען זיי געזעסן אויפן וואָגן פון דער פראַנצויזישער רעאַקציע.

דער „בונד", ווי די „פעדעראַציע" האָבן אָפּגעוואָרפן אונדזערע פאָר־שלאָגן וועגן שאַפן אַ קאָאָרדיניר־קאָמיטעט מיט אַ סאָציאַלער פּלאַטפאָרם.

אין דער מאָסע אָבער האָט די פּאָליטיק פון „בונד" זיך אויסגעווירקט קעגן אים אַליין. מיר, מיין פרוי און איך, האָבן זיך באַקאַנט מיט אַלטע בונדישע טוער, שכנים פון דער גאַס: די מיטאַגשטיינס. זיי האָבן געווינט אַ פּאָר הייזער ווייטער פון אונדז, און אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אין שוץ־קעלער בעת די מכלומרשטע „אַלערטן" (אַלאַרמען), דורך וועלכע מען האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַ קריגס־פּסיכאָז ביי דער באַפעלקערונג.

ביסלעכווייז האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מלחמה האָט געמאַכט אַ ריס אין זייער פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן נישט געקאָנט באַגרייפן די אַנטי־קאָמוניסטישע היסטעריע און די רעפּרעסיעס קעגן אַרבעטער־קלאַס, בעת די קאַנאָנען שווייגן קעגן היטלעריזם.

ביז צו מיין מאָביליזאַציע האָב איך זיך מיט זיי זייער אָפט געטראָפן צוזאַמען מיט מיין פרוי פאַני. אָדער זיי פלעגן אַרויפקומען צו אונדז אָדער מיר — צו זיי. דאָרט האָבן מיר אויך באַגעגנט אַנדערע בונדיסטן, ווי די טענענבוימס און מיטאַגשטיינס משפּחה.

וואָס ווייטער עס איז אַנגעגאַנגען די „דראָל דע גער" (אויסטערלישע מלחמה), אַלץ מערער האָבן זיך געעפנט זייערע אויגן איבער דער ווירק־לעכער פּאָליטיק פון „בונד" און פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נישט גע־קוקט אויף דער געפאַר, האָבן זיי געבאַרגט און געלייענט אונדזער אומ־לעגאַלע ליטעראַטור. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף אונדזערע אויסגאַ־בעס און דיסקוטירט איבער אַלע פראַגן. מערסטנטייל האָט דער היינט פון זייער פאַרטיי שאַקירט זייער דערציאונג פון נעכטן.

יאָרנלאַנג האָט מען פאַר זיי געפרעדיקט קעגן קריג, פאַר פרייהייט, און דאָ זיצט אַ סאָציאַליסטישער מיניסטער, סעראָל, אין אַ קריגס־קאַבי־נעט און פירט איין אַ געזעץ, וואָס באַשטראָפט מיט טויט יעדע אַנטי־אימפּעריאַליסטישע טעטיקייט.

„עס שטימט עפּעס נישט", האָט זיך ביי די מיטאַגשטיינס אַנטוויקלט אַ געדאַנק. זיי האָבן גענומען זוכן די סיבות און טאָג נאָך טאָג איז עפּעס אַנדערש געוואָרן קלאָרער פאַר זיי.

ווען מיר האָבן זיי געפרעגט, וואָס זיי טראַכטן וועגן אונדזער איינ־הייטס־פאָרשלאָג צום קאָאָרדיניר־קאָמיטעט, האָבן זיי שוין געהאַט אַן ענטפער:

— נו, יאָ, די סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן ווילן בעסער זיצן אין אַ רעגירונג מיט דער רעאַקציע און פאַרפאַלגן קאָמוניסטן. דער „בונד" וויל בעסער חברן זיך מיט דער יידישער בורזשואַזיע אין קאָאָרדיניר־קאָמי־טעט און איזאָלירן די יידישע קאָמוניסטן. דער „בונד" איז אין תוך מסכים און פרייט זיך איבער די אַנטי־קאָמוניסטישע רעפּרעסיעס.

אַ שוידערלעכן איינדרוק האָט דעם דאָזיקן ווינטער געמאַכט דער קאָמוניקאַט, טאַקע פון סאָציאַליסטישן אינערן־מיניסטער, סעראָל, וועגן די רעזולטאַטן פון די מאַסן־רעפּרעסיעס, וואָס ער האָט אַדורכגעפירט: פונאַנדערגעלאָזן 620 פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און 675 אָרגאַניזאַציעס; אַרעסטירט 3400 טוער; פאַרהאַנגען 300 שטאַטראַטן; צוגענומען דעם מאַנדאַט ביי 2778 אויסגעוויילטע; אַרעסטירט אָדער אינטערנירט קאָמו־ניסטישע דעפּוטאַטן.

סוף אַפּריל און אָנהויב מאַי האָט מען מאָביליזירט אַ גרויסע צאָל אָנ־פירנדיקע טוער פון די יידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. טייל — אין דער פּוילישער אַרמיי, אַנדערע אין די רעגימענטן פון אויסלענדישע פרייוווי־ליקע, אין באַרקאַרעס. אין וואַלבאָן זענען שוין געווען אויפגעשטעלט אייניקע רעגימענטן, די מאַרש־רעגימענטן. אין לויף פון די ווינטער־חדשים האָבן זיי דאָך געהאַט באַקומען אַ געוויסע מיליטערישע אויס־שולונג.

דעם 8־טן מאַי זענען די דייטשע אַרמייען אַריין קיין בעלגיע און דעם 10־טן זענען זיי אַריבער די פראַנצויזישע גרענעץ. דער מאַרש אויף פּאַריז האָט זיך אָנגעהויבן.

ביי אונדז אין שטוב האָט זיך געשטעלט די פראַגע וואָס צו טון. פון בעלגיע איז אָנגעקומען מיין קוזין, בינעם צוקער מיט זיין פאַמיליע, און געלאָפן אויף דרום צוזאַמען מיט אַלע בעלגישע פּליטים. זייער לאַגע איז געווען אַ שווערע, אַן וועש, אַן מיטלען צום לעבן. די סאָלדאַטן פון פראַנט האָט מען אויך געזען אָנקומען שטאַרק דעמאָראַליזירטע. פון די האַפּערדיקע רעגירונגס־קאָמוניקאַטן האָט געשמעקט מיט ליגן.

עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע: צי דאַרפן מיר פאַרלאָזן פּאַריז אָדער נישט. פון איין זייט, איז מיין טעכטערל סילווי קוים אַלט געווען 4 חדשים און שלעפּן זי אויף די וועגן פון פראַנקרייך אין באַדינגונגען פון די בעלגישע פּליטים איז געווען אַן אומזין. פון דער אַנדער זייט, האָט מען זיך נישט געדאַרפט מאַכן קיין אילוזיעס וועגן אונדזער סיטואַציע אין אַ שטאָט באַזעצט דורך די נאַציס.

מיר האָבן לאַנג דיסקוטירט איבערן אויסוואַל, פאַר וועלכן מיר זענען געשטאַנען. מיר האָבן אָבער באַלד באַגריפן, אַז אונדזער חוב איז צו בלייבן מיט די פאַריזער יידן, מיטמאַכן זייער גורל. אַ בהלה האָט טאַקע אַלעמען אַרומגעכאַפּט, פיל לאָזן זיך אין וועג אַריין אויף דרום, אָבער ווייט נישט אַלע וועלן דאָך אַוועק.

מיר האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין פּאַריז.

כ׳בין אַוועק פאַרשטענדיקן זיך מיטן הויפּט־דאָקטאָר פון דער „פּאַסיוער פאַרטיידיקונג״, אין דער מערי פון 3־טן אַראָנדיסמאַן און אים געמאָלדן אונדזער גרייטקייט צו פאַרזיכערן דעם פּאָסטן אין דער פּאָלקס־קליניק. ער האָט אויך באַשלאָסן צו בלייבן אין פּאַריז.

דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער „נייע פּרעסע״ י. לערמאַן (לולקע), וועמען איך האָב דאַן באַוויזן צו זען, האָט געהאַלטן, אַז אונדזער באַשלוס איז אַ ריכטיקער. ער איז געווען אַן אַלטער אויסגעפּרוווטער רעוואָלוציאָנערער טוער פון פּוילן, די אומלעגאַלע טעטיקייט איז אים נישט געווען פרעמד. זיין וואָרט איז שטענדיק געווען וואָגיק און חשוב.

עס איז דערווייל אונטערגעקומען אַ געשיכטע מיט מיין קוזין, לווי צוקער, דער „געלער לעאָן״ פון פּלאַס דע פעט, ווי מען האָט אים גערופן. זיין פרוי, גוטאַ, איז געקומען צו מיר דעם 12־טן יוני אַ פאַרזאָרגטע און מיר דערציילט, אַז איר מאַן, מיין קוזין הייסט עס, איז אַרויס אויפן וועג צוזאַמען מיט איר אין דער ריכטונג פון אָרלעאַן. זיי זענען געוואָרן פאַרכאַפּט פון דער בהלה, וואָס האָט געשטויסן הונדערטער טויזנטער אויף די וועגן. ווען זיי האָבן זיך געפונען אויפן שאָסיי נאָך פּאַלעזאָ, אויף דרום, נישט ווייט פון פּאַריז, האָט אַן אַוויאָן באַמבאַרדירט זייער קאָלאָנע. זי האָט מער איר מאַן נישט געפונען און ווייסט נישט, צי ער לעבט נאָך, אָדער ער איז פאַרשוווּנדן אין תהום, וואָס די באָמבע האָט איבערגעלאָזן אויפן שאָסיי. זי האָט מיך געבעטן אַרויסצוגיין מיט איר אויפן וועג.

איך האָב איר נישט געקאַנט אָפּזאָגן, כאָטש מיטגיין מיט איר איז געווען אַן אומזין. איך בין געווען איבערצייגט, אַז מיין קוזין איז גאָרנישט געשען. אַ געוועזענער שפּאַנישער מיליציאַנער, אַן „אויסטויגער" אין לעבן, וועט ער דאָך נישט לאָזן זיך דערהרגענען אויף אַזאַ מיאוסן אופן... נאָר אָפּזאָגן איר וואָלט נישט געווען מענטשלעך.

מיר האָבן אַלע באַשלאָסן, אַז איך גיי מיט איר. אויפן וועג אויסער פּאַריז איז שווער געווען צו באַוועגן זיך אין דער מאַסע. די ציווילע פּוס־גייער האָבן ווי עס איז זיך געשניטן פּאַמעלעך אַ וועג, אַנדערש איז געווען מיט די אויטאָס און מיטן מיליטער, וועלכע האָבן פאַרשטאָפּט אַלע פרייע ערטער.

דאָ האָב איך געהערט די אויסטייטשונג פון דער לאַגע מצד אַ זעל־נער:

— מ'האָט אונדז פאַראַטן! די אָפיצירן זענען אַנטלאָפן פאַרן שונא! די 5־טע קאָלאָנע האָט געעפנט די טויערן פאַר די „באָשן".

עמך אָריענטירט זיך. וואָס איז געשען מיט די סאָלדאַטן, וואָס זענען אַוועק פון וואַלבאַן און באַרקאַרעס „אויפן באַל"? וויפל וועלן זיך צוריק־קערן? — האָב איך זיך געשטעלט די פראַגע.

מיר זענען געגאַנגען ווייטער ביז קרואַ־דע־בערני, דאָרט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גוטאַ אָריענטירט זיך נישט מער, זי דערקאָנט נישט דעם וועג. זי האָט נישט קיין ספּעציעלע סימנים. גייענדיק פאַרויס מיט איר מאַן, האָט זי נאָר געטראַכט וועגן אָנקומען קיין אָרלעאַן. די באָמבאַרדי־רונג איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען פאַרגעזען אין זייער פּלאַן. די אַלע וואָס האָבן זיך געשלעפּט איבערן וועג, האָבן גאָרנישט פאַרויסגעזען. זיי זענען געלאָפן פאַרויס צו עפּעס אַן אָרט, וואָס זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט אַלס מקום־מקלט. זיי האָבן פאַרלאָזט אין דער בהלה זייער גאַנץ אָפּגעהאָ־רעוועט ביסל גוטס, אַבי צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן. „דער שונא איז אַלמעכטיק, ער וועט מיט זיינע טאַנקן צעקוועטשן די גאַנצע וועלט, ווי ער צעקוועטשט די פראַנצויזישע אַרמיי" — האָט צוגעהאָלפן די פּרעסע צו שאַפן אַ צערודערונג אין די מוחות.

די איטאַליענישע אַוויאַציע איז אין צווישנצייט געוואָרן אַקטיוו. קעגן דער ציווילער באַפעלקערונג זענען מוסאָליניס פחדנים פון גוואַדאַלאַ־כאַראַ מיטאַמאָל געוואָרן העלדן. זיי האָבן געוואָרפן באָמבעס אויף די אומבאַוואָפנטע הימלאָזע, באַלאָדענע מיט וואַליזקעס און טלומיקלעך, אויפן פרייען שאָסיי.

דער וועג איז געווען צעלעכערט, אַ ברייטער קראַטער פון אַ באָמבע האָט פאַרנומען דריי פערטל פון שאָסיי. אַן אַלטיטשקע מיט אַ קליין קינד, אַן אייניקל מן הסתם, האָט מאַנעווורירט מיט אַ קינדער־וועגעלע צווישן קראַטער און דעם גרובן לענגאויס דעם וועג. פון הינטן האָט מען געשריגן. דער געדראַנג איז געווען אין לשער.

גיי זוך אַ פאַרשווונדענעם. מיר זענען צוריקגעגאַנגען, גוטאַ און איך, באַזאָרגט איבערן גורל פון איר מאַן און מיין קוזין, דעם איינציקן, וואָס

כ׳האָב פאַרמאָגט אין פּאַריז. אויפן וועג האָבן מיר באַמערקט איזאָלירטע זעלנער איבערטון זיך אין ציווילע קליידער, אַנדערע ברעכן דאָס געווער. ס׳איז געוואָרן שווער אויפן האַרצן. אַזאַ טרויעריקער סוף פון דער אַרמיי.

צומאָרגנס אין דער פרי, דעם 13־טן האָבן מיר זיך אויפגעוועקט אין אַ שוואַרצער ווינונג. אַלץ איז געווען שוואַרץ פון סאַדזע. ביים וואַשן זיך האָבן מיר באַמערקט, אַז די נאָז־לעכער זענען שוואַרץ, ווי נאָך אַ לאַנגער רייזע אין אַ באַן. מיין קינדס בעטעלע איז געווען באַדעקט מיט אַ פעטן געדיכטן שיכט שטויב.

מיטאָגשטיין איז אַרויפגעקומען אַרום 7 אַזייגער אין דער פרי און דערציילט, אַז עס ברענט אַ לאַגער פון פעטראָל אין פאַנטען, און אַז מען שמועסט, דאָס די דייטשע אַרמיי איז אין לילאַ, ביי די צפון־טויערן פון פּאַריז.

באַלד האָט זיך באמת דערהערט דער האַרמאַט זייער דייטלעך ביי אונדז אין דער ווינונג. די שויבן האָבן געציטערט פון דער קאַנאָנאַדע.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר און עס האָט זיך אַריינגעשטעלט אַן אומדערוואַרטער גאַסט, מיין ברודער בינעם פון מאָנליסאָן, מיליטעריש גע־קליידט.

— וואָס איז געשען? נישט געקאָנט אויסקלייבן קיין אַנדערע צייט אויף וויזיטן? — האָב איך גענומען שפּאַסן.

— פּאַק זיך איין, כ׳נעם דיך מיט — האָט ער מיר אַ זאָג געטון נאָך פּאַרן גוט־מאָרגן.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געקומען פון זיין פאַבריק אין מאָנ־ליסאָן, נישט ווייט פון ווישי, וווּ ער דינט. ער איז אַ טאָג פריער אַרויסגע־פאָרן מיט צוויי גרויסע לאַסט־אויטאָס, כדי צו לאָדן מאַשינען אין דער פּאַר־שטאָט סענט־אואַן אויפן צפון פון פּאַריז. אַרום 10 פרי — זאָגט ער — וועט ער זיין גרייט צוריקצוקומען נאָך מיר, פאַנין און מיין טעכטערל סילווי. ער בעט מיך צוגרייטן די וואַליזעס, די לאַסט־אויטאָס האָבן גענוג פּלאַץ.

דערזעענדיק די מיטאָגשטיינס און מיין שוואָגער עלי וואָראַנסקי, מיין פרויס ברודער, האָט ער זיי אויך פאַרגעשלאָגן מיטצופאָרן. ער האָט נישט געוווּסט אין מאָנליסאָן, אַז דער שונא איז אַזוי נאָענט. אין זיין פאַבריק אַר־בעט מען נאָך אַלץ פאַרן פראָנט און מען מיינט, אַז דער דייטשער אַוואַנס איז ענלעך צום פאַרויסמאַרש פון 1914. ביי דעם טייך מאַרנע וועט אַ נייער מאַרשאַל זשאָפר פאַרהאַלטן דעם שונא מיט דער הילף פון די פּאַ־ריזער טאַקסיס און ראַטעווען די הויפּט־שטאָט פון דער אָקופּאַציע, ווי דאָס איז געשען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט אויך נישט געוווּסט, אַז די הויפּט־שטאָט איז דערקלערט געוואָרן אַלס „אָפענע שטאָט".

מיר אַלע האָבן אים שיין באַדאַנקט און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר האָבן בדעה צו בלייבן אין פּאַריז. דאָך האָט ער זיך געהאַלטן ביי זיינס

און געזאָגט, אַז ער וועט צוריקקומען נאָכדעם, ווי ער וועט האָבן פֿאַרענ־דיקט לאָדן זיינע מאַשינען.

מיין ברודער איז מער נישט צוריקגעקומען. מיר זענען אַראָפּ אויף דער גאַס צו דערגיין וואָס עס איז מיט אים געשען. קיינער האָט גאָרנישט געקאָנט דערציילן. וווּ־זשע איז ער פאָרט אַהינגעקומען?

מיר האָבן שפּעטער באַקומען פון אים אַ בריוו, וואָס איז געגאַנגען אייניקע וואָכן און אין וועלכן ער האָט אונדז אויפגעקלערט פאַרוואָס ער איז נישט צוריק אַרויפגעקומען נאָך אונדז. ווי נאָר ער האָט זיך אַריינ־געזעצט אין קאַמיאָן און געהייסן פאָרן קיין סענטואַן אויף צפון פון פּאַ־ריז, לאָדן די מאַשינען, וואָס ער האָט געזאָלט מיטנעמען קיין מאָנליסאָן, האָבן די שאָפערן אים באַלד מודיע געווען, אַז די לאַגע איז אַן ערנסטע, דער שונא איז ביי די טויערן פון פּאַריז, און אַז ער האָט אויסצוקלייבן: אָדער צו פאָרן מיט זיי אין דער ריכטונג אויף דרום, אָדער אַראָפּצוגיין אין וועג און בלייבן מיט אונדז אין פּאַריז.

זיי זענען אַזוי אָפּגעפאָרן צוויי טעג און צוויי נעכט ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין מאָנליסאָן. דער שלאַקס־רעגן האָט דורכגעווייקט אַלע פּליכטלינגען, וואָס האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די לאַסט־אויטאָס אין מיטן וועג. זייערע קינדער זענען קראַנק געוואָרן. ער האָט געשריבן, אַז פון דאָזיקן שטאַנדפּונקט זענען מיר געווען גערעכט, בלייבנדיק אין פּאַ־ריז.

ווען מיר זענען אַראָפּ אין גאַס דעם 13־טן יוני, איז אונדז געלונגען מיט גרויס מי איינצוקויפן אַביסל שפּייז, אַביסל זייף אויף צו וואַשן די ווינדעלעך. אַלע אָפּענע געשעפטן זענען געווען באַלאַגערט, מערסטנטייל זענען די געוועלבער געווען געשלאָסן. די פאַרמעגלעכע מענטשן האָבן זיך באַזאָרגט מיט זאַפּאַסן שפּייז. די עלטערע גענעראַציע האָט נאָך נישט פאַרגעסן 1914 און דעם הונגער.

אַ גאַנצן טאָג האָבן געציטערט די שויבן, מיר זענען געווען שטאַרק אומרואיק. כ'בין אַוועק אין דער מערי און געוואָר געוואָרן, אַז דער הויפּט־דאָקטאָר איז אַנטלאָפן פון פּאַריז. דער דיספּאַנסער איז געווען געשלאָסן. עס איז געקומען דער מאָמענט, ווען דער גורל האָט פאַרייניקט אין אומ־גליק אַ קאָמוניסט און אַ בונדיסט. מיר האָבן גענומען טראַכטן, צוזאַמען מיט מיטאַגשטיין, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן די ערשטע טעג פון „זייער" אָנקום, ביז עס וועט קלאָר ווערן, ווי אַזוי „זיי" באַציען זיך צו יידן.

צומאָרגנס, דעם 14־טן יוני האָט זיך דערהערט פונעם נאָענטן בול־וואַר באָמאַרשע אַ מעכטיק גערויש פון פאָרנדיקע לאַסט־אויטאָס. דער איינטאָניקער געפּילדער פלעגט פון צייט צו צייט איבערגעריסן ווערן דורך אַ דומפּיקן קלאַנג. דאָס איז מן־הסתם געווען דער גערויש פון נאָך שווערערע קאַמיאָנען.

אַרום 10 אָדער 11, ווען דער גערויש האָט נאָך אַלץ נישט אויפגע־הערט, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די דייטשע אַרמיי מאַרשירט נישט

צופוס. אויף קאַמיאָנען פירט מען זייערע סאָלדאַטן, אויסגעזעצט אויף בענק און אפילו בענקלעך. זיי ראַבעווען נישט, זיי אינטערעסירן זיך בכלל מיט גאָרנישט, נאָר מיט פריי מאַכן דעם וועג פאַר דעם מאַרשרוט פון די קאַמיאָנען, וואָס פאָרן פון דער באַסטיליע, אין דער ריכטונג צום רעפּובליק־פּלאַץ.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָבן מיר זיך דעצידירט אַראָפּצוגיין אויף דער גאַס. מיר זענען געשטאַנען אַ קליינע גרופּע מענטשן אויפן ראָג פון רי סען־סעבאַסטיען און בולוואַר באָמאַרשע. אַדורכגיין דעם בולוואַר האָט מען נישט געטאָרט, דער צוג פון קאַמיאָנען איז געפלאָסן אָן אויפהער, אָן אָפּהאַלט. אַ דייטשער מאָטאָציקליסט האָט געוואַכט, שטייענדיק אויף אַ ציקלאָקאַר, איבער דער אָרדענונג. ווער האָט דען אין זינען געהאַט צו וואַגן אַדורכצושניידן דעם צוג פון דער מעכטיקער אַרמיי?

מיט מיטאָגשטיינען זענען מיר לענגאויס דער רי אַמלאָ אַוועק צו רעפּובליק, נישט גלויבנדיק אונדזערע אויגן: פּאַריז באַזעצט דורך די דייטשן! און זיי טשעפּען קיינעם נישט!

אויפן פּלאַס דע לאַ רעפּובליק האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ניי בילד. די קאַמיאָנען פון באַסטיל האָבן אַדורכגעשניטן דעם פּלאַץ גראָדליניק אין דער ריכטונג פון בולוואַר סען־מאַרטען צו אָפּעראַ, נישט אַרומקרייזנדיק, ווי עס פירט זיך, די סטאַטוע פון דער רעפּובליק. ביי דער סטאַטוע איז געשטאַנען אַ גרופּע מאָטאָציקליסטן, וואָס האָט רעגולירט די באַוועגונג. דער צוג פון קאַמיאָנען פלעגט זיך אָפּשטעלן אויף אַ ווײַלע, כדי אַדורכצולאָזן די פּוסגייער, וואָס זענען געקומען פון רי דע בעלוויל — פּאָבור די טאַמפּל און געגאַנגען אין דער ריכטונג פון האָטעל דע וויל, דורך רי די טאַמפּל, פון צפון אויף דרום.

צוגייענדיק צום „האָטעל מאָדערן" און צום „מאַגאַזין רעאיני", האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט אָבסערווירן דעם מאַרש פון דער היטלערישער אינפאַנטעריע.

זיי זענען געגאַנגען איצט אָן איבעררייס, די זעלנער. די שטאַרע אויגן האָבן נאָר געקוקט אויף דער פּלייצע פון פאָרגייער. זיי האָבן גאָרנישט נישט געזען, נישט די מענטשן, נישט די שטאָט. זייערע קני האָבן זיך געהויבן ביז צום בויך און אַראָפּגעלאָזט די געטשוועקעוועטע שטיוול מיט דער גאַנצער קראַפט אויפן ברוק. יעדער האַלבער טריט פאָרויס האָט אַרויסגעגעבן אַ רוגזהדיקן קלאַנג.

די געדאַנקען זענען געפלויגן: וואָס בייזערן זיי זיך אַזוי אויף די שטיינער פון ברוק? זיי מיינען מן־הסתם, אַז וואָס שטאַרקער זייערע טשוועקעס וועלן אונדז פאַרטויבן די אויערן, אַלץ הכנעהדיקער וועלן מיר זיך פילן. זייער „געגזעבנער גאַנג" האָט אַ פּסיכאָלאָגישן זין. פּונקט אַזוי דאַרפן זייערע גרויסע און הויכע טאַנקען אונדז באַווייזן זייער מעכטיקייט: ציטערט שעפּעלעך! מיר טרעטן אויף אייער לייב! מיר זיינען די שטאַרקסטע! איר האָט פאַרשפּילט!

דער גרעסטער טייל פאַרבייגייער האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן.
די פּרייסישע מיליטערישע קונסט זעט פאָרויס דריי עטאַפּן אין דער דערּאָבערונג פון אַ לאַנד: צעשלאָגן די אַרמיי פון קעגנער, פאַרנעמען זיין טעריטאָריע און צעברעכן דעם גייסט פון זיין פאָלק. די ערשטע צוויי עטאַפּן האָבן די דייטשן דערגרייכט, אָבער פון דריטן, פון ענדגילטיקן עטאַפּ זענען זיי געווען נאָך ווייט.
דער האָטעל „מאַזשעסטיק", ווו עס האָט זיך באַזעצט די „פּראָפּאַגאַנדאַ־שטאַפּל", האָט פאַרטראַכט אַ מיטל פון אויסשטרעקן די האַנט צו דער באַפעלקערונג. אויף דעם האָט מען זיך נישט געריכט. אַלעמענס מיינונג איז געווען, אַז באַלד נאָך זייער אָנקום וועלן די נאַציס ראַבעווען און פּאַגראָמירן, די סוחרים האָבן פאַרשלאָסן זייערע געשעפטן און די באַפעל־קערונג איז אַרויס אין בהלה אויף די וועגן, אויף דעם טרויעריקן עקזאָד. און דאָ מיטאַמאָל הערט מען דערציילן, אַז „זיי" טיילן שאָקאָלאַד אין די גאַסן, אויף די וואָקזאַלן קאָן מען פון זיי באַקומען אומזיסט אַ וועלאָ, זיי־ערע מיליטערישע קיכן טיילן עסן, זיי פרעגן גאָרנישט. „כל דכפין ייתי וייכול"... אפילו יידן...
וואָס קומט דאָ פאָר? — עפּעס שטימט נישט מיט דער פּראָפּאַגאַנ־דע וועגן „זיי"? „זיי" זענען גאָרנישט אַזעלכע טייוולאָנים, ווי מען האָט „זיי" געמאָלט...
עס האָבן זיך באַוויזן קאָלירטע, ליכטיקע פּלאַקאַטן אויף די מויערן: אַ סאָלדאַט אָנגעטון אין פעלדגרוי, אַ שמייכלענדיקער, טראָגנדיק אַ קינד אויף דער האַנט. דער אונטערשריפט: „האָט צוטרוי צום דייטשן סאָלדאַט!".
אויך לגבי יידן האָט זיך נישט באַמערקט קיין אומפריינטלעכער זשעסט. אין די יידישע געשעפטן, ווו די דייטשן פלעגן איינקויפן, זענען די באַציאונגען געווען ווי נאָרמאַלע האַנדלס־באַציאונגען צווישן קונה און סוחר. אגב, האָבן זיי אַלץ געקויפט און באַצאָלט דעם געפאָדערטן פּרייז. יידן האָבן זיך באַרואיקט און אָנגעהויבן צווייפלען אין דער באַקאַנטער ברוטאַליטעט פון די דייטשן. נישט איינער האָט געמאַכט פּאַראַלעלן מיט 1914 אין אַמאָליקן פוילן אָדער רוסלאַנד.
וואָס האָבן זיי דען דאַן געטון שלעכטס, ווען זיי האָבן פאַרנומען פּוילישע שטעט און אַרויסגעטריבן די רוסן? זיי האָבן צוגענומען די קור־פּערנע מאַרזשערס, די לייכטערס, אפילו די קלאַמקעס פון די טירן. נו, איז וואָס? מ'קאָן נישט לעבן מיט פאַרצעלייגנע קלאַמקעס און בלעכענע לייכטערס? אַבי זיי מאַכן נישט קיין פּאָגראָם.
גראָד פאַרקערט. זיי האָבן געהייסן עפענען די געשעפטן און געווען פּאַקטיש די איינציקע קונים, נישט מער — זיי האָבן געצאָלט מיט מאַרקן, נישט מיט פראַנקן. די מאַרקן זענען אויך גוט געלט. אמת, איין מאַרק האָט באַקומען דעם ווערט פון 20 פראַנק, אָבער וואָס מאַכט עס אויס, אַבי זיי ראַבעווען נישט אומזיסט.
נאָכמער, זיי האָבן איינגעשטעלט איינקויף־ביוראָען און געצאָלט אַלע

פרייזן פאַר יעדער סחורה, וואָס מען האָט זיי צוגעשטעלט. זיי האָבן זיך נישט געדינגען. אויך יידן האָבן געמעגט זיין צושטעלער, איז וואָס־זשע דאָ געווען פאַר אַן אומגליק?

קיין אַרבעט האָבן די אַרבעטער נישט געהאַט. די פאַבריקן זענען געווען אָפּגעשטעלט. די וואַרשטאַטן אויך. די פרוּוען פון די מאָביליזירטע האָבן נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן.

עס זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות, אַז אין די טויזנטער האָט מען די פראַנצויזישע סאָלדאַטן געבומען אין געפאַנגענשאַפט. זיי ווערן קאָנצענטרירט אין זאַמל־פּונקטן. איינער אַזאַ זאַמל־פּונקט געפינט זיך אין ספּאָרט־סטאַדיאָן פון די מעטראָ־אַרבעטער ביי קרואַ דע בערני, טאַקע נישט ווייט פון דעם אָרט, וו עס איז פאַרשוווּנדן מיין קוזין לעאָן. אפשר געפינען זיך דאָרט באַקאַנטע? אפשר סאָלדאַטן פון וואַלבאָן און באַרקאַרעס?

מיט מיטאָגשטיינען זענען מיר אַוועק אַהין און אַן שווּעריקייטן זענען מיר צוגעקומען צום ספּאָרט־סטאַדיאָן, וואָס איז געווען באַוואַכט פון דייטשע סאָלדאַטן. מאָדנע, „זיי" זענען נישט געווען קעגן, אַז די געפאַנגענע זאָלן צוקומען צו די טויערן און רעדן מיט דער ציווילער באַפעלקערונג. מיר האָבן באַקומען אַזוי אַרום הונדערטער צעטעלעך מיט אַדרעסן פון די קריגס־געפאַנגענע, וועלכע האָבן איבערגעשיקט לעבעדיקע גרוסן זייערע פאַמיליעס.

מיר זענען געווען שטאַרק צופרידן פון דער הילף, וואָס מיר האָבן געקאָנט ברענגען די געפאַנגענע און זענען אַוועק צוריק קיין פּאַריז. און אָט דאָ אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן מיין קוזין לעאָן, אַ לעבעדיקן, אַ גאַנצן, נאָר אַן אויסגעמאַטערטן.

— אָט האָסטו דיר אַ גאַסט פון יענער וועלט —זאָג איך אים. נאָר ער האָט נישט פאַרשטאַנען מיין פרייד. ער איז געווען באַזאָרגט איבערן גורל פון זיין פרוי.

נאָכן פאַלן פון דער באָמבע האָט ער פון זיין זייט מורא געהאַט, אַז זיין פרוי, גוטאַ, איז געבליבן אין באָמבן־תהום און ער איז געלאָפן פאַרויס ביז ער איז טאַקע אָנגעקומען צום ציל פון זיין מאַרש, קיין אָרלעאַן. נאָר דאָרטן האָט זיך שוין געהאַט געפונען די דייטשע אַרמיי. דאָס לויפן פון פאַריז איז געווען אומזיסט, איז ער צוריקגעגאַנגען און מיר האָבן אים טאַקע אַהיימגעבראַכט אַ לעבעדיקן צו זיין פרוי.



„האָט צוטרוי צום דייטשן סאָלדאַט!" ער איז נישט דאָס, וואָס מען האָט אייך דערציילט וועגן אים, האָט געוואָלט איינרעדן די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע.

דעם 23־טן יוני האָט דער מאַרשאַל פּעטען, שעף פון דער רעגירונג, באַשטעטיקט זיין צוטרוי און האָט קאַפּיטולירט. אויב „דער זיגער פון

ווערדען" האָט צוטרוי צו „זיי", פאַרוואָס זאָלט איר נישט האָבן קיין צו־טרוי, איר פּשוטע בשר ודמס?

פראַנקרייך האָט פאַרשפּילט די מלחמה, האָט געזאָגט דער מאַרשאַל, מען מוז זיך צופּאַסן צו דער נייער סיטואַציע.

און טויזנטער אימיגרירטע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען סוף אוי־גוסט, אָנהויב סעפּטעמבער פון פאַריקן יאָר ביי די רעקרוטיר־ביוראָס און זיך אַנגאַזשירט „פור לאַ דירעי דע לאַ גער" (אויף דער דויער פון קריג), זענען אַוועק אין די „סטאַלאַגן" און די „אָפלאַגן", צוזאַמען מיט הונדערטער טויזנטער פראַנצויזישע בירגער, ערגעץ אין דייטשלאַנד, דערשלאָגענע פון דעם פאַראַט און פון דער דעקלאַראַציע פון מאַרשאַל: „איר האָט פאַרשפּילט די מלחמה".

איז טאַקע דורך דעם בטול געוואָרן פאַר די צענדליקער טויזנטער יידן זייער אַנגאַזשירונג אין דער קאַזאַרמע רעאי „פאַר דער צייט פון קריג"?

קאַפּיטל דריי:

# ערשטע סיגנאַלן

די פראַנצויזישע פּרעסע אונטערן דייטשן קאָנטראָל האָט, פאַרשטענדלעך, נישט דערציילט קיין פּרטים וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע. אָבער די באַפעלקערונג איז געוואָרן ביסלעכווייז אינפאָרמירט. זעלנער, אָפּגעשניטענע פון זייערע באַטאַליאָנען, צערודערטע, אויפגעטרייסלטע, האָבן געבראַכט ידיעות, פון וועלכע עס האָט זיך געשאַפן דאָס טראַגישע בילד.

די פראַנצויזישע אַרמיי איז געוואָרן געטרייבערט, ווי דורך אַ באַהאַוונטן קצב, דיוויזיעווייז, פראַגמענטווייז. געוויסע אָפּטיילונגען אירע האָבן ערטערווייז געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. די אינפאַנטעריע־באַטאַליאָנען פון די אויסלענדישע פרייוויליקע, פון וואָלבאַן און באַרקאַרעס, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען טויזנטער יידן, האָבן העלדיש געקעמפט אין צפון־פראַנקרייך, אין אויסערסט שווערע באַדינגונגען, קעגנאיבער אַ מעכטיקן שונא. פיל זענען געפאַלן אין קאַמף, אויף די פּאָזיציעס, וואָס זיי האָבן געשיצט. ביז דער לעצטער קויל האָט מען געשאָסן. די לעבן־געבליבענע זענען דורך די דייטשן געוואָרן צונויפגעצוימט הינטער שטעכל־דראָטן.

אַזוי זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט אויך די חברים י. מאַניקאָווסקי און ג. קעניג.

אָט ווי אַזוי עס איז אומגעקומען אַן אַקטיווער קאָמיטעט־מיטגליד פון „אַרבעטער־אָרדן”, יצחק ליבפעלד, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַן אַלמנה מיט אַ יתום. געשען איז עס דעם 13־טן יוני פאַרטאָג ביי בורסאַ, צווישן שאַטאָ טיערי און עפּערנעי (דעפּאַרטאַמענט מאַרנע), ביים ברעג פון טייך. דער אָפּטייל פון 46־טן אינפאַנטעריע־רעגימענט, — ווו ליבפעלד האָט געדינט — האָט זיך געשלאָגן קעגן שונא, נישט וויסנדיק, ווו ער גע־

פינט זיך. מען האָט געשאָסן אין אַלע ריכטונגען... די אָפיצירן זענען ער־געץ אויסגערונען געוואָרן, אויסער איינעם און עטלעכע אונטער־אָפיצירן... ליגט ער, ליבּפעלד, אין אַ גרוב מיט נאָך אַ זעלנער און זעצט פאַר דעם קאַמף. זיי פּרוּוון אַריבּערצוקלייבּן זיך צו אַנדערע זעלנער... נישט זיין אַליין... אויפן וועג רייסט אויף אַ באָמבּע, ביידע ווערן פאַרוווּנדעט, זיי קומען דאָך אָן צו די אַנדערע... איצט דאַרף מען זיי באַנדאַזשירן, דער צווייטער, אַ פאַרוווּנדעטער, איז אַוועק זוכן הילף. נאָר דער קאָמאַנדאַ־פּאָסטן איז ליידיק. ווען ער קומט צוריק, פאַלט ער אַריין אין געפאַנגענ־שאַפט, צוזאַמען מיט ליבּפעלדן, וואָס שטאַרבּט פון די ווונדן.

אַזוי איז געפאַלן אַ פּראָסטער זעלנער, אַזוי און אין ענלעכע אומ־שטענדן זענען געפאַלן פיל אַנדערע, וואָס האָבּן זיך געשלאָגן ביזן סוף.

צי איז טאַקע נישט מעגלעך געווען, אַז עס זאָל זיין אַנדערש?

מיר האָבּן זיך דערוווּסט, אַז די קאָמוניסטישע פאַרטיי האָט דעם 6־טן יוני פאַרגעשלאָגן דער רעגירונג פון פּאָל רעינאָ אַ גאַנצע ריי מאָסמיט־לען, וואָס וואָלטן געקאָנט שאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פאַר דער פאַר־טיידיקונג פון דער הויפּט־שטאָט. די פאַרטיי האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף גלייך באַפרייען אַלע אַרעסטירטע און אינטערנירטע אַרבּעטער־טוער און אַרעסטירן די אַגענטן פון שונא, וואָס שווייבּלען און גריבּלען אין אַלע מיניסטעריומס. עס איז נויטיק צו דעקרעטירן אַ מאָבּיליזאַציע און באַוואָ־פענען דאָס פאָלק. אויף אַזאַ אופן וואָלט פּאַריז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ציטאַדעל און די מלחמה וואָלט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ נאַ־ציאָנאַלן קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט.

די דאָזיקע מאָסמיטלען, האָט די פאַרטיי געהאַלטן, וואָלטן געשאַפן אַן ענטוזיאַזם אין לאַנד און די נאַציאָנאַלע מאָבּיליזאַציע וואָלט מעגלעך געוואָרן.

די רעגירער אָבּער האָבּן אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע פאַרשלאָגן אויס מורא פאַרן פאָלק.

די דייטשן האָבּן פאַרנומען פּאַריז. זיי האָבּן זיך באַמיט צו פאַרדעקן קונציק זייערע טייוואָלאָנישע פּלענער מיטן פּלאַקאַט: „האָט צוטרוי צום דייטשן סאָלדאַט!״ ס׳איז דעריבּער געווען די ערשטע אויפגאַבּע נישט צו לאָזן איינשלעפערן די וואַכזאַמקייט פון פאָלק. פאַשיזם איז מלחמה, טעראָר, פאַרשקלאַפונג, פאַרניכטונג פון די יידן.

מיר האָבּן איינגעשטעלט אַ רעגולערן קאָנטאַקט מיט די אָנפירנדיקע חברים, וואָס זענען שוין געווען אומלעגאַל. דאָס איז געוואָרן פאַרלייכ־טערט דורך דעם, וואָס איך האָבּ פאַרנומען צוריק מיין לעגאַלן פּאָסטן אין דער פאָלקס־קליניק, אַ פּאָר טעג נאָכן אָנקומען פון דער דייטשער אַרמיי קיין פּאַריז.

צוויי פראַגן האָבּן זיך געשטעלט פאַרן עפענען די פאָלקס־קיך. אויבּ אין דער פאָלקס־קליניק האָבּ איך געקאָנט אַרבּעטן כמעט אָן פּאָנדן, איז דאָס נישט מעגלעך געווען ביים פירן אַ קיך. פון דער אַנדערער זייט, איז

די אָנפירונג פון דער פאָלקס־קליניק געבליבן אין פּאַריז, בעת די אָנפירונג פון דער פאָלקס־קיך איז אַוועק מיטן עקזאָד.

אין אָט די טעג זענען אויך פאַרשוואונדן די אָנפירונג פון דער „פעדע־ראַציע", די רעדאַקציעס פון „פּאַריזער היינט" און פון דער בונדישער „די שטימע".

איך האָב זיך דאַן געוואָנדן צו תנחום נאַדעלמאַן, דעם פאַרזיצער פון צענטראַלן האַנטווערקער־פאַרבאַנד. ת. נאַדעלמאַן איז געווען אַן ערלע־כער פאָלקס־מענטש מיט אַ שכל הישר און פּאָליטישער דערפאַרונג. ער האָט שטענדיק געהאַלטן, אַז די קאָמוניסטן זענען דער צעמענט פון גע־זונטן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ווען איך האָב אים פאַרגעשלאָגן, אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, צו עפענען די פאָלקס־קיך אויף רי סענטאָנזש און איבערנעמען די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט, האָט ער קיין מינוט זיך נישט געוואַקלט. ער האָט מיך אינפאָרמירט, אַז מיט אים האָט זיך פאַרשטענדיקט אַ טאָג פריער דער חבר יוסף שטאַמפּאַטער, דער באַקאַנטער, לאַנגיעריקער געזעל־שאַפטלעכער טוער פון צענטראַלן האַנטווערקער־פאַרבאַנד. אייניקע טעג נאָך דעם ווי די נאַצישע אַרמיי האָט זיך באַוויזן אין פּאַריז, איז אויפסניי געעפנט געוואָרן די פאָלקס־קיך.

די קיך האָט געעפנט אירע טירן פאַר אַלע הונגעריקע, כל דיכפין...

די פאָנדן האָט מען געמוזט שאַפן אויפן אָרט. שטאַמפּאַטער און ת. נאַדעלמאַן האָבן איינגעשטעלט פאַרבינדונגען מיט זייערע פאַך־חברים, די מאַראָקינעריסטן, און באַוויזן צו שאַפן אַ מאַקסימום פון פאָנדן. וואָס פאַר אַן אָנזען האָבן אָבער די גראָשנס געהאַט לגבי די צוויי מיליאָן פראַנק פון די סאָסיעטעס, וואָס זענען געווען בלאָקירט אין די בענק? איצט, ווען זיי זענען געווען אַזוי נויטיק, האָט מען מיט זיי נישט געקאָנט זיך באַנוצן.

מען האָט קאָנסטיטואירט אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזן סאָלידאַריטעט־קאַרטלעך. אין קאָמיטעט זענען אַריין, אויסער שטאַמפּאַ־טער און נאַדעלמאַן, די פריינט גאַלאַנד, הערשל וואָלמאַרק, מיעדזשינסקי מאָריס, חיים לייבוש הובערמאַן, יורקעוויטש, מאָקרי, סאָסנאָווסקי, לייזער האָלצמאַן, אַדאָלף שוואַרצבאַרד, בערקאָוו. אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער איז באַשטימט געוואָרן שניידער און אַלס עקאָנאָם — אָשלאַק.

רירנדיק איז געווען די סאָלידאַריטעט פון פּשוטן פאָלקס־מענטש. ווען יוסף שטאַמפּאַטער האָט זיך געוואָנדן צום פריינט איזאַק אַנקעלעוויטש, פּרעזידענט פון דער קאָנסקער סאָסיעטע, האָט דער לעצטער אים גע־זאָגט:

— כ'האָב אַ פּאָר קניפּעלעך, זאָל עס זיין פאַר די נויטבאַדערפטיקע.

ער האָט אויך צוזאַמען מיט זיין פרוי און זיינע זין געזאַמלט שפּייז און געלט. עס האָט זיך אפילו איינגעשטעלט אַ מין קאַלענדאַר, לויט וועלכן די בעקער, קצבים און שפּייז־קרעמער האָבן צוגעשטעלט געווי־

סע קוואַנטומס פּראָדוקטן פֿאַר דער קיך. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער בעקער פֿון רי באַפּרואַ, יאַנקל פּערעלמאַן, וועלכער האָט געליפֿערט גאַנצע זעק מיט ברויט, פֿאַרפֿל, צוקער, בעבלעך, קאַשע און אַנדערע שפּייזן.

די דאָזיקע סאָלידאַריטעט פֿון פֿאָלק האָט זיך אויסגעדריקט אויף הונדערטער אופֿנים.

דערווייל איז מען געוואָר געוואָרן, אַז דער „דזשאָינט" האָט, פֿאַרן פֿאַרלאָזן פּאַריז, איבערגעלאָזט אַ האַלבן מיליאָן פֿראַנק אונטער דער השגחה פֿון באַקאַנטן שרייבער דניאל טשאַרני, וואָס איז געווען זיין פֿאַרטרויאונגס־מאַן. שטאַמפּאַטער איז אַוועק צו אים מיטן פֿאָרשלאָג צו סובווענציאָנירן די קיך. די אויפֿנאַמע איז געווען אַ סימפּאַטישע, פֿול מיט פֿאַרשטענדעניש, אָבער דניאל טשאַרני איז נישט געווען דער איינציקער פֿאַרוואַלטער פֿון די פֿאָנדן. ער האָט באַשלאָסן זיך צו פֿאַרשטענדיקן מיט זיינע פֿריינט. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז צושטאַנדגעקומען אין אַ קאַפֿע, אויף רי וויעי די טאַמפּל, אַ ראַנדעוווּ, אין וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען דניאל טשאַרני, לעאָ גלעזער, גרינבערג און י. יאַקובאָוויטש, אָפֿיציעלע פֿירער פֿון דער „פֿעדעראַציע". די פֿאַרשטייער פֿון דער פֿאָלקס־קיך, שטאַמפּאַטער און גאַלאַנד, האָבן איבערגעגעבן, אַז די פֿאָלקס־קיך קומט אַנטקעגן פֿיל סטודענטן פֿון ארץ־ישׂראל. „אפֿשר וועט דאָס זיין אַ סגולה" — האָבן זיי געטראַכט.

עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז אַ דעלעגאַציע זאָל באַזוכן די פֿאָלקס־קיך. ווי נאָר י. יאַקובאָוויטש איז אָנגעקומען אויף רי סענטאָנזש, האָט ער אַריינגעוואָרפֿן גלייך אַ שטעך־ווערטל:

— ווען מען זעט באַדעלמאַן „מיט דער רויטער פֿאַטשעווקע", פֿאַרשטייט מען וואָס פֿאַראַ קיך דאָס איז.

— קוקט אַריין בעסער אין דער קיך, זעט וואָס מען גיט צו עסן און וועמען. אפֿשר שמעקט אייך דער רויטער באָרשטש? — איז געפֿאַלן דער ענטפֿער.

נישט געקוקט אויף מערערע וויזיטן ביי דניאל טשאַרני און לעאָ גלעזער, האָט די פֿאָלקס־קיך גאָרנישט געזען פֿון האַלבן מיליאָן, וואָס איז צעטיילט געוואָרן צווישן אַנדערע. אפֿילו פֿון די שפּעטערדיקע מיליאָנען, וואָס דער „דזשאָינט" האָט איבערגעשיקט, איז דער פֿאָלקס־קיך גאָרנישט אַריינגעפֿאַלן. די אַנטי־קאָמוניסטישע שנאה איז געווען שטאַרקער ווי דאָס סאָלידאַריטעט־געפֿיל, אפֿילו אין אָט די גרויליקע טעג, ווען היטלער איז געווען אין פּאַריז.

די נויט איז געוואָרן אַלץ גרעסער. די יידישע קריגס־געפֿאַנגענע האָבן איבערגעלאָזן פֿרויען און קינדער אין פּאַריז אָן מיטלען צום לעבן. טייל פֿרויען האָבן נישט פֿאַרמאָגט קיין פֿאַך. אַנדערע האָבן געהאַט שוועריקייטן צוליב דעם יונגן עלטער פֿון די קינדער. עס איז אויך נישט געווען קיין אַרבעט. די אַרבעטלאָזיקייט האָט באַזונדערס געהערשט אין

אַלע יידישע פֿאַכן. די פֿאָלקס־קיך און די פֿאָלקס־קליניק, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אויף דער טעריטאָריע פֿון דריטן אַראָנדיסמאַן, האָבן אויפֿגענומען אויך נישט־יידן, וואָס די מערי האָט געבעטן צו שטיצן, ווייל די מוניציפּאַלע אַדמיניסטראַציע האָט זיי נישט געקאָנט העלפֿן.

די סאָציאַלע טעטיקייט איז געוואָרן דער צענטער פֿון אונדזער באַוועגונג, זי האָט באַגלייט אונדזער פּאָליטישע אַקטיוויטעט, וואָס האָט כסדר אָנגעהאַלטן. מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ נייעם נומער פֿון דער אונטערערדישער „נייע פּרעסע", ווו עס איז פּרעציזירט געוואָרן אונדזער שטעלונג צום פּלאַקאַט: „האָט צוטרוי צום דייטשן סאָלדאַט". עס זענען אויך געגעבן געוואָרן ידיעות פֿון די קריגס־געפֿאַנגענע.

דעם שונא איז געלונגען צו צעשמעטערן די פֿראַנצויזישע רעגולערע אַרמיי, פּונקט ווי עס איז אים געלונגען צו באַזיגן די שפּאַנישע רעפּובליקאַנער. דעם טייל פֿון דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע, וואָס האָט געשפּילט די היטלערישע קאָרט אויס שנאה צום פֿאָלק, איז געלונגען איבערצוגעבן דאָס לאַנד צו פֿראַנקרייכס טראַדיציאָנעלן שונא, דעם דייטש.

די „שלאַכט פֿון פֿראַנקרייך" איז געווען אַ שפּאַציר פֿאַר דער ווערמאַכט, טיר און טויערן זענען געווען אָפֿן. די הונדערטער טויזנטער זעלנער, צווישן וועלכע די צענדליקער טויזנטער אויסלענדישע פֿרייוויליקע, זענען געווען אומבאַוואָפֿנט, פֿאַרקויפֿט און פֿאַראַטן. די אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן פּרובירט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, זענען געוואָרן צעקוועטשט דורך דער פֿאַרפֿלייצנדיקער מאַסע, וואָס איז געקומען פֿון יענער זייט ריין און האָט פֿאַרניכטעט אַלץ אויפֿן וועג, ווי אַ לאַווע פֿון אַ ווולקאַן.

ווו זענען אַהינגעקומען די אַנגאַזשירטע פֿון אויגוסט און סעפּטעמבער פֿון פֿאַריקן יאָר? די לאַנגע רייען ביי דער קאַזאַרמע רעאי, די מאַרש־רעגימענטן פֿון לאַ וואַלבאַן, פֿון קאָעטקידאַן, פֿון באַרקאַרעס? וואָס איז געוואָרן מיט זייער אַנגאַזשירונג „פֿור לאַ דירעי דע לאַ גער" (פֿאַרן דויער פֿון קריג)?

איז די מלחמה געענדיקט? איז די אַנגאַזשירונג בטול געוואָרן? אָדער איז פֿאַרשפּילט געוואָרן בלויז אַ שלאַכט, בעת די מלחמה דויערט ווייטער?

און ווי אַזוי וועט פֿראַנקרייך פֿאַרזעצן דעם קריג?

עס איז צו אונדז דערגאַנגען מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג די דערקלערונג, וואָס עס האָט אָפּגעגעבן אין ענגלישן ראַדיאָ דער גענעראַל דע גאָל, געוועזענער מיטגליד פֿון פֿאָל רעינאָס רעגירונג.

אין זיין רוף צו די פֿראַנצויזן, פֿון 18־טן יוני, האָט ער געזאָגט צווישן אַנדערן, אַז די רעגירונג פֿון פּעטען האָט זיך פֿאַרבונדן מיטן שונא וועגן אָפּשטעלן די שלאַכטן מיטן תירוץ, אַז אונדזערע אַרמייען האָבן געליטן אַ מפּלה. ווי אַ מיליטער־מאַן פֿון דער קלאַסישער שולע אָנערקענט ער, אַז מיר זענען געוואָרן איבערגעפֿלייצט פֿון דער מעכאַנישער ערד־

און לופט־קראַפט פון שונא. וועגן דעם גייסט פון פאָלק האָט ער גאָרנישט געזאָגט. ער באַגרייפט גאַנץ גוט, אַז דער בטחון איז נאָר מעגלעך צוליב דער אויסברייטערונג פון דער וועלט־מלחמה.

„ווייל פראַנקרייך איז נישט אַליין... די דאָזיקע מלחמה ווערט נישט דעצידירט דורך דער שלאַכט פון פראַנקרייך, דאָס איז אַ וועלט־מלחמה...”

נאָך דער דאָזיקער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע איז געקומען אַ רוף:

„איך, גענעראַל דע גאָל, איצט אין לאָנדאָן, לאַד איין אַלע פראַנצויזישע אָפיצירן און זעלנער, וועלכע געפינען זיך אויף דער בריטישער טעריטאָריע אָדער וועלן דאָ זיך געפינען... צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט מיר. מאָרגן, ווי היינט, וועל איך רעדן אין לאָנדאָנער ראַדיאָ”.

דע גאָל האָט גערעדט בלויז וועגן אַ קאַמף אויף דער בריטישער טעריטאָריע. וואָס־זשע האָבן באַדאַרפן טון די פראַנצויזן, וועלכע האָבן זיך געפינען אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע?

דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער שאַנדע האָט אַרומגעכאַפּט די פראַנצויזן נאָך דעם האַנטדרוק צווישן פעטען און היטלער אין מאָנטואַר. ביי קאַרל מאַרקס איז פאַראַן אַ געדאַנק, אַז די חרפּה איז אַ מין בייזקייט לגבי זיך אַליין. אויב אַ גאַנצע נאַציע דערפילט אַ חרפּה, ווערט זי ווי דער לייב, וואָס פאַרטאַיעט זיך אין זיך, איידער ער גיט אַ שפּרונג.

פון איר זייט איז די קאָמוניסטישע פאַרטיי געקומען צום פאָלק מיטן וואָרט פון האָפענונג און קאַמף. דער פאַרעטערישער מאַרשאַל פעטען האָט אין אַלע זיינע דרשות אונטערגעשטראָכן מיט אַ כוונה, אַז פראַנקרייך האָט פאַרשפּילט די מלחמה, ד״ה, אַז עס דאַרף זיך אונטערוואַרפן דעם דיקטאַט פון באַזיגער.

די קאָמוניסטישע פאַרטיי דאַקעגן האָט געעפנט אַנדערע האָריזאָנטן פאַרן פראַנצויזישן פאָלק. אויף דער פראַגע, וואָס דאָס פאָלק האָט זיך געשטעלט מיט אַנגסט: ווי אַזוי וועט אויסזען דער מאָרגן? האָט זי מוטיק און קלאָרזעעוודיק דערקלערט דעם 10־טן יולי 1940:

„פראַנקרייך, וואָס איז נאָך אינגאַנצן פאַרבלוטיקט, וויל לעבן פריי און אומאָפּהענגיק. קיינמאָל וועט אַ גרויס פאָלק ווי אונדזערס נישט זיין קיין פאָלק פון שקלאַפן. פראַנקרייך וועט נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מין קאָלאָניזירט לאַנד; פראַנקרייך, וואָס האָט אַזאַ רומפולע פאַרגאַנגענהייט, וועט נישט בייגן די קני פאַר אַ בינטל לאָקייען, גרייט צו אַלע מעשים. בלויז אין פאָלק געפינען זיך די גרויסע האָפענונגען פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג און אַרום דעם קעמפערישן און ברייטהאַרציקן אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז פול מיט צוטרוי און מוט, קאָן אַנטשטיין דער פראָנט פון פרייהייט, פון אומאָפּהענגיקייט און פון ווידערגעבורט פון פראַנקרייך”.

דער דאָזיקער פאַטריאָטישער רוף, וואָס איז געקומען פון לאַנד גופא, איז געווען אונטערגעשריבן דורך מאָריס טאָרעז און זשאַק דיקלאָ. ער איז

געוועזן פּאָליטיש פיל ריכטיקער ווי די ריין־מיליטערישע דעקלאַראַציע פון גענעראַל דע גאָל אין לאָנדאָנער ראַדיאָ, וועלכער האָט דערקלערט די מפּלה פון פראַנקרייך בלויז מיט דער דייטשער איבערגעוויכט אין וואָפן.

דער דאָזיקער רוף, וואָס איז געקומען פון לאַנד גופא, איז געוועזן אַן אָנזאָג פון אַן אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן אָקופּאַנט און אַן אָנדייטונג פאַר דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלן פראָנט פון באַפרייאונג.

עס האָט זיך געעפנט אַ נייַ בלעטל אין אונדזער אַקטיוויטעט. אויף אַ זיצונג פון דער יידישער אונטערערדישער אָנפירונג איז באַשלאָסן געוואָרן איינצושטעלן צוויי אָפּטיילונגען: איינע פאַר דער אָקופּירטער זאָנע, די צפונדיקע און אַ צווייטע פאַר דער נישט־אָקופּירטער, די דרומדיקע. פאַריז איז אָבער געבליבן דער צענטער פון דער אָנפירונג, ווו עס וועט זיך געפינען דער ח׳ לולקע. די חברים פון דער דרום־זאָנע וועלן פון צייט צו צייט קומען קיין פאַריז, אָדער שיקן ראַפּאָרטן דורך פאַרבינדלערינס. עס זענען דאָרט אַוועקגעשיקט געוואָרן די חברים שמואליק פאַרבער און אַלבערט יודין.

„פאַרבינדלערינס״, אַ נייַ וואָרט פאַר מיר. איך האָב געוויינלעך געאַרבעט דירעקט מיט די חברים פון דער אָנפירונג. איצט וועט מען זען אַ חברטע, וואָס וועט ברענגען אַ בריוול און צוריקפירן אַ בריוול. אין פאַריז גופא האָט מען זיך נאָך נישט געניטיקט אין אומדירעקטע פאַרבינדונגען. ערשטנס, ווייל מיר האָבן נאָך פאַרמאָגט לעגאַלע פּאָזיציעס, צווייטנס, ווייל צו אונדזערע רייען איז נאָך די רעפּרעסיע נישט דערגאַנגען, בעת ביי די נישט־יידן האָט מען שוין געציילט טויזנטער אַרעסטירטע.

אין מיטן זומער אָבער האָבן מיר באַקומען די ערשטע קלעפּ אין פאַריז. מען האָט אַרעסטירט אונדזער חבר ב. טשאַרני. גייענדיק אויף אַ ראַנדעוווּ מיט אַ חבר פון 20־טן אַראָנדיסמאַן, איז ער אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף בולוואַר דע בעלוויל דורך אַ געהיים־אַגענט און איז געוואָרן אַריינגעזעצט אין דער תפיסה „סאַנטע״.

דער דאָזיקער אַרעסט האָט אויפגעוועקט אונדזער וואַכזאַמקייט: מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק מיט ראַנדעוווען, ספּעציעל אויף אַזעלכע פּונקטן ווי דער בעלוויל.

ביי פאָרט דע לילאַ האָט זיך געעפנט אַ לאַגער „טורעל״, קעגנאיבער דער קאַזאַרמע. מען האָט אָנגעהויבן אינטערנירן יידן צוליב פאַרשידענע טעמים. זיי זענען געוועזן די ערשטע אינטערנירטע פון פראַנקרייך, וועלכע מ׳האָט אינטערנירט אַלס יידן. אַ גרעסערע גרופּע איז אינטערנירט געוואָרן אויפן סמך פון אַ ליסטע שקלים־קויפער, וואָס די געשטאַפּאָ האָט געפונען נאָכן אָנקומען קיין פאַריז אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער „פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן״, 5, אַוועניו דע לאַ רעפּובליק. די יידן האָבן מיט פאַרביטערונג דערציילט, אַז די פירער האָבן פאַרן אַנטלויפן פון פאַריז פאַרגעסן אויסצורייניקן די ביוראָס און צו זאָרגן פאַר די מענטשן, וועל־

כע האָבן זיי אָנפאַרטרויט זייערע נעמען. און אפשר האָבן זיי זיך פאַרגע־שטעלט, אַז קויפן אַ שקל הייסט נישט מאַכן קיין „פּאָליטיק"? אַזוי אַרום זענען די ערשטע אינטערנירטע יידן אין פּאַריז באַשטאַנען פון אַ גרופּע ציוניסטיש־געשטימטע.

דאַקעגן אין „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן" האָבן שטאַמפּאַ־טער און בערקאָוו, גלייך ווי די דייטשן זענען אַריין קיין פּאַריז, פאַר־ברענט אין לויף פון צוויי טעג אַלע אַרכיוון, באַזונדערס די ליסטעס מיט נעמען.

אין אַלגעמיין האָט מען זיך נאָך דאַן פריי באַוועגט אין פּאַריז. דער אָקופּאַנט האָט געהייסן אַרבעטן און געקויפט ווייטער אַלץ, וואָס עס איז אים געוואָרן צוגעשטעלט. געוויסע יידן זענען צוריקגעקומען פון דער „פרייער" זאָנע קיין פּאַריז, ווו „מען שאַרט גאָלד", אַלס צושטעלער פון די דייטשע איינקויפס־שטעלעס.

דער אָקופּאַנט האָט נאָך נישט אַרויסגעוויזן זיין שנאה צו יידן, אַזוי ווי דער אַנטיסעמיטישער פּראָגראַם פון „מיין קאַמף" וואָלט געווען אָפּגע־שאַפט. געווען אַ געפאַר, אַז מען זאָל נעמען גלויבן אין דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע; מען זאָל אָנהייבן טראַכטן, אַז דאָס אַלץ, וואָס מ'האָט פאַר דער מלחמה דערציילט וועגן די היטלעריסטן, איז טאַקע „גרויל־פּראָפּאַ־גאַנדע", אָדער לכל הפחות שטאַרק איבערגעטריבן.

עס איז געווען אַ געפאַר פון לאָזן זיך איינשלעפערן. די נאַציס האָבן געאַרבעט מיט מעטאָד, בהדרגהדיק, זיי האָבן באַהאַלטן נאָך די שאַרפע נעגל אין זיידענע הענטשקעס.

דערפאַר זענען דערשינען די ערשטע רופן צו ווידערשטאַנד ווי אַ דע־צידירנדיקער פאַקטאָר, וואָס האָט געעפנט אַ פּערספּעקטיוו פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג.

זיי זענען געווען די ערשטע ליכט־סיגנאַלן אין פינצטערן פראַנקרייך...

קאַפּיטל פיר:

# די „סאָלידאַריטעט״

עס זענען אָנגעקומען פאַנטאַסטישע ידיעות וועגן אַ דייטשן פּרווו אַרויסצוזעצן אַן אַרמיי אויף די ענגלישע ברעגן און וועגן דעם, אַז די ענגלענדער זאָלן האָבן אונטערגעצונדן דעם ים גופא. מען זאָל האָבן געבראַכט פאַרברענטע און אָפּגעבריטע דייטשן אין די פראַנצויזישע שפּי־טעלער.

אין דער זעלבער צייט, אין סעפּטעמבער 1940, האָט דער מיליטערי־שער באַפעלסהאָבער פון פּאַריז פאַרעפנטלעכט זיין „וויסנשאַפטלעכע״ דעפיניציע פון אַ ייד. אַלס ייד ווערט באַטראַכט דער יעניקער, וועלכער האָט דעם 25־טן יוני 1940 געהערט צו דער יידישער רעליגיע, אָדער וועל־כער האָט געשטאַמט פון דריי אָדער צוויי יידישע עלטער־עלטערן (באָ־בעס אָדער זיידעס).

די דאָזיקע דעפיניציע האָט ביי טייל יידן נישט אַרויסגערופן עפּעס אַנדערש ווי אַ שמייכל. „שוין איינמאָל אַ וויסנשאַפטלער״, האָבן זיך די פּיקחים געוויצלט. דערווייל שטערט עס נישט צו פּרנסה...

די זעלבע אויפנאַמע האָבן באַקומען די געלע צעטלען מיטן אויפ־שריפט „יידישעס געשעפט״, וואָס מען האָט באַדאַרפט אויפקלעפּן ענדע סעפּטעמבער אויף די מאַגאַזינען און די רויטע אויפשריפטן, וועלכע האָבן „אַריעריזירט״ נאָכדעם די יידישע געשעפטן דורך „אַרישע״ זשעראַנטן. טייל געשעפטסלייט האָבן דערביי צוגעקלעפּט אַ צווייט צעטל, אָנגעבנדיק זייערע מיליטערישע פאַרדינסטן. אָבער די פּאָליציי האָט באַפוילן עס אַראָפּצונעמען.

דעם „אַרישן״ קאָמיסאַר האָט מען דאָ און דאָרט אַליין זיך אויסגעע־זוכט און די „מאַכט״ איז געוועזן גלייכגילטיק צו דער „אָפּנאַרעריי״. יידי־

שע סוחרים האָבן זיך געטרייסט, אַז דורך „אַרישע" זשעראַנטן קאָן מען אויך אַרבעטן ווייטער. אויב די צושטעלער צו די איינקויפס־שטעלעס מוזן נישט אַליין ליפערן, איז גענוג צו הייבן די פרייזן, וועט בלייבן אויך פאַרן „גוי", פאַרן ליפעראַנט. אַז במילא דינגען „זיי" זיך נישט, די קויפערס. זיי קוקן אפילו נישט, צי די סחורה טויג צו עפּעס. אַלע „באַוולען" זענען אַוועק פון די פאַליצעס. די געשעפטן זענען געוואָרן ליידיק פאַר די ציווילע קויפער. די גייציקייט און אַמאָראַלישקייט פון גרעסטן טייל פאַרקויפער איז געווען אין לשער ביי יידן, ווי ביי נישט־יידן.

כדי צו באַרעכטיקן די „אַריעריזאַציע" פון יידישע געשעפטן, האָבן די דייטשן זיך באַנוצט טאַקע מיט די שרייענדיקע ביישפּילן פון אָנגעהויפטע רייכטימער, וועמענס באַדינגונגען זיי האָבן אַליין געשאַפן.

דערביי האָט זייער פרעסע פאַרגעסן צו דערציילן, ווי עס שאַפט זיך אַ רויב־אַרמיי פון „אַריער", אַ נייער קלאַס פון קריגס־פּראָפיטירער. דאָס איז געווען אַ גוט־דורכגעטראַכטער פּלאַן פון קאָרומפּירן אַ טייל פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג און שאַפן אַ סאָלידע עקאָנאָמישע באַזע פאַר דער פּאָליטישער קאָלאַבאָראַציע.

אויסנוצנדיק עטלעכע ביישפּילן, וועלכע די נאַציס האָבן פאַרמאָגט אונטער דער האַנט, האָבן זיי פאַרשפּרייט אַן אַלגעמיינע טעאָריע וועגן יידן, אַלס אַגענטן פון קאָרופּציע, אַלס שעדיקער פון דער געזעלשאַפט אא"וו.

און דער אויספיר איז געווען אַזוי פשוט, ווי פשוטער קאָן נישט זיין: מען דאַרף ראַטעווען פראַנקרייך פון די יידן. דער „נאַציאָנאַלער אינטערעס" פאָדערט דאָס. צוליב די יידן איז געקומען די מפּלה. די רעגירונג דאַרף רעסטאַווירן פראַנקרייך, אָננעמענדיק שריט קעגן די יידן. „עס האַנדלט זיך נישט אין לייכטער נקמה, נאָר אין אומבאַדינגטער זיכערקייט" — האָט געשריבן די פרעסע.

דער אַמאָליקער קריסטלעכער אַנטיסעמיטיזם פון אַ רעליגיעזן מהות איז איצט פאַרטראָטן געוואָרן דורך אַ פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם. די אַמאָליקע רעליגיעזע אַרגומענטן זענען פאַרטראָטן געוואָרן דורך מאָדערנע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע תירוצים.

יידן זענען פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ מין צעלייגונגס־מיקראָב פון דער מאָראַל, פון דער מלוכה, אין וועלכער זיי וווינען. נישט בלויז זענען זיי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט צווישן אַנדערע פעלקער, נאָר אַ ווידערשפּרעכלעכע עטנישע גרופּע, וואָס קאָן נישט פאַרדייעט ווערן דורך דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג.

נאַטירלעך האָט דער אַמאָליקער רעליגיעזער אַנטיסעמיטיזם געניצט אויך דעם היינטיקן פּאָליטישן, פּונקט ווי ער האָט שוין גענוצט לויט דעם 11־טן אָדער פיליפּ „דעם שיינעם" ביים באַרויבן די יידן אין 13־טן יאָרהונדערט.

כדי צו „באַרעכטיקן״ די דאָזיקע טעאָריע וועגן יידן, ווערן זיי באַ־שאָנקען מיט אַלע חסרונות און מעלות. די לעצטע ווערן, פאַרשטענדלעך, סוף־כל־סוף די גרעסטע חסרונות.

פאַראַן ניואַנסן אין דער כאַראַקטעריסטיק פון די יידישע פעלערן: ווען די פראָפּאַגאַנדע איז געוואָנדן צו אַרישע גבירים, זענען אַלע יידן רעוואָלוציאָנערן. ווען זי איז אָבער געצילט צו די פּראָלעטאַריער, זענען אַלע יידן ראָטשילדס.

אין חודש נאָוועמבער איז קיין פּאַריז אָנגעקומען איינער פון די טעאָרעטיקער פון נאַציזם, אַלפרעד ראָזענבערג. ער האָט געהאַט די חוצפה צו דרשנען אין פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט. דער אויפשריפט „ליבערטע, עגאַליטע, פראַטערניטע״ (פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט), דער מענטשלעכער דעוויז פון 1789, אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות אויפן פראָנטאָן, איז געוואָרן פאַרדעקט, כדי נישט צו שאָקירן דעם פּרייסישן באַראָן, דעם אויטאָר פונעם „מיטאָס פון 20־טן יאָרהונדערט״. דער הער דאָקטאָר אַלפרעד ראָזענבערג, דער שליח פונעם פירער פאַר „דער פאַרמירונג און דער אידעאָלאָגישער דערציאונג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, האָט געזאָגט וועגן די דאָזיקע דריי לאָזונגען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: „די דאָזיקע אונטערצינדערישע ווערטער האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו ווירקן אויף די מאַסן. מיט זייער אינהאַלט פון קאָנפוזיע האָבן זיי אָנגעהויפט חורבנות אויף חורבנות״.

זיין רעדע איז באַצייכנט געוואָרן דורך דער דייטשער פּרעסע גופא ווי „אַן אָפּרעכענונג מיט די אידייען פון 1789״. זיין הויפּט־טעזע איז געווען, אַז די ערשטע און די צווייטע וועלט־מלחמות זענען געווען אַ וועלט־קאַמף צווישן גאָלד און בלוט. אונטער „גאָלד״ האָט ראָזענבערג באַצייכנט אַלע קעגנער פון דייטשלאַנד און אונטער „בלוט״ — זיין אייגן לאַנד. אין 1918 האָבן געזיגט די קאַפּיטאַליסטן, דאָס גאָלד. אָבער די איצטיקע מלחמה איז אַ העכערער שטאַפּל פון דער ערשטער שלאַכט און פאַר־שטענדלעך וועלן זיגן די „העכערע דייטשע ווערטן, די דייטשע ראַסע״. „פון דעם כאַאָס, פון דער נויט און פון דער חרפה פון דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער אידייע איז געבוירן געוואָרן דער ראַסיסטישער אידעאַל״ — האָט געפּרעדיקט דער נאַצישער גדול.

מאַכנדיק דעם „לעצטן חשבון״ מיט די אידייען פון 1789, האָט ער געשטרעבט צוריקצושליידערן פראַנקרייך צו דער פינצטערער אומטאָלע־ראַנץ פון מיטלאַלטער, צו די באַרבאַרישע אויטאָדאַפעס, צו דער אינקווי־זיציע.

אין זיין רעדע האָט אַלפרעד ראָזענבערג דערמאָנט דעם אַנטיסעמיט עדואַרד דרימאָן, וועלכער האָט געהאַט געשריבן בעת דער דרייפוס־אַפּע־רע: „דער איינציקער, וועלכער האָט פּראָפיטירט פון דער רעוואָלוציע, איז דער ייד. אַלץ קומט פון ייד. אַלץ קומט צוריק צום ייד״.

דער לאָגישער אויספיר פון דער אָפּרעכענונג מיט די אידייען פון 1789 איז די אָפּרעכענונג מיט די פּראָפּיטירער פון די דאָזיקע אידייען: די יידן. די דאָזיקע נאַציִשע פסעוודאָ־היסטאָריאָזאָפיע, דער דאָזיקער נאַ־ציִשער קוק אויף דער געשיכטע איז געווען נויטיק פאַרן נאַציִשן דראַנג נאָך לעבנס־רוים.

אָט אַזוי האָט די גרויס־בורזשואַזיע באַשטעטיקט די פּאָרויסזעאונג פון ענגעלס, אַז ביי איר אונטערגאַנג וועט זי טרעטן די פּרינציפּן, וועלכע האָבן זי אַרויפגעפירט אויף דער פּאָליטישער אַרענע. די לאָזונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע, וועלכע האָט געשטורעמט די פעאָ־דאַלע וועלט, זענען צעטראָטן געוואָרן דורך דעם פאָרשטייער פון ברוּ־טאַלסטן אויסדרוק פון אימפּעריאַליזם.

במילא, זענען די לאָזונגען פון עמאַנציפּאַציע פון יידן, די בורזשואַזע פרייהייטן, וואָס זיי האָבן באַקומען, געוואָרן געפערלעכע פאַר דעם אונ־טערגייענדיקן קלאַס.

נישט אַלע האָבן גלייך באַגריפן געַנוי, וואַהין עס פירן די גראַדועלע עטאַפּן פון די נאַציִשע רעפּרעסיעס. אין די פאַרדעמפטע טריט פון דער קאַץ ליגן אָבער די קומענדיקע טויט־קלעפּ פון טיגער.

אין דעצעמבער איז דערשינען אַ דעקרעט, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך מעלדן אין די קאָמיסאַריאַטן, ווו מען וועט שטעמפּלען זייערע אידענטי־טעטס־קאַרטן. עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי אַקטיווע חברים דאַרפן גיין. אַז די מאַסע וועט נישט וועלן און נישט קאָנען אין איצטיקן פּעריאָד איבערגיין אין אומלעגאַליטעט, איז נישט געווען קיין צווייפל. אָבער אויך די אַקטיוויסטן איז געווען אומעגלעך אין דעם מאָ־מענט צו דעלעגאַליזירן. עס איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען נייע מאָסמיטלען צום קאַמף פאַר דער נאָענטסטער צוקונפט.

איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומען אין דער וווינונג פון חבר רעקס (פּוטערפּלאַם), אַ פאָטאָגראַף אויף 54, רי קיסטין. רעקס, זיין פרוי מינאַ און זייער יונגע טאָכטער, גוטאַ, זענען געווען מיטגלידער פון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס נאָך פון פאַר דער מלחמה. ביי זיי אין דער ווױ־נונג האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן, צען חברים, אין אַ דעצעמבער־טאָג.

דאָס זענען געווען די חברים: י. לערמאַן, זשאַק קאַמינסקי, ראַיסקי, זשאַק ראַווין, דוד קוטנער, מוניע נאַדלער, איזאַק קרישטאַל, איך און די חברטעס זאָפיע שוואַרץ און טעשקע טענענבוים.

דעם פּראָגראַם פון צוזאַמענטרעף האָט אויפגעקלערט דער חבר לער־מאַן (לולקע): עס נויטיקט זיך איבערצוגיין צו ענגערע פאָרמען פון אָר־גאַניזאַציע, גרופּירן די מאַסן לויט קוואַרטאַלן, גאַסן, הייזער און אפילו טיילן פון הייזער, כדי אונדזער מינדלעכע און שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע זאָל זיין אַ דירעקטע. די דאָזיקע גרופּעס וועלן האָבן אַלס ציל פון איין זייט צו שטיצן די נויטבאַדערפטיקע באַפעלקערונג. פון דער אַנדערער זייט, דערמוטיקן זי, וואָרענען פאַר די געפאַרן און אָרגאַניזירן דעם ווי־

דערשטאַנד. דורך דעם קאַנאַל פון די דאָזיקע גרופּעס װעלן אָנקומען אונ־
דזער צײַטונג, אונדזערע אױסגאַבן. אַזױ װעלן אױך געזאַמלט און פאַר־
טײלט װערן די געלטער.

די אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען דעם נאָמען „סאָלידאַריטעט". זי האָט
אײַנגעטײלט פּאַריז אין אײניקע ראַיאָנען, געבױט אױף דער באַזע פון
די אַראָנדיסמאַנען, װוּ עס האָבן געװױנט ייִדן. עס איז גלײך אױפגע־
שטעלט געװאָרן אַ פּאַריזער קאָמיטעט פון פיר חברים: קוטנער, קריש־
טאַל, ראַװין און איך, װעלכער האָט צוקאָאָפּטירט אײניקע מיטגלידער פון
די באַזע־קאָמיטעטן. אין אײניקע טעג האָבן געגומען פונקציאָנירן קאָמי־
טעטן אין אַלע אַראָנדיסמאַנען פון פּאַריז, װוּ ס'האָבן געװױנט אַסך ייִדן:
אין 2־טן, 3־טן, 4־טן, 5־טן, 10־טן (בולװאַרן), 10־טן (קאַנאַל), 11־טן
(באַפּרואַ), 11־טן (פּאָלי מעריקור), 13־טן, 18־טן און סענטועז, 19־טן
(קאָמבאַ), 19־טן (פּלאַס דע פעט), 20־טן (פּערלאַשעז), 20־טן (בעלװיל)
און מאָנטרוי.

זײ האָבן פונקציאָנירט װי די פאַרמלחמהדיקע קאָמיטעטן פון אונ־
דזערע אָרגאַניזאַציעס, די פאָלקס־הילף אָדער די געזעלשאַפט „פרײַנט פון
דער „נײַע פּרעסע".

מיט אַן אױסערגעװײנלעכער שנעלקײט האָבן זיך געבױט די דאָזיקע
קאָמיטעטן. זיצונגען זענען פאָרגעקומען אין פּריװאַטע װױנונגען, אין די
װאַרשטאַטן גופא. אָפּט האָבן אין די דאָזיקע זיצונגען אָנטײלגענומען ביז
15 מאַן, אַזױ פּאָפּולער זענען געװאָרן די קאָמיטעטן פון „סאָלידאַריטעט".

צוליב טעמים פון אָרגאַניזאַציאָנעלן קאָנטראָל זענען אָפּגעדרוקט
געװאָרן מאַרקעס, אױף װעלכע עס האָט זיך געפונען דער אױפשריפט
„סאָלידאַריטעט" און אַ סומע.

די אָרטיקע קאָמיטעטן האָבן אַלײן באַשטימט װעמען מען דאַרף צו־
טײלן די שטיצע. אין פאַל, װען אַ באַזע־קאָמיטעט האָט זיך גענויטיקט
אין מער געלט, װי ער האָט געזאַמלט, האָט ער זיך געװאָנדן נאָכן עודף
צום פּאַריזער קאָמיטעט, װעלכער האָט פאַרמאָגט פאָנדן, סײ פון די פּראָ־
צענטער (25) פון די געזאַמלטע געלטער אױף דער באַזע, װי פון זײַנע
אײגענע צענטראַלע זאַמלונגען.

צום באַדױערן זענען פאַרלױרן געגאַנגען די ליסטעס, װאָס זענען
געװאָרן אױסגעשטעלט װעכנטלעך דורך די באַזע־קאָמיטעטן און צענ־
טראַליזירט אין פּאַריזער קאָמיטעט. אין די הונדערטער האָט מען געצײלט
די געשטיצטע פאַמיליעס. די נעץ פון די פאַרבינדונגען האָט זיך געצױגן,
װי טעלעפאָן־דראָטן אין אַ טעלעפאָנישער צענטראַלע, קאָמפּליצירט אָבער
װירקזאַם. װען, למשל, חבר ב. טשאַרני איז אַרעסטירט געװאָרן, האָבן די
סאָלידאַריטעט־קאָמיטעטן לױט דער רײ אים געטראָגן פּעקלעך שפּײַז אין
דער תפיסה אַרײַן. זײ האָבן אָפּגעהיטן די רײ רעגולער און געהאַלטן די
אױפגאַבע פאַר אַ פּאָליטישן אַקט.

פּונקט אַזױ פּלעגן דערגײן די רעפּעראַטן און די צײַטונגען, פון אױבן
אַראָפּ.

אַנהויב 1941 האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז אין אַ קאַפע אויף רי וויעי די טאַמפּל האָט אַ גרופּע יידן באַשלאָסן צו טראָגן עסן די אינטער־נירטע אין טורעל. איך בין געוואָרן דעלעגירט אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט די דאָזיקע ברייטהאַרציקע פאָלקס־מענטשן. אָנקומענדיק אין דער קאַפע אויפן ראָג רי די טרעזאָר און רי וויעי די טאַמפּל, איז מיר שווער געווען צו פאַרבינדן זיך מיט זיי, ווייל איך האָב נישט געקאָנט זאָגן, אַז איך קום אין נאָמען פון דער אונטערערדישער „סאָלידאַריטעט". איך האָב דאָ קיינעם נישט געקאָנט און קיינער האָט מיך נישט געקאָנט. אַדאַנק דעם ח' משה ראָזענצווייג, אַן אייזן־הענדלער פון 4־טן אַראָנדיסמאַן, האָב איך זיך ענדלעך באַקאָנט מיט זייער אַקטיוויטעט און מיט דעם אַקטיווסטן טוער אברהם קראָנענבערג, אַן אייזן־הענדלער פון מאָנטרוי.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עפּעס האָבן זיי געהערט וועגן אונדזער „סאָלידאַריטעט", נאָר מורא האָבנדיק פאַר די קאָמוניסטן, האָט זיך דאָ געשאַפן אַ „ווילדע" סאָלידאַריטעט.

די גרופּע איז באַשטאַנען פון יידן און נישט־יידן, וועלכע האָבן גע־האָט פאַרבינדונגען מיטן פראַנצויזישן רויטן קרייץ. אויסנוצנדיק אַ קאַר־טע, וואָס האָט געגעבן רעכט אַריינצוקומען אין לאַגער פון טורעל, האָבן זיי דאָרט אַריינגעפירט וועגעלעך מיט עסן צוויי מאָל אַ וואָך. אַזאַ איז גע־ווען די דערלויבעניש. זיי האָבן געטיילט שפּייז און ציגאַרעטן דירעקט די אינטערנירטע. דערביי האָט גענומען פונקציאָנירן אַ פּאָסט, אַהין און צוריק, צווישן די פאַמיליעס און די אינטערנירטע. די אויסגאַבן פון באַ־שפּייזונג זענען געדעקט געוואָרן דורך זאַמלונגען צווישן באַקאַנטע.

אונדזער „סאָלידאַריטעט" האָט נישט געהאַט קיין פּרעטענזיע צו לייזן פולשטענדיק די נויט צווישן דער יידישער מאַסע. דאָס איז נישט מעג־לעך געווען, ווען אפילו מיר וואָלטן געזאַמלט צען מאָל מער. מיר האָבן געטראָגן טרייסט, האָפענונג און מוט. מיר האָבן געהאַלטן הויך די פאָן פון יידישער און מענטשלעכער ווירדע און שטאָלץ. מיר האָבן גערופן צום קאַמף און געגרייט זיינע ווייטערדיקע עטאַפּן קעגנאיבער דער דעמאָראַ־ליזאַציע, וואָס דער אָקופּאַנט האָט אַריינגעבראַכט אין לעבן פון ישוב.

דערפאַר האָבן מיר באַגריסט די איניציאַטיוו, וואָס איז געבוירן גע־וואָרן ביי די דאָזיקע פאָלקס־מענטשן. מיר האָבן איינגעשטעלט אַ מער־ווייניק אָפיציעלן קאָנטאַקט. איך פלעג זיך טרעפן צוויי מאָל אַ וואָך מיט דעם איניציאַטאָר און האָב אָנגעבונדן שטופנווייז אַ רעגולערע באַציאונג מיטן לאַגער אין טורעל, ווו עס האָט זיך געפונען אונדזער חבר יידל קאָר־מאַן. ער, פון זיין זייט, האָט אָנגעקניפּט די ערשטע פעדים פון אַן אָרגאַ־ניזאַציע אין לאַגער גופא.

אין יענער צייט בין איך באַאויפטראַגט געוואָרן צו פאַרבינדן זיך מיטן חבר לירא (אַדוואָקאַט ראַלניקאַס), אַ באַקאַנטער טוער פון דער פאַר־מלחמהדיקער „קולטור־ליגע" — וועלכע איז געווען איינע פון די וויכ־טיקסטע און אַקטיווסטע פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס אין פּאַריז — און

מיט אים אַדורכשמועסן זיך וועגן אויפשטעלן ביי דער „סאָלידאַריטעט״ גרופעס פון יידישע אינטעלעקטועלע. גאָר אינקורצן האָט פונקציאָנירט אַן אָרגאַניזם פאַר אָנפירן מיט די גרופעס פון אינטעלעקטועלע, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די חברים וואָווע טשיזיק, אַ זשורנאַליסט, פאָליטישער עמיגראַנט פון פוילן, ד״ר יאָסעק בורשטין און ד״ר מישעל דיסקין, מעדיקער, די רעדאַקטאָרן פון דער „נייע פרעסע״: י. ספעראָ, מוניע נאַדלער און לילי בערגער, ווי אויך די מאָלערין חנה קאָוואַלסקי. איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרבינדלער צווישן דער אָנפירונג פון „סאָלידאַריטעט״ און דעם דאָזיקן אָרגאַניזם און כ׳האָב בייגעוווינט כמעט אַלע זיצונגען, וואָס זענען אין אָנהויב פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון טשיזיק אויף רי מאַנען, ביים גאָרטן ביטשאָמאָן. עס זענען דורך דעם דאָזיקן אָרגאַניזם באַדינט געוואָרן גרופעס יידישע מאָלער, שרייבער און דיכטער, ווי אויך יידישע דאָקטוירים.

די שרייבער און דיכטער, וועמענס צאָל עס איז געווען אַ גאַנץ היפשע, פלעגן זיך צונויפקומען זייער רעגולער. זיי פלעגן לייענען זייערע ווערק, דיסקוטירן איבער ליטעראַרישע און פאָליטישע פראָבלעמען און זיי האָבן געשאַפן אַ לעבעדיקע באַוועגונג אַרום זיך, כאָטש אין באַדינגונגען, וועלכע מען האָט נאָך דאַן געקאָנט באַצייכענען אַלס האַלב־אומלעגאַלע. עס האָבן אין די גרופעס אָנטיילגענומען די שרייבער און דיכטער אהרן בעקערמאַן, מ. דזשיאַלאָווסקי, דוד פליסקין, יאָסל צוקער, ש. צענדאָרף, כלאַוונע קאַגאַן, משה שולשטיין, יאַנקל שפאַן.

עס איז וויכטיק צו פרעציזירן אונדזער צוגאַנג צו דער פראַגע פון לעגאַליזם. אין מאַנאַט מערץ 1941 איז געקומען אין דער פאָלקס־קליניק די חברטע טאָפטשע, פאַראַנטוואָרטלעכע פון די לינקע פועלי ציון אין פאַריז, וועלכע איז אונדז גוט באַקאַנט געווען פון פאַר דער מלחמה. זי איז געקומען אָנפרעגן ביי אונדזער אומלעגאַלער אָנפירונג, וואָס זי טראַכט וועגן אויפהאַלטן די אינסטיטוציעס לעגאַל מיט אַ דערלויבעניש פון אָקופאַנט. ס׳האָט זיך, נעמלעך, געהאַנדלט אין די ערשטע פרווון פון אָבערשטורעמפירער דאַנעקער, דעם דייטשן אָפיציר, וואָס איז געווען באַשטימט צו פאַרנעמען זיך מיט יידישע ענינים, איינצופירן אַ יידישע צענטראַלע אינסטיטוציע. חברטע טאָפטשע איז געקומען פרעגן אונדזער מיינונג אין דער פראַגע, ווייל אין קאָאָרדיניר־קאָמיטעט, וואָס האָט עקזיסטירט אַרום דער דעלעגאַטור פון דער „פעדעראַציע״ אין פאַריז האָט זיך געשטעלט דאָס פראָבלעם פון כשרן די יידישע אינסטיטוציעס אין אַ צוזאַמענאַרבעט מיט דאַנעקער, וועלכער האָט פאַראָרדנט, אַז אַלע געזעלשאַפטן זאָלן זיך איבעררעגיסטרירן אין דער פרעפעקטור, אויב זיי ווילן בלייבן לעגאַל.

דער דאָזיקער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון דער „פעדעראַציע״, פון „בונד״, פון די לינקע פועלי ציון, פון דער אינסטיטוציע „קאָלאָני סקאָלער״ (פון רי אַמלאָ), פון „אָזע״, פון „אָרט״, פון דער קיך

פאַר אינטעלעקטועלע „דאָס יידישע ווינקל" (אויף רי רישע), פון דיס־
פאַנסער „טיאַמקין" (אויף רי ד׳אַנגולעם). אין ווינטער 1940 — 41 האָבן
מיר זיך געוואָנדן וועגן צוזאַמענאַרבעט מיטן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט און
וועגן אַריינגעמען אין אים די קיך פון רי סענטאָנזש, די פּאָלקס־קליניק
און דעם אַרבעטער־אָרדן. מיר האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון
קאָאָרדיניר־קאָמיטעט אויף דער דעמאָלטיקער געמיינזאַמקייט פון גורל.
אין דעם טאָג, ווען די דייטשע שטיוול האָבן גענומען זעצן אויפן פּאַריזער
ברוק, האָט זיך פאַרענדיקט דאָס טרויעריקע בילד פון פרייד, וואָס האָט
אַרומגעכאַפּט דעם „פּאַריזער היינט", די בונדישע „די שטימע", ווען אונ־
דזער „נייע פּרעסע", אונדזערע אָרגאַניזאַציעס זענען פאַרבאָטן געוואָרן
און די טוער באַדראָט מיט טויט דורכן דעקרעט פון סאָציאַליסטישן מי־
ניסטער סעראָל.

דעם טאָג, ווען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געוואָרן אומלעגאַל, האָט
זיך אויך געעפנט די עפּאָכע פון אומלעגאַליטעט פאַר די יידישע מאַסן.
די דאָזיקע טרויעריקע עפּאָכע האָט זיך געשלאָסן, ווען די פראַנצויזישע
קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז ווידער געוואָרן לעגאַל.

נאָר אונדזער פאָרשלאָג איז דורך דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט אָפּגע־
וואָרפן געוואָרן מיטן תירוץ, אַז מיר וועלן אים קאָמפּראָמיטירן מיט אונ־
דזער פּאָליטישער טעטיקייט.

ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך... אויך ביי די יידישע כלל־טוער
זענען מיר געוואָרן טריף... מיר זענען געווען פאַר זיי „געפערלעך".

ווען דער אָבערשטורעמפירער דאַנעקער האָט אָבער פאָרגעשלאָגן
צו קאָנטראָלירן דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט און שטעלן אונטערן שוץ פון
האַקנקרייץ אַלע זיינע מיטגלידער, איז זיין פאָרשלאָג גענומען געוואָרן
אין באַטראַכט און איז נישט גלייך אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דאַנעקער איז
געווען ווייניקער געפערלעך, ווייזט אויס, ווי מיר.

נאָר די לינקע פּועלי ציון האָבן געפילט, אַז עס עפנט זיך פאַר זיי אַ
תהום און זיי האָבן, ווי געזאָגט, דעלעגירט די חברטע טאָפּטשע צו אונדז.
אַ טאָג שפּעטער איז אויך געקומען אין דער פּאָלקס־קליניק נאַטאַן,
דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער בונדישער קיך ביים אַרבעטער־רינג, וועל־
כע איז געווען טעטיק אויף 110, רי וויעי די טאָמפּל.

די צוויי אָרגאַניזאַציעס זענען נישט געווען דעצידירט וועלכן וועג
אויסצוקלייבן: קעמפן צוזאַמען מיט דער מאַסע, אָדער צופּאַסן זיך צו די
געשאַפענע באַדינגונגען. זייערע לאַנגיאָריקע טראַדיציעס פון צוזאַמענ־
אַרבעטן מיט די בירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס, מיט דער ציוניסטישער
„פעדעראַציע", האָבן אָפּגעטעמפּט זייער אַמאָליקע קעמפערישע וואַכזאַמ־
קייט. דער קאַמפס־גייסט איז פאַרטראָטן געוואָרן דורכן פּאַראַליזירנדיקן
לעגאַליזם.

ווען איך האָב אַ פּאָר טעג שפּעטער ביידע חברים געמאָלדן וועגן אונ־
דזער מיינונג, האָבן זיי לאַנג דיסקוטירט מיט מיר איבער די סיבות פון

אונדזער קאַטעגאָרישן אָפּזאָג. אונדזער ענטפער איז געווען קלאָר און אומצווייידייטיק: קיין שום אינסטיטוציע אונדזערע וועט נישט צוזאַמענאַרבעטן מיטן שונא, פאַר קיין שום פּרייז. אויב מ'וועט דאַרפן זיי שליסן, וועט מען זיי שליסן און איבערגיין אין פולשטענדיקער אומלעגאַליטעט. מיר זענען צו דעם שוין צוגעוווינט, אין אַ געוויסער מאָס, זינט דעם אויסברוך פון קריג. אונדזער צייטונג דערשיינט אונטערערדיש שוין באַלד אַנדערטהאַלבן יאָר.

אין קיין פאַל האָבן מיר נישט געוואָלט העלפן דעם אָקופּאַנט אַדורכצופירן זיינע פּלענער: פאַר דער פאַרגעשלאָגענער לעגאַליטעט וועט ער ביסלעכווייז פאָדערן אַן אַלץ טייערערן פּרייז. אונדזער ציל איז נישט געווען צוזאַמענצואַרבעטן מיט אים, נאָר אים צו באַקעמפן און באַזיגן. די לעגאַליטעט וואָלט געשאַפן אילוזיעס, אַז מען קאָן מיט אים זיך פאַרשטענדיקן.

סיי חברטע טאָפּטשע, סיי חבר נאַטאַן זענען אַוועק נישט איבערצייגט פון אונדזער ענטפער. אגב, האָבן זיי נישט באַדאַרפט אָננעמען קיין באַלדיקע באַשלוסן. דערווייל האָט דאַנעקער נישט געשטעלט די פראַגע אויפן שפּיץ מעסער. ער האָט נאָר געטאַפּט דעם דופק. ער האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו זיין געדולדיק און מאַכן דעם איינדרוק, אַז דער גאַנצער ענין איז צום גונסטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דער זעלבער צייט האָט די „סאָלידאַריטעט" באַקומען אַ רוף נאָך הילף פון אַ לאַגער אין דער געגנט פון טור, וואָס מען האָט גערופן „לאַלאַנד". דאָרט האָבן זיך געפונען אַ פּאָר הונדערט יידישע פאַמיליעס, וועלכע זענען געוואָרן עוואַקואירט אַנהויב פון קריג פון די מזרח־געגנטן, פון עלזאַס און לאָטרינגען. זיי האָבן טאַקע געוווינט אין די געגנטן פון פּאָטיע ביז צו דער דייטשער אָקופּאַציע. ווען די ווערמאַכט איז אָנגעקומען אין לאָטרינגען, האָט זי געגעבן אַ באַפעל די איבערגעבליבענע יידן צו פאַרלאָזן די געביטן אין פאַרלויף פון 2 שעה מיט בלויז 20 קילאָ באַגאַזש פאַר אַ פּערזאָן.

די געגנטן זענען נישט געוואָרן בלויז אָקופּירט, נאָר אַנעקסירט, איינגעשלאָסן אין דייטשן רייך, אַזוי ווי פאַר 1914.

די אַרויסגעטריבענע יידן זענען אַוועק, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך באַזעצט דאָרטן, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען די פריער־עוואַקואירטע.

זיי אַלע זענען איצט געוואָרן קאָנצענטרירט מיט זייערע פאַמיליעס אין די באַראַקן פון לאַגער „לאַלאַנד", וואָס האָט פריער געדינט אַלס אַוויאַציע־צענטער פון דער פראַנצויזישער אַרמיי. דער לאַגער איז נישט געווען אַרומגעצוימט. מען האָט געקאָנט פריי אַריין און אַרויסגיין. די יידן האָבן דאָס אָפּגעשאַצט, ווי אַ מין „רעזידאַנס פאָרסע" (אַן אויפגעצוווּנגענער וווינאָרט), אָן ווייטערדיקע קאָנסעקווענצן.

קיין פרנסה האָבן זיי נישט געהאַט און געמוזט לעבן פון דעם מיט־געבראַכטן אָדער פון שטיצע. טייל האָבן גענומען האַנדלען מיט דער אַרו־מיקער באַפעלקערונג. די מאַכט האָט דאָס טאָלערירט.

פאַר פסח 1941 איז קיין פּאַריז געקומען אַ דעלעגאַציע פון דעם לאַ־גער און זיך געוואָנדן צום „קאָאָרדינירקאָמיטעט" נאָך געלט־שטיצע און נאָך מצות אויף יום־טוב. די דאָזיקע דעלעגאַציע, אָנגעפירט פונעם רב פון מעץ, קאַומבערג, וואָס איז אויך געווען אינטערנירט, איז באַשטאַנען פון זשאַק יודקעוויטש (פון מעץ) און פון ד"ר פונדיק.

יודקעוויטש איז אונדז געקומען דערציילן, וואָס פאַר אַן אויפנאַמע זיי האָבן באַקומען אין דער „פעדעראַציע". מען האָט זיי באַהאַנדלט ווי שנאָרער. מען האָט זיי דערקלערט, אַז פּאַקטיש קאָן זיך פּאַריז מיט זיי נישט פאַרנעמען, ווייל זיי זענען אין דער פּראָווינץ. די שטאָט פּואַטיע דאַרף פאַר זיי זאָרגן.

דערביי האָט מען זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פּאַקטיש האָבן זיי גע־נוג פרייהייט צו באַוועגן זיך און צו מאַכן אַ לעבן. אַזוי אַרום האָט מען פראָסט פּשוט לעגאַליזירט דעם שוואַרצן מאַרק און די זייטיקע פּרנסות.

נאָכדעם ווי די דעלעגאַציע האָט גענומען קלאַפּן אין טיש און אפילו דער רב האָט אויסגעדריקט זיין צאָרן לגבי דער דאָזיקער אוממענטשלע־כער באַציאונג צו די אינטערנירטע, האָט די „פעדעראַציע" באַשלאָסן אויסצוצאָלן אַן איינמאָליקע סומע פון 8 טויזנט פראַנק און צוצושיקן צו איין קילאָ מצות פאַר אַ פאַמיליע.

אויף דער ווענדונג פון זשאַק יודקעוויטש האָט די אָנפירונג פון „סאָלידאַריטעט" אויפגענומען די דעלעגאַציע. דאָס איז פאָרגעקומען אויף 10, רי מאַראַן, אין דער וווינונג פון משה בורשטין, אַדמיניסטראַטאָר פון דער פאַרמלהמהדיקער לעגאַלער „נייע פרעסע" און באַקאַנטער טוער ביי די יידישע קליינהענדלער. דער פּאַריזער קאָמיטעט האָט נאָכן אונטער־האַלטן זיך מיט דער דעלעגאַציע וועגן די בעסטע מעגלעכקייטן זיי צו העלפן באַשלאָסן אויפן אָרט אַ סובסידיע פון 15 טויזנט פראַנק און צו באַ־זאָרגן דעם לאַגער מיט אַ קוואַנטום מצות, וואָס איז נישט פּרעציזירט גע־וואָרן, ווייל אין קעגנזאַץ צו דער „פעדעראַציע", האָט די „סאָלידאַריטעט" נישט באַקומען קיין מצות פון „דזשאָינט" און באַדאַרפט זיי פריער צו־נויפזאַמלען.

מיר האָבן באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו די מצות־פאַבריקאַנטן און צו די שפייז־געשעפטן און צו שאַפן די נויטיקע פּראָדוקטן פאַרן לאַגער. אָבער מיר האָבן אויך באַשלאָסן אַראָפּצושיקן אַ דעלעגאַציע קיין „לאַ־לאַנד" און דאָרט זען, מיט וואָס מען קאָן קומען צוהילף די אינטערנירטע.

אַ פאָר טעג שפּעטער בין איך אין שליחות פון דער „סאָלידאַריטעט" אָפּגעפאָרן אין לאַגער פון „לאַלאַנד". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז טייל אינטערנירטע וווינען גאָר אין דערבייאיקן שטעטל. זיי דאַרפן זיך נאָר

מעלדן יעדן טאָג אין דער קאַנצעלאַריע פון לאַגער. דאָס האָט באַשטעטיקט די אָפיציעלע טעזע פון „רעזידאַנס פאָרסע״. קיינער האָט דאָרט די סיטו־אַציע נישט באַטראַכט אַלס ערנסטע.

איך בין אַריינגעקומען אין לאַגער דורך דער זייט פון פעלד, נישט אַדורכגייענדיק די ביוראָ. אַריינגעפירט האָט מיך דער חבר ציגלער פון באַנסי, וואָס האָט אויך געוווינט אויסערן לאַגער. אין איינעם פון די באַ־ראַקן איז פאָרגעקומען אַ געהיימע באַראַטונג מיט אַ גרופּע פון אונדזערע חברים. מיר האָבן געמוזט רעדן זייער שטיל, ווייל די ווענטלעך זענען באַשטאַנען פון דינע שיכטן גיפּס. מען האָט אויך געמוזט אַוועקשטעלן אַ וואַך אין קאָרידאָר, וואָס זאָל אונדז וואָרענען ווען עווענטועלן אָנקום פון אַן אומגעבעטענעם גאַסט. די פראַנצויזישע אַדמיניסטראַציע פון אָפענעם לאַגער האָט געהאַט אַ געוווינהייט אַ פּאָר מאָל אין טאָג צו באַזוכן די באַראַקן, סתם אַזוי זיך. זאָלן די אינטערנירטע פילן די האַנט פון דער מאַכט.

די באַראַטונג האָט באַהאַנדלט די לאַגע פון די אינטערנירטע, וואָס האָבן נישט קיין לעבנס־מיטלען. איינצלנע אינטערנירטע „טויגן״ זיך אויס. דערביי ברענגען די לעצטע אַריין אין לאַגער אַ דעמאָראַליזאַציע. זיי שפּאָטן אָפּ פון די אַנדערע „שלימזלען״, „שלימילס״, ווי מען זאָגט אין עלזאַס.

אונדזערע חברים באַמיען זיך צו הויבן דעם מוט. זיי האָבן געגריג־דעט אַ קולטור־קרייז, וואָס אָרדנט איין רעפעראַטן, אָוונטן פון רעציטאַ־ציעס, געזאַנג און אפילו טעאַטער־פאָרשטעלונגען. עס איז טאַקע געווען צוגעגרייט אויפן זעלבן טאָג אַ פסח־יום־טוב און זיי האָבן מיך איינגע־לאַדן צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער דעם עולם.

די חברים האָבן געהאַלטן, אַז דער איינציקער אויסוועג פון דער לאַגע איז צוריקצושיקן זיי אין די שטעט, וווהין מען האָט זיי עוואַקואירט, אין פּואַטיע אָדער אומגעגנט, ווו זיי האָבן זיך געשאַפן באַקאַנטשאַפטן און וועלן קאָנען פאָרזעצן זייערע פריערדיקע פּראָפעסיעס. אַזוי ווי עס עק־זיסטירט אַ רעפרעזענטאַטיווער לאַגער־קאָמיטעט, וועט מען דאָרט אַוועק־שטעלן די פראַגע פון שיקן אַ דעלעגאַציע צו דער פּרעפעקטור פון טור און איר פאָרשטעלן די פאָדערונגען פון לאַגער. עס איז קלאָר, אַז אַליין וועט דער קאָמיטעט גאָרנישט אויפטון, מיר דאַרפן אים צוהעלפן פון פאַ־ריז.

אויף דער זיצונג פון אַלגעמיינעם קאָמיטעט, וואָס איז טאַקע באַלד צושטאַנדגעקומען, האָב איך נישט געטאָרט ביייווינען, אפילו זיך נישט ווייזן אין לאַגער ביז דער פאָרשטעלונג. אַ פּאָר מינוט פאַר דער פאָרשטע־לונג האָט מען מיך אַרויסגעפירט פון באַראַק און אַריינגעפירט צום רב, מיט וועלכן איך האָב זיך געהאַט באַקאַנט אין פּאַריז בעת דעם באַזוך פון דער דעלעגאַציע. דער רב איז מסכים געווען, אַז איך זאָל אַרויסטרעטן פאַרן

עולם און ברענגען אים אַביסל פרישע נייעס פון דער אויסערלעכער וועלט, פון וועלכער די אינטערנירטע זענען געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן.

דאָ בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דער קאָמיטעט פון לאַגער האָט אָנ־גענומען דעם פאָרשלאָג פון אונדזערע חברים מיטן תנאי, אַז די דעלעגאַ־ציע זאָל אָנגעפירט ווערן דורך פּאַריז. דער לאַגער־קאָמיטעט האָט אויך געפאָדערט רעגולערע שטיצע און איז גרייט געווען צוצושטעלן קיין פּאַריז אַ ליסטע פון נויטבאַדערפטיקע. ער האָט אויך פאַרלאַנגט מעדיקאַמענטן און היגיענע־אַרטיקלען פאַר פרויען, קראַנקע און קינדער.

אין „טעאַטער־באַראַק" האָב איך געפונען אַ גרויסן עולם. דער געפיל־דער איז געווען אויסערגעוויינלעך.

מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. עס האָט מיך אפילו געוווּנדערט, וואָס עס איז אַזוי שנעל שטיל געוואָרן אין אַ יידישן „טעאַטער" פאַרן אויפ־הויבן זיך פון פאָרהאַנג. אָבער מיין פאַרוווּנדערונג איז געווען אומזיסט. די שטילקייט האָט אַרויסגערופן דער קאָמענדאַנט פון לאַגער, באַגלייט דורך אייניקע וועכטער, וואָס זענען פלוצלונג געקומען זיך צוהערן צו דער „פאָרשטעלונג". דער קאָמענדאַנט האָט זיך מן הסתם גענודיעט אַביסל אין זיין ביורא, האָט ער געוואָלט זיך אַביסל פאַרווייַלן. אַי, ער קאָן נישט קיין יידיש, אָבער לאַכן קאָן ער. ווען אַלע וועלן לאַכן, וועט ער מיטלאַכן. אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט.

איך האָב געמוזט „אַראָפּשלינגען" מיין רעדע און זיך אָפּטראָגן פון „טעאַטער" גאָר שנעל און אויך פון לאַגער.

די פראַגע פון אַ דעלעגאַציע אין דער פּרעפעקטור איז געשטעלט גע־וואָרן פאַר דער ביוראָ פון „סאָלידאַריטעט", כאָטש די אָפיציעלע ווענדונג פון לאַגער־קאָמיטעט איז אָנגעקומען אין דער „פעדעראַציע". דער לאַגער־קאָמיטעט האָט מורא געהאַט, אַז מיר זאָלן אים נישט קאָמפּראָמיטירן. די „פעדעראַציע" איז ביי אים געווען די לעגאַלע אָרגאַניזאַציע, מיט אַן איינ־גאַנג צו „מלכות".

מיר האָבן באַשלאָסן צוצוהיטן, אַז די „פעדעראַציע" זאָל די זאַך נישט אָפּוואַרפן. די פאָלקס־קליניק האָט צוגעגרייט אַ קאַסטן מיט מעדיקאַמענטן, נאָך וועלכן זשאַק יודקעוויטש, פאָרזיצער פון לאַגער־קאָמיטעט, איז געקו־מען ספּעציעל פון „לאַלאַנד".

עס האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן, אַז די „פעדעראַציע" האָט, וועלנדיק ווייזן, דאָס זי טוט עפּעס, אָוועקגעשיקט... אַ סאָציאַלע אַסיסטענטין קיין „לאַלאַנד". די דאָזיקע פרוי, וואַלענסי איז געווען איר נאָמען, איז צוריק־געקומען און האָט געבראַכט אַן אָפּטימיסטישן ראַפּאָרט וועגן דער סיטו־אַציע אין לאַגער. זי האָט דאָרטן טאַקע באַקומען די ליסטע פון נויטבאַ־דערפטיקע, וועגן וועלכע מען האָט מיט מיר גערעדט, נאָר זי האָט אויס־געפאָרשט אייניקע פון זיי און האָט פעסטגעשטעלט, אַז זיי שטאַרבן נישט פון הונגער. אמת, די סאַניטאַרע לאַגע איז נישט פויגלדיק, זיי נויטיקן זיך טאַקע אין מעדיקאַמענטן. אָבער קיין דעלעגאַציעס קיין טור דאַרף מען

נישט, פאַרקערט, זי האַלט, אַז מיין אַנוועזנהייט אין לאַגער — וועגן וואָס זי האָט זיך דאָרט דערוווסט — האָט געבראַכט גאָר שאָדן די אינטערנירטע, ווייל זיי האָבן זיך געגרייט אונטערצושטיצן מיט אַן אַקציע זייער פאָדערונג פון באַפרייען זיי, און דאָס האָט געקאָנט גאָר אַרויסרופן רעפּרעסיעס.

קיין דעלעגאַציע האָט מען נישט געשיקט. קיין שטיצע האָט די „פעדעראַציע״ נישט באַשטימט. פון אַ קאָרעספּאָנדענץ פון חבר בובי, אַ דאָקטאָר פון שטראַסבורג, וואָס איז געווען עוואַקואירט אין באָרדאָ און פלעגט רעגולער קומען קיין „לאַלאַנד״ זיך צו זען מיט זיינע באַקאַנטע פון שטראַסבורג, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די אַרומיקע באַפעלקערונג ווערט געהעצט קעגן די יידן פון „לאַלאַנד״ צוליב דעם, וואָס זיי „פאַרפלייצן״ די געגנט מיט שוואַרצן האַנדל. מען האָט אפילו איינעם אַרעסטירט, כאָטש באַלד אַרויסגעלאָזן אויף דער פריי. אָבער דאָס איז געווען געענוג, כדי פאַרצושטעלן דעם לאַגער ווי אַ נעסט פון שוואַרצן מאַרק. אַזוי אַרום האָט מען די אינטערנירטע איזאָלירט פון דער אויסערלעכער וועלט, אַריינגעוואָרפן אין אַ געטאָ.

מיר האָבן מערערע מאָל געשיקט שטיצע קיין „לאַלאַנד״. אויך חבר משה בורשטין איז דאָרטן אַהינגעפאָרן, בעת ער איז געשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער נעבן פּואַטיע, אַ צווייטן לאַגער פון יידן פון עלזאַס־לאָטרינגען. נאָך דעם בעסטן קאָנטאַקט האָבן מיר אָנגעהאַלטן דורך די חברים בובי און ציגלער.

קאַפּיטל פינף:

# די באַפרייאונג פון ב. טשאַרני

דערווייל איז אונטערגעקומען אַן ענין, וואָס האָט זיך טיף איינגע־וואָרצלט אין מיין זכרון, אַלס סימבאָל פאַר דער אַקטיוויטעט פון דער „סאָלידאַריטעט״, אַלס אָנהויב פון אַ נייעם עטאַפּ אין אונדזער אונטער־ערדישער אַרבעט.

אָנהויב אַפּריל איז געקומען אין פּאַלקס־קליניק דער ח׳ אַלבערט יור־דין און געמאַכט מיט מיר אַ ראַנדעווו דעם זעלבן אָוונט נאָך דער אַרבעט. מיר האָבן זיך געטראָפן אויפן בולוואַר רישאַר לענואַר און ער האָט מיר אויפגעקלערט דעם ציל פון זיין וויזיט.

עס איז געוואָרן 9 חדשים, ווי ב. טשאַרני איז געזעסן אין תפיסה, אין דער „סאַנטע״. אין לויף פון דער צייט איז ער אָפּגעקומען זיין אורטייל פון אַ יאָר תפיסה, וואָס רעכנט זיך 9 חדשים לויטן פּראַנצויזישן געזעץ. ער האָט געדאַרפט אין די נאָענטסטע טעג באַפרייט ווערן, נאָר אַלס אויס־לענדישער ייד מיט אַן אויסווייז, דראָט אים אינטערנירט צו ווערן. מען האָט געדאַרפט צו דעם נישט דערלאָזן. ב. טשאַרני האָט געמוזט באַפרייט ווערן און זיך ווידער שטעלן צו דער אַרבעט.

— פאַרשטייסט? — האָט פאַרענדיקט א. יודין — טשאַרני אין זייערע הענט איז אין אַ גרויסער געפאַר.

פאַרשטאַנען האָב איך די נויטווענדיקייט פון באַפרייען דעם חבר ב. טשאַרני, נאָר כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי דאָס אַדורכצופירן. אַזעל־כע אַקטן האָב איך נאָך אין דער „סאָלידאַריטעט״ נישט אויסגעפירט.

מיין אויפגאַבע איז געווען זיך צו פאַרשטענדיקן מיטן אַדוואָקאַט פון ב. טשאַרני און געפינען דערגייין, ווען און ווי אַזוי ער וועט באַפרייט ווערן. דאָס וויכטיקסטע איז געווען נישט צו לאָזן זיך אָפּנאַרן פונעם אַדוואָקאַט

בערטאַן, אַ געוועזענער קאָמוניסטישער דעפּוטאַט, וואָס האָט „איבערגע־דרייט דעם פּעלץ״.

איך בין אַוועק אין קאַבינעט פון בערטאַן, אויף בולוואַר סען־זשער־מען, מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש. פון מיינע אינפאָרמאַציעס איז געווען אָפּהענגיק אין אַ געוויסער מאָס די באַפרייאונג פון ב. טשאַרני, דעם באַ־גאַבטן אַנפירנדיקן טוער פון אונדזער באַוועגונג. קיין דערפאַרונג פון אַן אויספאָרשער האָב איך נישט געהאַט און אַנטקעגנאיבער האָט זיך גע־פונען אַ דערפאַרענער און פּיפיקער אַדוואָקאַט. עס האָבן אין דעם מאָ־מענט אויפגעטויכט אין מיין זכרון פראַגמענטן פון רעוואָלוציאָנערער מע־מואַרן־ליטעראַטור, וואָס איך האָב אַזוי אייפעריק געשלונגען אין די נעכט פון מיינע יוגנט־יאָרן. ווי אַן אונטערערדישער טייך זענען אַנגעפלאָסן אין מיין זכרון די געשיכטע פון די דעקאַבריסטן, פון ווערא זאַסוליטש, פון קרופּסקאַיאַ און אַנדערע רעוואָלוציאָנערן. עס האָט זיך מיר נישט גע־חלומט דאַן, ביי מיינע 15 ־ 16 יאָר, אַז איך, דער זון פון אַ שוחט, אַ גימ־נאַזיסט, וועל ווען עס איז האָבן צו טון מיט אונטערערדישער רעוואָלו־ציאָנערער טעטיקייט.

אַן אַמביציע איז ביי מיר געבוירן געוואָרן: אַדורכצופירן מיט דער־פּאָלג די מיסיע.

צום גליק האָט מיך אויפגענומען דער געהילף פון אַדוואָקאַט בערטאַן, טואַטי.

איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין געקומען זיך נאָכפרעגן וועגן דער געזעצגעבונג בנוגע פאַרמשפּטע אויסלענדער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נאָענטסטער באַפרייאונג פון זייער קליענט.

ער האָט אַרויסגענומען דעם דאָסיע און באַמערקט:

— ריכטיק, ער דאַרף באַפרייט ווערן אין 5 טעג אַרום. געגוי 9 אינ־דערפרי וועט ער אָנקומען אין דעפּאָ און נאָכדעם וועט ער גיין אין דער פּרעפעקטור, ווו מען וועט אים דאַרפן צוריקגעבן זיינע פּאַפּירן. נאָר, וואַרט צו, אָט איז אַדוואָקאַט בערטאַן אָנגעקומען, וועט ער אייך אויפנע־מען.

באַקומענדיק אַזאַ וויכטיקע ידיעה אומדערוואַרטערהייט, בין איך שוין אַוועק מיט דער זיכערקייט צום „מעטר״ אַליין.

ער האָט מיך אויפגענומען מיט דער איבערגעטריבענער העפלעכקייט פון אַן אומאויפריכטיקן מענטשן.

— אָ, וועגן אייער ענין זענט איר געקומען? איר זענט פון זיין משפחה? אָ, עס איז גאָרנישט, זייט רואיק. ער וועט נישט באַקומען קיין גרויסע שטראָף.

— מעטר, אַנטשולדיקט, ער איז שוין פאַרמשפּט...

— אַנטשולדיקט מיר, כ׳האָב אַזויפיל ענינים, אַז כ׳האָב אים פאַר־טוישט... אָ, יאָ — האָט ער געזוכט צו געווינען צייט, לייענענדיק דעם דאָסיע, וואָס טואַטי האָט אים אונטערגערוקט — נו, יאָ, עס איז אַ באַנאַלע זאַך, ער וועט באַפרייט ווערן אין 5 טעג אַרום. וואָס איז אייער ווונטש?

דאָ בין איך געבליבן געפּלעפּט. וואָס זאָגט מען אים? אַן ענטפער מוז מען אים געבן גלייך.

— כ׳וואָלט געוואָלט וויסן, אויב דער פאַקט אַז ער איז אָפּגעקומען די שטראָף באַדייט טאַקע, אַז ער וועט אַרויסגיין אויף דער פריי?

צו מיין גרויסער דערשטוינונג האָט בערטאַן, אַנשטאָט אַן ענטפער, גלייך גענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און אָנגעקלונגען.

— האַלאָ, די פּרעפעקטור? באַנזשור, מיין טייערער, וואָס מאַכסטו? סאַ־וואַ... זאָג מיר נאָר, זיי אַזוי גוט, כ׳האָב דאָ אַן ענין פון אַן אויסלענדער, וואָס דאַרף באַפרייט ווערן פון „סאַנטע״ אין 5 טעג אַרום. ווי געשעט עס? ער איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ יאָר תּפיסה און ענדיקט זיין שטראָף.

באַקומענדיק דעם ענטפער, גיט ער אַ מאַך צו מיר מיט דער האַנט:

— אַ באַגאַטעליע, מיין ליבער הער, איר ווילט מ׳זאָל אים נישט פירן אין פּרעפעקטור? דאָס קאָן מען מאַכן. אויב ער גייט אין פּרעפעקטור, באַקומט ער אַן אויסווייז און ווערט אינטערנירט. נאָר איך וועל עס דערלייריקן, מ׳וועט אים ברענגען 9 פרי אין דעפּאָ אין פּאָליציי־קעטשל. פון דאָרטן וועט ער באַפרייט ווערן. 10 פרי וועט איר אים האָבן מיט זיך. איר מעגט צוגרייטן אַ גלעזל — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ געלעכטער און זיך אויפגעשטעלט.

ווען כ׳האָב צומאָרגנס איבערגעגעבן דעם פאַרלויף פון מיין געשפּרעך מיטן אַדוואָקאַט דעם חבר א. יודין, זענען מיר געווען איבערצייגט, אַז בערטאַן פירט אונדז אין באָד אַריין.

א. יודין האָט מיך אָבער באַרואיקט און מיר איבערגעגעבן, אַז מיר וועלן זיך דאָך נישט פאַרלאָזן אויף קיין נסים.

און ער האָט פאַר מיר אַנטוויקלט אַ פּלאַן, וואָס האָט מיר אויסגעזען ווי אַן אַוואַנטורע; נישט מער און נישט ווייניקער: די אָנפירונג האָט באַשלאָסן צו זיין גרייט אָפּצושלאָגן ב. טשאַרני פון דער פּאָליציי, אויב דאָס וועט זיין נויטווענדיק, אין אָקופּירטן פּאַריז אין אַזאַ באַוועגלעכן אָרט ווי ביי דער פּרעפעקטור, ווו עס שוויבלט און גריבלט מיט פּאָליציי־לייט און יעקעס.

וואָס הייסט, אויב עס וועט זיין נויטווענדיק? ווי אַזוי אים אָפּצושלאָגן? דאָס האָב איך נאָך נישט געוווּסט. אַ. יודין האָט מיר נאָר געבעטן צוגרייטן אַ ראַנדעוווּ מיט אַ גרופּע חברטעס, זיכערע, מוטיקע און פלינקע.

אויפן אָרט האָב איך פאַרגעשלאָגן די חברטע כאַנטשע פּערעלמאַן פון 13־טן, מיין שוועגערין סאַראַ וואָראַנסקי, איר שוועסטער ראַשעל, אסתר פאָגעל און די „שוואַרצע פּאָלע״ (דזשערזשגאַווסקי).

איך האָב זיי דעם זעלבן טאָג אַרויסגערופן און באַשטעלט מיט זיי זיך צו טרעפן צומאָרגנס פאַרנאַכט, אַ טאָג, הייסט עס, פאַר דער „אָפּעראַציע״.

קומענדיק צום ראַנדעוווּ, האָב איך זיך געהאַט שוין געזען מיט א. יודין, וועלכער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ב. טשאַרני האָט אַרויסגעשיקט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט געבעטן זיך נישט פאַרלאָזן אויף בערטאַן. פאַר

אונדז האָט עס געהייסן, אַז מיר וועלן דאַרפן זיין גרייט צו מעשים, אויב ער וועט נישט אַרויסגיין פון דעפאָ גלייך אויף דער פריי און מ׳וועט אים אַוועקפירן אין דער פּרעפעקטור.

מיר האָבן אויסגעאַרבעט פאָלגנדיקן פּלאַן: נישט קאָנענדיק דעם מאַרשרוט פון פּאָליציי־קעטשל, וועלן צוויי חברטעס זיך געפינען אַכט אינדערפרי און נישט 9, ווי בערטאַן האָט אָנגעוויזן, אויף דער בריק פון דער סען, פון דער זייט פון פּלאַץ שאַטלע. צוויי אַנדערע חברטעס וועלן זיך געפינען אויף דער בריק פון דער זייט פון סען־מישעל. די פינפטע חברטע וועט שפּאַצירן לענגאויס דעם יוסטיץ־פּאַלאַץ. איך וועל זיך געפינען אין קאַפע נעבן טעאַטער „סאַראַ בערנאַר״, אויפן פּלאַץ שאַטלע.

אין מאָמענט, ווען עס וועט אָנקומען דאָס פּאָליציי־קעטשל, וועלן די צוויי חברטעס נאָכגיין דעם וואָגן ביז צום דעפּאָ און אויפן וועג איבער־געבן די ידיעה דער פינפטער חברטע, וועלכע וועט עס גלייך מיר קומען מעלדן. אַלע פינף חברטעס וועלן דאַן אויסגעשטעלט ווערן אויפן וועג פון דעפּאָ צו דער פּרעפעקטור; צוויי ביים טויער פון יוסטיץ־פּאַלאַץ, וואָס געפינט זיך גענוי אַנטקעגנאיבער דעם הויז פון דער פּרעפעקטור און די אַנדערע צוויי ביים אַרויסגאַנג פון דעפּאָ אויף קעי דע ל׳האָרלאָזש, לענג־אויס דער סען.

זייער אויפגאַבע וועט זיין צו שאַפן אַ דיווערסיע, ווען מ׳וועט אַרויס־פירן ב. טשאַרני. צום בעסטן וועט זיין צו פאַרשטעלן אים דעם וועג און צעשיידן אים פון באַגלייטנדיקן פּאָליציאַנט. די אָנפירונג האָט פון איר זייט צוגעגרייט אַ פּאָר חברים, כדי צו שאַפן אַ דיווערסיע ביי די בריקן, אויב עס וועט זיין נויטיק. מיט דעם האָט זיך פאַרנומען א. יודין.

די קלענסטע פּרטים פון דאָזיקן געוואָגטן פּלאַן זענען אַרומגערעדט געוואָרן אויף דער באַראַטונג מיט די חברטעס. זיי האָבן באַלד אויף דער זיצונג גענומען שפּילן זייערע ראָלן, ווי דאָס וואָלט געווען זייער געוווינ־הייט. ווען איך האָב זיי פאָרגעשלאָגן צו גיין אויפן אָרט באַקוקן גענוי די געגנט, האָבן זיי זיך צעלאַכט.

— ווייניק זענען מיר געגאַנגען אין יענער געגנט? מיר קאָנען די פּרעפעקטור בעסער ווי דער פּרעפעקט אַליין. ער איז זיכער נאָך נישט גע־ווען אויפן „5־טן שטאָק״ (דאָס באַרימטע „טרערן־אינזל״ פאַר אימיגרירטע מיט אויסווייזן).

צוקוקנדיק זיך צום ענטוזיאַזם פון די דאָזיקע חברטעס, האָב איך געטראַכט וועגן אוצר פון איבערגעגעבנקייט, וואָס מיר פאַרמאָגן. ווען דאָס געשעעט מיט אַ פירער פון דער „פעדעראַציע״, וואָלטן אויך זיך גע־פונען מיטגלידער, גרייט צו שלאָגן זיך פאַר אים? וואָלט וועր ענטוזיאַס־טיש אויפגענומען דעם געדאַנק פון ברענגען אַ קרבן פאַר אים? דאַרטן וואָלט מען זיך אין בעסטן פאַל באַגנוגנט מיט שתדלנות.

ביי אונדז זענען אַלע גרייט געווען צום קאַמף, ווויסנדיק, אַז עס קאָ־נען פאַלן קרבנות.

ווען מיר האָבן זיך צומאָרגנס אינדערפרי געטראָפן ביים האָטעל דע וויל, זענען די חברטעס גלייך אַוועק לויטן פּלאַן אויף די אָנגעגעבענע ערטער. איך האָב זיך באַזעצט מיט אַ צייטונג אין האַנט, אין דער קאַפע, ביי אַ טישל נעבן שויפענצטער, מאַכנדיק אַ מינע, ווי כ'וואָלט געוואַרט אויף אַ ראַנדעוווּ.

עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מיין „גענעראַל־שטאַב" געפינט זיך אין אַ געפערלעך אָרט. עס האָבן געזומען קומען אין דער קאַפע פאַר־שידענע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען. געוויסע פּאָליציי־אינספּעקטאָרן פלעגן זיך דאָ טרעפן פאַרן גיין אין דער פּרעפעקטור צו דער אַרבעט מיט די מאַכערס, וואָס פלעגן דאָרט קומען מיט זייערע געשעפטן. עס איז פאַר זיי מן הסתם געווען באַקוועמער, ווי צו קומען דירעקט אין פּרעפעקטור, ווו אַ בייז אויג האָט געקאָנט פאַרשאַטן.

שלעכט מיט מיר. איך טאָר דאָ גאָרנישט בלייבן קיין איין מינוט. נאָר ווו אַהינטון זיך? ווי אַזוי געבן צו וויסן די חברטעס וועגן מיין בייעם אָב־סערוואַציע־אָרט? דערווייל לויפט די צייט. עס איז שוין באַלד 9 אַזייגער. איך שנייד אַדורך דעם פּלאַץ אין דער ריכטונג פון טעאַטער „שאַטלע". דאָרט געפינט זיך אויך אַ קאַפע. זאָל זיין דאָ. איך וויל שוין אַריינגיין אינעווייניק, באַמערק איך דורך דער שויב, אַז אויך דאָרט גייט אָן דער זעלבער מסחר ביים „קאָנטואַר". ביטער, גאָר ביטער, ווו גייט מען?

איך באַשליס צו בלייבן אויפן פּלאַץ גופא. דאָס הייסט, שפּאַצירן אויף די טראָטואַרן און כלומרשט באַקוקן די פּלאַקאַטן פוןביידע טעאַטערן. ווי לאַנג קאָן מען דאָס אַזוי שפּאַצירן און נישט ווערן באַמערקט פון די „פליקעס" (פּאָליציי־לייט), מיט וועלכע עס ראַיעט דאָ?

באַלד כאַפּ איך זיך, אַז 9 אַזייגער מוזן זיי פאַרלאָזן די קאַפעס און גיין אין די ביוראָס פון דער פּרעפעקטור.

איך האָב זיך געלאָזט גיין צו די „בוקיניסטן", צו די אַזוי פּאָפּולערע און וועלט־באַקאַנטע פּאַריזער ביכער־פאַרקויפער, לענגאויס דער סען. מען באַקומט דאָ אַלע מינים ביכער, הויפּטזאַכלעך אַלטע. פיל גראַוויורן און מאָלערייען זענען דאָ אויסגעשטעלט. מען קאָן דאָ קוקן, אָנקוקן און זיך נישט אָנזעטיקן, און קיינעם וועט נישט איינפאַלן, אַז איך בין עפּעס אַנדערש ווי אַ פאַרבייגייער, סתם אַ נייגעריקער, וואָס קויפט גאָרנישט, און אויף וועמען קיין בוקיניסט קוקט זיך נישט אום. זיי האָבן אַ געניט אויג.

איך האָב אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַם פון איין געשטעל צום צווייטן, סתם אַראָפּבליקן צו דער סען און באַטראַכטן פילאָזאָפיש די דורכפאָרנ־דיקע טראַנספּאָרט־שיפן, געלאָדן מיט קוילן אָדער מיט זאַמד. דאָס וואַסער ווערט געשניטן פון די פאָדערשטע שאַרפן פון די שיפן און פון הינטן שלעפּט זיך נאָך אַ שוימיקע מאַסע פון געשלאָגן וואַסער. אַ קאַמף צווישן דער שיף, וואָס וויל גיין פאָרויס, און דעם רויען עלעמענט, וואָס האַלט איין. דער מאָטאָר טרייבט די שיף פאָרויס און דאָס וואַסער שוימט פון רציחה, אָבער איז אומעכטיק.

איך האָב זיך פאַרחלומט, פאַרטראַכט וועגן דעם סימבאָל. פּלוצלונג איז סאַראַ אויסגעוואַקסן פאַר מיינע אויגן:

— דאָס קעטשל איז אַנגעקומען.

— וואָס? גיי מעלדע דער צווייטער גרופּע, און אַלע אויף די ערטער, ווי אָפּגעשטימט.

ווי נאָר סאַראַ איז אַוועק פון מיר, האָט זיך באַוויזן אַ. יודין. פון וואַנען קומט ער דאָ אַהער? איך גיב אים איבער די ידיעה, וואָס סאַראַ האָט געבראַכט. ער זאָגט מיר, אַז איך וועל אים קאָנען געפינען, אויב כ׳וועל דאַרפן, אין דערנעבנדיקן גערטנדל ביים „טור סען זשאַק".

מיין האַרץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּן. וועט עס געלינגען? און טאָמער נישט?

איך בין נערוועז אַדורך פון איין בריק אין דער ריכטונג צו דער צווייטער און האָב פעסטגעשטעלט, אַז ביידע גרופּעס זענען אויף די פּאָסטנס, ווי אָפּגעשמועסט. כ׳בין געוואָרן נאָך אומרואיקער, זעענדיק, אַז ביים יוסטיץ־פּאַלאַץ איז פול מיט פּאָליציי. איך בין צוריק אַוועק צום שאַטלע־פּלאַץ און האָב ווידער גענומען באַקוקן די אויסגעשטעלטע בילדער פון די בוקיניסטן.

מיטאַמאָל איז די לופט געוואָרן איבערגעשניטן פון אַ פייף. אַהאַ, עס איז עפּעס פאָרגעקומען. עס איז געלונגען אָדער נישט?

דעם פייף האָט אַרויסגעלאָזט אַ קינד ביי דער האַנט פון זיין מאַמען. אָט גייט עס נעבן איר און פייפט ווידער. מען דאַרף זיך באַהערשן, מען קאָן זיך פאַרראַטן. ווער ווייסט, צי מען אָבסערווירט מיך נישט? איך נעם זיך אַרומקוקן און באַמערק, אַז סאַראַ גייט שנעל אין מיין ריכטונג.

— האָסט אים געזען? ער איז אַרויף אויף דער בריק פון דיין זייט.

כ׳האָב זיך פאַרשעמט. כ׳האָב זיך פאַרקוקט אויפן קליינעם פייפער, און דער „פויגל" איז דערווייל פאַרביי.

— ניין, סאַראַ, כ׳האָב אים נישט באַמערקט. מעגלעך, אַז ער איז פאַרביי און איך האָב אים נישט באַמערקט. איז ער פריי?

— יאָ, ער איז פריי, נאָר ווו איז ער? ער איז אַוועק לענגאויס דער סען און איז זיכער אַרויף אויף דער בריק, פון דיין זייט — האָט זי איבערגעחזרט.

כ׳האָב זיך באַמיט צו באַהערשן:

— דערצייל ווי אַזוי איז עס געשען, נאָר קורץ.

— מען האָט אים אַרויסגעפירט פון דעפּאָ דורך דעם יוסטיץ־פּאַלאַץ אונטער די שטיגן. זיי זענען געווען אַ צען אַרעסטירטע. כ׳האָב אָפּגעציילט. פון פאָרנט איז געגאַנגען איין אַגענט און זיי געפירט אין דער פּרעפעקטור. אַ פּאָר טריט פאַרן טויער פון דער פּרעפעקטור, דו ווייסט דאָך, געפינט זיך אַ בודקע. דו קאָנסט די בודקע פון די גאָסן־קערער? אַנקומענדיק פאַר דער בודקע, איז טשאַרני, באַגלייט דורך דער חברטע כאַנטשע, אַראָפּ פון טראָטואַר, אַדורכגעגליטשט זיך צווישן די אויטאָמאָבילן, וואָס שטייען




קאַרטע פון דער אומגעגנט פון יוסטיץ־פּאַלאַץ
און דער פּלאַן פון ב. טשאַרניס באַפרייאונג.

דאָ, און איז אַוועק שנעל, אַליין שוין, צום מעטראָ „סיטע״. ער איז אָבער נישט אַריין אין מעטראָ, נאָר אַוועק ווייטער צו דער סען, לענגאויס דעם טריבונאַל דע קאָמערס, צו די בלומען־פאַרקויפער, כ׳האָב אים מער נישט געזען. כ׳מיין, אַז ער איז אַרויף אויף דער בריק און אַוועק צום „שאַטלע״. האָסט באַדאַרפט אים זען.

איך האָב סאַראַן אַוועקגעשיקט גלייך אָפּרופן די גרופּע. און זיי מעלדן, אַז זיי זאָלן שפּעטער מיך קומען זען אין גערטנדל ביים טור סען זשאַק.

דאָ האָבן מיר אָפּגענומען באַריכטן פון די חברטעס.

ביים טויער פון דעפּאָ איז שטיין געבליבן אסתר פאָגעל. כאַנטשע, ספּעציעל עלעגאַנט געקליידט, ווי מיר האָבן עס איר געראַטן צו טון, האָט גע־בעטן ביי די אָנגעשטעלטע, מען זאָל זי לאָזן וואַרטן אין ביוראָ אויף איר „מאַן״, וואָס דאַרף קומען פון תפיסה. אַזוי ווי דאָס איז געווען פאַרבאָטן, האָט זי געשפּילט די ראָל פון אַן אומגליקלעכער פרוי, וואָס קאָן, נעבעך, נישט דערוואַרטן זיך, ביז מען וועט אַרויסלאָזן איר מאַן. זי ווינטשט זיך, אַז מען זאָל אים נישט פירן אין דער פּרעפעקטור, נאָר אים באַפרייען אָט דאָ, אין דער קאָנסיערזשערי.

זי איז זיי געוואָרן זלידנע ווי אַ פליג, אָבער פאַרטריבן האָט מען זי נישט. אויף ליבע דאַרף מען נישט קיין בעסערע מבינים ווי די פראַנצויזן.

אַ מאָמענט האָט זי אַליץ געקאָנט קאַליע מאַכן, ווייל זי איז נישט אימ־שטאַנד געווען צו ענטפערן אויף אַזאַ פּשוטע פראַגע פון אַ שעף, ווי עס הייסט איר „מאַן״. אָבער גאַנץ שנעל, אַדאַנק דער חברטע אסתר פאָגעל, האָט זי געקאָנט געבן אַן ענטפער. ווען דער חבר טשאַרני איז אַרויסגעקו־מען פון די ביוראָס מיט די אַנדערע אַרעסטירטע, האָט כאַנטשע אים פלינק אַ כאַפּ געטון אונטערן אָרעם, זיך צעקושט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ מאָ־מענט. אָבער אַליין אַרויסגיין מיט אים איז איר נישט געלונגען. זי האָט אים איבערגעגעבן אַן אַדרעס וווהין צו גיין, בעת זי האָט די גרופּע אַרעס־טאַנטן באַגלייט אויפן וועג צו דער פּרעפעקטור. ביי דער בודקע פון די גאַסן־קערער האָבןביידע זיך אַרויסגעגליטשט פון דער גרופּע אין דער ריכטונג פון האַנדלס־טריבונאַל און פון בלומען־מאַרק, ווו זיי האָבן זיך צעשיידט.

וואָר־זשע איז טשאַרני אַהינגעקומען? אויב ער איז אַרויף אויף דער בריק און איך האָב אים נישט באַמערקט, וואָלט ער מן הסתם מיך באַ־מערקט. אפשר איז ער גאָר אַוועק לענגאויס דער סען, צום „פּאָן נעף״? ניין, ער וואָלט נישט ריזיקירט פאַרבייצוגיין פאַרן טויער פון דעפּאָ, וואָס ער האָט אָקאָרשט אַדורכגעשפּרייזט אין פּאָליציי־קעטשל.

ווו איז ער געגאַנגען? קיין מעטראָ קאָן ער נישט נעמען, ער האָט נישט קיין פראַנק אין טאַש.

אַלע צוזאַמען האָבן מיר גענומען מאַכן השערות. יאָ באַפרייט, נישט באַפרייט? אויב יאָ, איז עס אים טאַקע געלונגען ענדגילטיק?

— וואָס וועלן מיר דאָ שטיין ברעכן זיך די קעפּ? לאָמיר גיין אים זוכן אין שטאָט — האָט ריכטיק געזאָגט אַ חברטע. אַלע חברטעס זענען שוין געווען נעבן אונדז.

יודין איז אַוועק „דעמאָביליזירן" די חברים, וואָס האָבן נאָך פון גאָר־נישט נישט געוווסט, און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפן מיטאָג־צייט.

זוכן טשאַרני אין שטאָט — פאַלג מיך אַ גאַנג! איך בין אַוועק אין דער פאָלקס־קליניק צו דער אַרבעט. אָבער עס האָט זיך נישט געאַרבעט.

קיינער האָט נישט געוווסט, צי דאָס איז אַ פּריידיקע נייעס אָדער אַן אַנטוישונג פון ערגסטן מין. אַ וואַקלעניש צווישן האַרץ־ווייטיק און שמחה. ווו געפינט ער זיך? צו זיך אין שטוב איז ער דאָך זיכער נישט געקומען. די פּרעפּעקטור וועט זיך כאַפּן, אַז ער פעלט און וועט קודם כל קומען צו אים אין דער וווינונג. גיין צו וועלכן חבר?

כ'האָב זיך קוים דערוואַרט אויפן ראַנדעוווּ מיטן חבר יודין.

— נו, וואָס הערט זיך? — האָב איך אים אומגעדולדיק געפרעגט.

— גאָרנישט, מען ווייסט נישט ווו ער איז.

— ביטער, אויב אַזוי, איז ער צוריק אַריינגעפאַלן אין זייערע לאַפּעס.

דאָס האָט געמוזט געשען ביים דעפּאָ. עס האָט אים ווער דערקאַנט.

— מ'האָט געמאָלדן זיין פרוי. אין שטוב איז ער נישט געקומען. מען האָט אים געזוכט אויף דעם אַדרעס, וואָס כאַנטשע האָט אים געגעבן און ביי אַנדערע חברים, נאָר קיין שפּור. די פּאָליציי איז נאָך נישט געקומען, אַ שלעכטער סימן.

מיר האָבן זיך ווידער צעשיידט מיט גאָרנישט און באַשטימט זיך צו טרעפן אין אָוונט.

פאַרנאַכט האָב איך באַדאַרפן זיך טרעפן מיט סאַראַ וואָראָנסקי ביי דער חברטע געניאַ העבענשטרייט, אויף רי דע בואַ, ביים פּלאַס דע פעט. זי איז געווען אַקטיוו אין דעם לאָקאַלן קאָמיטעט פון „סאָלידאַריטעט". איר מאַן איז געווען אינטערנירט. צוליב פאַרזיכטיקייט האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו רימען זיך מיט אונדזער „אויפטו" פון אינדערפרי.

— האָסט געהערט? טשאַרני איז אַנטלאָפן פון דער פּאָליציי — האָט מיך די חברטע העבענשטרייט באַגעגנט מיט דער נייעס.

— אַ, ווי אַזוי? פון וואַנען ווייסטו דאָס? — ענטפער איך מיט אַ פראַ־גע. די נייעס, ווייזט זיך אַרויס, האָט זיך צעטראָגן ווי אַ טעלעגראַמע צווישן די חברים פון פּלאַס דע פעט, ווו טשאַרני האָט געוווינט. זיין פרוי אַליין האָט אים אומעטום געזוכט, נאָר אָן דערפאָלג.

חברטע העבענשטרייט האָט מיר אויך דערציילט, אַז די פּאָליציי איז געקומען מיט אַ פּאָר שעה צוריק אויף אַ רעוויזיע צו טשאַרני אין דער וווי־נונג, נאָר האָט נישט געטראָפן זיין פרוי, וואָס איז פּונקט געווען אין גאַס מיטן קינד זוכן איר „פאַרלוירענעם" מאַן. די פּאָליציי האָט געוואַרט אויף איר און רעווידירט די וווינונג. זי האָט גאָרנישט געפונען. זי האָט נאָר צוגענומען אַ בריוו, וואָס דער בריוו־טרעגער האָט נאָכמיטאָג געהאַט

אַרונטערגערוקט אונטער דער טיר. דער בריוו איז געווען פון ח׳ בובי פון באַרדאָ. ער איז טשאַרניס אַן אַלטער חבר נאָך פון שטראַסבורג פון פאַר דער מלחמה. זיי האָבן שטודירט צוזאַמען.

חברטע העבענשטרייט האָט געמיינט, אַז דער בריוו אַנטהאַלט נישט קיין שום סודות, ווייל געוויינלעך שרייבן זיי זיך אַדורך וועגן פּערזענלע־כע זאַכן. זי אַליין האָט אויך קאָרעספּאָנדירט מיט בובין.

מיר האָבן זיך געוואָלט פונאַנדערגיין, ווען ס׳איז אונדז איינגעפאַלן, אַז די פּאָליציי קאָן גאַנץ גוט זוכן ב. טשאַרני ביי ד״ר בובי, טאָקע אין באַרדאָ. און אפשר האָט ער דאָך געשריבן אָדער כאָטש אָנגעדייט וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים? ד״ר בובי איז דאָך געווען אונדזער קאָרעספּאָנ־דענט וועגן די פּראַגן פון לאַגער „לאַלאַנד״. אויב אַזוי איז אויך ד״ר בובי געווען אין אַ געפאַר.

— נאָ דיר אַ נייע זאָרג. מיר ווייסן שוין, אַז טשאַרני איז זיכער אויף דער פריי, אָבער אונדזער יום־טוב קאָן צעשטערט ווערן. עס קאָן אומשול־דיק אַריינפאַלן אַן אַנדער חבר.

מיר האָבן לאַנג געטראַכט, ווי אַזוי צו וואָרענען בובין. שיקן אַ טע־לעגראַמע איז געווען דער איינציקער אויסוועג, אָבער וואָס שרייבן? מיר האָבן געשריבן טעקסטן און צעריסן זיי אויף שטיקלעך. עס האָט אַלץ נישט געטויגט. מיר האָבן זיך דעצידירט סוף כל סוף אויף אַ טעקסט: „קום גלייך קיין פּאַריז. מיר וואַרטן מיט אומגעדולד״. צי וועט ער פאַר־שטיין דעם רמז?

— ווער וועט אונטערשרייבן? עס מוז זיין אַן אונטערשריפט, וואָס זאָל אים עפּעס זאָגן, אַז עס איז ערנסט. מיר האָבן אונטערגעשריבן מיין נאָמען און סאַראַ איז אַוועק אויף דער פּאָסט פון פּלאַס דע פּעט אַוועק־שיקן די טעלעגראַמע. איך בין נאָך אַביסל געבליבן און האָב פּרובירט צו טרעפן מיט דער פאַמיליע העבענשטרייט, ווו עס געפינט זיך טשאַרני אין איצטיקן מאָמענט.

עס זענען אַרויפגעשווומען נעמען און נעמען. אָבער יעדער איינער פון זיי וואָלט גלייך געגעבן צו וויסן, ווען טשאַרני געפינט זיך ביי אים. נישט זעענדיק קיין אויסוועג, האָב איך באַשלאָסן אַוועקצוגיין און צו וואַרטן אויפן ראַנדעוווּ מיט אַ. יודין.

דערווייל איז סאַראַ צוריקגעקומען מיטן טעלעגראַם אין דער האַנט. ס׳איז שוין נאָך 7 אַזייגער און די פּאָסט איז געשלאָסן. מען מוז אַוועקפאָרן אויף דער צענטראַלער פּאָסט, רי דע לוווּר.

מיר זענען געוואָרן אומרואיק: מען פאַרלירט צייט. ווער ווייסט, צי די פּאָליציי האָט שוין נישט טעלעפאָנירט קיין באַרדאָ? זיי אַרבעטן שנעלער פאַר אונדז. סאַראַ איז אַוועק צו דער צענטראַלער פּאָסט.

טרעפנדיק זיך מיט אַ. יודין האָב איך געזען, אַז ער האָט אַ גוטע נייעס פאַר מיר. יאָ, טשאַרני איז דאָ. ער איז פריי. עס איז אים געלונגען,

ער האָט זיך אַליין באַפרייט אויף אַ פלינקן אופן אין דעם געפערלעכן פונקט, ביי דער פרעפעקטור, אַזוי ווי סאַראַ האָט עס איבערגעגעבן. נישט האָבנדיק קיין סאַנטים אין טאַש, איז ער טאַקע אַוועק צופוס צום פאָן נעף, פאַרביי טאַקע דעם דעפאָ און נאָכדעם מאַרשירט אַ פאָר שעה איבער פאַריז, כדי צו ווערן „ריין", דאָס הייסט פטור ווערן פון עווענטועלע נאָכגייער. ווער ווייסט? אפשר האָט אים דער „פליק" געלאָזט אַנטלויפן, ווייל ער וויל וויסן, וווהין ער, טשאַרני, וועט גיין?

האָבנדיק „געזייט" די מעגלעכע נאָכגייער, איז ער אָנגעקומען פאַרנאַכט אין 9־טן אַראָנדיסמאַן צום חבר גראָסמאַן, מיטגליד פון „סאָלידאַריטעט". פון דאָרטן האָט ער דאָס געגעבן צו וויסן די נייעס, די גוטע נייעס.

איך, פון מיין זייט, האָב איבערגעגעבן יודינען וועגן דער געפאַר, וואָס לויערט איבער בובי אין באָרדאָ. פאַרזאָרגטע האָבן מיר זיך צעשיידט.

צומאָרגנס האָט בובי געענטפערט מיט אַ טעלעגראַמע, אַז ער האָט פאַרלאָזט באָרדאָ. מיר האָבן אָפגעעטעמט. דער יום־טוב איז געווען אַ טאָפלטער. פאַרן ה' טשאַרני האָט דער יום־טוב געהאַט אַ באַזונדערן מיין. ער איז אויסגעפאַלן דעם 16־טן אַפריל, זיין געבוירנטאָג.

דער ענין טשאַרני איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין אַלע קאָמיטעטן פון „סאָלידאַריטעט". מיר האָבן אָנגעוויזן אַלע מיטגלידער, ווי אַזוי עס דאַרף האַנדלען אַ קאָנסעקווענטער קעמפער: נישט אונטערגעבן זיך דעם פאַטאַליזם. אין יעדער סיטואַציע דאַרף מען באַטראַכטן דעם בעסטן וועג פון צעשטערן די פלענער פון שונא.

קאַפּיטל זעקס:

# אומלעגאַליטעט

דעם 14־טן מאַי 1941, אַ דינסטיק, איז געקומען דער ערשטער ברוטאַ־לער קלאַפּ פון אַ מאַסן־כאַראַקטער.

די דאָזיקע דאַטע האָט איבערגעלאָזט אַ שראַם אין מיין זכרון.

זינט אַ פּאָר חדשים האָבן זיך געזאַמלט כמאַרעס און מיר האָבן באַ־גריפן, אַז דער שטורעם וועט אויסברעכן. ווען ער איז געקומען, האָט ער אונדז נישט געוווּנדערט. ער האָט געטראָפן די גרויסע אומשולדיקע מאַ־סע, וואָס יאָרנלאַנגע פיינטלעכע אַנטי־קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט באַשוווּרט דעם וועג צו איר פאַר אונדזערע וואָרענונגען.

אויסער אונדז האָט קיינער נישט אויפגעקלערט, נישט געוואָרנט, נישט צוגעגרייט צום ווידערשטאַנד. ווען עס איז געקומען דער ביישפּיל פון טורעל, פון לאַלאַנד, האָט די „פעדעראַציע" געטיילט אַביסל צדקה. קיין קאַמפּס־אויסוועג האָט זי נישט געגעבן. זי האָט נישט געקאָנט עס טון און אויך נישט געוואָלט. זי האָט נישט געקאָנט אַרויס פון איר ביר־גערלעך־שתדלנישער הויט.

און ווען דער שונא איז געקומען און אַ קלאַפּ געטון, איז דער „קאָאָר־דאַניר־קאָמיטעט" ביי דער „פעדעראַציע" געבליבן געפּלעפט.

דאָס איז געשען דעם 14־טן מאַי. עס האָט זיך אַנטפּלעקט דער אָנהויב פון דער קאַטאַסטראָפע. דער אַנטי־קאָמוניסטישער טעראָר האָט מיטגע־שלעפּט די ערשטע כוואַליעס פון יידן. מען האָט פריער פאַרבאָטן און צעגראָמירט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, דאַן איז געקומען די ריי אויף די יידן. מען האָט פריער געוואָלט אומשעדלעך מאַכן די בעסטע פאַר־טיידיקער פון די מאַסן, די פירנדיקע כוחות פון ווידערשטאַנד. דאַן איז

געקומען די רייַ אויף די מאַסן. נאָך די קאָמוניסטן — די ייִדן. דאָס איז די לאָגיק פון פאַשיזם.

דער שונא איז געקומען מיט שטילע, קעצישע טריט. ער האָט פונאַנ־דערגעשיקט מאַנטיק, דעם 13־טן מאַי, אומפאַרדעכטיקטע צעטלען צו אַ טייל אויסלענדישע ייִדן און זיי גערופן אין עפנטלעכע לאָקאַלן אָדער אין קאָמיסאַריאַטן וועגן „רעגולאַריזירן די פאַפּירן". אין מײַן אַראָנדיס־מאַן האָט די פּשוטע איינלאַדונג אַדרעסירט פון דער פּאָליציי־פּרעפעקטור געזאָגט אַזוי: „דער ה'... איז איינגעלאַדן צו קומען פּערזענלעך, באַ־גלייט פון אַ פאַמיליע־מיטגליד אָדער פון אַ פריינט, דעם 14־טן מאַי, 7 פרי, אויף 2 רי זשאַפּי (זשימנאַז), כדי מען זאָל באַטראַכטן זיין לאַגע. מ'בעט מיטברענגען אידענטיטעט־פּאַפּירן. דער, וואָס וועט זיך נישט צו־שטעלן אין באַשטימטן טאָג און אין די באַשטימטע שעהן, ווערט אויס־געשטעלט אויף די שווערסטע שטראָפן. אונטערגעשריבן: דער פּאָליציי־קאָמיסאַר".

מיטאָגשטיין איז געקומען אין פאַלקס־קליניק מיר דערציילן, אַז אין שטאָט איז אַ מהומה. ער אַליין האָט קיין צעטל נישט באַקומען, נאָר מען שמועסט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַרבעט־לאַגערן.

אַ גאַנצן טאָג זענען געקומען חברים אין פאַלקס־קליניק פרעגן, וואָס דאָס באַדייט. די ערשטע השערה איז געווען, אַז דאָס איז אַן איינלאַדונג צו אינטערנירונג. אַנדערש וואָלט מען זיך נישט געניוויטיקט אין אַ באַ־גלייטונג. ביי דער רעגיסטראַציע פון ייִדן מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָט מען קיין באַגלייטער נישט גערופן.

— זאָל מען זיך צושטעלן אָדער נישט? — האָט מען געפרעגט.

באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע עווענטואַליטעטן.

— וואָס וועט זיין, אַז מ'וועט גיין?

— אינטערנירונג.

— וואָס וועט זיין, אַז מ'וועט נישט גיין?

אויף דער צווייטער פראַגע איז דער ענטפער נישט געקומען גלייך. טייל האָבן געהאַלטן, אַז די פּאָליציי וועט דערנאָך אַרויסרייסן פון די שטובן; אַנדערע, אַז זי וועט נישט קומען. טייל אפילו האָבן פאַרגעזען רעפּרעסיעס לגבי די פאַמיליעס פון די', וואָס וועלן זיך נישט מעלדן. אַנ־דערע, פאַרקערט, האָבן מיט אַן אייזערנער לאָגיק געטראַכט:

— מען דאַרף האָבן מוט צו ריזיקירן. אויב מען גייט גלייך, איז די אינטערנירונג אַ זיכערע. אויב מען גייט נישט, קאָן די אינטערנירונג קו־מען אַביסל שפּעטער. וואָס פאַרשפּעטיקט מען? פאַרוואָס פרייוויליק גיין אין אַ שטייג? פאַרוואָס אַליין אַבדיקירן פון דער פרייהייט?

— אַך, ווען אונדזער „נייע פרעסע" וואָלט נישט געהאַט קיין פאַר־שלאָסן מויל!

אין לויף פון טאָג זענען אַדורכגעגאַנגען פיל אַקטיווע טוער פון אונ־דזערע סאָלידאַריטעט־קאָמיטעטן. זיי האָבן דערציילט וועגן דער בהלה,

וואָס הערשט אין די מאַסן. דער עולם גרייט קאַלדרעס און וואַליזקעס. גע־וועזענע סאָלדאַטן שלעפּן אַרויס די רוקזעק און מאַנאַשקעס. מען טרייסט זיך שוין, אַז די פּאַכלייט וועלן זיך אַן עצה געבן אפילו אין די אַרבעט־לאַגערן.

— מען וועט „זיי" איבערלעבן — האָבן געטענהט יידן — מ'האָט שוין געזען אַנדערע פּאַר „זיי".

— וואָס ווילט איר זאָל מען טון? — האָבן אַנדערע געפרעגט.

דער חבר אברהם זאַכאַריאַש, מיטגליד פון דער אַנפירונג פון „סאָלי־דאַריטעט", אַן אַלטער פּוילישער קאָמוניסט, וואָס איז געקומען קיין פראַנקרייך זיך היילן און דאָ געבליבן שטעקןביים אויסברוך פון דער מלחמה, האָט מיר איבערגעגעבן ווי אַזוי די מענטשן זענען געבליבן דער־שטוינט, ווען ער האָט זיי פּשוט פאָרגעשלאָגן צו ווערן אומלעגאַל.

— וואָס זענען מיר עפּעס, קאָמוניסטן? — האָט מען אים געענטפערט.

צי קאָן טאַקע אַ מאַסע ווערן אומלעגאַל? אונדזערע פאַראַנטוואָרט־לעכע חברים, די צום מערסטן באַדראָטע, זענען אַריבער אין אומלעגאַלי־טעט אין אָנהויב פון דער מלחמה. זיי געהערן צו אַ ספּעציעלן שיכט מענטשן. נאָר ווי אַזוי איז מעגלעך פאַרצושלאָגן טויזנטער פּאָלקס־מענטשן צו ווערן אומלעגאַל?

מיין צעטל איז אָנגעקומען 7 פאַרנאַכט. ערשט דאַן האָט זיך געשטעלט די פראַגע פון מיין פּערזענלעכן ענטפער. ביי מיר איז דער ענטפער נישט געוווען קיין פּשוטער. עס האָט זיך קודם כל געהאַנדלט אין דער פּאָלקס־קליניק. נישט ענטפערן אויפן צעטל הייסט גלייך פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ און אפשר אויך אויסשטעלן די פּאָלקס־קליניק אויף אַ רעוויזיע. איך האָב אָבער אויך געמוזט נעמען אין אַכט מיין פּאָזיציע אין דער „סאָלידאַרי־טעט". די „סאָלידאַריטעט" וועט איצט דאַרפן אַרומנעמען אַ נייע קאַטע־גאָריע פון פאַרפאָלגטע, די פאַמיליעס פון די אינטערנירטע גופא, ווי דער ביישפּיל „לאַלאַנד" האָט אונדז געלערנט. די סאָלידאַריטעט־אַרבעט וועט פאָדערן מער אָנשטרענגונגען. מען דאַרף, פון איין זייט, זיין מיט די אינ־טערנירטע, אַרבעטנדיקע עלעמענטן, געזונטע פּאָלקס־מענטשן, נישט לאָזן זיי אַליין אויג אויף אויג מיטן טייוולאָנישן שונא, אָבער מען דאַרף אויך, פון דער אַנדערער זייט, אָרגאַניזירן די סאָלידאַריטעט. וווהין רופט די פליכט?

אַ באַשלוס אין אַן ערנסטער פראַגע איז ווי אַ גאַנג אויף אַ שטריק: אָדער מען גייט דעצידירט פאָר זיך, אָדער דער תהום פאַרשלינגט דיך.

איך האָב באַשלאָסן נישט צו ענטפערן אויף דער איינלאַדונג פון דער פּאָליציי.

אין אָוונט זענען אַרויפגעקומען צו אונדז די מיטאַגשטיינס. די דיס־קוסיע האָט זיך געדרייט אַרום איין פראַגע: וווּ איז מען זיכערער, וואָס איז ווייניקער געפערלעך, דאָס צושטעלן זיך אָדער דאָס אויסבאַהאַלטן זיך?

דער עגאָאיזם איז אַ קליינער געטאָ, אין וועלכן דער יחיד פאַרשליסט זיך אַליין. ער פילט זיך זייער באַקוועם מיט זיין אייגענעם איך. עס איז אים בנעימותדיק. וואָס עס קומט פאָר אויסער די מויערן פון געטאָ, איז אים גלייכגילטיק, אַזוי לאַנג ביז... דער דרויסן רייסט זיך אַריין אין געטאָ.

די פּאָליטישע דערציאונג פון אונדזערע שכנים, דער מאַנגל פון רעוואָלוציאָנערער צוגעגרייטקייט, די באַקוועמלעכקייטן האָבן זיי אַביסל געשטערט אינעם מאָמענט צו באַנעמען דעם מהות פון דער שלאַכט.

די שכנים האָבן געטענהט:

— וואָס הייסט, ווי אַזוי ווערט מען דאָס מיטאַמאָל אומלעגאַל? פאַרלאָזן די וווינונג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אַזוי ווי מען גייט און מען שטייט? וואַלגערן זיך ווו אַ נאַכט איז נישט קיין טאָג? וואָס זענען מיר עפּעס ציגיינער?

מיר האָבן זיי געענטפערט:

— די געוווינהייטן אָדער די פרייהייט? מען דאַרף אויסקלייבן. אין אַ לאַגער וועט זיין באַקוועמער ווי אויף דער פריי?

— אין אַ לאַגער זיצט מען אויף אַן אָרט, מען אַרבעט, מען האָט זיך אַן אייגן ווינקל. אין אַ לאַגער איז ווי אין אַ קאַזאַרמע.

עס איז אמת, אַז איך האָב זיי געהאַט איבערגעגעבן וועגן לעבן אין „לאַלאנד" ווי וועגן אַ קאַזאַרמע.

די דיסקוסיע האָט זיך לאַנג און נערוועז געדרייט אַרום דעם פּראָבלעם פון אינדיווידועלער אָדער קאָלעקטיווער ליזונג.

זיי האָבן געטראַכט וועגן זייער איך, אָפּגעטיילט פון כלל. זיי האָבן נאָך נישט באַגריפן די ראָל פון קעמפנדיקן אַוואַנגאַרד, דעם ביישפּיל, וואָס ער גיט און דעם וועג, וואָס ער ווייזט. זיי האָבן נאָך נישט פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט פאַראַן אין דער אונטערשטער שורה קיין אינדיווידועלע ליזונג, נאָר אַ קאָלעקטיווע.

מיטאַגשטיין האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דעם תהום, וואָס עס ליגט צווישן אונדזער קאָנצעפּציע פון לעבן און דער בונדישער, וואָס פירט אין אַ טעמפּל ווינקל. ער איז נישט געווען קיין פּחדן, נאָר ער האָט נישט געזען דעם פּראָבלעם.

אין דער אמתן זענען מורא און פּחדנות נישט קיין אידענטישע באַגריפן. מורא קאָן פירן צו פּחדנות, אָבער מען קאָן זי באַזיגן, אויב מען איז צילבאַוווסטזיניק. דער פּחד פאַראייניזאַמט אַ מענטשן. ער פילט זיך איזאָלירט פון די אַרומיקע מענטשן. דער פּחד פּאַראַליזירט אים. נאָר אין דער באַהעפטונג מיטן כלל פאַרלירט דער זעלבער מענטש דעם פּחד. ער ווערט אַרומגענומען מיט דער וואַרעמקייט פון אַלגעמיינעם גורל.

ווען מיר זענען אינדערפרי אַרויס אויפן בולוואַר וואָלטער, אין דער ריכטונג צום „זשימנאַז זשאַפּי", ווו עס האָט זיך געפונען דער זאַמל־פּונקט פאַרן 11־טן אַראָנדיסמאַן, איז די גאַס געווען שוואַרץ פון מענטשן, ווי אין

טאָג פון דער קריגס־מאָביליזאַציע. טייל זענען געגאַנגען לאַנגזאַם און שווער, אָפּהענטיקע, פאַריאושטע, באַהאַנגען מיט פּעק, מיט וואַליזקעס מיט קאָלדרעס, באַגלייט פון וויינענדיקע פרויען און קינדער. אַנדערע זענען ממש מיט אַ לייכטזיניקער ווילדיונגערישקייט געגאַנגען „שנעל דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן". זיי האָבן אָנגעזאָגט ביי זיך אינדערהיים, אַז אָט באַלד קומען זיי צוריק, מען זאָל וואַרטן אויף זיי מיט דער אַרבעט, מיטן מיטאָג.

גייענדיק אויפן בולוואַר וואָלטער מיט מיין פרוי, אונדזער 16־חדשימ־דיקער סילווי און די מיטאָגשטיינס, האָב איך אומאויפהערלעך געטראַפן באַקאַנטע. אונדז האָט מיטאַמאָל אָנגעיאָגט די „שוואַרצע פּאָלע", די פּאַר־בינדלעריין פון ב. טשאַרני און אונדז געגעבן צו וויסן, אַז צו דער אָנפּי־רונג זענען דערגאַנגען ידיעות וועגן דער גאַנצער געשיכטע. די נאַציס האָבן פאַרטראַכט אַ כיטרען פּלאַן פון אַ רואיקער און פרייוויליקער איב־טערנירונג. נאָכוואָס אויפרודערן די עפנטלעכקייט און אָפּשרעקן די קר־בנות ווי אויך די קאַנדידאַטן אויף שפּעטערדיקע קרבנות?

ווען מיר האָבן געטראָפן פון באַקאַנטע, האָבן מיר געמאָלדן וועגן דער באַקומענער ידיעה, קיין דיסקוסיעס האָבן מיר נישט געפירט. די, ווען מיר האָבן איבערגעגעבן די ידיעה, האָבן זי געטראָגן ווייטער.

די, וועלכע זענען אַריין אין „זשימנאַז זשאַפּי" צו לאָזן „קאָנטראָלירן זייערע פּאַפּירן", זענען דאָרט געוואָרן פאַרהאַלטן. אַזוי אַרום האָט מען געפאַנגען טויזנטער יידן.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בין איך געבליבן אומלעגאַל אויף דער גאַס.

עס איז לייכט געווען צו טראַכטן און צו דיסקוטירן וועגן דער אומלע־גאַליטעט ביי זיך אינדערהיים, אָבער אַז עס איז געקומען דער מאָמענט, בין איך געבליבן אומבאַהאָלפן. וווהין גייט מען, אַז כ'האָב מער נישט קיין לעגאַלן אַדרעס? כ'בין אויף דער גאַס ווי אַ היימלאָזער און שוצלאָזער.

נאָר ווען מען איז פעסט דעצידירט אויסצופירן א וויכטיקן באַשלוס, געפינט זיך שנעל אויך דער אויסוועג. באַלד אויפן בולוואַר וואָלטער האָבן מיר געצומען פרעגן אויף אַ נייער דירה. שמועסנדיק מיט איינעם וועגן מיין נייער סיטואַציע, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער קאָן אַן אָנ־געשטעלטע אין אַ פאַמיליע־פּענסיאָן, אויף רי פאנטיעוור, ביי שאַנז־עליזיי. דאָס איז געווען אויסגעצייכנט פאַר מיר. אין יענעם קוואַרטאַל בין איך געווען לחלוטין אומבאַקאַנט. כ'האָב זיך דעם זעלבן נאָכמיטאָג דאָרטן אַריינגעצויגן, נישט צוריקגייענדיק מער צו זיך אין דער לעגאַלער וווינונג.

צומאָרגנס האָט די קאָלאַבאָראַציע־פּרעסע פאַרעפנטלעכט אַ קאָמו־ניקאַט פון דער קאָמענדאַנטור, אין וועלכן עס האָט זיך געזאָגט, אַז צו־ליב זיכערקייט־טעמים זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער הויפּט־שטאָט 5000 אויסלענדישע יידן, וועלכע האָבן פּראַקטיצירט דעם שוואַרצן מאַרק און אויסגעהונגערט פּאַריז. זיי זענען אינטערנירט געוואָרן אין די קאָנ־

צענטראַציע־לאַגערן פון פּיטיוויע און באַן לאַ ראַלאַנד, נישט ווייט פון אָרלעאַן.

דער דאָזיקער קאָמוניקאַט פון אָקופּאַנט, וועלכער האָט נאָך זיך באַ־מיט אָנצונעמען אַ שלייער פון העפלעכקייט, איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין גאַנצער טעראָר־פּאָליטיק. ער האָט געגעבן, פאַרהעלטנישמעסיק, אַ קליינעם קלאַפּ, ער האָט געשלאָגן אַ געוויסע קאַטעגאָריע פון קרבנות און פאַרשלייערט זיין ווייטגייענדיקן פּלאַן מיט אַ תירוץ, וואָס האָט גע־דאַרפט באַרואיקן די אַנדערע קאַטעגאָריעס פון צוקונפטיקע קרבנות און פאַראַליזירן אַזוי אַרום זייער ווידערשטאַנד.

ווי איינער זאָגט: מען האָט אינטערנירט בלויז יידן... וואָס גייט עס אייך אָן?... נישט אייך מיינט מען... אגב, נישט אַלע יידן... נאָר אויסלענ־דישע... אייך, פראַנצויזישע, מיינט מען נישט... אגב, נישט אַלע אויסלענ־שע... נאָר די, וועלכע פאַרנעמען זיך מיטן „שוואַרצן מאַרק״... אייך, אָרנט־לעכע יידן, מיינט מען נישט... איר קאָנט זיין רואיק...

און כדי צו שטיצן זייערע טעזעס, האָבן די נאַציס באמת אַרעסטירט אַ געוויסע צאָל יידישע שפּעקולאַנטן, זיי אָפּגעפאָטאָגראַפירט און אָנגע־פילט מיט זייערע פּאָרטרעטן די קאָלאַבאָראַציע־צייטונגען. עס איז געווען אַזאַ פּשוט און פּערפיד מיטל. די יידישע נעמען האָבן אַרויסרופעריש אַרויסגעשריגן פון די נאַצישע זשורנאַלן.

מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצולאָזן אַן אויפרוף צו דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג, אָנווייזנדיק, אַז דאָס לאַנד ווערט געראַבעוועט דורכן אָקופּאַנט. דעם שוואַרצן מאַרק האָט ער איינגעפירט, נישט די יידן. זאָלן די פראַנצויזן זיך אַרומקוקן, אַז פון זייערע יידישע שכנים האָט מען צוגענומען אין ווייט־גרעסטן טייל אַרבעטער און אַרבעטנדיקע.

מיר זענען געווען די איינציקע יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט רע־אַגירט קעגן די פּלענער פון אָקופּאַנט. די אַנדערע האָבן געשוויגן. דאָס יידישע פּאַריז איז נאָך מער איינגעשרומפּן געוואָרן. וויפל פון די, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די אַנגאַזשירונג פון סעפּטעמבער 1939, זענען איצט געוואָרן אינטערנירט? טויזנטער האָבן זיך געפונען אין די סטאַלאַגן, בייע פינף טויזנטער זענען געווען געפאַנגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

עס זענען אָבער פאַרביי די צייטן פון דער מיטלאַלטערלעכער אינ־קוויזיציע, ווען די פאַרפאָלגער פלעגן אַרומרינגלען די פאַרפאָלגטע מיט אַ פולשטענדיקן האַס און דער מיטגעפיל האָט נאָר געקאָנט זיין אַ שטומער עדות.

בעת די פּאָגראָמען אין קישינעוו האָט שוין דער פּראָלעטאַריאַט גע־נומען אין שוץ די פאַרפאָלגטע. די געמיינזאַמקייט פון די קאַמפּס־אינטע־רעסן האָט שוין עקזיסטירט. דאָס פאָלק האָט שוין באַגריפן, אַז די פּאָ־גראָמשטשיקעס זענען געווען די געהילפן פון צאַריזם, זיין שונא נומער 1. מיר זענען געווען טיף איבערצייגט, אַז דאָס פראַנצויזישע פאָלק וועט נישט זיין קיין שטומער עדות צו אונדזערע ליידן.

מען האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז אין פּיטיוויע האָבן די פראַנצויזישע סטאַלאַרעס ביים בויען די באַראַקן פאַר די יידישע אינטערנירטע באַ־מערקט:

— אין די באַראַקן וועט מען נאָך אונדז אַמאָל אינטערנירן, נאָך די יידן...

אין דער פּאָלקס־קליניק איז געבליבן די קראַנקן־שוועסטער אַננאַ. יעדע פּאָר טעג פלעג איך זיך טרעפן מיט איר און אַדורכשמועסן זיך וועגן די לויפנדיקע פראַגן.

מיין פרוי האָט מיך פאַרטראָטן אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער פאָלקס־קליניק.

אַ געוויסן טאָג האָט זי מיר, אויף דער טעגלעכער טרעפונג, איבער־געגעבן, אַז אין פאָלקס־קליניק איז געקומען אַ פראַנצויזיש־רעדנדיקער ייד און געמאָלדן, אַז עס האָט זיך געשאַפן אַן אָרגאַניזם, וואָס וועט קאָנ־טראָלירן אַלע יידישע אינסטיטוציעס און ער האָט אונדז געבעטן צוגרייטן דעם אינוועגטאַר אין די נאָענטסטע טעג. יעדנפאַלס איז עס נישט געווען דער „קאָאָרדיניר־קאָמיטעט ביי דער פעדעראַציע".

טראַכטנדיק אַביסל האָבן מיר גלייך פאַרבונדן דעם וויזיט פונעם פאַרשווין מיט די פּלענער פון נאַציישן שטורעמבאַנפירער דאַנעקער צו גרינדן אַ יידישן צענטראַלן אָרגאַניזם, וועגן וועלכן עס זענען געקומען צו אונדז די פאַרשטייער פון די לינקע פועלי ציון און פון בונד, טאָפּטשע און נאַטאַן, מיט אַ צייט צוריק.

— דאַכט זיך, אַז אויך די פאָלקס־קליניק וועט דאַרפן ווערן אומלע־גאַל — איז אַדורך אַ נייער געדאַנק.

אונדזער אַנפירונג, וועמען כ'האָב באַלד וועגן דעם אינפאָרמירט, איז געווען קאַטעגאָריש: קיין שום לעגאַלע אינסטיטוציעס אונטער נאַצישער שוץ, נישט אונטערוואַרפן זיך דעם דיקטאַט פון אָקופּאַנט. קיין שום צו־זאַמענאַרבעט.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען דעם פּרעזידענט פון דער פאָלקס־קלי־ניק, אַדאָלף ריבאַזשאַד, אַרויסגערופן אין דער פּרעפעקטור, ווו ער האָט זיך געטראָפן אויך מיט אַ פראַנצויזישן ייד. מען האָט אים פאָרגע־שלאָגן אונטערצושרייבן אַ דאָקומענט, וואָס שטעלט די פאָלקס־קליניק אין רשות פון אָרגאַניזם, וועלכער וועט פאַרוואַלטן מיט די יידישע אינסטי־טוציעס. ריבאַזשאַד האָט געבעטן אַ דערלויבעניש אָנצופרעגן די מיינונג פון די אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט. מען האָט אים טאַקע געגעבן די דאָזיקע דערלויבעניש. אָבער דאָס איז געווען דער סוף פון דער פאָלקס־קליניק.

ביי די דאָזיקע געשעענישן איז געפאַלן אַ קרבן דער חבר לאַסקאַ, אָפיציעלער גענעראַל־סעקרעטאַר פון „אַרבעטער־אָרדן" און דעלעגאַט אין דער פאָלקס־קליניק. לאַסקאַ איז צוריקגעקומען אַ דעמאָביליזירטער פון דער פראַנצויזישער אַרמיי און אַלס נאַטוראַליזירטער איז ער אַוועק

מיך פֿאַרטרעטן אין דער פֿאַלקס־קליניק. איין פּרימאַרגן איז די פּאָליציי געקומען צו אים אין שטוב, אים אַרויסגעשלעפּט פֿון בעט, כאָטש ער איז נישט געווען קיין אויסלענדער, און אים אַוועקגעפֿירט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. מען האָט גלייך פֿאַרלוירן פֿון אים יעדן שפּור.

דאָס איז געווען אונדזער ערשטער אָפּיציעלער פּאָליטישער קרבן, אַן אָנזאָג פֿון ווייטערדיקע רעפּרעסיעס. קיין שום אילוזיעס זענען נישט געווען מעגלעך.

וואָס שייך דער פֿאָלקס־קיך, האָט זיך איר טעטיקייט אויך אָפּגעשטעלט. אין איינעם אַ טאָג איז דאָרט אַריינגעקומען אַ פֿעדעראַציע־טוער, דאַנאַן, און דערקלערט: — איך האַלט, אַז מיט אַ שונא דאַרף מען לעבן בשלום. ווען איר וועט ווערן נוצלעך, וועט איר פֿאַרשפּאָרן צו זוכן געלטער פֿאַר אייער טעטיקייט. מען וועט אייך געבן סובסידיעס. איר וועט באַקומען דייטשע צעטלען און פֿריי זיך קאָנען באַוועגן.

מען האָט אים העפֿלעך משלח געווען.

אַ וואָך שפּעטער איז ער ווידער געקומען און געבראַכט אַ פּלאַקאַט אויפֿצוהענגען אין דער קיך. דאָס איז געווען וועגן רעקרוטירן פֿרויען צו דער אַרבעט ביי די דייטשן.

דאָס מאָל האָט מען אים קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט און כמעט אַרויסגעוואָרפֿן. דאַנאַן האָט געדראָט: —אויב איר ווילט נישט, וועל איך מוזן באַנוצן די דייטשע קראַפֿט.

די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז אַזוי קאָן עס ווייטער נישט גיין. קיינער איז נישט מסכים געווען צו דינען די דייטשן. נישט וועלנדיק זיך אונטערגעבן, האָט מען אַ געוויסן אָונט פֿאַרטיילט צווישן די עסער דעם איבערגעבליבענעם רעזערוו פֿון שפּייז און אויפֿגעהאָנגען אַ שלאָס אויף דער טיר.

פֿאַרשידענע סאָסיעטע־טוער האָבן זיך דאַן געפֿרעגט, צי זיי קאָנען פֿאָרזעצן זייערע פֿאַרזאַמלונגען. מיר האָבן אַלעמען אָפּגעראָטן, כאָטש קיין אָפּיציעלער פֿאַרבאָט פֿון דער מאַכט האָט נישט עקזיסטירט. לעגאַל געבומען האָבן די סאָסיעטעס געקאָנט פֿאָרזעצן זייער פֿריערדיקע טעטיקייט. נאָר זייערע פֿאָנדן אין די בענק אָדער אין פּאָסט זענען געווען „פֿאַרפֿרוירן”. מיר האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן צום געדאַנק, אַז מיט „זיי” קאָן מען לעבן ווי פֿריער. מען דאַרף זאָגן, אַז אין „קאַפֿע די קאָמערס”, אויף 48, רי דעז אַרשיוו; אויף באַסטיל אין קאַפֿע „טאַמבור”; אויף שאַטאָ ד'אָ 21 און אויף 10, רי לאַנקרי זענען מער קיין זיצונגען און פֿאַרזאַמלונגען נישט פֿאָרגעקומען.

גאַנץ שנעל זענען מיר איבערגעגאַנגען צו פֿאָרמען, וואָס האָבן שוין מער נישט געטראָגן קיין אויסגעשפּראָכענעם פֿאַרטיידיקונגס־כאַראַקטער. די פֿרויען־סעקציע ביי דער „סאָלידאַריטעט” האָט אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט צווישן די פֿרויען פֿון די אינטערנירטע. די חברטעס זאָפֿיע שוואַרץ, טעשקע טענענבוים, חנה רעפּקאָווסקי, בעלאַ בלאַושטיין, האָבן

באַוויגן די פֿרויען צו פֿאָרן קיין פּיטיוויע, ברענגען פּעקלעך פֿאַר די אינ־
טערנירטע, אויסקעמפֿן זעאונגען. עס זענען אַוועק דעלעגאַציעס אין פֿראַנ־
צויזישן רויטן קרייץ מיט די זעלבע פֿאָדערונגען.

צו מיר איז צוגעטיילט געוואָרן די חברטע פּאָקאַ — אַ רעוואָלוציאָנע־
רין פֿון פּוילן, זינט אַ פּאָר יאָר אין פֿראַנקרייך — אַלס פֿאַרבינדלערין
מיט די חברים אין די לאַגערן. זי פֿלעגט צוויי מאָל אַ וואָך אַוועקפֿאָרן
קיין פּיטיוויע און באַן לאַ ראָלאַנד און זיך טרעפֿן מיט באַשטימטע אינ־
טערנירטע חברים אויסערן לאַגער. אייניקע מאָל האָט זי אַפֿילו באַוויזן
אַריינצוקומען אינעווייניק און אָפּהאַלטן קאָנפֿערענצן. עס זענען אויסגע־
אַרבעט געוואָרן די גרונט־פּלענער פֿאַר דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט
אין לאַגער גופא, ווו מיר האָבן געזוכט צו דערמוטיקן די אינטערנירטע.
ביסלעכווייז האָט זיך דאָרט פֿונאַנדערגעוואַקסן אַ גרעסערע פּאָליטישע און
קולטורעלע טעטיקייט.

מיט דער צייט האָט זיך פֿאַר מיר געשטעלט אַ נייע פֿראַגע. דער
פֿריערדיקער לעגאַלער מענטש איז געווען צופֿיל באַקאַנט אין די יידישע
קוואַרטאַלן. באַוועגן זיך מיט מיינע פֿריערדיקע דאָקומענטן איז געוואָרן
געפֿערלעך. אַן ענלעכע איז געווען די לאַגע פֿון אייניקע אַנפֿירנדיקע
חברים. מיר האָבן געדאַרפֿט טוישן די אידענטיטעט.

נאָר פֿאַלשע קאָרטן איז נישט געווען לייכט צו באַקומען. קיין באַזונ־
דערע טעכניק האָבן מיר נאָך נישט פֿאַרמאָגט. מען האָט באַדאַרפֿט אַלץ
אויסטראַכטן.

מען האָט געדאַרפֿט האָבן אַ העקטאָגראַף. ווו נעמט מען אים, אַז דער
פֿאַרקויף אין די געשעפֿטן איז שוין פֿון לאַנג פֿאַרבאָטן. ווי זיי וואָלטן
פֿאַרויסגעזען, אַז מיר וועלן עס דאַרפֿן. מיר זענען אַוועק צום חבר גורא,
קאָמיטעט־מיטגליד פֿון „אַרבעטער־אָרדן”, וועלכער האָט געהאַלטן אַ קליין
רעסטאָראַנדל אויף 59, פֿאַבור די טאַמפּל און מיר האָבן ביי אים צוגענומען אַ
שטיקל זשעלאַטין־פּאַפּיר, אויף וועלכן ער פֿלעגט אַלע טאָג אָפּציען דעם
מעניו פֿאַר זיין רעסטאָראַן. האָבן מיר שוין געהאַט אַ העקטאָגראַף אויך.

איצט האָט מען געדאַרפֿט אַ נאָמען. עס זעט אויס פּשוט, ווען מען
באַקומט אַ נאָמען ביים געבורט און מען טראָגט אים אַ גאַנץ לעבן, ווען
אַפֿילו ער געפֿעלט נישט. דעם טאַטנס נאָמען איז אפשר אַ שיינער, אָבער
ער איז געפֿערלעך, ווען ער ענדיקט זיך מיט „בערג” אָדער מיט „צווייג”.
ווער רעדט נאָך וועגן מיין טאַטנס פֿאָרנאָמען „יצחק־מענדל” און דער מאַ־
מעס — „מינדל”. מען האָט געדאַרפֿט זיך צוקלויבן אַ נאָמען און דווקא
נישט קיין סעמיטישן, נישט קיין יידיש־סלאַווישן, נישט קיין יידיש־
גערמאַנישן. מען האָט געדאַרפֿט זיך צוקלויבן אַ נאָמען צו דער אייגענער
פֿיזיאָגנאָמיע. מיין אויסזען איז נישט דווקא קיין ספּעציפֿיש־יידישלעכער.
כ׳מעג זיך אַ נאָמען געבן אַפֿילו דיפּאָן. דער אַקצענט אין פֿראַנצויזיש האָט
געקאָנט אָנגיין. אָבער חבר דוד קוטנער מיט זיין ברוין געזיכט און זיין
„אַקצענט” האָט געמוזט בלייבן אַן אויסלענדער: אַ גריך, אַ טערק, אַן

אַרמענער, אַן אָריענטאַלישער; מיט איין וואָרט — מען האָט געדאַרפט אויסוויילן (דוד קוטנער איז געווען דער פּסעוודאָנים פון אהרן סקראָבעק, דעם אַלטן טוער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין וואַרשע, געוועזענעם אינטערנירטן פון קאַרטוז־בערעזאַ, וואָס איז געקומען קיין פראַנקרייך פאַר דער מלחמה אַלס פּאָליטישער אימיגראַנט און געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער „נייע פּרעסע").

טייל חברים האָבן גענומען זוכן אין „זשורנאַל אָפיסיעל" נעמען פון נאַטוראַליזירטע, וועלכע זענען געבוירן אין זייערע יאָרן. נאָכדעם האָבן זיי שעהן לאַנג איינגעחזרט די נייע אידענטיטעט, דעם נייעם טאַטן, די נייע מאַמע, דעם נייעם געבוירן־אָרט.

איך האָב באַשלאָסן צו „אַריעריזירן" מיין נאָמען, פאַרבייטן דעם „ק" פון צוקער אויף אַ „ה", וואָס אויף פראַנצויזיש האָט זיך עס געלייענט „קיער", געבוירן אין נאַנסי, פון אַ טאַטן איזידאָר און אַ מאַמען מאַריאַ. לייכט צו פאַרגעדענקען.

איך האָב מיט ווייטיק זיך אָפּגעזאָגט פון מיין טאַטנס נאָמען. אָבער, איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל אים אַ געוויסן טאָג ווידער טראָגן מיט שטאָלץ.

קאַפּיטל זיבן:

# פּאַריז, אַ שטאָט פון פּראַנט

דאָס אומלעגאַלע לעבן אין אָקופּירטן פּאַריז איז נישט געווען אַזוי פּשוט, ווי כ׳האָב זיך דאָס געהאַט פאָרגעשטעלט, ווען כ׳בין געזעסן ביי מיר אין שטוב און געטראַכט וועגן איבערגיין צו אַזאַ מין לעבן. איך האָב געהאַט געוווינהייטן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין מיין אַקטיוויטעט אויף אַ נאַטירלעכן אופן. עסן, שלאָפן, פאַמיליע־ענינים, רו, פאַר־ווײַלונגען — זענען געווען נאַטירלעכע זאַכן, וואָס פלעגן קומען מער אָדער ווייניקער אין דער צייט, נאָרמאַל, טאָג נאָך טאָג.

איינמאָל אַרויס פון לעגאַלן לעבן איז אַלץ געוואָרן אַ פּראָבלעם. די ערשטע צייט איז מיין געלעגער געווען אַ סטאַבילער. אָבער די באַשפּייזונג האָט געשאַפן שוועריקייטן. קיין געלט־רעזערוון האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרמאָגט. דעם לויט פון דיספּאַנסער האָב איך מער נישט באַ־קומען, אין רעסטאָראַן איז געווען צו טייער צו גיין. יעדן טאָג האָבן מיר דעריבער איינגעשטעלט אַ ראַנדעוווּ מיט מיין פרוי און זי פלעגט מיר ברענגען אַ טעפּל עסן, אַ „גאַמעל". דאָס טעפּל פלעג איך נאָכדעם טראָגן צו אַ חבר און דאָרט אָנוואַרעמען, אָבער נאָך מער ווי נאָכן ביסל עסן האָב איך געגאַרט נאָך אַביסל האַרציקייט. איך בין כסדר געווען הונגעריק נאָך דער פאַמיליע־וואַרעמקייט. נאָר דאָס האָב איך מער נישט פאַרמאָגט. אַ קינדעריש געלעכטער האָב איך נישט געהערט. סילוּויס הענטלעך פלעגן מיך אַרומנעמען בלויז אויף דער גאַס, אין די פּאָר מינוטן פון אונדזערע זעאונגען.

אַ געוויסן טאָג האָב איך מיין עסן אַרויפגעטראָגן אָנצוּוואַרעמען צום חבר דוד פּליסקין, דעם פיינעם דיכטער פון האַרציקע קינדער־לידער.

כ׳האָב פּליסקינען דערציילט וועגן מיינע געפילן, ווען איך פלעג זען מיין פרוי מיט אונדזער טעכטערל.

— שרייבט אָן אַ ליד, חבר פּליסקין — האָב איך זיך אָפּגערופן צו אים — נישט קיין ליד פאַר קליינע קינדער, נאָר אַ ליד וועגן קליינע קינדער.

וועגן קינדער, וואָס זעען זייער טאַטן בלויז אויף דער גאַס; וואָס קאָנען זיך נישט שפּילן מיט אים; וועלכע ער וואַשט נישט; וועלכע ער צערטלט נישט; וועגן קינדער, וואָס פרעגן זיך אויפן טאַטן פאַרן שלאָפן גיין און ביים אויפשטיין, ביים עסן און ביים שפּילן זיך; וועגן קינדער, וועמענס טאַטעס עס געפינען זיך אינטערנירט און די מאַמעס טראָגן אויס אַלע זאָרגן.

אַ ליד, וואָס מען זאָל נישט זינגען, כדי איינצושלעפערן, נאָר כדי צו וועקן, צו מונטערן; אַ ליד, וואָס זאָל רופן און שטורעמען; אַ ליד, פאַר וועלכן עס זאָלן ציטערן די בעסטיעס, וואָס צעשיידן אַ טאַטן און אַ קינד.

דוד פּליסקין האָט זיך צוגעהערט צו מיר, צוגעשאָקלט תמימותדיק מיט זיין גראָ־ווייסן קאָפּ:

— כ׳וועל פּרובירן, כאָטש ביז היינט האָב איך אַזעלכע טעמעס נישט פאַרטראַכט — האָט ער שטיל און רואיק אַרויסגעזאָגט, ווי זיין טבע איז געווען.

— די צייט האָט באַשאַפן נייע טעמעס — האָט זיך אָפּגערופן זיין פרוי, וועלכע איז געווען באַקאַנט אַלס זייער אַ צערטלעכע, גוטע און פיל־באַרע.

אָנהייב יוני האָט פּריינט שטערן, דער קאַסירער פון דער פאָלקס־קלי־ניק, מיר פאָרגעשלאָגן צו פאָרן מיט מיין פאַמיליע אין זיין ווילע, אין אַזואַר־לאַפּעריער, אויף אַ חודש צייט. מיר האָבן מיט דאַנקבאַרקייט אָנ־גענומען דעם פאָרשלאָג.

די ווילע פון פּריינט שטערן האָט זיך געפונען ביי אַ וואַלד, אין אַ ווינקל, וואָס איז געווען באַוווינט דורך אַ געוויסער צאָל באַקאַנטע יידן, צווישן וועלכע אויך דער שרייבער אהרן בעקערמאַן. דאָס האָט ער אונדז אויפגעוועקט זונטיק דעם 22־טן יוני, באַלד אין דער פרי, מיט דער אויפ־טרייסלענדיקער ידיעה, וואָס ער האָט געהערט אין ראַדיאָ:

— דייטשלאַנד איז היינט פרי אָנגעפאַלן אויף דעם ראַטנפאַרבאַנד — האָט ער ציטערדיק אַרויסגעשטאַמלט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי ביים פּריינט שטערן איז די ווער־ראַנדע געוואָרן אָנגעפילט מיט שכנים. עס איז צושטאַנדגעקומען אַ קליי־נער מיטינג.

— וואָס וועט זיין?

— איז עס בעסער אָדער ערגער?

— וועט דער ראַטנפאַרבאַנד אויסהאַלטן דעם דרוק פון די דייטשע דיוויזיעס?

— וואָס וועלן זאָגן אַמעריקע און ענגלאַנד?

עס איז אונדז גלייך קלאָר געוואָרן אונדזער אומבאַגרענעצטע סאָלי־דאַריטעט מיטן ראַטנפאַרבאַנד, געבויט אויף דער אומצעררייסבאַרער שות־פות פון אונדזערע העכסטע לעבנס־אינטערעסן.

עס איז געווען זיכער, אַז קיין שפּאַציר וועט היטלער נישט מאַכן אין ראַטנפאַרבאַנד, ווי אין פראַנקרייך. ער וועט האָבן קעגן זיך דאָס גאַנצע פאָלק, אַנגעפירט פון אַ פּאַרטיי, וועלכע איז נישט ענלעך צו אַנדערע. די באָלשעוויקעס וועלן נישט פאַרשפּילן. אָבער ווי אַזוי וועלן זיך פאַרהאַלטן די מלוכות, וועלכע זענען אָפיציעל אין קריג קעגן היטלעריזם? וואָס וועט טון אַמעריקע? וועט דעם היטלעריזם געלינגען צו שאַפן אַן אַלגעמיינעם אַנטי־סאָוויעטישן פראָנט, וואָס איז נישט דערגרייכט געוואָרן אין 1939 אַדאַנק דעם פאַקט? וועט דאַן די רויטע אַרמיי אויסהאַלטן דעם דרוק?

אין לויף פון דער דיסקוסיע האָבן אַלע איינגעזען, ווי וויכטיק עס איז געווען פאַרן ראַטנפאַרבאַנד צו שפּאַלטן דעם אַלאימפּעריאַליסטישן בלאָק אין זומער 1939. אַ שאָד, וואָס דער סקעפּטישער לייענער פון „פּאַרי סור־אַר", וועלכער איז געשטאַנען צוזאַמען מיט אונדז ביי דער קאַזאַרמע רע־אי אין סעפּטעמבער 39, האָט זיך דאַן נישט געפונען מיט אונדז אין אַזואַר. ווער ווייסט, ווו ער איז אין דעם מאָמענט געווען? אפשר אין אַ סטאַלאַג? אפשר אין פּיטיוויע?

אָבער ווו ער זאָל נישט האָבן געווען, האָט ער זיינע אויגן געוואַנדן מיט האָפענונג קיין מאָסקווע. פון דאָרט, האָט ער געפילט, וועט קומען די ישועה. דאָרט אויפן מזרח וועט דער פאַרשאָלטענער היטלעריזם באַקומען דעם טויט־קלאַפּ.

אין לויף פון טאָג האָבן מיר אויך באַוויזן צו הערן די אָפיציעלע דע־קלאַראַציע פון דער סאָוויעטישער רעגירונג און דעם ערשטן קריגס־קאָ־מוניקאַט פון דער רויטער אַרמיי.

עס איז פון ערגעץ אַרויסגעקומען אַ מאַפּע פון רוסלאַנד. מיר האָבן זיך באַמיט נאָכצופאָלגן דעם פאַרויסמאַרש פון היטלערס אַרמיי. ווי טיף זענען שוין די דייטשן אַריין? ווו וועט מען זיי פאַרהאַלטן?

ווי אַזוי וועט זיך אויסווירקן אויף אונדז די נייע ווענדונג אין דער מלחמה? דער קאַמף וועט זיכער זיין אַ פיל פאַרביסענער. וועגן דעם איז נישט געווען קיין חילוקי־דעות.

מיר זענען אויך געווען טיף איבערצייגט, אַז דער נייער פראָנט וועט דעצידירן וועגן אויסגאַנג פון דער מלחמה.

אין דער דרוקעריי פון חבר זיילער, אויף 118, רי ד'אַנגולעם, האָבן מיר שפּעטער אָפּגעדרוקט אַן אויפרוף אויף יידיש, אין וועלכן מיר האָבן אָנגעזאָגט דעם שונא אַ שלאַכט אויף לעבן און טויט. דאָרט האָט זיך גע־פונען אַ פראַזע פון אַ סאָוויעטישער דעקלאַראַציע:

„מיר וועלן דעם שונא צעשמעטערן און פאַרניכטן".

ווידעראַמאָל זענען מיר געווען די איינציקע, וועלכע האָבן גערעדט צו דער יידישער באַפעלקערונג אין אַזאַ אויסערגעוויינלעכן מאָמענט.

מיטן אָנקומען פון די ערשטע קריגס־קאָמוניקאַטן וועגן בליץ־קריג אויף אויפן סאָוויעטישן פראָנט, וועגן שטורמישן פאָרויסגאַנג פון די נאַ־צישע חיילות, האָט זיך געפאָדערט פון אונדזער זייט אַ גרויסע אויפקלע־רערישע אַרבעט צווישן דער מאַסע, וועלכע איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ באַרעכטיקטן אומרו.

עס איז נישט געווען קיין צופאַל, וואָס פּראָפעסאָר טאַרלע האָט פאַר־עפנטלעכט פונקט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיין בוך „1812", וועגן נאַפּאָלעאָנס מפּלה.

אין יענער צייט האָב איך זיך באַקאָנט מיט אַן עלטערן מענטשן, אַ הענדלער פון אַלט־אייזן אויפן סענטואַן, אַלבערט אַבראַמאָוויטש, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: דער „אַלטער אַלבערט". געשטאַמט האָט ער פון ליטע, פון אַ קליין שטעטל, וואָס ער האָט פאַרלאָזט זייער יונג. ער איז אַוועק קיין דרום־אַמעריקע. ער האָט נאָכדעם געוואַנדערט איבער פאַרשידענע קאָנטינענטן און אָפּגעשטעלט זיך מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק אין פראַנקרייך, מיט אַ פאַלשן נאָמען אַבראַמאָוויטש, וואָס איז אים שוין געבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן.

מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט ער זיך קיינמאָל נישט פאַרנור־מען, נאָר די שנאה צום אָקופּאַנט האָט אים דערפירט צו אונדז און ער האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן זאַמלען געלט פאַר דער „סאָלידאַריטעט". מיטן אויסברוך פון קריג קעגן ראַטנפאַרבאַנד האָט ער פאָרגעשלאָגן צו ברענגען געווער.

דער אַלטער אַלבערט איז געווען אויסערגעוויינלעך דרייסט און איי־נגעגעבן. זיין חברישע באַציאונג צו אונדז האָט נישט געקאָנט קיין גרענעצן. נישט איינמאָל האָט ער אָפּגעטראָטן זיין אייגענע וווינונג, זיין בעט פאַר חברים. קיינער פלעגט פון זיין הויז נישט אַרויסגיין קיין הונ־געריקער.

דאָס נעכטיקן איז ביי מיר געווען כסדר אַ שווערער ענין. צום אומגליק האָט מען חרוב געמאַכט „מיין" פאַמיליע־פּענסיאָן און דאָרט אויפגעבויט עפּעס אַ געביידע פאַרן פאַריזער מעטראָ. איך בין געבליבן אויף דער גאַס.

איך בין געוואָרן אַ וואַגאַבונד. ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט. ביים חבר שטערן האָט מען געקאָנט וווינען בלויז אַ חודש. ענדע יוני האָבן מיר געדונגען אַ צימער אין סאַוויני־סיר־אָרזש, לויט דער עצה פון חבר טעפער, דעם זשעראַנט פון דער לעגאַלער „נייע פּרעסע", וועלכער האָט דאָרט פאַרמאָגט אַ הייזקע.

אין סאַוויני האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו מאַכן צופעליק אַ וויכטיקע פעסטשטעלונג. דאָרט האָבן זיך געפונען פיל טאַרטאַקן און נישט ווייט פון אונדז האָט איין פאַבריק אויסגעאַרבעט הילצערנע טיילן פאַר קליינע באַראַקלעך. ווען מיר האָבן זיך נאָכגעפרעגט וועגן די פּרעפאַברי־צירטעביידלעך, וועגן וועלכע מיר האָבן געהערט צום ערשטן מאָל, זע־נען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די באַזונדערע טיילן וועלן צונויפגעשטעלט ווערן אויפן סאָוויעטישן פראָנט.

— אויב אַזוי, הייסט עס, וועט דער דאַזיקער פּראַנט נישט זיין אַזוי באַוועגלעך, ווי עס האָבן באַהויפּטעט די זיגערישע קאָמוניקאַטן פון די נאַציס.

אָבער די אמתע פרייד האָט אונדז אַרומגענומען, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די דאָזיקע באַראַקלעך ווערן געמאַכט מיט טאָפּלטע ווענט, אָנגעפּילט מיט אַ מין וואַטע. הייסט עס, אַז „זיי" גרייטן זיך צו פירן דאָרטן דעם נאָענטסטן ווינטער.

— עס וועט שוין נישט זיין קיין בליץ־קריג. דער פאַרגלייך מיט נאַפּאָלעאָנס קאַמפּאַניע איז נישט געווען קיין צופאַל.

די נאַציס האָבן דערווייל אין פראַנקרייך באַוויזן זייערע פאַרבלוטיקטע לאַפּעס. נאָך די אינטערנירונגען זענען געקומען די ערשטע עקזעקוציעס.

מיר זענען געוואָרן טיף דערשיטערט, ווען עס האָט זיך באַוויזן אויף די פּאַריזער מויערן דער ערשטער רויטער אַפּיש אַרומגעראַמט אין שוואַרצן, די ערשטע שוואַרצע קלעפּסידרע, די טרויעריק־באַרימטע „בעקאַנטמאַכונג", אונטערגעשריבן: פאָן שטולפּנאַגעל, באַפעלסהאַבער. רויט פּאַפּיר, ווי פריש בלוט, אַרומגעראַמט אין שוואַרצן. צוויי נעמען פון די ערשטע צוויי העלדן פון ווידערשטאַנד, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן בעת דער מאַניפעסטאַציע פון די סטודענטן פון 14־טן יולי, גאַטראָ און האַנרי טישעלמאַן, זון פון אונדזערע איבערגעגעבענע טוער פון 3־טן אַראָנדיסמאַן, דבורהלע און רפאל. די ערשטע צוויי מאַרטירער זענען געווען ווי אַ סימבאָל: אַ ייד און אַ נישט־ייד. דאָס געמיינזאַמע בלוט פאַר דער געמיינזאַמער זאַך; דער שונא האָט געוואָלט האָבן אַ סימבאָל פון יודעאָקאָמוניזם. פאַרן פאָלק איז געשאַפן געוואָרן אַ סימבאָל פון אומצעשיידבאַרן קאַמף.

די נאַציס זענען שוין מער נישט געווען העפלעך. זייער ברוטאַלקייט האָט דעמאַסקירט זייער אומגעדולד, זייער מורא. די רויט־שוואַרצע קלעפּסידרע האָט פאַרדעקט זייער פלאַקאַט „האָט צוטרוי צום דייטשן סאָלדאַט". וואָס דעם פלאַקאַט איז נישט געלונגען, האָט דער טעראָר געדאַרפט דערגרייכן: באַהערשן דאָס לאַנד. דאָס איז געשען דעם 19־טן אויגוסט 1941.

די דאָזיקע נאַכט בין איך געשלאָפן אין האָטעל, וווּ עס האָט געוווינט מיין קוזינע, מלכהלע ראַיאַל. כ'האָב גענעכטיקט אומלעגאַל. די באַלעבאָסטע האָט נישט געטאָרט וויסן דערפון. צומאָרגנס בין איך אַרויסגעפאָרן קיין סאַווינ׳.

אַרום 10 פרי האָט זיך געמאַכט אַ באַוועגונג אין די רואיקע געסלעך פון שטעטל. עס האָבן זיך באַוויזן פּאַריזער. וואָס איז דען געשען? שווער צו דערגיין: אַן אַבלאַווע אין פּאַריז. מען אַרעסטירט יידן אין זייערע וווינונגען, אָבער קיינער קאָן נישט זאָגן עפּעס גענויעס. אַלע זענען אָפּגעשראָקן.

איך בין שנעל אַריינגעפאָרן קיין פאַריז און בין אַוועק צום חבר קרישטאַל, אויף פאָבורג די טאַמפל. דאָ האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז כ'האָב צוויי מאָל אויסגעמיטן אַרעסטירט צו ווערן. איינמאָל אין האָטעל, ווו איך בין געשלאָפן, און וואָס האָט זיך געפונען ני נעוו דע בולע, אין 11־טן אַראָנדיסמאַן, ווו ס'איז טאַקע אַרעסטירט געוואָרן מיין קוזינקעס מאַן, און דאָס צווייטע מאָל טאַקע גייענדיק צום חבר קרישטאַל, וועלכער האָט געווינט אויף דער לינקער זייט פון פאָבור, וואָס געפינט זיך אין 10־טן אַראָנדיסמאַן, ווו ס'איז טאַקע אַרעסטירט געוואָרן מיין קוזינקעס מאַן, און טעריטאָריע פון 11־טן. דער גאַנצער עלפטער אַראָנדיסמאַן איז געווען באַלאַגערט. די פאָליציי האָט שוין קיינעם נישט גערופן „רעגולירן די פאַפירן". דאָס איז שוין געווען אַן אויסגעשפילטע קאָרט. זי האָט פשוט אַרויסגעשלעפט פון די שטובן פיל מענער פון 11־טן אַראָנדיסמאַן. פאַרוואָס דווקא פון 11־טן האָט קיינער נישט געוווסט.

ווען איך פאַרלאָז נישט פריער מיין לעגאַלע וווינונג אויף רי סעבאַסטיען, וואָלט איך זיך שוין וואַרשיינלעך געפונען אין זייערע לאַפעס.

אַ נייעס: מען האָט אַרעסטירט אויך פראַנצויזישע יידן און נישט ווי פריער — בלויז אויסלענדער.

ווידעראַמאָל איז אויף צומאָרגנס דערשינען אַ קאָמוניקאַט פון נאַצישן באַפעלסהאַבער. מען האָט אינטערנירט — גיט ער צו וויסן — 5000 יידן, איינוווינער פון 11־טן אַראָנדיסמאַן, אין לאַגער פון דראַנסי, ווייל זיי האָבן געשטערט די עפנטלעכע רו און געפירט קאָמוניסטישע טעטיקייט.

ווידעראַמאָל די זעלבע טאַקטיק: איין אַראָנדיסמאַן — דער 11־טער, די אַנדערע מעגן זיין רואיק. איין קאַטעגאָריע — קאָמוניסטן; די אַנדערע קאָנען שלאָפן רואיק. דאָס אַלץ „לטובת" דער געזעלשאַפט.

אין דער דאָזיקער אַבלאַווע זענען אַרעסטירט געוואָרן פיל פון אונדזערע חברים פון 11־טן אַראָנדיסמאַן. צווישן זיי משה בורשטין, אַדמיניסטראַטאָר פון דער לעגאַלער „נייע פרעסע", די חברים טאָמאַ און מאָטל פון „אַרבעטער־אָרדן"; פון רי באַפרואַ האָט מען צוגענומען די חברים יאַשאַ יונגערמאַן — דעם מאַן פון דער חברטע טעשקע, און דוד טרוגמאַן.

אַ פאָר טעג פריער האָט מען אין דער געגנט פון רי קראָזאַטיע אַרעסטירט אייניקע חברים פון הויז נומער 78. דאָרט האָט מען געפונען אונדזערע סאָלידאַריטעט־מאַרקעס. אין די פאָליצייאישע לאַפעס איז אַריינגעפאַלן דער פאָליטישער אימיגראַנט פון מינסק־מאַזאָוויעצק, אברהם טשעבוצקי, גוט באַקאַנט אין אונדזערע קרייזן.

זאָל זיין אַרעסט האָבן געווען דער אויסרייד פאַר דער אַבלאַווע? ניין. ס'איז געווען נישט מער ווי אַ וויכטערדיקער עטאַפ אין דעם רעפרעסיע־פלאַן. ער האָט אַרומגענומען אַ פרישע קאַטעגאָריע — נאַטוראַליזירטע און פראַנצויזישע יידן.

די בהלה אין 11־טן אַראָנדיסמאַן איז געווען נישט צו באַשרייבן.

פרויען האָבן גענומען לויפן אין שטעטל דראַנסי צו די פיר וואָלקן־קראַ־צערס, ווי מען האָט גערופן די צעמענטענע בלאָקן מיט די נישט־פאַרענ־דיקטע וווינונגען, וואָס די מוניציפּאַליטעט האָט געהאַט אויפגעבויט פאַר דער מלחמה. נאָר די וואָלקן־קראַצערס זענען געווען אַרומגערינגלט דורך פראַנצויזישע זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזן. פון די פענצטער האָבן שוין אַרויסגעקוקט פאַרחושכטע פּנימער פון די אינטער־נירטע, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו געבן סימנים פון דער ווייטנס.

מיר האָבן אין מאָמענט נישט געזען אין לאַגער פון דראַנסי עפּעס אַנדערש, ווי אַ נייעם נאָמען פון אַ נייעם לאַגער. אין פּיטיוויע, האָט מען געזאָגט, וועט מען אַרבעטן, כאָטש שוין דריי חדשים, ווי די אינטערנירטע האָבן זיך דאָרטן געפונען און מען האָט נאָך אַלץ נישט געהערט וועגן קיין אַרבעט. אין דראַנסי איז דאָך אפילו נישט מעגלעך צו אַרבעטן. צוליב וואָס־זשע האָט מען אינטערנירט די נייע 5 טויזנט יידן? עפּעס האָט עס אויסגעזען פיל ערנסטער ווי אַ פּשוטע אינטערנירונג — האָבן פיל יידן גענומען פאַרשטיין.

אין דער „סאָלידאַריטעט" זענען מיר געוואָרן צערודערט. מען האָט צעקלאַפּט אונדזערע קאָמיטעטן פון 11־טן, פיל חברים זענען געוואָרן אינטערנירט, אַסך געלט און מאַטעריאַלן זענען געגאַנגען פאַרלוירן.

אַ קורצע צייט פאַר דעם איז אונדז ווידעראַמאָל אויסגעקומען פעסט־צושטעלן, ווי אַזוי עס איז ווירקזאַם צו זיין דעצידירט אין קאַמף.

אַ פּאָר וואָכן איידער עס איז פאָרגעקומען די אַבלאַווע אין 11־טן אַראָנדיסמאַן, אין אויגוסט 1941, בעת וועלכער עס איז פאַרכאַפּט געוואָרן דער חבר משה בורשטין, אַדמיניסטראַטאָר פון דער לעגאַלער „נייע פּרע־סע", זענען פיר יוגנטלעכע אַרעסטירט געוואָרן ביים טיילן אומלעגאַלע פלוג־בלעטלעך. דאָס זענען געווען קינדער, דערצויגענע אין די צוגאָב־שולן פון „אַרבעטער־אָרדן": מאָריס, בורשטינס זון, שאַרל, דער זון פון די אַקטיוויסטן פון „אַרבעטער־אָרדן": הערשל און פרומעט וואָלמאַרק, און זייערע כלות, מאַרגעריט האַלצמאַן און אַננאַ וויקטאָראָוויטש.

די פראַנצויזישע זשאַנדאַרמעריע האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער דייטשער פּאָליצײ. זיי זענען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ דייטשן געריכט. די בחורים האָבן גענומען אַלץ אויף זיך און זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף 5 יאָר תּפיסה. די מיידלעך זענען געוואָרן באַפרייט.

זיי האָבן זיך געפונען אין דער תּפיסה פון ווילנעוו־סען־זשאָרזש, ביי פּאַריז, ווען ס'איז דערשינען דער דעקרעט, אַז פּאַר קאָמוניסטישער טעטי־קייט וועט מען באַשטראָפן מיט טויט. זייער עקזעקוציע האָט זיך געגרייט. אָבער צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַרעסטירטע איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן פון דער תּפיסה, אין אַ נאַכט פון אַ שלאַקס־רעגן. זיי זענען לאַנג געלאָפן הערנדיק די פייפערייען פון די סירענעס, וואָס האָבן אַלאַרמירט די שטאָט. סוף כל סוף האָבן זיי זיך געפונען... אַרום דער תּפיסה פון ווילנעוו.

זעענדיק די דראַנגדיקע געפאַר, זענען זיי אַוועק אין אַן אַנדער ריכ־טונג און אָנגעקומען קיין ברינואַ, וווּ עס האָט זיי אויפגענומען אַ באַקאַנ־טער ייד. צוזאַמען זענען זיי אָנגעקומען קיין פּאַריז, אין אַ צוג פון אַר־בעטער. שאַרל וואַלמאַרק איז אַוועק צו אַ פראַנצויזישן פריינט און מאָ־ריס בורשטין — צו לאַזאַר גוטאָוויטש, אין 18־טן אַראָנדיסמאַן, ווייל די פּאָליציי איז גלייך געקומען זיי זוכן ביי די עלטערן.

איך בין דאַן באַשטימט געוואָרן פון דער אָרגאַניזאַציע צו באַזאָרגן פאַלשע פּאַפּירן און זיי איבערצושיקן אין דער „פרייער זאָנע". נאָר אויף גאַר דע ליאָן האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויג אויף אויג מיט זייער אויס־פאָרשונגס־ריכטער, וועלכער האָט רעוווידירט די פיזיאָנאָמיע פון די דורכ־גייער. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן. אַ פּאָר טעג שפּעטער בין איך אַוועק צו דער באַן אַלס פאָרפּאָסטן און אַזוי ווי עס איז געווען רואיק, זענען זיי איינגעשטיגן אין צוג און אַוועק קיין גרענאָבל, וווּ זיי זענען צוריק אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע.

דעם 23־טן אויגוסט, 9 אַזייגער פרי איז געפאַלן דער ערשטער נאַ־צישער אָפיציר, ביי מעטראָ באַרבעס, פון אַ קויל פון אַ פראַנצויזישן פּאַר־טיזאַנער (1).

דעם 16־טן סעפּטעמבער איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אַן „אַווי" מיט אַ נייעם אינהאַלט. פאָן שטולפּנאַגעל האָט געמאָלדן בלוטיקע טעראָר־אַקטן. 10 ערובניקעס זענען געוואָרן דערשאָסן נאָך די אָנגריפן פון ווידער־שטענדלער, וואָס זענען פאָרגעקומען דעם 6־טן, 10־טן און 11־טן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען האַנרי בעקערמאַן און דוד ליבערמאַן, צוויי יוגנט־לעכע פון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, און אַן עלטערער ייד — לוסיען בלום.

אַ פּאָר טעג שפּעטער — אַ פרישע שחיטה.

אַלס ענטפער אויף אַן אַטענטאַט קעגן דייטשע זעלנער דעם 16־טן סעפּטעמבער זענען געקומען נייע רעפּרעסיעס.

די נאַציס האָבן אַרעסטירט די אַדוואָקאַטן האַדזש, פּיטאַר און אויך אונדזער ליבן חבר, אַדוואָקאַט ראַלניקאַס, וואָס איז געווען באַקאַנט אין די קרייזן פון דער „קולטור־ליגע" אונטערן פּסעוודאָנים לירא, צוזאַמען מיט 9 אַנדערע פּאַטריאָטן, ווידערשטענדלער און פּאַרטיזאַנער. אַ נייע רויט־שוואַרצע קלעפּסידרע האָט פּאַרטרויערט די פּאַריזער מויערן דעם 20־טן סעפּטעמבער 1941. צוועלף נייע קרבנות זענען געוואָרן דערמאָרדעט. צווישן זיי — דער טייערער חבר לירא. וויפל איבערגעגעבנקייט און האַר־ציקייט האָט ער שטענדיק אַרויסגעוויזן. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט ער אונדז געהאַט געגעבן אַ לעקציע וועגן ראַטנפּאַרבאַנד. די נאַציס האָבן שוין דאַן געהערשט איבער פּאַריז. דער ראַטנפּאַרבאַנד איז געווען זיין גע־ביט. זיין דאָקטאָראַט־טעזע האָט ער געמאַכט אויף אַ טעמע וועגן דער סאָוויעטישער געזעצגעבונג.

---

1) דאָס איז געווען פּאַביען, דער שפּעטערדיקער לעגענדאַרער פירער פון די פ. ט. פ. (פראַנקטירער און פּאַרטיזאַנער).

חבר מ. לירא איז געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד צוזאַמען מיט די צוויי אַנדערע קאָמוניסטישע אַדוואָקאַטן און ניין אַרבעטער־טוער.

חבר הערש צימערמאַן, געוועזענער שפּאַנישער מיליציאָנער, האָט דאַן באַקומען זיין ערשטן רעוואָלווער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

נאָכדעם ווי דער אָקופּאַנט האָט אָנגענומען די ערשטע שריט פון טעראָר, נאָך די ערשטע עקזעקוציעס האָט די אָנפירונג פון דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג באַשלאָסן צו גרינדן אַ באַוואָפנטע קאַמפּס־גרופּע. צו דער גרופּע זענען צוגעטיילט געוואָרן חברים פון דער אָרגאַניזאַציע, וועל־כע האָבן פאַרמאָגט אַ געהעריקע מיליטערישע אויסשולונג, אין דער ערש־טער ריי געוועזענע שפּאַנישע מיליציאָנערן.

דער קאַמף איז איבערגעגאַנגען צו העכערע פאָרמען. דער ווידער־שטאַנד איז אַריין אין אַ נייער פאַזע.

אויף די גאַסן האָט זיך באַוויזן אַ פּלאַקאַט מיט אַ פּאַטאָ: די נאַציס זוכן אַרום אַ פּאַרטיזאַן מיטן נאָמען ברוסטליין און זענען גרייט צו באַ־צאָלן אַ הויכע סומע פאַר זיין קאָפּ.

זיי האָבן זיך שוין פאַרטיידיקט, געוואָלט קאָרומפּירן, געזוכט צו וואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייערע אייגענע רעפּרעסיעס אויף די פּאַר־טיזאַנער, אויף די ווידערשטענדלער.

נאָכן אַטענטאַט אין דער שטאָט נאַנט אויף אַ הויכן נאַציִשן אָפיציר האָט דער שטאָט־קאָמענדאַנט געמאָלדן, אַז ער האָט פאַראָרדנט די עקזע־קוציע פון 27 אינטערנירטע קאָמוניסטן אין לאַגער פון שאַטאָבריאַן, וועל־כע די רעגירונג פון פּאַל רעינאָ האָט פאַר דער קאַפּיטולאַציע נישט עוואַ־קואירט אין דער אַזוי גערופענער פרייער זאָנע.

פיל באַקאַנטע פראַנצויזישע סינדיקאַלע טוער זענען אַזוי אַרום אויס־געליפערט געוואָרן אין די הענט פון די דייטשע הענקער. די קאָמוניסטן זענען געוואָרן דער סימבאָל פון ווידערשטאַנד פאַר נאַציאָנאַלער באַפריי־אונג. צווישן די 27 איז געשטעלט געוואָרן צום עקזעקוציע־סלופּ אַ יונגער 17־יאָריקער סטודענט, גי מאָקע, זון פון קאָמוניסטישן דעפּוטאַט פּראָפע־סאָר מאָקע.

מען דאַרף זאָגן, אַז אין דאָזיקן מאָמענט האָט נאָך די גאַנצע באַפעל־קערונג נישט דערזען דעם אמתן ציל פון נאַציִשן טעראָר־אַקט, ווייל ער איז געווען געוואָנדן קעגן קאָמוניסטן. טייל האָבן איבערגעחזרט די נאַ־ציִשע תורה, אַז ווען נישט דער ווידערשטאַנד פון די קאָמוניסטן וואָלטן נישט געקומען קיין רעפּרעסיעס.

ווען מען וואָלט געלאָזט דעם אָקופּאַנט פריי פאַרשקלאַפן דאָס לאַנד, אויסזויגן ווי אַ פּיאַווקע זיינע כוחות, אַוועקפירן זיינע זין אַלס קאַנאָנען־פלייש קעגן סאָוויעטישן פאָלק — אָ, דאַן וואָלט ער ווייטער געווען „העפ־לעך". ער וואָלט אפילו ווידעראַמאָל געטיילט שאָקאָלאַד די קינדער, אפילו די יתומים פון די דערמאָרדעטע ערובניקעס... ער איז ברייטהאַרציק... נאָר שטערט נישט זיינע פּלענער...

צום באַדויערן האָט אויך דער ראַדיאָ פון לאָנדאָן אָפּט איבערגעחזרט צום פראַנצויזישן פאָלק:

— הרגעט נישט קיין דייטשן, וואַרט אויף אונדזערע באַפעלן!

„אַטאַנטיזם״ (פּאָליטיק פון אָפּוואַרטן) האָט מען עס גערופן. וואַרטן אויף דער אויסלייזונג מצד אויסלענדישע כוחות, פּאַרטיידיקן זיך מיט פרעמדע הענט, פירן מלחמה דורך אַ פּראָקוראַציע.

דאָס אַלץ האָט מען באַדאַרפט אויפקלערן דער מאַסע. מיר זענען צו־געקומען צו ווייניק מענטשן. מיר האָבן געוואָלט באַאיינפלוסן וואָס ברייטערע שיכטן. ווידעראַמאָל זענען מיר געווען אַליין.

די לעגאַלע יידישע אינסטיטוציעס האָבן אפילו נישט רעאַגירט, ווען עס זענען דורכגעפירט געוואָרן דעם 2־טן אָקטאָבער אָבלאַוועס אין זיבן סינאַגאָגעס.

די „סאָלידאַריטעט״־גרופּעס זענען איינגעטיילט געוואָרן אין קליינע קרייזן, לויט הייזער, לויט געוויסע גאַסן, נישט מער ווי 5 — 7 מיטגלידער אין אַ גרופּע. מיר האָבן אַרויסגעלאָזט אויפרופן, געצויגענע אויף ראָנעאָס. אָבער מיר זענען ווייט נישט געווען בכוח צו ענטפערן אויף אַלע פראַגן און צו פאַרעפנטלעכן אַלע ידיעות. בלויז כדי צו ענטפערן אויף די קריגס־קאָמוניקאַטן פון נאַצישן גענעראַל־שטאַב, וואָלט געווען נויטיק אַ טעגלעכע צייטונג. אָך, ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ „נייע פּרעסע״!

אָט האָט זיך דעם נאַצישן גענעראַל דיטריך פאַרגלוסט צו דערקלערן, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין פאַרניכטעט. דאָס איז געשען אין אָקטאָבער. לויטן געבעלסישן מעטאָד: וואָס גרעסער דער ליגן, אַלץ מער וועט מען אים גלויבן. עס האָבן נישט געפעלט קיין מענטשן, וועלכע האָבן זיך אינ־גאַנצן פאַרלוירן פון שרעק.

ביז עס וועט זיך אויפקלערן די דראַמאַטישע לאַגע אויפן פראָנט, האָט מען באַדאַרפט דערמוטיקן די באַפעלקערונג, שטאַרקן זייער גלויבן אין די כוחות פון ראַטנפאַרבאַנד.

מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ נומער אונטערערדישע „נייע פּרעסע״ וועגן גרויסן מיטינג אין מאָסקווע, ביים גרינדן דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. דער איינציקער וועג צום לעבן איז פאַר יידן געווען דער וועג פון קאַמף, נאָר דאַן האָט געהאַט אַ זין דער „עם ישראל חי״, האָבן מיר געפּריידיקט.

נישט בלויז אויף דער פריי האָבן מיר דערמוטיקט און גערופן צום קאַמף. אויך אין די לאַגערן, אין פּיטיוויע, אין באָן־לאַ־ראָלאַנד, אפילו אין דראַנסי. מיט גרויסע שוועריקייטן איז אונדז געלונגען אָנצוהאַלטן אַ קאָנ־טאַקט מיטן לעצטן לאַגער.

דראַנסי איז שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שוידער־נאָמען. נאָך מער נאָכדעם ווי די נאַציס האָבן, אַלס דיווערסיע, באַפרייט אַ פּאָר הונ־דערט אינטערנירטע, וועלכע זענען דאָרט קראַנק געוואָרן, צווישן זיי האָט זיך געפונען דער פריינט פוקס, דעלעגאַט פון דער געזעלשאַפט „ראַוואַ־

מאַזאָוויעצק" אין דער אָנפירונג פון דער פאָלקס־קליניק. די באַפרייטע זע־נען נישט געווען צו דערקענען. אייניקע זענען טאָקע באַלד נאָך זייער באַפרייאונג געשטאָרבן ביי זיך אין דער היים. זייער לוויה האָט אויפגע־טרייסלט די פּאַריזער יידן, באַזונדערס די יידן פון 11־טן — פון די גאַסן שאַראָן, באַפּרוא, — ווו עס האָבן געוווינט די קרבנות.

פאַרוואָס האָט מען באַפרייט מיטאַמאָל קראַנקע? זענען די הענקער געוואָרן בעלי רחמים?

ניין, עס איז געווען אַ דיווערסיע. זאָל מען מיינען, אַז „זיי" אינטער־נירן נאָר געפערלעכע מענטשן, קיין שלעכטס וועט מען די פאַרשלאָסענע נישט טון. מען האָט נאָר אָפּגעריייניקט פּאַריז פון אומגעוווּנטשענע עלע־מענטן...

די מוראדיקע באַדינגונגען פון דראַנסי האָבן אַריינגעפירט אַ היעראַר־כיע צווישן די לאַגערן. פרויען פון אינטערנירטע האָבן געהאַלטן, אַז עס איז שוין בעסער פאַר זייערע מענער צו זיצן אין פּיטיוויע ווי אין דראַנ־סי. נאָך אַ טייוולאָנישע אויסרעכענונג פון אָקופּאַנט: די גראַדאַציע אין דיליידן...

דורך דער חברטע פּאָקאַ, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן אַסך פעאיקייטן אין איר אַרבעט, דורך די אויסגעצייכנטע חברים אין די לאַגערן גופא איז דער קאָנטאַקט געווען אַ פּערמאַנענטער. אויף ווי ווייט מעגלעך האָבן די חברים זיך באַמיט איינצושטעלן אַ געהעריקע מאָראַליש־דיסציפּלינירטע אויפפירונג און אַ געוויסע קולטורעלע טעטיקייט.

די „סאָלידאַריטעט" האָט פאַרשטאַרקט אירע זאַמלונגען, וועלכע פלעגן פונקט ווי די פאַרטיילונגען פאַרעפנטלעכט ווערן. דער געזעלשאַפט־לעכער קאָנטראָל האָט פונקציאָנירט אויך אין די דאָזיקע באַדינגונגען פון אומלעגאַלער טעטיקייט.

די פרויען־דעלעגאַציעס האָבן זיך געמערט אין „רויטן קרייץ". עס האָבן נישט אויפגעהערט די באַזוכן ביי די טויערן פון די לאַגערן.

כדי צו דערמעגלעכן שנעלער צו ענטפערן אויף די נאַציסטישע ליגנס, האָבן מיר אויפגעשטעלט אייניקע ראַדיאָ־פּאָסטנס, וועלכע פלעגן יעדן אָוונט אויפנעמען דעם מאָסקווער ראַדיאָ. דעם 7־טן נאָוועמבער האָב איך מיט גרויס פרייד געהערט די מאָסקווער עמיסיע צום 24־טן יאָרטאָג פון דער רעוואָלוציע.

וואָס פאַראַ געפיל האָט מיך דאַן אַרומגענומען. כ'האָב געמוזט זיך באַהערשן. כ'האָב געוואָלט גיין אַלעמען דערציילן, וואָס כ'האָב אָקאָרשט געהערט אַזוי שטיל און אַזוי מעכטיק.

— די דייטשן ווילן אַ פאַרניכטונגס־מלחמה, זיי ווילן זי האָבן... מיר וועלן פאַרניכטן די דייטשע אינוואַזאָרן...

מיר פלעגן מיט האַרצווייטיק איבערשטעלן יעדן טאָג די פענדלעך אויף די קאַרטן, וואָס אַמאָל נעענטער צו מאָסקווע. וואָס וועט זיין ווייטער?

צום 7־טן נאָוועמבער האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצודרוקן אַ ספּעציעלן נומער „נייע פּרעסע" אין דער דרוקערײ פון חבר רודאָלף זיילער. אַלע מאַטעריאַלן זענען געווען צוגעגרייט און איבערגעשיקט צום זעצן דורך דער חברטע פּאָלאַ, „די שוואַרצע פּאָלאַ", די פרוי פון געוועזענעם שפּאַנישן מיליציאָנער, הערש צימערמאַן, אונדזער ערשטן פּאַרטיזאַנער.

דעם 6־טן נאָוועמבער פאַרנאַכט האָב איך זיך געפונען אויף אַ פאַר־זאַמלונג פון אַ „סאָלידאַריטעט"־קאָמיטעט אויף רי דע בעלוויל, אין אַ פּאַוויליאָן אַנטקעגנאיבער דעם קלויסטער. דאָ האָט מיר דער פאַראַנט־וואָרטלעכער פון קאָמיטעט, דער חבר פּילאַ, איבערגעגעבן אַן אויפשוי־דערנדיקע ידיעה: די געשטאַפּאָ האָט אָפּגעשטאָט אַ וויזיט אין דער דרו־קערײ פון חבר זיילער.

די יידישע דרוקערייען האָבן נאָך דאַן געאַרבעט לעגאַל, נאָר אונטער פּאָליצייאישן קאָנטראָל. דאָס הייסט, אַז די דרוקערײ־אייגנטימער פלעגן דאַרפן איבערשיקן אַן עקזעמפּלאַר אין דער פּראַנצויזישער פּאָליציי. צו פּלוצלונגדיקע וויזיטן זענען מיר געווען צוגעוווינט. ווען מיר פלעגן דרוקן פאַלשע נאַטוראַליזאַציע־אַקטן פאַר די חברים, וואָס זענען געוואָרן אומ־לעגאַל, פלעגן אַלע עקזעמפּלאַרן גלייך פאַרשווינדן, אפילו די שלעכט־גע־דרוקטע, און די שריפט פלעגט מען תיכף צעוואַרפן.

אַ וויזיט פון דער געשטאַפּאָ איז געווען אַ נייעס.

אָבער ווי איז עס מעגלעך, ווען איך אַליין בין געווען ביים חבר זיי־לער נאָכמיטאָג און קיינעם נישט געטראָפן? זענען „זיי" געקומען שפּע־טער? איך האָב געוווּסט, אַז די חברטע פּאָלאַ דאַרף אין אָוונט קומען אין דער דרוקערײ נאָך אַן אָפּצוג פון דעם נאָוועמבער־נומער. וואָס טוט מען אין דער אָוונט־שעה, כדי צו וואָרענען די באַדראָטע חברטע? ווו זוכט מען אויף די „שוואַרצע פּאָלאַ"? איר לעבן איז ממש אין געפאַר. אפשר אויך פון אַ רעדאַקטאָר, וואָס קאָן מיט איר גיין צו דער קאָרעקטור.

איך האָב פאַרלאָזן גלייך די זיצונג און אַוועק אויפזוכן עמעצן פון דער רעדאַקציע. כ'האָב געוווּסט, אַז זי קומט זיך צונויף ביי דער פרוי פון אַן אינטערנירטן, די חברטע גינאַ גאָלדשטיין, 4 ווילאַ גאַליאַרדיני, ביי פּאָרט דע לילאַ. אָבער דאָרט בין איך גאָרנישט דערגאַנגען. די צייט איז שנעל געגאַנגען און איך האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון. כ'בין דאַן אַוועק אויף 18, רי שאַבראָל, ווו עס האָט געוווינט די חברטע יענטל פּאַקין, די פרוי פון אַ געוועזענעם שפּאַנישן מיליציאָנער, לעאָן פּאַקין, אַ פּאַרטיזאַ־נער, וועלכע איז געווען גוט באַפריינדעט מיט דער „שוואַרצער פּאָלאַ". דאָ בין איך טאַקע דערגאַנגען איר אַדרעס. זי האָט געוווינט הינטערן קלויסטערל פון רי דע בעלוויל, אויף רי דע לאַ ווילעט, אַ פּאָר שריט פון הויז, ווו עס איז פאָרגעקומען אונדזער זיצונג, וואָס כ'האָב פאַרלאָזט. עס איז געווען אַ משונהדיקע געשיכטע.

כ'בין ווידער אַוועקגעלאָפן אויפן אָנגעגעבענעם אַדרעס און קיינעם נישט געפונען. די טיר איז געווען געשלאָסן. וואָס טוט מען ווייטער? עס דראָט דער חברטע פּאָלאַ אַ לעבנס־געפאַר און מיר קאָנען זי נישט טרעפן.

איך בין אַזוי אַרומגעלאָפֿן ביז אַרום 10 אָוונט, ווען כ׳בין געוואָר געוואָרן, אַז מען האָט איר צוגעבן געוויסן צוגעבן דורך דער חברטע יענטל, דאָס זי דאַרף נישט גיין אין דער דרוקעריי. אָבער זי איז שוין דורכגעגאַנגען אין דער דרוקעריי אַ שעה פֿאַר דער פּאָליציי, וועלכע האָט געפֿונען דעם זאַק פֿון אונדזער צייטונג און אַרעסטירט דעם חבר זיילער און זיין פֿרוי טאַני.

ח׳ זיילער איז געווען אַן איידעלער, אינטעליגענטער, באַוווסטזיניקער און גראַדליניקער רעוואָלוציאָנער. אַלס קינד שוין אין טשעכאָסלאָוואַקיע האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך די קאַמף־אידעאַלן אין זיין פֿאַמיליע פֿון אַלטע אַקטיווע סאָציאַליסטישע טוער, וואָס זענען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איינזעענדיק דעם פֿאַראָט פֿון 2־טן אינטערנאַציאָנאַל, אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

זינט יאָרן אין פֿראַנקרייך, איז ער שטענדיק געווען טעטיק אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ביים אָנהייב פֿון קריג האָט ער געשטעלט זיין קליינע דרוקעריי אין רשות פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

— דאָס איז מיין קאַמפּס־פּאָסטן — האָט ער דעריבער געזאָגט.

אויף דעם דאָזיקן קאַמפּס־פּאָסטן איז ער העלדיש געפֿאַלן. די מערדער האָבן אים גאַנץ שנעל געמשפּט און דערשאָסן.

דער פֿראָנט איז שוין דאָן דורכגעגאַנגען דורך פּאַריז. די ווידערשטענדלער פֿלעגט שוין מער דראָען ווי בלויז אינטערווענירונג. ביים חבר טשעבוצקי פֿון רי קראָזאַטיע האָט די פּאָליציי בלויז געפֿונען בלאָקן פֿון דער „סאָלידאַריטעט״. דאָך האָט מען אים געקעפּט אין דער תפֿיסה פֿון „סאַנטע״, דעם 24־טן סעפּטעמבער 1941, צוזאַמען מיטן קאָמוניסטישן דעפּוטאַט זשאַן קאַטלאַ און דעם יוגנט־פֿירער וואַג. ווידעראַמאָל „יודעאָ־קאָמוניזם״.

דער קאַמף איז געגאַנגען אויף לעבן און טויט. מען האָט געמוזט פֿאַרשטאַרקן די פּרינציפּן פֿון אומלעגאַליטעט. מען האָט פֿאַרבאָטן צו שלאָפֿן אַבי ווו, צו גיין אין וווינונגען אָן אַ קאָנטראָל, צו טרעפֿן זיך מיט דער פֿאַמיליע, צו פֿאָרן מיטן מעטראָ. מען האָט געדאַרפֿט זיך היטן פֿאַר אָבלאַוועס.

איך האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט ווו צו וווינען. איינמאָל בין איך אַפּילו געבליבן שטעקן אַרום 11 אָוונט אין גאַס אָן אַן אָרט פֿאַר אַ גלעלעגער. דער זייגער האָט זיך גערוקט. פֿון 12 אָן איז געווען ״קוווּר פֿע״ (פֿאַרבאָט צו געפֿינען זיך אין גאַס). נאָך 12 ביינאַכט קומט שטאַנד־געריכט. איך האָב פּרובירט אַנצוקלינגען אין דער וווינונג פֿון אַ באַקאַנטער אויף אַוועני סימאָן באָליוואַר. נאָר די פֿרוי האָט מורא געהאַט מיך אַריינצולאָזן, כ׳בין געווען אַ געפֿערלעכער מענטש, אַ ווידערשטענדלער. די מינוטן לויפֿן. עס איז שוין געווען 15 פֿאַר 12. וווּהין גיין? צו סתם אַ באַקאַנטן קאָן מען זיך נישט ווענדן. נישט אַלע ווילן ריזיקירן. אגב, האָב איך מער נישט געהאַט קיין צייט צו זוכן.

עס האָט געמוזט זיין אַ פּאָר מינוט פֿאַר 12, ווען כ׳האָב זיך דערמאָנט אין אַדרעס פֿון חבר פֿיינשטיין (געוועזענער סעקרעטאַר פֿון „טעלמאַן־קאָ־

מיטעט״, ווילנער), וואָס איז געווען אינטערנירט אין פּיטיוויע. איז ווער ביי אים אין דער וווינונג? דאָס הויז 66, אַוועני סימאָן באַליוואַר האָט געהאַט 8 שטאָק. מען האָט עס געקאָנט עפענען פון דער גאַס, אָבער נאָך 10 ביינאַכט מוז מען אָנגעבן דעם נאָמען ביים אַריינגאַנג. וואָס וועל איך זאָגן? איך האָב ריזיקירט, טראַכטנדיק, אַז אין לעצטן פאַל, אויב כ׳טרעף קיינעם נישט, וועל איך זיך פּשוט אַוועקזעצן אויף די שטיגן אויף אַ גאַנצער נאַכט. במילא וועט קיינער נאָך 12 נישט קומען אין הויז אַריין. כ׳האָב אונטערגעפּאָנפּעט עפּעס אַ נאָמען ביים עפענען דאָס טויער און בין מיט האַרץ־קלאַפּעניש אַרויף די שטיגן.

צום גליק האָב איך געטראָפן פיינשטיינס פרוי, ראַשקע, צוזאַמען מיט נאָך אַ פרוי פון אַן אינטערנירטן. די גאַנצע וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט אַ קיך. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט צוגעטון מיט קיין אויג. אַרום 6 פרי האָבן מיר געהערט אַ קלאַפּעניש ביים טויער אונטן. ווער ווייסט? אפשר אַ פרישע אַבלאַווע? ווען עס איז אַביסל שטיל געוואָרן, האָב איך פאַרלאָזט די וווינונג און זיך אַרומגעדרייט 3 שעה איבער די גאַסן ביז מיין ערשטן ראַנדעוווּ.

כ׳האָב באַשלאָסן צו געפינען אַן אויסוועג און נישט וואַרטן אויף ענלעכע אומאָנגענעמע און געפערלעכע סיטואַציעס. איינמאָל, ארויסגייענדיק פון דער וווינונג פון מיין שוואָגער ביי רי האַקסאָ, האָב איך באַמערקט אַ צעטל וועגן אַ וווינונג צו פאַרדינגען. אָט די צעטלעך האָבן קיינמאָל נישט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. דאָס מאָל איז מיר אַדורך אַ געדאַנק: פאַרוואָס נישט דינגען אַ וווינונג?

באַלד האָבן זיך געשטעלט אַ ריי פראַגן פאַר מיר: ווי אַזוי? מיט וועלכע דאָקומענטן? מיט דער פאַלשער קאַרטע? אויב מען וועט זי דערקאָנען, בין איך אַ פאַרשפּילטער.

לאָמיר פּרובירן. אַן אַלטע פרוי האָט מיך אויפגענומען. דאָס האָט מיך באַרואיקט. כ׳פרעג זיך נאָך וועגן די באַדינגונגען, רואיק פאַמעלעך, וועגן די באַקוועמלעכקייטן, די שכנים. זענען נישט פאַראַן קיין קינדער? כ׳בין אַן אַלטער בחור, וואָס האָט פיינט גערודער. כ׳לעב רואיק. כ׳גיי אַרויס אינדערפרי צו דער אַרבעט און קום צוריק אין אָוונט, וויל איך זיך אויסרוען.

האָב איך געוווּנען איר צוטרוי? ווער ווייסט זיי, די פאַריזער קאָנסיערזשקעס? העפלעך איז זי, נאָר וואָס באַהאַלט זיך אונטער דער העפלעכקייט פון אַ קאָנסיערזשקע?

— יאָ, כ׳קאָן אייך פאַרדינגען דאָס צימער מיט אַ קיך אויף 74, רי ראַמענוויל. איר קאָנט עס אָנקוקן. איר זענט נישט אַמאָל אַ ייד?

אָט האָסטו דיר! העפלעך, אָבער צו וואָס זי וויל דערגיין.

— וואָס פאַלט אייך איין... אָט זענען מיינע פאַפּירן.

און איך נעם אַרויס שטאָלץ מיין קאַרטע. נאָר כ׳גיב זי איר נישט אין האַנט אַריין.

אַ טאָג שפּעטער האָב איך באַקומען דעם שליסל, איינגעצאָלט פֿאַר אַ קוואַרטל און זיך געזעגנט מיט דער קאָנסיערזשקע. באַגלייטנדיק מיך צו דער טיר, זאָגט זי צו מיר:

— אַ שאָד, וואָס צום קלויסטער איז אַביסל ווייט פֿון דאַנען. נישטאָ אין שכנות קיין קירכע. נאָר מילא, איר וועט זיך שוין אַן עצה געבן.

— כ׳וועל זיך שוין אַן עצה געבן. זונטיק וועט מען זען.

(נאָך דער באַפרייאונג איז פֿאַרגעקומען אַן איבעררעגיסטראַציע פֿון אַלע אויסלענדער. איך האָב זיך געוויסיקט אין אַ וווינונגס־שיין, אַ סערטיפֿיקאַ דע דאָמיסיל, כדי זיך פֿאַרצושטעלן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. ווען כ׳האָב אים געבעטן ביי דער קאָנסיערזשקע פֿון רי ראַמענוויל, האָט זי מיך גע־פֿרעגט: — אויף וועלכן נאָמען אים אויסשטעלן? האָב איך זי אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט: וואָס הייסט, איר קאָנט נאָך נישט מיין נאָמען? — אָ, כ׳האָב געוווּסט, אַז ער איז אַ פֿאַלשער, נאָר מיך האָט עס נישט געאַרט — האָט זי געלאַכט).

מיט דער הילף פֿון אונדזער פֿריינט אַלבערט האָט מען צונויפֿגע־זאַמלט אַביסל מעבל און איך האָב זיך מיט מזל אַריינגעצויגן אין דער דירה. אַבי כ׳האָב געהאַט ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן נאָך אַ טאָג אַרומ־לויפֿן איבער דער שטאָט.

איך האָב געדאַרפֿט אַכטונג געבן נישט אַהיימצוקומען צו פֿרי, כדי נישט צו באַגעגענען באַקאַנטע יידן, וואָס האָבן געוווינט אויף דער זעל־בער גאַס. בלויז מיין פֿרוי האָט געקאָנט מיין אַדרעס, אָבער אויך זי האָט נישט געדאַרפֿט קומען אין שעהן, ווען מען האָט זי געקאָנט טרעפֿן אין גאַס. מיטאָג פֿלעג איך עסן אין שטאָט. אין אָוונט פֿלעג איך אַהיימברענגען אַ „גאַמעל". סילווין, מיין טעכטערל האָב איך בכלל נישט געטאָרט אויפֿ־נעמען ביי זיך. כ׳בין דאָך געווען אַן אַלטער בחור. פֿאַני איז אָנגעגאַנגען אַלס מיין געליבטע.

נאָר וויִסערע געליבטע זענען מיר געווען? יעדער ראַנדעוווּ האָט געמוזט ווערן אויסגערעכנט, — נישט צו שפּעט, נישט צו פֿרי. דאָס אַהיימ־קומען, דאָס אָוועקגיין פֿלעגן אָוועקפֿטרן די הייליקסטע געפֿילן. דער מוח האָט געהאַלטן אין איין חשבונען: זיי פֿאַרזיכטיק, פֿאַרשיט זיך נישט, זיי פֿאַרזיכטיק מיט דיינע ליבסטע, דיין פֿרוי, דיין קינד.

שפּיל די ראָל פֿון אַ „ליבהאָבער", ווען דיר קלאַפּט דאָס האַרץ יעדן טאָג. ביים אַרויסגיין פֿון הויז, ביי די ראַנדעוווּען מיט חברים, אין די שטובן אויף די זיצונגען, אויף פֿאַרזאַמלונגען, די נערוון אָנגעשטרענגט אַ גאַנצן טאָג, און אין דיין וווינונג — מיט אַן אומלעגאַלן נאָמען — ביס־טו זיכער? ווער זענען דיינע שכנים? וואָס טראַכטן זיי וועגן דיר? וואָס גריבלט זיך אין קאָפּ פֿון דער קאָנסיערזשקע?

כ׳פֿלעג מיר אַליין שיקן ברייוו. עס זאָל הייסן, אַז כ׳בין נישט קיין ווילדער מענטש. כ׳האָב משפּחה, כ׳האָב פֿריינט. נאָר קיינער קומט נישט צו מיר. כ׳בין אַ „פֿאַרשלאָסענער אין זיך". אויסער איין פֿרוי.

מיר האָבן זיך דערנענטערט צום ווינטער. אויפן מזרח איז שוין געווען קאַלט. עס איז שוין געפאַלן שניי. אָבער קיין מאָסקווע זענען „זיי" נאָך נישט אָנגעקומען. „זיי" האָבן טאַקע זיך געגרייט צו טרינקען קאַווע אויף ביי־יאָר אין דער סאָוויעטישער הויפּט־שטאָט, נאָר דערביי האָט עס נישט געהאַלטן.

דערווייל זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אין די פּאַריזער שפּי־טעלער זענען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט געפרוירענע סאָלדאַטן, ווער אַ פוס, ווער אַ האַנט. צוליב דעם, הייסט עס, האָט מען זיך געניטיקט אין די באַראַקן מיט טאָפּלטע ווענט, וואָס מען האָט באַשטעלט אין סאָוויני־סיר אָרזש?

דער „גענעראַל ווינטער" איז שולדיק געווען אין די צרות פון די נאַ־ציס. וואָס־זשע האָט דער היטלערישער גענעראַל־שטאַב געמיינט וועט קר־מען אין רוסלאַנד נאָכן האַרבסט?

דער עולם האָט גענומען צווייפלען אין די זיגערישע קאָמוניקאַטן פון דער ווערמאַכט. מיר האָבן פאַרשטאַרקט אונדזער טעטיקייט. עס פלעגט מיר אויסקומען צו האָבן ביז 12 ראַנדעוווען אַ טאָג. כ'האָב באַקומען אַ פּערזענלעכע פאַרבינדלערין. יעדער פאַראַנטוואָרטלעכער האָט שוין דאַן געהאַט אַ באַזונדערע פאַרבינדלערין. זיי פלעגן דאַרפן פאַרגעדענקען אַלץ, וואָס מען פלעגט זיי איבערגעבן מינדלעך, ווי אויך די ענטפערס, וואָס מען פלעגט זיי געבן אויף די געשטעלטע פראַגן. זיי האָבן געדאַרפט קאָ־נען זיך שנעל אָן עצה געבן, באַהאַלטן דאָקומענטן, זיין דרייסט, פלינק און שנעל זיך אָריענטירן.

אָפט האָט מען געפילט, ווי זיי ליידן פון זייער איינזאַמקייט, פון זייער שווער לעבן. אָט גייסטו מיט אַ פאַרבינדלערין, חזרסט איבער די פראַגן צו דערליידיקן. דו זעסט, אַז זי הערט נישט. זי איז פאַרחלומט... פאַר־זאָרגט... אַך, דאָס אומלעגאַלע לעבן. ביינאַכט אַליין אין אַ קאַלטער שטוב. נישטאָ צו וועמען אַ וואָרט צו זאָגן, פון וועמען צו הערן האַרציקע פּשוטע רייד. די איינזאַמקייט קאָן פאַרהאַרטעווען, אָבער אויך צעברעכן.

— אונדזער לעבן איז שווער — האָט אַמאָל געזאָגט אַ פאַרבינדלע־רין. איך בענק שטאַרק נאָך מיין סרולעקן, ער איז אין פּיטיוויע.

דאָס האָט זי מיר געזאָגט, נאָכדעם ווי מיר זענען לאַנג אַרומגעגאַנגען. איך האָב נישט באַגריפן, פאַרוואָס האָט דעם טאָג איר קאָפּ נישט געאַר־בעט. איך האָב רחמנות באַקומען אויף איר. נאָר באַלד האָב איך זיך פאַר־שעמט. רחמנות? פאַרוואָס? די דאָזיקע חברטע האָט פיינט דאָס רחמנות־געפיל. זי איז אַ קעמפערין, זי האָט עס מיר נאָר געזאָגט, כדי איך זאָל פאַרשטיין איר געמיט, אָבער איר מוט איז שטאַרק. מען דאַרף נאָר אין זינען האָבן, אַז די פאַרבינדלערינס זענען נישט קיין איינרעגיסטריר־מאַ־שינען, נאָר מענטשן, מיט מענטשלעכע שוואַכקייטן. זיי זענען מוטיקע און באַקעמפן זייערע שוואַכקייטן, ווייל דער קאַמף איז דער זין פון זייער לעבן.

טייערע חברטעס, העלדישע פרויען. צו וועלכע מאָראַלישע הויכן איר זענט דערגאַנגען. אין אייער באַהערשטער פיין איז געווען אַזוי פיל ווייב־לעכקייט, אַזוי פיל העראָאיזם.

די באַדינגונגען פון אומלעגאַליטעט זענען געוואָרן וואָס אַמאָל שווע־רער. מען האָט געדאַרפט זיך גוט היטן אין גאַס. אין די „יידישע" גאַסן איז כמעט געווען ווי אוממעגלעך אַדורכצוגיין. אויף רעפובליק פלעג איך מער נישט גיין. דעם בעלוויל פלעג איך אויסמיידן.

כ'האָב געטראָגן אַ העלן גאַבאַרדין־מאַנטל, דעם הוט פאַרבויגן פון פאָרנט. כ'בין ענלעך געווען, מן הסתם, צו אַ פאָליציי־אינספעקטאָר. איינ־מאָל אַריינגייענדיק אין אַ רעסטאָראַן האָט מען זייער העפלעך זיך אָפגע־זאָגט מיך צו באַדינען. מען האָט געמיינט, אַז כ'זוך דאָ דעם שוואַרצן מאַרק.

אַ געוויסן פרימאָרגן האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ חבר אויף אַ באַנק אין גערטנדל ביים „טור סען זשאַק". עס געדויערט נישט קיין 10 מינוט, ווי אויף אַן אַנטקעגנאיבערדיקער באַנק זעצט זיך אַוועק אַ מאַן. באַלד קומט אָן אַ צווייטער. זיי שמועסן עפעס צווישן זיך, אונדז ווערט נישט היימלעך, אָפטראָגן זיך איז געפערלעך, מיר וועלן ציען אויף זיך זייער אויפמערקזאַמקייט. בלייבן זיצן איז אויך נישט גוט. ווער ווייסט, צי זיי מיינען נישט אונדז? מיר נעמען זיך וויצלען און שטיפן, כדי נישט אַרויס־צווייזן אונדזער אומרו. מיטאַמאָל הויבט זיך אויף איינער פון אונדזערע שכנים און גייט שנעל אַוועק. דער צווייטער וואַרט נישט לאַנג און פאַר־שווינדט אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

ערשט דאַן האָבן מיר זיך צעלאַכט אויפן קול. זיי האָבן זיך גאָר פאַר אונדז דערשראָקן.

אַן אַנדערש מאָל, אַריינפאַלנדיק אין אַן אָבלאַווע ביי אַ מעטראָ, בין איך דורכגעגאַנגען ... אַריין צווישן די „פליקעס" (פאָליציאַנטן) מיט אַ ברייטן:

— „פאַרדאָן מעסיע..."

און בין געגאַנגען ווייטער.

צוגיין צו אַ פאָליציאַנט פרעגן אויף אַ גאַס פונקט אין מאָמענט פון אַן אָבלאַווע איז געוואָרן אַ געוווינהייט.

כ'בין מער נישט אַרויסגעגאַנגען פון דער וווינונג, נישט אַרומקוקנדיק זיך עטלעכע מאָל. כ'בין אויך נישט צוריקגעקומען, איידער כ'האָב דורכ־געשפּרייזט עטלעכע גאַסן, כדי צו זען, צי כ'בין אַליין.

קילאָמעטערס פלעג איך דורכמאַכן טעגלעך. צופוס פון פאָרט ד'אי־טאַלי ביז פלאַץ סענט־אַגיסטען, פון דאַנען ביז פאָרט סען־קלו און פון דאָרטן ביז פאָרט דע לילאַ, אַ"ייס צו מיר. כ'האָב זיך באַקענט מיט פּאַריז, וועלכן כ'האָב אין מיינע קנאַפּע 10 יאָר וווינען אין דער הויפּט־שטאָט כמעט ווי נישט באַמערקט. אין דער אמתן פלעג איך אויך נישט קוקן אויף דער ווונדערבאַרער שטאָט, נאָר אויף מיין שאָטן. ווער קאָן דען וויסן ווער עס איז דער מאַן, וואָס גייט פאַרביי און קוקט מיך אָן? צי

שטייט דאָרט יענע פּרוי צופּעליק ביים שוי־פענצטער פון מאַגאַזין אָדער מאַכט זי דאָס מיט אַ כוונה? צי איז דער בליק פון דעם מאַן אין דעם גאַ־באַרדין אַ צופּעליקער אָדער האָט ער מיך דורכגעשפּיזט?

אין די קאַריקאַטורן שטעלט מען פאָר אַ פּאָליציי־אינספּעקטאָר מיט אַ האַרטן הוט, אַ „שאַפּאָ־מעלאָן", מיט אַ פּאָר וואָנצעס, שיך מיט טשוועקעס און אַ שירעם. דאָס איז אַ קאַריקאַטור. אין דערווירקלעכקייט זעט ער אַנדערש אויס. ער איז ווי יענע שלאַנג, וואָס בייט די קאָליר פון איר הויט לויטן קאָליר פון דער סביבה. צי בין איך אָבער נישט אַמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ „פאַרפאַלגונגס־מאַניע"? זענען זיי טאַקע אומעטום? און אַז עס פליען קוילן פון אַלע זייטן, גייט מען נישט אויפן פראָנט?

מיטן אָנקומען פון ווינטער האָט די ווערמאַכט איינגעשטעלט געוויסע אַטעליעס, ווו מען האָט גענומען אויסאַרבעטן פעלצלעך פאַרן פראָנט. אין דער דאָזיקער בראַנזשע האָט זי געזוכט אויסצונוצן די יידישע קענטענישן, ווי זי האָט דאָס געטון אין אַנדערע בראַנזשעס. און עס האָבן זיך געפונען יידישע אונטערנעמער, וועלכע האָבן געזוכט אויסצונוצן די געשאַפענע קאָניונקטור. אין דער טריקאָ־בראַנזשע האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט צו־שטעלן פאַרטיקע סחורה אין די פאַרשידענע איינקויפס־שטעלעס. אין דער פוטער־בראַנזשע האָבן געוויסע יידישע אונטערנעמער „אויסטויגערס" געעפנט וואַרשטאַטן צוזאַמען מיט נאַציס און אָנגעשטעלט יידישע אַר־בעטער.

די דאָזיקע מנוולים האָבן זיך שנעל גענומען באַרייכערן, אַרומפאָרן אין נאַצישע וועגענער, געוואָרן „פאַן־בראַט" מיט די אָפיצירן פון די ביו־ראָען, אַרומגעהוליעט מיט זיי. די געלט־גייציקייט האָט פאַרשטעלט אַלע געפילן, געלט האָט נישט געהאַט פאַר זיי קיין ריח. לעב אַ טאָג... אַ טאָג, אָבער נישט מער: אָט האָט מען שוין אַרעסטירט אייניקע יידישע גאָלד־הענדלער, וועלכע האָבן שפעקולירט מיט די אָקופּאַנטן, אויך אַ שטריקער זיצט שוין אין דראַנסי. זיי וועלן פאַרלירן סיי עולם הזה, סיי עולם הבא. זיי האָבן געמיינט צו שפילן אַ שטיקל שפיל, אַריינכאַפּן וויפל עס לאָזט זיך און נאָכדעם זיך צוריקציען... די שפיל ענדיקט זיך אין דראַנסי פאַר אַסך...

מיר האָבן פאַרעפנטלעכט זייערע נעמען אין אונדזער צייטונג. הגם זי איז געווען אומלעגאַל, איז זי אָבער צו זיי דערגאַנגען. דאָס האָט געהאַט אַ געוויסע אויסווירקונג, סיי אויף די, וועמענס נעמען מיר האָבן פאַר־עפנטלעכט, סיי אויף אַנדערע.

אָבער אַ פּראָבלעם האָט זיך געשטעלט וועגן דער באַציאונג צו די אַרבעטער פון די דאָזיקע וואַרשטאַטן. דאַרף מען זיי לייגן אין חרם אַריין?

אין דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געפאָ־דערט צו באָיקאָטירן אַלע די, וואָס באַשעפטיקן זיך אין אויסאַרבעטן סחורות פון פראָנט. קאָן מען אָבער אַ מאַסע לייגן אין חרם? האָט עס אַ זין און אַן אויסווירקונג? ווו זאָל זי נעמען אויף ברויט, אַז קיין אַנדערע

אַרבעט עקזיסטירט נישט פאַר איר? געוויסע חברים האָבן געטענהט: הייסט עס — כדי צו לעבן, דאַרף מען אַרבעטן פאַרן שונא?

די דיסקוסיעס זענען פאָרגעקומען אין די גרופּעס און זיי האָבן געפֿונען דעם אויסוועג: סאַבאָטירן די פּראָדוקציע. דאָס הייסט פאַרשנעלערן די מפּלה פון שונא.

די באַוווסטזיניקע אַרבעטער האָבן באַלד אויפגענומען די לאָזונג.

די פּעלצלעך זענען געגנייט געוואָרן מיט אַ דינעם פאָדעם. די שטעך זענען געווען שיטערע, קוים וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן. די לעדערנע הענטשקעס זענען געווען שלעכט צוגעשניטן, קורץ גענייט, די פינגער ענגע, די לעדער — פאַרטריקנט, קוים מעגלעך אַריינצוטון אַ האַנט. די פּוּלאָווערס זענען געווען לייכטע, קורצע, ענגע, נישט אַדורכצושטופּן דעם קאָפּ.

די פראַנצויזישע אַרבעטער האָבן סאַבאָטירט די גרויס־אינדוסטריע, די יידישע — די קליין־אינדוסטריע.

דער שונא, פון זיין זייט, האָט געזוכט מיטלען ווי אַריינצושלעפּן די יידישע באַפעלקערונג אין זיין נעץ, אָפּטעמפּן דעם קאַמפס־גייסט, כלאָראָפאָרמירן. זינט אייניקע חדשים האָט דער שטורעמבאַנפירער דאנעקער געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט געוויסע יידישע פערזענלעכקייטן, די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַלע עליטע", וואָס האָט שטענדיק געהאַט אַ פול מויל מיט יידישקייט. אָט די „שיינע" יידן האָבן זיך געלאָזט איינלאַדן אין דאַנעקערס ביוראָ און מיט אים פריינטלעך געשמועסט וועגן שאַפן אַ מכלומרשטע רעפּרעזענטאַנץ פון די יידן אין פראַנקרייך, אַ נאַציאָנאַלע קהילה. צו וואָס אַ רעפּרעזענטאַנץ? דאַנעקער האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז לטובת דער יידישער באַפעלקערונג. זיינע מיט־שמועסער האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן דעם „יעקע" איבערכיטרעווען. מען וועט איינגיין אויף זיינע פאָרשלאָגן און מען וועט שוין זען שפּעטער. געפּענטעט דורך זייער טראַדיציאָנעלער שתדלנות־פּאָליטיק האָבן זיך די יידעלעך געטראַכט, אַז מען וועט ביים „גוי" עפּעס אויספּועלן, און דערווייל וועט מען אַליין זיין באַשיצט. עס וועלן טאָקע פאַלן קרבנות — האָבן זיי אַליין מודה געווען — אָבער דאָס איז דאָך געווען אומפאַרמיידלעך, מען האָט געדאַרפט נאָר זען, אַז זיי און די זייעריקע זאָלן נישט זיין צווישן די שפּענדלעך, וואָס פאַלן אומבאַדינגט ביים האַקן האָלץ.

אגב, ווי זשע זאָלן זיי אַנדערש מאַכן? אין זייער וועלט דאַרף מען זיך שטענדיק אַליין אויסטויגן און וואָס נענטער צום שטאַרקן, אַלץ זיכערער איז מען.

דער שטאַרקער איז געווען דער אָקופּאַנט. יעדנפאַלס אינעם מאָמענט. אָט איז ער געגאַנגען אפילו אויף מאָסקווע און דער אַלטער „זיגער פון ווערדען", פּעטען, האָט דאָך געזאָגט, אַז פראַנקרייך האָט פאַרשפּילט די מלחמה. אויב וועלן „זיי" איינגעמען מאָסקווע, איז גלייכער, אַז „מיר" זאָלן מיט זיי זיך חברן באַצייטנס.

דעם 29־טן נאָוועמבער 1941 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ביולעטין פון דער אָקופּאַציע־מאַכט די מיטיילונג וועגן דער גרינדונג פון „ארזשיף" („אוניאָן זשענעראַל דעז איזראַעליט דע פראַנס") — דער אַלגעמיינער פאַרבאַנד פון די יידן אין פראַנקרייך.

דער „אוזשיף" האָט אויסגעשפּרייט זיינע „שוץ־פליגלען" אויף פאָלגענדיקע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס: פעדעראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן, „אָרט", „עקלערער איזראַעליט" (רעליגיעזע סקויטן), „אָזע", ס. אַ. ר. (הילף־קאָמיטעט פאַר פליכטלינגע — דער זעלבער, וואָס האָט אָפּגעזאָגט די סובווענציעס פאַר דער פאָלקס־קיך פון רי סענטאָנזש), אַליאַנס איזראַעליט, „היצעם", קאָלאָני סקאָלער, ווי אויך די קיכן פון „בונד", פון די לינקע פועלי ציון, אויף רי רישע און רי עלזעוויר.

אַלס פּרעזידענט איז באַשטימט געוואָרן דער באַנקיר אַנדרעי באָר און אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר — ראַאול לאַמבער, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָנסיסטאָריע.

אָפיציעל האָט דער „אוזשיף" געטראָגן אַן אויטאָנאָמען כאַראַקטער. ער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו רעפּרעזענטירן די יידן ביי דער עפנטלעכער מאַכט, באַזונדערס אין פראַגן פון שטיצע, רעקלאַסירונג און סאָציאַלער הילף. ער האָט באַדאַרפן איבערנעמען דאָס אייגנטום פון די פונאַנדערגעלאָזטע יידישע אָרגאַניזאַציעס. די ירושה איז באַשטימט געוואָרן פאַר זיין טעטיקייט. אַלע יידן זענען געוואָרן אָבליגאַטאָריש מיטגלידער און האָבן געדאַרפט צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל.

אויף אייביק וועלן די נעמען פון די, וואָס האָבן געדריקט די האַנט פון דאנעקער, זיין באַדעקט מיט שאַנדע. דאָס פאָלק וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן זייער בגידה.

אין אָפענעם און דירעקטן קאַמף קעגן אָקופּאַנט זענען מיר געבליבן די איינציקע יידישע אָרגאַניזאַציע.

נאָך דראַנסי איז געקומען אַ פרישע אָפּעראַציע. לויטן נוסח פון די איינלאַדונגען פון חודש מאַי איז דערשינען אָנהויב נאָוועמבער אַ קאָמוניקאַט אין דער פּרעסע, איינלאַדנדיק אַלע יידן, געוועזענע פראָנט־קעמפער פון די מלחמות 1914־1918 און 1939־1940 צוצושטעלן זיך צווישן 5־טן און 12־טן נאָוועמבער אין פאָליציי־קאָמיסאַריאַט פון זייער קוואַרטאַל, כדי פעסטצושטעלן זייערע מיליטערישע טיטלען, פאַרדינסטן, דעקאָראַציעס אא"וו.

עס האָט ווידער געזאָלט מאַכן אַן אומשולדיקן איינדרוק. נאָך מער: פיל געוועזענע פראָנט־קעמפער איז געקומען אויפן זינען, אַז זיי וועלן אַזוי אַרום גאָר באַקומען געוויסע פּריווילעגיעס.

טרויעריק איז אָבער געווען די רעאַליטעט. די דייטשן האָבן אַזוי אַרום באַקומען אַ גרייטע ליסטע פאַר ווייטערדיקע רעפּרעסיעס.

דאָס איז געשען אָנהויב דעצעמבער. דעם 7־טן האָט אַמעריקע דערקלערט קריג די דייטשן. די רוגזה האָט אַרומגעכאַפּט די נאַציס.

זיי האָבן אַרויסגענומען פון דער אַקטן־טאַש די צוגעגרייטע ליסטע.

דעם 12־טן דעצעמבער האָבן די פּאָליציי און די זשאַנדאַרמעריע אָנגע־הויבן דורכצופירן אַ גאַנצע ריי אַבלאַוועס, דאָס מאָל דווקא אין די מערב־קוואַרטאַלן, צווישן דער „עליטע" פון די פראַנצויזישע יידן. זיי האָבן פאַרכאַפּט עטלעכע הונדערט, ביז אַ טויזנט אינטעלעקטועלע, מיטגלידער פון ליבעראַלע פּראָפעסיעס און זיי אַוועקגעשיקט קיין קאָמפּיען, אין אַ לאַגער, ווו עס האָבן זיך שוין געהאַט געפונען פראַנצויזישע קאָמוניסטן, ווי אויך רוסישע קריגס־געפאַנגענע.

כאַראַקטעריסטיש, אַז פון די דאָזיקע אַבלאַוועס האָבן געליטן גאָר די יענע קרייזן, פון וועלכע עס האָט זיך רעקרוטירט די אָנפירונג פון „אוזשיף" — די קאָנסיסטאָריע, די איינגעזעסענע יידן.

דעם 14־טן דעצעמבער זענען די פּאַריזער מויערן פאַרקלעפּט געוואָרן מיט פּלאַקאַטן, וועלכע האָבן געעפנט די עפּאָכע פון מאַסן־טעראָר. די פּלאַקאַטן זענען געווען אונטערגעשריבן דורך דעם באַפעלסהאַבער פאָן שטולפּנאַגעל און האָבן אָנגעזאָגט פאָלגנדיקע רעפּרעסיעס אַלס ענטפער אויף אַן אַטענטאַט קעגן דייטשע אָפיצירן פון 28־טן נאָוועמבער:

1) אַ שטראָף פון אַ מיליאַרד פראַנק אויף די יידן פון דער פראַנצוי־זישער אָקופּירטער טעריטאָריע (דער כבוד פון איינקאַסירן די אַסטראָנאָ־מישע סומע איז צוגעטיילט געוואָרן דעם „אוזשיף");

2) אַ גרויסע צאָל „פאַרברעכערישע יודעאָ־באָלשעוויסטישע עלע־מענטן" וועלן דעפּאָרטירט ווערן צו צוואַנגס־אַרבעט אויף מזרח, און 100 יידן, קאָמוניסטן און אַנאַרכיסטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו די אַטענטאַטן, וועלן דערשאָסן ווערן.

די עפּאָכע פון קאָלעקטיווע רעפּרעסיעס האָט זיך אָנגעהויבן.

די געבורט פון „אוזשיף" איז גלייך געזיגלט געוואָרן מיט יידיש בלוט.

דעם 15־טן דעצעמבער האָט די געשטאַפּאָ דערמאָרדעט אויפן מאָנ־וואַלעריאַן 100 מאַן, צווישן וועלכע 53 יידישע ערובניקעס פון דראַנסי. צווישן די יידן זענען געווען אייניקע קאָמוניסטן, ווי משה בורשטין. אָבער די גרעסטע צאָל פון די קרבנות האָט מיט פּאָליטישער טע־טיקייט גאָרנישט געהאַט צו טון. עס איז דערמאָרדעט געוואָרן דער שוואָגער פון אונדזער פריינט אַלבערט, בערל פיילער, אַ פּשוטער פּאָלקס־מענטש, ווי אויך דער שטריקער־פאַבריקאַנט זאמבראָווסקי און פיל אַנ־דערע.

אין דער דאָזיקער שחיטה איז געפאַלן דער וווּנדערבאַרער מענטש, גאַבריעל פּערי, דער קאָמוניסטישער פירער, גלענצנדיקער זשורנאַליסט און רעדנער, און דער זייער פעאיקער זשורנאַליסט פון דער „הימאַניטע", ליסיען סאַמפּעקס, אין וועמען די פאַשיסטן האָבן מן־הסתם גענומען נק־מה פאַר זיין סעריע אַרטיקלען, ערב דער מלחמה, אין וועלכע ער האָט דעמאַסקירט די נאַצישע 5־טע קאָלאָנע אין פראַנקרייך.

ווידעראַמאָל איז פּאַרייניקט געוואָרן אין אַ ברידער־קבר יידיש און נישט־יידיש בלוט. די נאַציס האָבן נאָכאַמאָל געוואָלט באַווייזן, אַז גאָר יידן און קאָמוניסטן ברענגען אומגליק אויף פראַנקרייך. ווען נישט זייער ווידערשטאַנד, וואָלטן נישט פאַרגעקומען קיין עקזעקוציעס, קיין אָבלאַ־וועס, קיין רדיפות. דער באַרבאַרישער אָקופּאַנט האָט געמיינט, אַז די קאָ־מוניסטישע פּאַרטיי האָט סתם אַזוי זיך דערקלערט: „דאָס פאָלק פון פראַנקרייך וועט קיינמאָל נישט זיין קיין שקלאַף". ער האָט פאַרבאַהאַלטן פאַר דער עפנטלעכקייט די מוטיקע און העראָאישע האַלטונג פון גאַבריעל פּערי ערב דער עקזעקוציע. מיר אָבער זענען שנעל דערגאַנגען, אַז מען האָט דעם העלד אָנגעבאָטן צו ווערן באַפרייט פאָרן פּרייז פון אונטער־שרייבן אַ דעקלאַראַציע פון טריישאַפט צום מאַרשאַל פּעטען. אָבער גאַ־בריעל פּערי האָט מיט עקל אָפּגעוואָרפן דעם שענדלעכן מסחר. אין זיין לעצטן בריוו האָט ער געשריבן: „כ'האָב געמאַכט אַ חשבון־הנפש. ער איז פּאָזיטיוו. אויב וואָלט איך באַדאַרפן אָנהייבן מיין לעבן פונדאָסניי, וואָלט איך געגאַנגען דעם זעלבן וועג".

אַזוי איז העלדיש געפאַלן גאַבריעל פּערי. אַזוי זענען געפאַלן די אַנ־דערע פראַנצויזישע קאָמוניסטן. אַזוי איז געשטאָרבן משה בורשטין. אַזוי פאַלן אין קאַמף אונדזערע טוער. ווי הימל פון ערד, אַזוי ווייט זענען גאַבריעל פּערי און משה בורשטין פון די פאַררעטער פון ווישי און פון די פּחדנים פון „אוזשיף". די ברוינע קהילה האָט זיך גאָר באַזונדערס אויסגעצייכנט אין די טעג פון איר געבורט, געזיגלט דורכן הייסן בלוט פון די ערובניקעס פון דראַנסי. די אָנפירונג, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך „אָנגעזעענע" יידן פון פראַנקרייך — איז קאָנטראָלירט גע־וואָרן דורך צוויי נאַצישע יידעלעך, ספּעציעל אימפּאָרטירט פון עסטרייך — ביבערמאַן און איזראַעלסקי. די „אוזשיף"־לייט האָבן גלייך באַקומען אַ פאָלקס־צונאָמען: „די ברוינע יידעלעך".

און אָט די דאָזיקע קהילה־פאַרזאָרגער מיטן גענאַד פון די נאַציס האָבן זיך דערלויבט צו באַרעכטיקן די עקזעקוציע פון די ערשטע יידישע ערובניקעס.

— מ'האָט נישט דערשאָסן קיין יידן, נאָר קאָמוניסטן — האָבן זיי געזוכט צו פאַרענטפערן זייער פאַרראַט פאַר אַ דעלעגאַציע פון פרויען פון אינטערנירטע. (אין שאַטאָבריאַן האָט אַ דייטשער אָפיציר מיט ביטול געמיינט צוצונעמען ביי די העלדישע פראַנצויזישע ערובניקעס זייער ביר־גערשאַפט: „קאָמוניסט פּאַ פראַנסע" — קאָמוניסטן זענען נישט קיין פראַנ־צויזן). אָ, איראָניע, די יידישע משרתים פון אָקופּאַנט האָבן אויסגעשטעלט אַטעסטאַטן פון יידישקייט!

פּאַריז האָט געשטורעמט פון כעס און צאָרן. דער צונאָמענשטעל פון דער ליסטע פון די קרבנות האָט באַשטעטיקט אונדזער טעזיס, אַז דער אָקופּאַנט וויל טעראָריזירן דאָס לאַנד, דאָס הינטערלאַנד פון פראָנט. און די ברוינע יידעלעך ווילן, אַז יידישקייט זאָל זיין אַ סינאָנים פון אַנטי־קאָ־מוניזם, פון פאַראַט, פון פּחדנות, פון געמיינהייט.

איר האָט געמאַכט אַ טעות, נאַצישע משרתים: יידישקייט האָט געהייסן שטאָלץ און מוט, סיי אין קאַמף פאַרן כבוד, ווי פאַר לעבן און פרייהייט. בלויז מיר, יידישע ווידערשטענדלער, זענען געווען די אמתע פאָרשטייער פון יידישן פאָלק. בלויז מיר זענען פאַרבליבן טריי זיינע אינטערעסן.

דראַנסי איז מער נישט געווען קיין אינטערניר־לאַגער. דראַנסי איז געוואָרן דאָס פאָדערצימער פון טויט. מען האָט געדאַרפט דאָ אויפהענגען דעם אויפשריפט, וואָס דאַנטע האָט אויפגעהאַנגען פאַרן גיהנום: ווער עס גייט דאָ אַריין, פאַרלירט אַלע האָפענונגען.

יעדער איז געווען קאַנדידאַט אויף אַן ערובניק. וויפל ערובניקעס מען וועט דאַרפן, אַזויפיל וועט זיין. פאַר דעם האָבן שוין געזאָרגט די כסדרדיקע אַבלאַוועס, וואָס זענען פאָרגעקומען אין פאַריז.

דערפאַר האָט די „סאָלידאַריטעט" אין אַן אויפרוף געפאָדערט: „אַלע כוחות מוזן מיר אָנשטרענגען, אַז דראַנסי זאָל ליקווידירט ווערן". זי האָט פונאַנדערגעשיקט בריוו צו פראַנצויזישע פערזענלעכקייטן און באַקאַנט געמאַכט די טראַגישע ווירקלעכקייט. דראַנסי איז באַקאַנט געוואָרן.

אין אומלעגאַליטעט איז מען געווען זיכערער ווי אין לאַגער.

אין דראַנסי איז געשען פאָלגנדיקער פאַקט דעם 15־טן דעצעמבער. עס האָט געקאָנט זיין אַ 54־טער קרבן. אויף דער ליסטע פון די ערובניקעס צו דערשיסן האָט זיך אויך געפונען אַלבערט סטראַוויטשינסקי, דער ברודער פון מיין שוואָגער, אַ געוועזענער פּאָליטישער עמיגראַנט פון פוילן און שפּאַנישער מיליציאָנער. אַרעסטירט האָט מען אים אין דער פּרעפּעקטור ביים רעגולירן זיינע פּאַפּירן.

ווען מען האָט אים אַרויסגערופן אויפן הויף פון דראַנסי, צוזאַמען מיט די אַנדערע יידן, האָט ער באַמערקט, אַז מען האָט אים גערופן „אַלבערט". עס איז אים איינגעפאַלן צו פּראָטעסטירן, ווייל זיין פאָרנאָמען איז געווען אברהם.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג, צי איז אברהם — אַלבערט? צי איז ער געווען אין שפּאַניע? צי איז ער אַ קאָמוניסט? ער האָט געלייקנט.

נישט האָבנדיק קיין באַווייזן, האָבן אים די זשאַנדאַרמען איינגעזעצט אין קאַרצער, ווו ער האָט זיך מיט אַ ראַזיר־מעסערל אויפגעשניטן די אָדערן פון דער לינקער האַנט, כדי מען זאָל אים איבערפירן אין ראָטשילד־שפּיטאָל. דערווייל האָט מען אים אַראָפּגענומען פון דער ליסטע. די עקזעקוציע האָט אים צייטווייליק אויסגעמיטן.

אין דער צייט פון זיין אויפהאַלט אין שפּיטאָל האָב איך אייניקע מאָל געטראָפן זיין פרוי. עס איז איר געלונגען צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט דאָקטוירים און אפילו זיך אַריינצובאַקומען אין דעם פּאַוויליאָן פון די אינטערנירטע. דראַנסי פלעגט ליפערן רעגולער קראַנקע אין אַ באַזונדערן פּאַוויליאָן פון שפּיטאָל, באַוואַכט דורך פּאָליציי. דאָרט האָט זיך אויך גע־

פונען דער חבר מאָטל פון אַרבעטער־אָרדן, ווען מען האָט איבערגע־
פירט פון דראַנסי צוליב זיין גאַנגרענע אין מויל.

עס איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון אַרויסראַטעווען אים און אַלבערטן פון שפּיטאָל. דער איינציקער וועג איז מעגלעך געווען דורך דעם קאַנאַל, וואָס האָט זיך געפונען אויפן ערשטן שטאָק און וואָס האָט געדינט אַראָפּצושיקן די שמוציקע וועש אין קעלער אַריין. די רער איז געווען זייער ברייט, אַ מענטש האָט זיך געקאָנט אין איר פריי באַוועגן. עס דאַרף נאָר געלינגען זיי אַריינצוגליטשן אין דער קאַנאַליזאַציע און זיי אָפּנעמען אין קעלער. פון דאָרט, פאַרשטענדלעך, דאַרף מען זיי עוואַקואירן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נערוועזע צוגרייטונג פון אַ פּלאַן. מען האָט געדאַרפט זיך איילן, ווייל יעדע מינוט האָט מען געקאָנט די קראַנקע צו־ריקשיקן אין לאַגער. מען האָט געדאַרפט זיין פאָרזיכטיק. מען האָט גע־מוזט האָבן הילף אינעווייניק.

דאָס האָבן מיר באַקומען אַדאַנק אַ קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָט גע־אַרבעט אין ספּעציעלן פּאַוויליאָן, עיזשעני דיוועררנואַ (נאָך דער מלחמה קאָמוניסטישע דעפּוטאַטין פון סען־ע־אואַז, נאָכדעם ווי זי האָט אַליין אַדורכגעמאַכט אַ נאַצישן טויט־לאַגער). מיט איר הילף האָבן מיר געמאַכט פּיבערהאַפט די ערשטע צוגרייטונגען. מען האָט געמוזט אַלץ גענוי פאָרויס־זען, אין די קלענסטע פּרטים. ווען אַריינגליטשן די קראַנקע? ווער וועט זיי אויפנעמען אין קעלער? דאַרף מען זיי אַרומוויקלען מיט ליילעכער אָדער פאַרטיכער ווי פּעקלעך שמוציקע וועש? דורך וועלכן טיר פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל? אאַ״וו.

שעה נאָך שעה איז געוואַקסן די שפּאַנונג. אין פאַל פון אַ דורכפאַל איז זייער לעבן זיכער געווען פאַרשפּילט. אפשר נישט בלויז זייערס, די ריזיקע איז געווען גרויס.

אַ געוויסן טאָג, האַרט פאַרן אויספירן אונדזער פּלאַן, האָט אַלבערטס פרוי זיך אָנגעטראָפן אין קעלער פון פּאַוויליאָן מיט אייניקע פּאָליציי־אינספּעקטאָרן, וועלכע זענען דאָרט געקומען פאַרנעמען אַ וואָך. אונדזער פּלאַן איז צונישט געוואָרן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען ביידע מיטאַמאָל אַרויסגעשלעפּט פון ראָטשילד־שפּיטאָל און אַוועקגעפירט צוריק אין דראַנסי־גיהנום.

די עקזעקוציע פון די הונדערט ערובניקעס האָט אַנטפּלעקט די טויט־געפאַר, וואָס דראָט נישט בלויז די ווידערשטענדלער, נאָר אויך יעדן אינ־טערנירטן. לגבי אונדז איז די מלחמה געווען אַ טאָטאַלע. יעדער מאָן איז געווען באַדראָט. קיין שום אילוזיעס זענען נישט געווען מעגלעך: די לע־גאַליטעט איז געווען אַ פּולאַפּקע, אַ הינער־שטייג, וועמענס טיר עס עפנט זיך צום פאָדערצימער פון שעכט־הויז.

דער שונא איז נאָך דערוויל געווען שטאַרקער פאַר אונדז. אויפן

פּאַריזער פּראַנט זענען געפֿאַלן קרבנות. דאָס ריטשקעלע בלוט פֿון אינדי־ווידועלע עקזעקוציעס האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ טייך, אַ פֿאַרפֿלייצונג.

מיר האָבן פֿאַרויסגעזען, אַז וואָס מער דער פֿראָנט אויף מזרח וועט זיך צעפֿלאַקערן, אַלץ מער וועלן מיר אַריינגעשלעפּט ווערן אין פֿייער. די מלחמה וועט אַרומנעמען נייע שיכטן, אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט בדעה „אָפּצוּוואַרטן", אַזעלכע, וואָס האָבן קיינמאָל „נישט געמאַכט קיין פּאָליטיק".

אָבער מיר זענען געווען דעצידירט אין דער שלאַכט. אונדזער קאַמף וועט כסדר באַנייט ווערן. די שטראָף וועט קומען.

כ'האָב געלייענט אַ ליד ביי וויקטאָר הוגאָ אין דער זאַמלונג „די שטראָפֿן":

כ'נעם אָן די שווערע פֿאַרשיקונג, אפֿילו אָן ענדע אין צייט,
נישט זוכנדיק צו וויסן און צו באַטראַכטן,
אויב עס האָט ווער זיך געבויגן, וואָס האָט אויסגעזען שטייפֿער,
און אויב טייל זענען אַוועק, וואָס האָבן באַדאַרפֿט בלייבן.
אויב עס זענען נישט מער ווי טויזנט, נו, בין איך צווישן זיי;
אויב זיי זענען נישט מער ווי הונדערט, פֿאָדער איך אַרויס סילאַ (1)
אויב בלייבן נאָר צען, וועל איך זיין דער צענטער
און ווען עס זאָל נאָר בלייבן איינער, וועל איך עס זיין.

**„די לעצטע ווערטער"**

---

1) סילאַ — רוימישער דיקטאַטאָר, — וויקטאָר הוגאָ מאַכט אַן אָנ־דייטונג אויף נאַפּאָלעאָן דעם דריטן.

קאַפּיטל אַכט:

# מוניע נאַדלער

אין פּאַריז האָבן מיר באַקומען קלעפּ. אָבער אויף מזרח האָבן זיי, די נאַציס, באַקומען קלעפּ. די פּענדלעך אויף דער מאַפּע האָבן זיך געריקט אין דער ריכטונג פון מאָסקווע, אָבער ווי אַ סימבאָל האָבן מיר פאַרצייכנט דעם ערשטן קעגן־קלאַפּ אין ראָסטאָוו, פון וואַנען די רויטע אַרמיי האָט צוריק אַרויסגעשטויסן ענדע נאָוועמבער די נאַצישע חיילות. קיין שוואַר־צע קאַווע האָט דער נאַצישער גענעראַל פאָן בראַוכיטש נישט געטרונקען אין מאָסקווע, נישט אויף ניי־יאָר, ווי ער האָט צוגעזאָגט, נישט שפּעטער. ער האָט גיכער אויסגעטרונקען אַ ביטערן טראָפּן, פאַרלאָזנדיק די אָנפי־רונג פון גענעראַל־שטאַב. היטלער אַליין האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. די נאַצישע פּאַרטיי האָט פולשטענדיק אַרויפגעלייגט איר לאַפּע אויפן גענע־ראַל־שטאַב.

ס'איז פאַר אסך קלאָר געוואָרן, אַז ביי די טויערן פון מאָסקווע האָט דער נאַצישער בליץ־קריג באַקומען זיין ערשטן קלאַפּ. די לעגענדע פון דער אומבאַזיגבאַרקייט פון דער דייטשער אַרמיי איז געוואָרן דערשיטערט. אַלץ מער מענטשן האָבן גענומען איינזען, אַז די דאָזיקע לעגענדע וועט האָבן איר קבר אויף דער סאָוויעטישער ערד. מאָסקווע איז פון איצט אָן געוואָרן די גרויסע האָפענונג פון נצחון.

ס'איז געוואָרן אַלץ מער און מער באַשיינפערלעך פאַר אַלץ ברייטערע שיכטן, אַז דאָס האָבן קאַלאַבאַראַטאָרן, די פּרעדיקער פון „לאַ פראַנס אַ פראַנסע", געעפנט די טויערן פון פראַנקרייך פאַר די דייטשן; אַז זיי האָבן עס געטון אויס שנאה צום פאָלק: „בעסער היטלער ווי דער פאָלקס־פראָנט". די תורה פון די קאָלאַבאַראַטאָרן — די קסענאָפאָביע און דער אַנטיסעמיטיזם זענען דערשינען אַלץ מער און מער אין די אויגן פון פאָלק

ווי אַ דורכויס דייטשיש אַרטיקל. די פּעטעניסטן און מאַראַסיסטן האָבן טאַקע פּרעטענדירט אויף דער בכורה פון דער אַנטיסעמיטישער תורה, והראיה: זייער רבי דרימאָן, דאָך איז זי דערשינען אַלץ מער און מער ווי אַ דייטשע סחורה. אויב דייטשן פאַרפאָלגן יידן, דאַרף מען די יידן שיצן, האָבן געגומען קלערן אַלץ מער פראַנצויזן.

במשך פון זיין רומפולער געשיכטע האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק פיינט באַקומען אומגערעכטיקייט, פאַרפאָלגונגען, דיסקרימינאַציעס. ווי עס זאָגט וויקטאָר הוגאָ: „אין פראַנקרייך, ווער עס ווערט פאַרפאָלגט, האָט בלויז אַלס שונא דעם פאַרפאָלגער".

דאָס וווּנדערבאַרע, דאָס ברייטהאַרציקע, דאָס יושרדיקע פאָלק פון פראַנקרייך האָט געבויט באַריקאַדן פאַר אַלע גערעכטע זאַכן, האָט געוויי־טיקט מיט די פּאָגראָמירטע פון צאַר, מיט די פאַרשיקטע קיין סיביר, מיט די פּוילישע אויפשטענדלער, מיט סאַקאָ און וואַנצעטי, מיט די דייטשע פליכטלינגען.

מיר האָבן געפילט יעדן טאָג דעם וואַרעמען אָטעם פון מיטלייד, פון סימפּאַטיע און אפילו פון הילף. די קאָלאַבאָראַציע איז געוואָרן אַלץ מער איזאָלירט, דער ווידערשטאַנד־גייסט האָט גענומען שלאָגן אַלץ טיפערע וואָרצלען.

אָנהויב יאַנואַר 1942 האָב איך זיך געטראָפן ביים מעטראָ סען־פיליפּ־די־רול, ביי שאַנז־עליזעי מיטן חבר לייבל גאָרדאָן, געוועזענעם שפּאַנישן מיליציאָנער, אַקטיוון טוער פון די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס פון 18־טן אַראָנדיסמאַן. מיר האָבן אים אַרויסגערופן פון לאַגער פון פּיטיוויע, וווּ ער איז געוועזן אינטערנירט און אַקטיוו אין דער אָנפירונג, כדי אים צוצוטיילן צו אַן אַרבעט „אויף דער פריי".

דעם דאָזיקן באַשלוס האָבן מיר אָנגענומען נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת. אויב אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט קיינמאָל נישט געגעבן — און נישט גע־קאָנט געבן — קיין באַפעלן דער מאַסע נישט צו אַנטלויפן פון לאַגער, האָט זי עס יאָ געטון לגבי געוויסע אַקטיווע ווידערשטענדלער, פּאַרטיי־חברים, אַן וועלכע קיין שום אָרגאַניזאַציע אין לאַגער וואָלט נישט געווען דענקבאַר. אַדאַנק זיי האָבן מיר אָרגאַניזירט אין פּיטיוויע אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן פּאָליציי־מאָרד איבער אַן אַנטלאָפענעם אינטערנירטן. אַדאַנק זיי איז באַקעמפט געוואָרן די פאַרצווייפלונג. דער גאַנצער לאַגער איז אַרויס פון די באַראַקן צו באַגריסן די פרויען, וואָס מיר האָבן געשיקט פון פּאַריז קיין פּיטיוויע. נאָך דער עקזעקוציע פון די ערוּבניקעס פון דראַנ־סי זענען פאַרגעקומען אין אַלע באַראַקן רירנדיקע און אויפברויזנדיקע פּראָטעסט־מיטינגען. צוויי געלט־אַקציעס זענען צושטאַנדגעקומען — איינע נאָכן אויסברוך פון קריג קעגן ראַטנפאַרבאַנד, די צווייטע — לטובת די פאַמיליעס פון די דערשאָסענע. אַדאַנק אונדזערע אָנפירנדיקע חברים איז געפירט געוואָרן אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן אַנגאַזשירן זיך אויף אַרבעט אין די בלאָטעס פון סאָלאָן.

אַזוי ווי די באַדינגונגען אין לאַגער זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער, דאָס עפענען און קאָנפיסקירן פעקלעך — אַן אָפּטע דערשיי־נונג, די קאָרעספּאָנדענץ און וויזיטן געהאַמעוועט, האָט די אָנפירונג אַדורכגעפירט פאַרשידענע אַקציעס קעגן די רעפּרעסיע־מיטלען.

אַ געוויסן טאָג פון חודש יולי 1941 האָט דער קאָמענדאַנט פון לאַגער אַרויסגערופן אין זיין ביוראָ פיר שעפן פון באַראַקן: ח' קירש פון 10־טן באַראַק, אינזשיניער אידעלס פון 7־טן, ח' פעפער פון 12־טן און אַדאָלף ביבערגאַל פון 4־טן, ווען עמען ער האָט דערקלערט, אַז ער פאַרלאָזט דעם לאַגער, אָבער פאַרן אַוועקגיין וויל ער זיי העלפן. ער האָט זיי געפרעגט, וועלכע זענען זייערע פאַרלאַנגען, ער וועט זיי איבערגעבן דער העכערער מאַכט. די שעפן האָבן עס גענומען ערנסט און אַוועקגעשטעלט אַ ריי פאָ־דערונגען. דער רעזולטאַט אָבער איז געווען אַ פאַרקערטער: די לאַגע האָט זיך שטאַרק פאַרערגערט. די זשאַנדאַרמען האָבן גענומען אַרומגיין אין לאַגער מיט מאַטראַקעס אין די הענט, זיי האָבן אָפּגעראַזירט די קעפּ פון די אינטערנירטע, וואָס מען האָט געכאַפּט ביים אַנטלויפן, די טעגלע־כע צוזאַמענטרעפן (ראַפּאָרטן) צווישן די באַראַק־שעפן מיטן קאָמענדאַנט זענען איבערגעריסן געוואָרן. די שטימונג איז געוואָרן אַ געדריקטע, די גרעסטע טייל פון די שעפן האָט דעמיסיאָנירט. די ווידערשטאַנדס־באַווע־גונג האָט פאַרגעזעצט איר אַרבעט, אָבער זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן.

חבר לייבל גאַרדאַן האָט אונטערגעשטראָכן די קרבנות־גרייטקייט פון די אַקטיווע חברים, וועלכע וואַרפן זיך אונטער דער דיסציפּלין און בלייבן מיט דער מאַסע אין לאַגער. ער האָט דערביי איבערגעגעבן, אַז אין רעזול־טאַט פון די אַקציעס קעגן די אַרבעטן אין סאָלאָן און קעגן דער דערשיי־סונג פון אַן אַנטלאָפענעם האָט די זשאַנדאַרמעריע אַרעסטירט דריי „שעפן" פון באַראַקן און זיי איבערגעשיקט אין לאַגער פון שאַטאָבריאַן. דאָס זענען די חברים דוד פעפער, באַקאַנטער טוער צווישן די שטריקער, קירש און אַדאָלף ביבערגאַל. פאַרגעקומען איז עס דעם 15־טן אויגוסט, ווען דער פּרעפעקט פון אָרלעאַן איז געקומען אין לאַגער און דערמאָנט די אינטערנירטע, אַז עס איז דערשינען אַ דעקרעט, וואָס פאַרמשפּט צום טויט אַלע, וואָס גיבן זיך נישט אונטער. כדי זיי זאָלן באַגרייפן די אָנצו־הערעניש, אַז דאָס האָט אַ שייכות צו די כסדרדיקע „רעוואָלטן", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, וואָס קומען פאָר אין לאַגער, האָט ער גלייך באַ־שטימט דריי „פירער פון רעוואָלט" און געהייסן זיי אַרעסטירן. אַלע אינ־טערנירטע האָבן דאַן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע סאָלידאַריטעט מיט די אַרעסטירטע.

אויפן באַפעל פון דער אָרגאַניזאַציע פון פּאַריז האָבן דעם לאַגער פאַרלאָזט די חברים פעפערמאַן (פּיפּי), וועלכער איז איבערגעגאַנגען צו דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, און ד"ר סאָקאָל, באַשטימט פאַר אַ ספּעציע־לער אַרבעט. ווען ער, לייבל, האָט באַקומען דעם באַפעל צו פאַרלאָזן דעם

לאַגער, האָט ער עס געמאָלדן דעם לאַגער־קאָמיטעט. דער לאַגער איז באַ־שטאַנען פון 20 באַראַקן, אָבער נאָר 14 האָבן אויסגעוויילט קאָמיטעטן. די ביוראָ איז באַשטאַנען פון 7 חברים: דער קליינער שיעלע, אַ שטריקער פון בעלוויל, אַקטיוו געווען אין דער „רויטער הילף" און ביי די שטריקער־אַרבעטער; שמואל קנאָפּמאַכער, אַ טוער ביי די האַנטווערקער, לייבל גאָרדאָן, ווילנער, אינזשיניער סאַשאַ סטערניק, ד"ר פישזאָן און ד"ר סאָקאָל.

אַ ברייטער קולטור־קאָמיטעט איז געווען טעטיק. יעדער באַראַק האָט אָרגאַניזירט די סאָלידאַריטעט.

ווען עס איז דערגאַנגען די ידיעה פון די עקזעקוציעס פון די ערובני־קעס, האָט זיך געשאַפן אַ פאַרשידנאַרטיקע שטימונג. איין חבר פון דער אָנפירונג האָט אפילו אָנגעשריבן אַן אַרטיקל קעגן די „טעראָר־אַקטן", וואָס עס באַגייען... די ווידערשטעגדלער און וואָס רופן אַרויס די נאַציִשע רעפּרעסיעס. ביים עולם אין פּאַטיוויע האָט זיך פאַרשפּרייט אַ געפיל פון זיכערקייט אין קעגנזאַץ צו דראַנסי. די אָנפירונג, צו וועלכער עס זענען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז די אינטערנירטע וועט מען אַוועקשיקן אויף אַר־בעט, האָט געוואָרפן די לאָזונג: נישט פאָרן, נישט לאָזן זיך אַוועקפירן אויף אַרבעט, אפילו פאָרן פרייז פון קרבנות. אַלע שעפן פון די באַראַקן זענען מסכים געווען מיט דער לאָזונג.

ווי אָבער וועט רעאַגירן די מאַסע, אויב דער טעראָר פון אָקופּאַנט וועט באַווייזן צו שאַפן אַן אילוזיע, אַז אין לאַגער איז מען זיכערער ווי אין דרויסן, כאָטש זיי געפינען זיך דאָ ווי קרוליקעס אין אַ שטייג?

אמת, אַז אויך מיר אין דרויסן פלעגן ריזיקירן יעדן טאָג אַרעס־טירט צו ווערן. איך אַליין בין שיעור נישט אַריינגעפאַלן, און דאָס „איבער אַ בינטל פּיעטרושקעס", וואָלט מען געזאָגט ביי אונדז אין ראַדאָם. גע־שען איז עס אַזוי:

מיין קוזין לווי צוקער, דער „געלער לעאָן" פון 19־טן אַראָנדיסמאַן, האָט באַדאַרפט אַדורכמאַכן אַן אָפּעראַציע אויף אַ מאָגן־געשוויר. שוין נישט צום ערשטן מאָל זינט ער איז צוריקגעקומען פון שפּאַניע. נאָר אין די דעמאָלטיקע צייטן איז אַן אָפּעראַציע פון אַ יידישן קאָמוניסט געווען אַ גאַנץ פּראָבלעם. אין שפּיטאָל פלעגט יעדער נאָמען קאָנטראָלירט ווערן דורך דער פּאָליציי, און דער „געלער לעאָן" האָט פאַרמאָגט אַן אויסווייז אין קעשענע. ער איז געווען דרייפאַכיק פאַרפאַלגט: אַלס קאָמוניסט, אַלס אויסגעוויזענער און אַלס ייד. בלויז באַזוכן אים איז געווען אַ לעבנס־גע־פאַר. וואָס פאַראַ צייטן! אפילו קראַנק זיין איז נישט מעגלעך געווען. אפילו מבקר זיין אַ חולה האָט מען נישט געקאָנט.

די קראַנקן־שוועסטער עיזשעני דיוווערנואַ, די פריער שוין דערמאָנטע פריינדין אונדזערע, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקאָנט מיט אַ צייט צוריק, ווען ער איז געלעגן אין ראָטשילד־שפּיטאָל, האָט זיך פאָר אים באַמיט. ער איז געוואָרן איבערגעפירט אין אַ קאַטוילישער קליניק אויף בולוואַר

סען־מאַרסעל און איז דאָרט אָפּעריִרט געוואָרן. אַכט טעג נאָך דער אָפּעראַציע האָבן מיר אים פאַרלוירן. זיין אַזוי שטאַרק אויסגעמאַטערטער קערפּער האָט נישט אויסגעהאַלטן.

אָבער אויך אַ לוויה איז דאָך פאַר אונדז, אומלעגאַלע, געווען זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין. בלויז צוויי מענטשן האָבן באַגלייט דעם געשטאָרבענעם פון דער קליניק: זיין פרוי גוטאַ און זיין איינציקער קוזין. מיט אַ פּאָר חדשים פריער, אין נאָוועמבער 1941, אויף דער לוויה פון אָפיציעלן גענעראַל־סעקרעטאַר פון „אַרבעטער־אָרדן", דעם חבר זעלוּוער, איז נאָך געקומען אַן עולם. שוין אַן אומלעגאַלער, בין איך דאַן געקומען אין לעצטן מאָמענט, כדי צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער ביים אָפענעם קבר אויפן בית־עולם פאַנטען. אָבער דעם 25־טן פעברואַר 1942 איז די לאַגע שוין געווען אַן אַנדערע.

מיט דער עגלה זענען מיטגעפאָרן די צוויי נאָענטסטע פאַמיליע־מענטשן, מער קיינער. נאָר — אַ, איראָניע — אויף יעדן ראָג פון אַ גאַס האָט דער פּאָליציאַנט זיך געשטעלט אויף „אַכטונג" און סאַלוטירט דעם אָרון. ווען דער פּאָליציאַנט וואָלט געוווּסט, אַז די עגלה פירט אַ געווע־זענעם שפּאַנישן מיליציאַנער מיט אַן אויסווייז! נאָר די בורזשואַזע מאָראַל פאָדערט אָפּצוגעבן כבוד אַ טויטן. אַ לעבעדיקן וואָלט מען אים געשיקט קיין דראַנסי און נאָכדעם אויפן מאָן־וואַלעריען.

ביים טויער פון בית־עולם האָבן געוואַרט די נאָענטסטע חברים פון 19־טן אַראָנדיסמאַן און פון לילאַ, בעמלעך: יידל קאַרמאַן, העלען ראָזענבערג, אידאַ באָרענשטיין, סאַראַ וואָראָנסקי, חיים און לאה גאָטהעלף, אידאַ פישמאַן, יצחק בזשוסטאָווסקי, ראַשעל און לעאָן זעלמאַנאָוויטש, רויזל גאָלדשטיין, סולאַ מאַזל, מאַקס בלאָושניידער, קלמן פון רי דע פלאַנדר, זישע פון 19־טן, אסתר פאָגעל און אַנדערע, אַן ערך 20 פערזאָן. די לוויה איז פאָרגעקומען אין זעלבן מאָמענט, ווען אויפן בית־עולם פון איוורי האָט מען באַגראָבן עפּעס אַ „שישקע" אין דער דייטשער מיליטעריש אָפּטיילונג. אַ מיליטערישער אָרקעסטער און אַן ערן־קאָמפּאַניע האָבן אים באַגלייט. אַ סאַלווע איז געשאָסן געוואָרן צו זיין טריפהנעם אָנדענק.

אונדזערע חברים האָבן זיך געפילט אומהיימלעך אין אַזאַ געזעלשאַפט. צום גליק איז „זיי" נישט איינגעפאַלן בודק צו זיין אין אַזאַ מאָמענט, ווער עס זענען די באַגלייטער פון דער צווייטער לוויה.

אַרויסגייענדיק פון בית־עולם, האָב איך באַשלאָסן מיט זיין פרוי גוטאַ, אַז זי גייט אַרויס פון דער לעגאַלער וווינונג — 40 רי דע בואַ. צו־מאָרגנס, האָבן מיר באַשלאָסן, וועלן מיר זי אַריבערפירן, ד"ה אַרויסראַטעווען דאָס מעגלעכע.

באַלד אין דער פרי האָבן מיר אויסגעפירט אונדזער באַשלוס. אַראָפּגעשלעפּט אַביסל וועש און אַביסל מעבל מיטן וויסן פון דער קאָנסיערזשקע, אַ זייער מיטפילנדיקע פראַנצויזישע פרוי.

אָבער אַ שעה נאָך אונדזער אָפּפאָרן — דאָס זענען מיר שפּעטער דערגאַנגען — איז געקומען פּאָליציי נאָכן טויטן לעאָן. ער האָט זיך געפונען אויף אירע ליסטעס, און זיין צייט איז געקומען אַרעסטירט צו ווערן צומאָרגנס נאָך זיין לוויה. אפשר איז אַמאָל געקומען נאָך אים איינער פון די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן אים מיט אַ טאָג פריער סאַלוטירט?

מיר האָבן, הייסט עס, ריזיקירט דאָס לעבן צוליב אַביסל מעבל און אַביסל וועש. מען האָט געדאַרפט זיך אָפּזאָגן אפילו דערפון. אַז מען וועט בלייבן לעבן, וועט מען איינקויפן אַנדערע. און אויב נישט...

וואָס וואָלטן דאַן געזאָגט די דיסקוטאַנטן וועגן באַקוועמלעכקייטן און געוווינהייטן פון מאי 1941? איז טאַקע באַקוועמער געווען אין לאַגער ווי אין אומלעגאַליטעט? דער טעראָר האָט געגעבן אַ קלאָרן ענטפער אויף דער דעמאָלטיקער דיסקוסיע.

דעם 7־טן מערץ איז דערמאָרדעט געוואָרן דער חבר אברהמל בוים, דער מאַן פון דער אַקטיוויסטקע חיה, אַן אָפּגעראַטעוועטע פון פּשיטיקער פּאָגראָם. מען האָט אים אויף אַן „אומשולדיקן" אופן אַרויסגערופן פון לאַגער אין פּיטיוויע, ווו ער איז געווען אינטערנירט.

אין דעמאָלטיקן מאָמענט האָט זיך אָבער דער טעראָר אויסגעווירקט פּאַראַליזירנדיק ביי געוויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אפילו ביי די אַמווייניקסטנס אָפּאַטישע.

באַלד נאָך די עקזעקוציעס פון 15־טן דעצעמבער, מיט וועמענס בלוט די נאַציס האָבן געבענטשט דעם געבורט פון „אוזשיף", האָט די „סאָלידאַריטעט" געשיקט די חברטע זאָפיע שוואַרץ מיטן חבר איזאַק קרישטאַל צום קאָאָרדינירער־קאָמיטעט פון דער „פּעדעראַציע", וועמענס לעגאַלער אַדרעס איז געווען די „קאָלאָני סקאַלער", 36, רי אַמלאָ. אונדזערע דעלעגאַטן האָבן זיך געטראָפן מיט זיינע פאָרשטייער דוד ראַפּאָפּאָרט און י. יאַקובאָוויטש.

מיר האָבן פאָרגעשלאָגן אַן איינהייטלעכע אַקציע אויף דער באַזע פון דריי פּונקטן: באַערן די דערשאָסענע ערובניקעס, שטיצן די פאַמיליעס פון די דערשאָסענע און מאָביליזירן די באַפעלקערונג צום ווידערשטאַנד.

די דיסקוסיע האָט לאַנג געדויערט. אָבער אונדזערע פאָרשלאַגן האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ וואַנט: אַזוי לאַנג — איז געפאַלן אַן אויפהער דער אַרגומענט פון אונדזערע פּאַרטנערן — ווי מיר קאָנען נאָך טראָגן אַ לעגאַל שילדל, וועלן מיר גאָרנישט טון צוזאַמען מיט אייך.

כסדר האָט זיך איבערגעחזרט דער פאָרשלאָג: מען קאָן מיט אונדז צוזאַמענאַרבעטן אין אַ קאָנטראָל פון דער שטיצע, כדי די פאַמיליעס, וואָס ווערן געשטיצט דורך אונדז, זאָלן נישט ווערן געשטיצט דורך זיי, אָבער נישט עפּעס אַנדערש.

טרויעריק.

דערפאַר אָבער איז געשטיגן די צאָל פון די סאָלידאַריטעט־קאָמיטעטן. אין זיי האָבן זיך געפונען אויך פּאַרטיי־חברים פון די, וועלכע זענען גע־

זעסן אין קאָאָרדיניר־קאָמיטעט. מיר איז אויסגעקומען, צווישן אַנדערע, בייצוווינען זיצונגען אין דער וווינונג פון דעם בלעכער דוד גאָלד־בערג, אויף רי דאַוויד ד׳אַנזשע, אין 19־טן. זייער יונגע 20־יאָריקע טאָכ־טער פאָלעט האָט פאַרשפּרייט אונדזערע מאַטעריאַלן. די מיטאָגשטיינס זענען שוין געווען אַנגאַזשירט אין דער אַרבעט.

אויך דער לינקער פּועלי־ציוניסט שפּירא האָט אָפּגעגעבן אַ צימער ביי זיך פאַר אומלעגאַלע זיצונגען. ס׳האָבן נישט געפעלט קיין ציוניסטן אין דער אָרגאַניזאַציע.

אין לעבן פון די לאַגערן האָט דער שונא ווייטער געפירט זיין פּאָלי־טיק פון „טייל און הערש״. אין דראַנסי האָט ער געשאַפן אַן אַנטאַגאָניזם צווישן פראַנצויזישע און אויסלענדישע יידן. די פראַנצויזישע אַלט־איינ־געזעסענע סוחרים און אינטעלעקטועלע — דאָס אומגליק האָט אויך שוין צו זיי דערגרייכט — פלעגן די נאַציס באַמיען זיך איינצורעדן, אַז זייער אינטערנירונג איז געווען אַ מיספאַרשטענדעניש, וואָס וועט נישט לאַנג דויערן. זיי קומען, אגב, אָפּ פאַר די זינד פון די איינגעוואַנדערטע. און אַלע איינגעזעסענע יידן ווייסן דאָך, אַז די אימיגראַנטן, די „פּאָלאַקס״, מערסטנטיילס אַרבעטער, האָבן שלעכטע מאַניערן, וואָס זיי האָבן מיט־געבראַכט פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. עס האָבן זיך געשאַפן קאַסטעס: רייכע קעגן אָרעמע, אינטעליגענטן קעגן עמך.

דאַנעקער האָט זיך געקאָנט רייבן די הענט פאַר פרייד.

אין לאַגער פון קאָמפּיען איז די לאַגע געווען נאָך קאָמפּליצירטער. דאָ האָבן זיך געפונען איינגעזעסענע יידן מיט גרויסע באַציאונגען אין דער דריטער רעפּובליק. זיי זענען געווען אויסגעקאָכט מיטן מלוכה־אַפּאַראַט פון לאַנד. אין פראַנקרייך, ווי אין ענגלאַנד, אין קעגנזאַץ צו דייטשלאַנד, האָט די בורזשואַזע עמאַנציפּאַציע געגעבן יידן אַ פרייען צוטריט צו די העכערע מלוכה־פּאָזיציעס. די ביישפּילן פון דיזראַעלי און פון לעאָן בלום זענען נישט קיין איינצלנע. די אינטערנירטע פראַנצויזישע יידן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אפילו געפונען אַ סענאַטאָר, פּיער מאַס, האָבן גע־חלומט צו באַנוצן זיך מיט געוויסע פּראָטעקציעס, כדי זיך צו באַפרייען.

זיי האָבן פאַרגעסן, אַז דער פראַנצויז קסאַוויע וואַלאַ, אַלס קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים, אַרבעט אויס די אַנטי־יידישע געזעצן. שוין דעם 2־טן יוני 1941 האָט מען פאַרבאָטן יידן צו פאַרנעמען אַ גאַנצע ריי פון מלוכה־פּאָסטנס אין דער אַדמיניסטראַציע, געריכט־וועזן, בילדונג, עפנטלעכע אַרבעטן אא״וו. האָט דאָס זיי גאָרנישט געלערנט?

איין טאָג האָט דער חבר בערנאַרד ווייל, בעת אַ זיצונג פון אַ „סאָלידאַ־ריטעט״־קאָמיטעט, מיר איבערגעגעבן ידיעות פון דעם דאָזיקן לאַגער.

אין קאָמפּיען האָט זיך אויך געפונען דער אַדוואָקאַט קאַדמי כהן, אַן אַנגעזעענער ציוניסטישער פירער, וואָס האָט גאָר אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן מין פּראָגראַם, און אים האָט זיך פאַרגלוסט צו רעאַליזירן זיין פּראָגראַם... מיט היטלערס הילף.

בוכשטעבלעך. מיר האָבן באַקומען צוגעשיקט דורך אונדזערע חברים פון לאַגער אַ דאָקומענט, אין וועלכן דער דאָזיקער אַדוואָקאַט האָט גאַנץ ערנסט זיך געוואָנדן צום גענעראַל פאָן שטולפּנאַגעל וועגן לעגאַליזירן די ציוניסטישע פּאַרטיי און דערלויבן איר צו פאַרווירקלעכן די עליה פון די פראַנצויזישע יידן קיין פּאַלעסטינע.

נאָר ווי אַלע מאָל אין אַזעלכע פאַלן האָט קאדמי כהן געטראַכט קודם כל וועגן זיין אייגענער הויט און מיט דער הילף פון זיין פּערזענלעכן פריינט דע מאָנזי, פּעטענס מיניסטער, האָט ער באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן דעם לאַגער און צו פאָרן קיין פּאַריז וועגן „אָפיציעלע אונ־טערהאַנדלונגען". אויף דער שוועל פון לאַגער האָט ער צוגעזאָגט אַלעמען צו באַפרייען.

אויב מיר זאָגן „אַלעמען", מיינט דאָס די גרופּע נאָטאַבלען, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט אין לאַגער. יאָ, אַ גרופּע פון נאָטאַבלען. אַזוי האָבן זיי זיך אַ נאָמען געגעבן. אָט וועגן זיי האָט מכלומרשט קאדמי כהן גע־זאָרגט אין דער ערשטער ריי. וועגן אַנדערע אינטערנירטע האָט ער זיך ווייניק געקימערט. אגב, אַ מענטש פון דער „עליטע", אַ נאָטאַבל, מיט אַזעל־כע באַציאונגען ביי מענטשן, און מיט אַזאַ נאַציאָנאַלן פּראָגראַם ווי ראַ־טעווען די יידן פון פראַנקרייך דורך שטולפּנאַגעל — שטולפּנאַגעל, וואָס האָט אונטערגעשריבן די קלעפּסידרעס אויף די ווענט — אַזאַ מענטש האָט צו דער מאַסע געהאַט אַ ביטול־באַציאונג. ווער רעדט נאָך וועגן די „פּאַ־לאַקס", וואָס מישן זיך אין פּאָליטיק...

אונדזערע חברים האָבן געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט, סיי אין דראַנסי און נאָכמער אין קאָמפּיען, כדי אָפּצושאַפן די מחיצות צווישן איב־טערנירטע; כדי איינצושטעלן די אייניקייט און די סאָלידאַריטעט צווישן אַלע פאַרפאָלגטע.

פאַר פיל פראַנצויזישע יידן זענען אונדזערע חברים, די אויסלענדישע, די „פּאָליאַקס", געווען אַן אַנטפּלעקונג. זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז אונ־דזערע חברים פאַרמאָגן אַן אַנדער אינהאַלט אין לעבן, אַן אַנדער האַל־טונג, אַן אַנדער מאָראַל, ווי פיל אינטערנירטע, וועלכע האָבן געזען נאָר זייער איך.

ביסלעכווייז זענען אונדזערע חברים געוואָרן די אָנערקענטע אויטאָ־ריטעט צווישן די אינטערנירטע, נישט בלויז אין פּיטיוויע און אין באָן לאַ ראָלאַנד, נאָר אויך אין דראַנסי, אין קאָמפּיען. דער שרייבער זשאַן זשאַק בערנאַרד, דער זון פון דראַמאַטורג טריסטאַן בערנאַרד, האָט עס דאָרטן אָפּן דערקלערט.

די דאָזיקע אָנערקענונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער קרבנות־גרייטקייט, פון דער איבערגעגעבנקייט, וואָס וואַקסט אַרויס פון אונ־דזער אידעאַל.

דעם 9־טן מערץ איז געקומען פון באָן לאַ ראָלאַנד איינער פון אונ־דזערע דאָרטיקע פאַראַנטוואָרטלעכע חברים, יצחק פורמאַנסקי. ער האָט

זיך קונה שם געווען דאָרטן, אַדאַנק זיין דרייסטער און ענערגישער האַלטונג אין זומער 1941, בעתן וויזיט פון סופער־פּרעפעקט פון אָרלעאַן. ער איז באַאויפטראַגט געוואָרן דורך דער לאַגער־אָרגאַניזאַציע אַרויסצוטרעטן אין איר נאָמען. און אַזוי איז טאַקע געשען.

— פאַרוואָס זענען מיר אינטערנירט? — האָט ער ווירדיק און מוטיק געפרעגט דעם סופער־פּרעפעקט. ווי לאַנג וועלן מיר דאָ בלייבן? מיר זענען בירגער פון פרעמדע מלוכות און געסט פון פראַנקרייך. דער לאַגער האָט מיך באַפולמעכטיקט אייך צו שטעלן די דאָזיקע פראַגע און מיר פאַרלאַנגען אַן ענטפער.

— כ'האָב גאָרנישט צו ענטפערן אייך — האָט דער מאַכטהאָבער געמיינט פטור צו ווערן פון דער פראַגע.

דער מוט פון אַן עפנטלעכן אַרויסטריט קעגן אַן אָפיציעלער „שישקע", אַ זעלטנהייט אין די דאָזיקע באַדינגונגען, האָט געהויבן דעם פּרעסטיזש פון אונדזער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע און פון די עטלעכע און דרייסיק אינטערנירטע קאָמוניסטן.

עס האָט עקזיסטירט אין לאַגער אַ קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון די 20 שעפן פון די 20 באַראַקן, און האָט געפירט אַן ענלעכע טעטיקייט ווי אין פּיטיוויע — אַ ברייטע סאָציאַלע, קולטורעלע און פּאָליטישע אַקטיוויטעט. דערביי האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון חבר שניידער, אַ פּאָליטישער עמיגראַנט פון פוילן. צווישן די 20 שעפן זענען 9 געווען קאָמוניסטן.

כ'האָב זיך געטראָפן מיטן חבר פורמאַנסקי ביי אים אין דער וווינונג, אין אָוונט פאַר זיין צוריקפאָרן אין לאַגער, פון וואַנען ער איז געקומען אויף אַן 48־שעהדיקן אורלויב. די חברים פון לאַגער האָבן דורך אים געשטעלט די פראַגע פון אַנטלויפן.

די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטן, אַז מיר טאָרן נישט פאַרלאָזן די מאַסע און זיך אָפּטיילן פון איר. אַ קעמפער מוז זיין צווישן איר, סיי אויף דער פריי, סיי אין לאַגער. מען האָט נישט געקאָנט מעסטן מיט דער מאָס פון פערזענלעכער זיכערקייט, ווו מען איז פערזענלעך געווען וויניקער אין געפאַר — אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין דרויסן אָדער אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אינעווייניק? ווייל עס האָט זיך נישט געהאַנדלט אין זוכן אַן אינדיווידועלן אויסוועג...

דער חבר פורמאַנסקי איז צוריקגעפאָרן אין לאַגער אויף זיין געפערלעכן פּאָסטן. זיין פּרעסטיזש האָט אים פּאַקטיש פאַרוואַנדלט אין אַן אָפיציעלן פאָרשטייער פון לאַגער.

אַזוי האָבן געהאַנדלט אונדזערע מענטשן. וואָס פאַראַ פאַרגלייך מיט דער אויפירונג פון אַדוואָקאַט קאַדמי כהן?

עס איז געקומען דער 27־טער מערץ 1942. אַ נייער עטאַפּ אין טעראָר־פּלאַן.

אין גראָען פרימאָרגן פון אַנקומענדיקן טרויעריקן פרילינג זענען פאַרפאָרן שטאָטישע אויטאָבוסן אין הויף פון דראַנסי. די פרויען האָבן, ווי

אינסטינקטיוו, שנעל זיך דערוווסט דערפון און שוין 7 פרי האָבן זיי באַ־לאַגערט די אַרומיקע געגנט. אומעכטיק, מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָבן זיי זיך געפרעגט, וואָס פאַר אַ ניי אומגליק גרייט זיך אויף זייערע מענער.

די אויטאָבוסן זענען אַרויסגעפאָרן פון הויף. די אינטערנירטע און זייערע פרויען האָבן אויסגעטוישט וואַרעמע טרויעריקע בליקן: ווען וועלן מיר זיך ווידער זען?

ווי געוויינלעך האָט מען פאַרהוילן דעם אמתן ציל. אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז מען פאָרט אַרבעטן אויפן מזרח. אָבער אין דער ווירקלעכקייט? קיין שום פאַנטאַזיע האָט נישט געקאָנט פאַרשטעלן זיך דעם אמתן ציל פון דער דאָזיקער רייזע אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיר האָבן פּרובירט דורך אונדזערע פאַרבינדלערינס עפּעס דערגיין. די חברטעס פּאַקאַ און בראַנקאַ זענען גאָרנישט דערגאַנגען. מען האָט פאַרטושט די מוחות, גע־שיקט גרופּעס פון קאָמפּיען קיין דראַנסי, פון פּיטיוויע קיין קאָמפּיען.

אפשר שיקט מען זיי גאָר אויפן פראָנט? נישט, פאַרשטענדלעך, אַלס סאָלדאַטן, נאָר אַלס ביליקע אַרבעטס־הענט? דער עולם האָט געוואָרט אומגעדולדיק, אָבער געוואָרט. און ער האָט זיך דערוואַרט. עס זענען אָנ־געקומען קאַרטלעך פון פּוילן, געדרוקטע אויף דייטש, אָבער קאַרטלעך מיט נעמען און אַדרעסן. די פאַרשיקטע האָבן געבעטן פּעקלעך.

אויב אַזוי איז דאָך נישט געפערלעך, האָט מען גענומען טראַכטן. דער „אונזשיף" האָט אפילו, ווי צופעליק, געעפנט אַ דעפּאָ אויף 5, רי שאַ־מאָן און אויף 120, בולוואַר בעלוויל, ווו מען האָט אָנגענומען פּעקלעך פאַר די אינטערנירטע און אויך פאַר די פאַרשיקטע. מ'האָט נאָך מורא געהאַט פאַרן וואָרט „דעפּאָרטירטע".

יעדע פאַמיליע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אַן אילוזיע, אין אַ פאַלשער האָפענונג: עס איז אָנגעקומען אַ קאַרטל פון „דאָרטן". אויב עס איז נאָך נישט געקומען פאַר אונדז, וועט עס נאָך קומען.

און אונדז איז נישט גלייך מעגלעך געווען צו באַווייזן, אַז אַ נייער שרעקלעכער עטאַפּ אין טעראָר איז אָנגעקומען: דעפּאָרטאַציע אין אַ געגנט, ווו מען קאָן זיך דערלויבן דאָס, וואָס אין פראַנקרייך איז נישט מעגלעך געווען אויסצופירן. מיר האָבן עס בולט באַנומען. אָבער מיר האָבן עס נישט געקאָנט פרעציזירן פאַר דער מאַסע. עס איז דאָך געווען פאַר אונדז גענוג קלאָר נאָך דער עקזעקוציע פון די 53 פון דראַנסי, און פון די פרישע 13, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן, אַז די פאַרשיקטע דראָט אַן ערנסטע געפאַר, אָבער קיין באַווייזן האָבן מיר נאָך נישט פאַרמאָגט.

אונדזער מיינונג האָט זיך נאָך מער פאַרפעסטיקט אין דער דאָזיקער ריכטונג, ווען מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז פאַקטיש עקזיסטירט נישט מער קיין אונטערשיד צווישן גורל פון אַ יידישן ווידערשטענדלער און פון אַ פשוטן יידן. די אַרעסטירטע ווידערשטענדלער זענען געוואָרן גלייך געשיקט קיין דראַנסי.

אונדזער פּראָפּאַגאַנדע אין די סאָלידאַריטעט־גרופּעס האָט זיך פאַר־שטאַרקט. מיר האָבן גערופן צום אַקטיוון ווידערשטאַנד, צו אַקטיווער סאָ־

לידאַריטעט מיט די אינטערנירטע, צו אַקציעס פון די פרויען פון די אינ־טערנירטע און דעפּאָרטירטע.

די אָנפירונג פון די סינדיקאַטן איז אַריינגעדרונגען אין די אַטעליעס, וווּ מען האָט געאַרבעט פאַרן פראָנט און אָרגאַניזירט דעם סאַבאָטאַזש פון די מאַשינען און פון דער פּראָדוקציע.

די אָנפירונג פון דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט אויסגעפירט פיל געלונגענע אַקציעס קעגן צוגן און מיליטער. מיר האָבן געוואָרפן די לאָ־זונג: אַ טויט דעם אָקופּאַנט!

מיר האָבן אָנגענומען אויסערגעוויינלעך־שטרענגע פּאָרזיכט־מיטלען. מיר האָבן געפאָדערט פון די חברים, אַז אַלע פאַרשריפטן וועגן דער אומ־לעגאַלער אַרבעט זאָלן גענוי אָפּגעהיטן ווערן; אַז אַלע אומנויטיקע פאַר־זענלעכע באַציאונגען זאָלן איבערגעריסן ווערן. אָבער דאָס איז נישט שטענדיק געווען לייכט דורכצופירן צוליב אַ פּשוטער סיבה: די פאַרשי־דענע פאַראַנטוואָרטלעכע האָבן זיך געקאָנט פון דער לעגאַלער צייט און אָנגעהאַלטן פערזענלעכע קאָנטאַקטן. איז מיר דען אַזוי לייכט געווען, דערזעענדיק מיטאַמאָל אין גאָס דעם חבר לערמאַן, אים נישט צו באַ־גריסן? און דאָס איז געווען פאַרבאָטן. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז די פרויען פון די אומלעגאַלע זענען דאָך געבליבן אין דער לעגאַלער וווינונג און זיי פלעגן זיך דאָך טרעפן פון צייט צו צייט.

מיין פרוי, פאַני, צום ביישפּיל, איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קאָנטראָל פון די חשבונות ביי די קאַסירער פון עטלעכע גרופּעס. זי פלעגט זיך זען מיט זיי זייער אָפט, און זי פלעגט ברענגען מיר אויך עסן. אויפן ראַנדעוווּ פלעגט קומען אויך מיין קליינטשינקע סילווי, אונטערן רעגן, אין שניי און קעלט. לאָמיר זי כאָטש אויף דער גאַס אָנקוקן און איר אַ קוש געבן. האָבן מיר דען געוווּסט, צי פאַני ווערט נישט נאָכ־געפאָלגט דורך דער פּאָליציי, כדי צו קומען אויף מיינע שפּורן?

אין 11־טן אַראָנדיסמאַן זענען געפאַלן כסדר חברים. עס איז אויך פאָרגעקומען אַ רעוויזיע ביים קאַסירער פון דער „סאָלידאַריטעט", אין 11־טן. דעם זעלבן, וואָס האָט מיר באַזאָרגט מיין ערשטע אומלעגאַלע ווױ־נונג, אָבער מען האָט אים נישט אַרעסטירט. פאַרוואָס איז נישט באַקאַנט געווען. עס איז נישט קלאָר געווען.

מען האָט געשמועסט, אַז עס זענען געווען „געבערס", ספּעציעל צווישן די מאַכערס פון פּאַפּירן און צווישן די ליפעראַנטן פאַר די איינקויפס־שטעלעס.

איך פלעג אָפט קומען צום אַלטן אַלבערט וועגן אונדזער אַרבעט. אַ געוויסן טאָג האָב איך זיך דערוווּסט וועגן אַ ביי אומגליק. אַלבערט האָט געהאַט אָפּגעטראָטן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־סעקציע פון סענטוען זיינס אַ ביידל, אין וועלכן ס'איז געוואָרן איינגעאָרדנט אַ קאָנספּיראַטיווע דרוק־קעריי. זי איז דורכגעפאַלן. די חברים זענען אַרעסטירט געוואָרן. זייערע נעמען האָבן אַראָפּגעשריגן מיט שוואַרצן טרויער פון די בלוטיק־רויטע קלעפּסידרעס. אָטינא און זיינע חברים זענען דערמאָרדעט געוואָרן. זיי

האָבן אָבער נישט אַרויסגעגעבן דעם יידישן אייגנטימער פון ביידל. מיר
האָבן זיך געהאַלטן אַדאַנק די קאָנספּיראַטיווע געזעצן און אַדאַנק דעם מוט
פון אונדזערע העלדן.

אַן אומבאַשרייבלעך געשעעניש האָט אונדז דערשיטערט אין דעם דאָ־
זיקן חודש אַפּריל 1942. עס זענען צעריסן געוואָרן אונדזערע צוויי פּאַר־
טיזאַנער, הערש צימערמאַן און סאַלעק באָט. הערש צימערמאַן איז געווען
אַ שפּאַנישער מיליציאַנער און דער מאַן פון דער „שוואַרצער פּאַלאַ״,
די פאַרבינדלערין פון דער רעדאַקציע, וואָס איז שיער נישט אַריינגעפאַלן
אין דער דרוקעריי דעם 7־טן נאָוועמבער. סאַלעק באָט איז געווען אַ יונ־
גער פידלער. מאַניפּולירנדיק אַ נייע באָמבע, האָבן זיי וואַרשיינלעך זיך
טועה געווען און די באָמבע האָט אויפגעריסן, זייער צימער איז צעשמע־
טערט געוואָרן. דער גאַנצער שטאָק האָט געהאַט צעבראָכענע טירן און
שויבן. זיי אַליין זענען צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך. סאַלעק איז גלייך
געבליבן אויפן אָרט. הערש האָט נאָך געלעבט, ווען מען האָט אים איבער־
געפירט אין שפּיטאָל אַריין.

זיי זענען געפאַלן נאָך אַ לאַנגער פּאַרטיזאַנישער קאַריערע. זייער בי־
לאַנס איז געווען זייער אַ רייכער. כאָטש מיר זענען נישט באַקאַנט געווען
גענוי קיין שום פּרטים, ווייל כ׳האָב קיינמאָל גאָרנישט געפרעגט, האָב איך
דאָך געוווסט, אַז אונדזערע פּאַרטיזאַנער האָבן אָנגעטון צרות דעם שונא.
עס פלעגן דערשיינען רעגולערע קאָמוניקאַטן, נישט בלויז פון אונדזערע
פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, נאָר אויך פון דער ווערמאַכט.

דאָס אומגליק מיט הערשן און סאַלעקן האָט זיך שרעקלעך פאַרקייטלט
אין אונדזער „סאָלידאַריטעט״ און מיטגעשלעפּט קרבנות.

דעם 30־טן אַפּריל האָב איך געהאַט אַ ראַנדעוווּ מיטן חבר מוניע נאַד־
לער אין „זשאַרדען דע פּלאַנט״. חבר מוניע, שעף־רעדאַקטאָר פון אונ־
דזער אומלעגאַלער „נייע פּרעסע״, איז אויך געווען טעטיק אין דער גרו־
פּע פון אינטעלעקטועלע, אָרגאַניזירט ביי דער „סאָלידאַריטעט״.

די דאָזיקע אָנפירונג האָט געהאַט פאַרצווייגטע קאָנטאַקטן צווישן די
יידישע אינטעלעקטועלע.

באַזונדערס באַדייטנדיק זענען געווען די קאָנטאַקטן מיט די יידישע
שרייבער, מאָלער און דאָקטוירים. אַזוי, צום ביישפּיל, פלעגט חבר ספּע־
ראָ זיך רעגולער טרעפן מיט די מאָלער אַבערדאַם, בראָנשטיין, לאַשאַ־
קאָוו, קלמן גלעב, לעאָן לעווין און אַנדערע. מען פלעגט זיך צונויפקלייבן
אין דער גאַלעריע פון בראָנשטיין. די צוזאַמענטרעפן האָבן אויף דער
טאָג־אָרדענונג שטענדיק געהאַט צוויי פּונקטן: אַ באַריכט וועגן דער פּאָ־
ליטישער לאַגע און די ענינים וועגן פּראַקטישער הילף, וועגן שטיצע. די
פאָנדן זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער צענטראַלער קאַסע פון דער
„סאָלידאַריטעט״.

צווישן די שרייבער האָט חבר מוניע געפירט אַן אויסערגעוויינלעך אינ־
טענסיווע טעטיקייט. ווער עס האָט געקאָנט דעם חבר מוניע מיט זיין אימ־

פּולסיוון טעמפּעראַמענט, האָט פֿאַרשטאַנען, ווי געקלעמט ער איז געווען דורך דעם אָקופּאַציע־קאָרסעט. פֿאַרשידנאַרטיק זענען געווען זיינע איני־ציאַטיוון: רעגולערע פֿאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס, ליטעראַרישע אַרבעטן. ער האָט דערמוטיקט די יידישע אינטעלעקטועלע, זיי געשטויסן צו טע־טיקייט, צו אַקטיוון ווידערשטאַנד.

אין דער רעדאַקציע פֿון דער אומלעגאַלער צייטונג האָט ער נישט געהאַט גענוג פּלאַץ פֿאַר זיין ברויזנדיקער שעפֿערישקייט. מיט וואָס פֿאַראַ ליבע ער האָט געטראַכט וועגן אונדזער צייטונג, איז מיר נישט איינמאָל אויסגעקומען פֿעסטצושטעלן. ער, דער אויטאָר פֿון דעם ליד „כ׳האָב דיך היינט מיין רעוואָלוציאָנערע צייטונג נישט באַקומען״, אָנגעשריבן אין אָקטאָבער 1939, האָט אין די נייע אומלעגאַלע באַדינגונגען אָוועקגעגעבן זיין גאַנצע שטורמישע ענערגיע פֿאַר די נייע פֿאָרמען פֿון טעטיקייט.

מיר האָבן זיך אָפּט געטראָפֿן סיי אויף די זיצונגען פֿון דער דאָזיקער אָנפֿירונג, ווי אויך אין פּערזענלעכע, אומפֿאַרמיידלעכע דאָן קאָנטאַקטן. עס איז שוין געוואָרן שווער צונויפֿצורופֿן די גאַנצע אָנפֿירונג פֿון די אינ־טעלעקטועלע גרופּעס. דעם חבר טשיזיק האָט מען שוין געהאַט אַרעס־טירט. באַקוועמע דירות האָבן געגומען פֿעלן, מען פֿלעגט זיך טרעפֿן מיט חברים איינציקווייז.

דעם 30־טן אַפּריל, אַלזאָ, האָב איך געהאַט אַ ראַנדעוווּ מיטן חבר מו־ניע, אין „זשאַרדען דע פּלאַנט״. נישט זאָגנדיק קיין „גוט מאָרגן״, האָט ער אַרויסגעמורמלט: „יאָסעק איז נישט געקומען אויפֿן ראַנדעוווּ״. דאָס האָט געזאָלט באַדייטן, אַז ד״ר יאָסעק בורשטין, איינער פֿון אונדזערע פּעאיקסטע טוער, אַ קאָמוניסט נאָך פֿון דער יוגנט, אַן אַקטיוויסט פֿון לו־בלינער פּאַטראָנאַט, מיטגליד פֿון קאָמיטעט פֿאַר אַרבעט צווישן אינטע־לעקטועלע — איז אַריינגעפֿאַלן.

— און אפֿשר איז עס אַ צופֿאַל? — האָב איך פּרובירט אים באַרואיקן, כאָטש אַליין בין איך אויך געוואָרן שטאַרק אומרואיק. — האָסט מיט אים אַ „רעפּעשאַזש״? (אַ „רעפּעשאַזש״ — פֿאַנגען אויפֿסנײַ — האָט געהייסן אַ צווייטער ראַנדעוווּ, וואָס האָט באַדאַרפֿט אויטאָמאַטיש פֿאַרקומען אין פֿאַל, ווען עס איז אומעגלעך געווען צו קומען אויפֿן ערשטן).

מיר האָבן גענומען אַנאַליזירן אַלע עווענטואַליטעטן, יאָסעקס ראַנדע־וווען און אויך זיינע פֿאַרבינדונגען. אויב עס איז טאַקע געשען דאָס אומ־גליק, דאַרף מען דאָך פֿאַרהיטן די אַנדערע. צום סוף האָט מיר מוניע גע־זאָגט:

— כ׳ווייס ווו מען קאָן אים טרעפֿן, אויף 1, רי לאַסעפּעד.

דאָס איז געווען אַ הויז, ווו עס האָבן געוווינט פֿיל סטודענטן. מיט אַ צייט צוריק האָב איך דאָרט געהאַט אַ זיצונג ביי דער פֿרוי פֿון סאַלעק באָט און אַראָפּגייענדיק, האָב איך געטראָפֿן אויף די שטיגן פֿיל באַקאַנטע. כ׳האָב באַשלאָסן צוליב פֿאַרזיכטס־טעמים מער דאָרטן נישט אַריינצוקו־מען און געבעטן די חברים אויפֿצוהערן דאָרטן זיך צונויפֿצוקומען.

כ׳האָב מוניען געזאָגט מיין מיינונג וועגן רי לאסעפעד, נאָר כ׳האָב אים פאַרמעל נישט פאַרבאָטן דאָס צו טון. מיר זענען דאָך געווען אַזוי היימיש.

און מוניע, דער געוויסנהאַפטער און איבערגעגעבענער חבר, איז דאָך געגאַנגען. זיין אימפּולס האָט געבראַכן די געזעצן פון אומלעגאַלקייט. זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט פאַרקוקט די געפאַר. און אַ שרעקלעכע זאַך איז געשען: מוניע איז נישט צוריקגעקומען פון רי לאסעפעד.

זעענדיק, אַז איר מאַן, סאַלעק באַט, איז נישט געקומען אויפן ראַנ־דעוווּ מיט איר, איז זיין פרוי אַוועק אין זיין וווינונג, דאָרט, ווו עס איז געשען דער אויפרייס. זי איז דאָרט אַרעסטירט געוואָרן.

די נאַציס האָבן נאָך דער קאַטאַסטראָפע מיט צימערמאַנען און באַט באַזעצט די וווינונג טאַקע אויף רי לאסעפעד, דאָרט, ווו איך האָב אַמאָל געהאַט די באַראַטונג און זיי האָבן דאָרט איינגעשטעלט אַ פּולאַפּקע.

אין דער פּולאַפּקע אויף 1, רי לאסעפעד זענען אַריינגעפאַלן סיי דער ד״ר יאַסעק בורשטין, סיי אונדזער טייערער מוניע, ווי אויך 15 אָדער 17 פּוילישע ווידערשטענדלער, וואָס פלעגן זיך פאַרזאַמלען ביי סאַלעקס פרוי, צווישן זיי דער ברודער פון ד״ר מישעל דיסקין, אינזשיניער דיסקין, אַק־טיוויסט פון דער פּוילישער באַוועגונג.

דער דאָזיקער קלאַפּ האָט מיך נאָך מער דערשיטערט. נאָך די אינ־טערנירונגען פון פיל חברים מיט אַ יאָר פריער, נאָך דער עקזעקוציע פון משה בורשטין, נאָך אַ יאָר פון קלעפּ און דורכפאַלן, וואָס זענען געקומען פון אַלע זייטן, פון פאַרשידענע סעקטאָרן, האָבן מיר ווידער באַקומען אַ שווידערלעכן קלאַפּ. דער פראָנט האָט זיך צעשטורעמט, מען האָט אונדז שווער אָנגעגריפן. ווען מיר דאָס אויסהאַלטן?

פאַרשטענדלעך וועלן מיר דאָס אויסהאַלטן. דער, וואָס האָפט נישט און קעמפט נישט, האָט גאָרנישט צו דערוואַרטן. אָבער וויפל וועלן מיר אָנקומען צו דער „מעטע״? אין וואָס פאַראַ צושטאַנד?

אָבער דאָס בלוט פון די געפאַלענע וועט נישט גיין לאיבוד. עס וועט צוריקקומען אין די אָדערן פון נייע קעמפער און וועט פאַרטאָפּלען זייער מוט.

אַט האָט די גאַנצע פאַריזער פּרעסע געמוזט דערציילן וועגן דער העלדישקייט פון צוויי יידישע יוגנטלעכע, מאָריס פעלד און מאָריס פּע־פּערמאַן, דעם זעלבן, וואָס מיר האָבן געהאַט געבראַכט פון פּיטיוויע. זיי זענען באַפאַלן דעם 10־טן מאַי אַ דייטשן האָטעל ביים סקוואַר מאָנטאָלאָן מיט גראַנאַטן, וועלכע זיי האָבן אַריינגעשליידערט דורך די פענצטער, מאַכנדיק אַ פיינעם חורבן.

אָבער די דייטשן און די פראַנצויזישע פּאָליציי האָבן גענומען נאָכ־יאָגן די יוגנטלעכע. פעלדן איז געלונגען צו פאַרשווינדן, אָבער פּעפּערמאַן איז געוואָרן אַרומגערינגלט אין הויז אויף 58, רי דע פּטיט־עקירי, ווו ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד מיט די לעצטע קוילן.

די צוויי יוגנטלעכע, די צוויי פריינט, האָבן זיך געהאַט געגעבן אַ צו־זאָג קיינמאָל זיך נישט צו שיידן.

פעלד, געבונדן אויף לעבן און טויט דורך אַ צוזאָג מיט זיין חבר, איז צוריקגעקומען צום שלאַכטפעלד, וווּ מען האָט אָנגעגריפן פעפערמאַנען. די קאָמפּס־פריינטשאַפט איז שטאַרקער געווען ווי די געפאַר, ווי די אויס־גאַנגלאָזיקייט פון דעם אומגלייכן קאַמף — צוויי פּאַרטיזאַנער קעגן אַ פראַנצויזישער און דייטשער פּאָליציי.

פעפערמאַן איז געפאַלן אין הויז גופא. פעלד איז געוואָרן פאַרוווּנ־דעט און אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל. נאָכדעם, ווי ער איז געוואָרן אויס־געהיילט, האָבן די נאַציס אים דערשאָסן.

די ידיעות פון פראַנט זענען געווען בעסערע.

יאָ, מיר האָבן געוווּסט, מיר וועלן אויסהאַלטן. ראַדיאָ מאָסקווע האָט איבערגעגעבן דעם 1־טן מאַי, אַז די דייטשע אַרמיי ווערט וואָס אַמאָל מע־רער אָפּגעשוואַכט און אַז די רויטע אַרמיי קאָנצענטרירט די כוחות צו דע־צידירנדיקע שלאַכטן. דער פאַקטאָר פון איבעראַשונג האָט פאַרלוירן זיין ווערט. די איניציאַטיוו וועט פון איצט אָן זיך געפינען אין די הענט פון די סאָוויעטן.

מיר וועלן אויסהאַלטן. פון מאָסקווע איז געקומען דאָס האָפערדיקע און זיגערישע וואָרט.

דעם 6־טן יוני האָט דער אָפּיציעלער ביולעטין פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און די קאָלאַבאָראַציע־פּרעסע פאַרעפנטלעכט אַ קאָמוניקאַט וועגן טראָגן די געלע לאַטע. אַלע יידן פון 6 יאָר אָן האָבן געדאַרפט אָנטון אויף דער לינקער זייט פון דער קליידונג אַ געל שטיקל שטאָף מיט אַ שוואַרצן שטערן אין דער פאָרם פון אַ מגן־דוד און אַ געלן אות „י״ אינ־מיטן שטערן. די „געלע לאַטע״ וועט אין פראַנקרייך פאַרטרעטן דעם גע־טאָ, איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן. פון איצט אָן וועט פאַן שטולפּנאַגעל באַ־שטימען ווער עס איז אַ ייד. מילא, ביי אים וועלן מיר, ווידערשטענדלער, שוין נישט זוכן קיין הכשר אויף יידישקייט: קיין „געלע לאַטע״ וועלן מיר נישט טראָגן.

יעדער לאַטע־ייד וועט פילן, אַז ער איז אַ ציל־ברעט, אַן אָנגעצייכנ־טער פאַר די רעפּרעסיעס. כדי צו פאַרלייכטערן דעם פּלאַן, זענען דערשי־נען אייניקע „פאַרבאָטן״, וועלכע האָבן באַשאַפן אַ ריי תירוצים פאַרן טעראָר. פאַרבאָטן פאַר די טרעגער פון דער „געלער לאַטע״ צו געפינען זיך אויף דער גאַס נאָך 8 אָוונט, גיין איינקויפן אויסער געוויסע שעהן, אַריינצוגיין אין אַ סקוואַר אא״וו.

און די „ברוינע יידעלעך״ האָבן אייפערדיק פּאָטאַקעוועט צו דער גע־לע־לאַטע־יידישקייט.

ווען איך בין אַ טויט־מידער געקומען שפּעט אין מיין אומלעגאַלער וווינונג און האָב זיך געלייגט אין בעט, האָב איך לאַנג, לאַנג נישט גע־קאָנט איינשלאָפן. כ׳האָב בלויז געזען פאַר זיך די געלע לאַטע. מיינע גע־

דאַנקען זענען כסדר געפלויגן, אַלץ האַסטיקער און האַסטיקער, פון גלח גרעגוואַר צו די „ברוינע יידעלעך״:

די דאָזיקע יידעלעך, וואָס זענען דאָך „אייניקלעך״ פון דער עמאַנציפּאַציע, מאַכן היינט מיט די דעקאַדענץ פון די רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די עמאַנציפּאַציע האָט זיי געעפנט אַ וועג פאַר עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַסימילאַציע. היינט, ווען די בורזשואַזיע פאַראַט די רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן פון 1789, פוילן זיי מיט אידעאָלאָגיש מיטן אונטערגייענדיקן קלאַס. די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט פאַרקויפט דאָס פאָלק צום אויסלענדישן, דייטשן אימפּעריאַליזם. אויך זיי טוען דאָס זעלבע, די יידישע קאָלאַבאָראַטאָרן...

אין פראַנקרייך איז אָבער נישט מעגלעך צו פאַרמויערן יידן אין אַ געטאָ, אין אַ פיזישן, פּרוּוון די נאַציס אונדז פאַרשליסן אין אַ מאָראַלישן געטאָ, נידערשלאָגן, פאַרשעמען, צעטרעטן אונדזער מענטשלעכע ווירדע, אַרויסרייסן אונדז פון דעם אַרומיקן פאָלק, איזאָלירן, כדי לייכטער צו פאַרניכטן.

נאָר דער ענטפער פון פראַנקרייך, פון אמתן פראַנקרייך, פון פראַנצויזישן פאָלק איז געווען אַ האַרציקער, אַ מיטפילנדיקער, אַ פּאָליטישבאַוווסטזיניקער, אַן אַנטי־היטלעריסטישער. נישט־יידישע סטודענטן האָבן בפרהסיא צוגעטשעפּעט זיך די געלע לאַטע. מ׳האָט זיי פאַרשיקט דערפאַר קיין דראַנסי. זיי זענען אַוועק מוטיק. די געלע לאַטע האָט אַראָפּגעשריגן דעם פּראָטעסט פון זייער ברוסט. און וויפל האָבן געביילט די פויסטן ?

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אָפּגעדרוקט אַ בראָשור קעגן אַנטיסעמיטיזם, אונטערגעשריבן דורכן צענטראַל־קאָמיטעט. דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער דאָקומענט, אַ רייכער מאַטעריאַל, אַ זעלטנקייט נישט בלויז אין די באַדינגונגען פון אומלעגאַליטעט. בלויז די דאָזיקע פּאַרטיי האָט פּאָליטיש באַלויכטן די ראָל פון אַנטיסעמיטיזם אין דער לאַפּע פון אָקופּאַנט און זיינע ווישי־משרתים. די דאַנקבאַרקייט פון די יידישע מאַסן פאַר דעם דאָזיקן היסטאָרישן אַקט פון סאָלידאַריטעט וועט זיך קיינמאָל נישט אויסלעשן.

די שרייבער־גרופּע ביי דער „סאָלידאַריטעט״ האָט צוגעגרייט אַ ספּעציעלע צייטונג מיטן נאָמען „די געלע לאַטע״, אין וועלכער עס האָבן געזאָלט אָנטייל נעמען אהרן בעקערמאַן, מ. דזשיאַלאָווסקי, יאָסל צוקער און משה שולשטיין.

מיר האָבן אויך געוואָרפן אַ לאָזונג פון אַ מאַניפעסטאַציע ביים מאָנומענט פון די געוועזענע אָריענטאַלישע יידישע פראָנט־קעמפער פון 1914־1918, וואָס געפינט זיך אויף רי דע לאַ ראָקעט, טאַקע אין 11־טן, דעם אַזוי געליטענעם אַראָנדיסמאַן. די דאָזיקע אומלעגאַלע מאַניפעסטאַציע האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. אין מיטן טאָג זענען גרופּעס פון אונדזערע חברים און חברטעס אָנגעקומען, טייל פון פּלאַץ וואָלטער, אַנדערע פון באַסטיל, און געשאַפן אַ מאַניפעסטאַציע אויף דער גאַס. די פאַרבייגייענדיקע האָבן

זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעפּרעגט און סימפּאַטיש זיך אָפּגערופן, צום ערשטן מאָל האָבן אין דער מאַניפעסטאַציע אָנטייל גענומען באַוואָפנטע פּאַרטי־זאַנער גרייט צו ענטפערן אין פאַל פון אַן אַנגריף פון דער פּאָליציי.

קנאַפּע צוויי שעה האָט געדויערט די מאַניפעסטאַציע. זי האָט אויסער־געוויינלעך געשטאַרקט דעם מוט אין אונדזערע גרופּעס, און איבערגע־טראָגן אין דער מאַסע דעם גייסט פון ווידערשטאַנד. נייע חברים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, באַזונדערס צום ערשטן יאָרטאָג פון אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

לויט אַ באַשלוס האָבן נייע 10 פּראָצענט פון פּאַרטייאישן אַקטיוו פאַר־לאָזט די פּאָליטישע טעטיקייט און איינגעשלאָסן זיך אין דער אַרמיי פון די באַוואָפנטע קעמפער. איבערגייענדיק צו דער פּאַרטיזאַנקע, האָט יעדער מיטגליד פון אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג זיך געמוזט אונטערוואַרפן אַ ריי שטרענגע כללים. קודם כל איבעררייסן אַלע באַציאונגען מיט מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע — פאַמיליע, פריינט, באַקאַנטע. נאָכדעם איבערגיין אין פולשטענדיקער אומלעגאַליטעט, וווינען אַליין אויף פאַלשע פּאַפּירן. וועגן דער וווינונג האָט קיינער נישט געטאָרט וויסן.

קיינמאָל האָט דער פּאַרטיזאַן נישט געטאָרט עסן צוויי מאָל אין זעלבן רעסטאָראַן. ער האָט געמוזט רעגולער פאַרלאָזן זיין דירה און פּונקט אַזוי רעגולער צוריקקומען, ווי ער וואָלט ערגעץ געווען באַשעפטיקט.

די פּאַרטיזאַנער זענען געווען גרופּירט לויט אָפּטיילונגען, יעדע מיט אַ מיליטערישן פאַראַנטוואָרטלעכן, אַ טעכנישן לייטער און אַ פאַרבינד־לער מיטן שטאָב. די, וואָס זענען אַריינגעטראָטן אין די אָפּטיילונגען, האָבן פאַרלאָזט זייערע באַשעפטיקונגען און באַקומען צו 1600 פראַנק אַ חודש פּלוס 300 פראַנק פאַר אַ קינד. צוליב דעם, וואָס דער גרעסטער טייל האָט פאַרלוירן די שפּייז־קאַרטן, איז זיי געליפערט געוואָרן טיקעטן דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, מיט וועל־כער די מ. אָ. י. (די ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון די אימיגרירטע אַרבע־טער) איז געווען פאַרבונדן.

דער פּאַרטיזאַן האָט אַזוי אַרום זיך צעשיידט מיט זיינע נאָענטסטע. אָבער, ווי קאָן מען פאַרגלייכן די דאָזיקע צעשיידונג מיט דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען נאָך דער אָפיציעלער מאָביליזאַציע, אָנהויב מלחמה, אין 1939 ?

אונדזער מאָביליזאַציע פון קליינע קאַמפּס־גרופּעס איז געווען אַ דראַ־מאַטישע, אָבער אַ דערהויבענע, אַ מוטיקע. מיר זענען געבליבן טריי יע־נער אַנגאַזשירונג פון 1939, וואָס פעטען האָט פאַראַטן. אויפן אָרט פון יע־נער צעשלאָגענער, אינטערנירטער אַרמיי איז אויפגעשטאַנען אַ נייע, אַ קאַמפּסלוסטיקע, וואָס וועט קאָנסעקווענט שלאָגן דעם היטלעריזם.

אַ נייער טעכנישער פּראָבלעם איז אַנטשטאַנען: די אינטענדאַנץ. מיר האָבן געדאַרפט איינקוואַרטירן די נייע זעלנער און אויך זיי אויסקליידן, אָט די סאָלדאַטן אָן מונדירן, זיי באַשפּייזן, פאַרשאַפן נייע פּאַפּירן.

אין די אַלע הינזיכטן האָבן מיר באַוויזן צו דערגרייכן אונדזער ציל, אַדאַנק אַ ספּעציעלער קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די חברים רעקס (פּר־טערפלאַם), יאַנקל זשעלעמער און דעם אַלטן אַלבערט. מיר האָבן ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט פעסטגעשטעלט די נייע באַציאונג פון דער יידישער באַפעלקערונג — פונקט ווי פון דער נישט־יידישער — צו דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. פאַרשוואונדן דער פּאַראַיאַריקער „זיי ברענגען אויף אונדז אַן אומגליק". איצט האָבן מיר שוין געפונען אַקטיווע מיטהילף. גערונגען וויינונגען, באַקומען וועש, מעבל, שפּייז־קאַרטן און געלט.

חבר רעקס האָט אונדז באַקאַנט מיט דער פרוי סאָסקין, אייגנטימערין פון אַ מעבל־מאַגאַזין אין 14־טן אַראָנדיסמאַן. דאָרט האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אייניקע זיצונגען און אַדאַנק איר זייער ברייטער הילף איז אונדז מעג־לעך געוואָרן צו באַזאָרגן פיל אומלעגאַלע וווינונגען מיט מעבל. חבר יאַנקל זשעלעמער האָט אונדז פאַרשאַפט וועש דורך זיינע באַציאונגען מיט יידישע סוחרים. אים איז אויך געלונגען צו באַקומען פון די טאַפּעצירער אויפן פּאַבור סענט־אַנטואַן אַ גרויסע צאָל מאַטראַצן. פון זיין זייט איז דער אַלטער אַלבערט געווען אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל, אַדאַנק זיין אָנזען צווישן די יידישע בראָקאַנטערס און שמאַטע־הענדלער. ער האָט אונדז געבראַכט קאָלדרעס און שיך, ליילעכער און האַנטעכער, וואָס אפילו פאַר געלט און מיט טיקעטן האָט מען עס נישט באַקומען.

דערווייל איז געשען אַ פריש אומגליק מיט אונדזערע פּאַרטיזאַנער. אַ שרעקלעך אומגליק. די יידישע געלט־גייציקע פּאַטראָנען זענען געוואָרן פאַרבלענדט פון די אוצרות דייטשע מאַרקן, וואָס זיי האָבן געשאַרט און פאַרוואַנדלט אין „האַרטע און ווייכע", אין גאָלדענע און פּאַפּירענע דאָ־לאַרן. זיי האָבן נישט געוווסט פון קיין סקרופּולן, קיין מאָראַל.

אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט באַקומען די אויפגאַבע אונטערצוצינדן אַ פוטער־פאַבריק אויף רי טאַילאָר, ביי רעפּובליק. דער שעף פון דער גרופּע האָט פאַרטראַכט אַ פּלאַן, לויט וועלכן די פאַבריק האָט געדאַרפט פאַרניכטעט ווערן מיטאָג־צייט.

די באַוואָפנטע גרופּע איז אָנגעקומען מיט בענזין אויפן ערשטן שטאָק און האָט געפּרוּווט עפענען די טיר. קיין איבעריקן געררודער האָט מען נישט געטאָרט מאַכן צוליב די שכנים און דער הויז־וועכטערין. אָבער די צייט איז געלאָפן. מען האָט נאָך געקאָנט באַמערקן עפּעס פאַרדעכטיקס.

וואָס טוט מען? די מיסיע דאַרף מען אויספירן. די פּאַרטיזאַנער ווערן אומגעדולדיק. דער שעף פאַלט אויף אַ המצאה. מען שניידט אויס אַ לאָך אין דער טיר, מ'גיסט אַריין דעם בענזין און... מען וואַרפט נאָך אַן אונ־טערגעצונדענע שוועבעלע.

ווען די פייערלעשער זענען אָנגעקומען, האָבן די שכנים זיי אינפאָר־מירט כמעט אַזוי: איילט זיך נישט, אַ יעקישע פאַבריק ברענט.

מען קאָן זיך פאַרשטעלן דעם „אייפער" פון די פייערלעשער... נאָך זייער אַוועקגיין איז געבליבן אַ באַרג אַש...

אַנדערש איז אָבער געשען אויפן פּלעצל.

דער 29־טער יוני 1942 איז געווען אַ שרעקלעך היסער טאָג. איך האָב דעם טאָג געהאַט אַ ראַנדעוווּ מיט אַ פאַרבינדלערין ביים פּלאַץ דאַ־מעניל. זי איז געקומען און נישט געקאַנט אַרויסשטאַמלען עפּעס אַנדערש ווי: לעאָן און עלי! עס איז זי נישט געווען צו דערקענען. זי, די געוויינ־לעך פלעגמאַטישע, איז דאָס מאָל געווען אויסערגעוויינלעך נערוועז. מיר האָבן געזאָלט גיין עסן מיטאָג אין אַ קליינעם רעסטאָראַן ביים פּאָרט דאַ־רעי, אָבער דעם טאָג איז געווען תשעה־באב ביי אונדז. מיר האָבן זיך לאַנג אַרומגעשלעפּט אין ווענסענער וואַלד און צום וויפלטן מאָל האָט זי מיר איבערגעחזרט די פּרטים פון דעם שרעקלעכן דורכפאַל. אַ מנוולדיק יידל, דער סימאָן אויפן פּלעצל, אַ פאַבריקאַנט פון פוטערלעך, האָט אָפּגע־זאָגט אָפּצושטעלן זיין פאַבריקאַציע פאַרן שונא. ווען די צוויי פּאַרטיזאַ־נער זענען געקומען צו אים מיט דעם באַפעל, שוין צום צווייטן מאָל, האָט ער געמאַכט אַן אַליאַרם און גערופן פּאָליציי.

עס זענען געפאַלן צוויי וווּנדערבאַרע חברים: לעאָן פאַקין און עלי וואַלאַך. דער ערשטער איז געווען אַ לאַנגיאָריקער פּוילישער רעוואָלוציאָ־נער, אָפּגעזעסן אַ לענגערע תפיסה־שטראָף פאַר קאָמוניסטישער טעטי־קייט אין זיין היימלאַנד, וואָס ער האָט פאַרלאָזט, כדי זיך צו אַנגאַזשירן אין דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי פון שפּאַניע. פאַקין האָט געהערט צו די ערשטע מיטגלידער פון אונדזערע מיליטערישע קאַמפּס־גרופּן.

דער צווייטער איז געווען אַ יונגער שניידער־אַרבעטער, אַ זון פון חבר אהרן לייב וואַלאַך און פון דער חברטע טעמעלע,ביידע אַקטיווע טוער פון דער „סאָלידאַריטעט" אין 18־טן אַראָנדיסמאַן. דער בחור האָט שטאַרק געגאַרט נאָך וויסן, געלייענט פיל און באַזוכט די אָוונט־קורסן פון נעם „נייעם אוניווערזיטעט", אויף 8, אַוועני מאַטירען מאָראַ, אין 19־טן אַראָנדיסמאַן, ווו פּראָגרעסיווע פּראָפעסאָרן האָבן געגעבן לעקציעס אי־בער פאַרשידענע וויסנשאַפט־צווייגן, באַטראַכט פון מאַרקסיסטישן שטאַנד־פּונקט. ביי 16 יאָר איז עלי וואַלאַך מוטיק אַוועק צו ראָמען ראָלאַן דיס־קוטירן וועגן אַ געוויסן אָפּזאַץ אין „זשאַן קריסטאָף", מיט וועלכן ער איז נישט געווען מסכים. עס האָט זיך איינגעשטעלט זינט דעמאָלט אַ באַקאַנט־קייט צווישן גרויסן שרייבער און יונגן שניידער, וועלכער האָט אויך גע־האַט אָנגעהויבן צו שרייבן אַ ראָמאַן. ראָמען ראָלאַן האָט נאָכן איבער־לייענען עטלעכע בלעטלעך פון עליס ווערק אים דערמוטיקט פאָרצוזעצן.

אָט די צוויי חברים זענען אַריינגעפאַלן דורך דער מסירה אויפן פּלעצל. זייער אַרעסט, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַזעלכע באַדינגונגען, האָט אונדז אַלעמען דערשיטערט. מען האָט זיך שנעל אַרומגעזען, אַז פאַקינס פרוי דראָט אַ געפאַר. סיי איר, סיי דער חברטע פאָקאַ, מיין פאַר־בינדלערין מיט די לאַגערן, וואָס האָבן געוווינט אין זעלבן הויף, אויף רי שאַבראָל נומער 18.

איך האָב קודם כל געבעטן פאָקאַן גלייך צו פאַרלאָזן דאָס הויז און

אַרויסגערופן פּאַקינס פּרוי. אונדזער ראַנדעוווּ אויף אַ באַנק אין גאָרטן „ביטשאָמאָן" וועט אויף שטענדיק פאַרבלייבן טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. יעדעס מאָל, ווען כ'וועל אַדורכגיין דעם גאָרטן, וועט די דאָזיקע טרעפונג צוריקקומען פאַר מיינע אויגן. פּאַקינס פרוי האָט געשוואַנגערט. איר קינד וועט נישט קאָנען דעם טאַטן. איך האָב זי געבעטן גלייך צו פאַרלאָזן די וווינונג. נאָר פּונקט יענעם טאָג איז פאַרלוירן געגאַנגען איר שליסל. אונדזערע אַ חברטע, דונקאַ, אַ סטודענטין פון פילאָזאָפיע, וואָס איז געווען אַרעסטירט אין תפיסה פון טורעל ביים פּאָרט דע לילאַ, איז אַריבערגעשפּרונגען דאָרט דעם פּלויט און געקומען צו פּאַקין זוכן אַ מקום מקלט. זי האָט דאָס פאַרלוירן דעם שליסל. מיט וואָס פאַראַ רעכט איז זי געקומען צו פּאַקינס פרוי, בעת פּאַקין איז געווען אַ פּאַרטיזאַן? אָבער נאָכוואָס זיך בייזערן אַנשטאָט צו זיין צופרידן איבער איר באַפרייאונג? כ'האָב געזוכט טרייסט־ווערטער פאַר פּאַקינס פרוי. נאָר ווו געפינט מען זיי אין אַזאַ מאָמענט?

אין דער וווינונג זענען געווען פאַרשידענע קאָמפּראָמיטירנדיקע מאַטעריאַלן, און די קאָנסיערזשקע (הויז־וועכטערין) איז געווען אַן אומזיכערע.

וואָס מען האָט געטון, כדי אויפצועפענען די טיר איז נישט וויכטיק. דער עיקר, עס איז געלונגען שנעל און גוט.

און אָט האָט דאָס אומגליק מיטגעשלעפּט אַ צווייטס. נאָכן אַרעסט פון עלי וואַלאַך איז די „ספּעציעלע בריגאַדע" אַוועק אין דער וווינונג פון זיין טאַטן, כאָטש עלי האָט שוין לאַנג דאָרט נישט געוווינט. ביים טאַטן אין דער וווינונג איז אין זעלבן מאָמענט פאָרגעקומען אַ זיצונג פון עטלעכע אומלעגאַלע טוער, פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דעם „הילפס־פאָנד", וואָס איז געשאַפן געוואָרן סוף דעצעמבער 1941 באַלד נאָך דער עקזעקוציע פון די ערובניקעס פון דראַנסי. געפונען האָבן זיך דאָרטן אויף 108 בולוואַר ראַשעשוּאַר די טוער פון דער „סאָלידאַריטעט" — איזאַק קרישטאַל און זשאַק קופּערמינץ, ווי אויך צוויי פּריש־רעקרוטירטע — לייזער און אויסטערליץ.

ווען די פּאָליציי האָט גענומען קלאַפּן אין דער טיר, האָבן זיי אויף דער שנעל אַרויסגעלייגט אויפן טיש אַ פון פּאַרויס צוגעגרייט טעשל קאָרטן און דערציילט די „פּליקעס", אַז זיי שפּילן אַ פּאַרטיע. אַן אומשולדיקער צייט־פאַרטרייב. די אומלעגאַלע מאַטעריאַלן איז זיי געלונגען צו פאַרשטעקן.

די אינספּעקטאָרן אָבער האָבן אפילו נישט אויסגעפרעגט די קאָרטן־שפּילער, נאָר זיי אַלעמען מיטגענומען אין „דעפּאָ".

אַזויפיל קלעפּ מיטאַמאָל. אַזאַ צאָל טייערע חברים געפאַלן אין שלאַכט. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז מען דאַרף רעאָרגאַניזירן די אָפּטיילונגען, פאַרשטאַרקן די דיסציפּלין, זיין שטרענגער צו לעגאַליסטישע איבערבלייבענישן. קיינער איז נישט געווען זיכער.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען אַ דאָ־קומענט, וואָס האָט מיך אַביסל געטרייסט: אין חודש יוני האָבן אונדזערע יידישע מיליטערישע אָפּטיילונגען אונטערגעצונדן צוויי גאַראַזשן, און־טערגעלייגט צוויי באָמבעס אין דער פאַבריק „ראַפּיאַ", אַטאַקירט אין מיטן העלן טאָג אין פּאַריז פיר דייטשע רעסטאָראַנען, פאַרניכטעט צוויי אַטעל־יעס פון פּוטערוואַרג, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער ווערמאַכט, און צוויי דייטשע לאַגערן. אַ פיינער בילאַנס פאַר איין חודש!

סוף יוני האָבן מיר מיט מיין פרוי באַשלאָסן, אַז זי פאַרלאָזט די לע־גאַלע וווינונג אויף רי סען־סעבאַסטיען. קיין דירעקטע געפאַר האָט איר, אמת, דערווייל נישט געדראָט, אַלס פרוי מיט אַ קליין קינד און אַ שוואַנ־גערע. אָבער מיר האָבן נישט דערוואַרט קיין יושר לגבי אַ ווידערשטענד־לערין. אויף סאַלעק באָטס פרוי האָט געשוואַנגערט און דאָך האָט מען זי אַרעסטירט. אָבער ווו גייט מען אין אַזאַ צושטאַנד?

די מיטאָגשטיינס האָבן געראַטן אַרויסצופאָרן קיין שעווּרעז ביי פּאַ־ריז, ווו זיי פלעגן דינגען אייניקע זומער אַ גוטע וווינונג. די געגנט איז געווען אַ זיכערע. קיין יידן האָבן דאָרט נישט געוווינט. זייער באַלעבאָס־טע קאָן זיי פון יאָרן און זי דעקט זיי. מיין פרוי האָט מיר ביי דער גע־לעגנהייט מיט צופרידנקייט איבערגעגעבן, אַז שיע מיטאָגשטיין איז אַריינ־געטראָטן אין דער באַוועגונג.

איך בין אַרויסגעפאָרן קיין שעווּרעז, אָבער צום באַדויערן גאָרנישט געפונען. כ'האָב גענומען גיין דורכן וואַלד ביז איך בין אָנגעקומען אין אַן אַנדער דאָרף, וואָס הייסט מעניל־סעווען, ווו מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ פרוי, וואָס האָט צו פאַרדינגען צימערן.

די באַלעבאָסטע, מאַדאַם באַדמער, איז געווען אַ שווייצערין, זי האָט שוין געוווינט אין פראַנקרייך אַ 40 יאָר, אַ געוועזענע אָנגעשטעלטע אין אַ פּאַריזער האָטעל. נאָכן טויט פון איר מאַן האָט זי זיך איינגעאָרדנט דאָ אויפן דאָרף, און אירע גרויסע צוויי טעכטער, זינט זייער חתונה, האָבן געוווינט אין פּאַריז.

יאָ, זי האָט געהאַט אַ צימער מיט אַ קיך צו פאַרדינגען אויף זומער. פון גרויס פרייד האָב איך אפילו נישט געפרעגט וועגן די באַקוועמלעכ־קייטן און די באַדינגונגען. פון מיין זייט איז דער הסכם געווען אַ באַלדי־קער. אָבער מאַדאַם באַדמער איז געוווינט געווען צו פאַרדינגען איר צי־מער נאָרמאַל, דאָס הייסט געלאָסן.

— איר וועט אויספילן דעם רעגיסטער פון די לאָקאַטאָרן — האָט זי מיר דערלאַנגט אַ בוך.

כ'האָב איר געוויזן מיין קאַרטע, און וועלכער זי האָט נישט שטאַרק אַריינגעקוקט. זי האָט מן־הסתם נישט געוווּסט מיט וויפל האַרץ־קלאַפּעניש איך האָב אַרויסגעצויגן מיין „פראַנצויזישע" קאַרטע. און אפשר האָט זי יאָ געוווּסט? דאָס וועלן מיר שפּעטער זען. דערווייל שמועסנדיק, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז אין דאָזיקן דערפל, מעניל־סעווען, אַ זיבן קילאָמעטער

פון שעווערע אינגאַנצן, זענען נאָך דערווייל קיין דייטשע סאָלדאַטן נישט איינגעשטאַנען און אפילו נישט דורכגעפאָרן.

פאַני איז געווען איבערגליקלעך, ווען כ׳בין צוריקגעקומען מיט דער גוטער נייעס. כדי נישט צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער קאָנ־סיערזשקע, האָבן מיר אַרויסגעפירט ביסלעכווייז פון די סען־סעבאַסטיען קליינע פּעקלעך וועש און קליידער און זיי איבערגעפירט צו די מיטאָג־שטיינס.

און פאַני איז פאַרשווונדן מיטאַמאָל פון דער לעגאַלער וווינונג צו־זאַמען מיט סילווין און איז אַרויסגעפאָרן אויפן דאָרף. איך בין פאַרבליבן אין פאַריז אין מיין וווינונג פון די ראָמענוויל, נאָר פון צייט צו צייט פלעג איך שלאָפן ערגעץ אַנדערשוווּ. זייער אָפט פלעגט מיר חבר שוואַרצבאַרד, פּרעזידענט פון דער קאַלישער סאָסיעטע, איינלאַדן צו פאַרברענגען ביי אים אַן אָוונט אויף 8, רי זשאַן באַאי, אין 9־טן אַראָנדיסמאַן. דאָן פלעג איך שוין דאָרטן בלייבן שלאָפן אין בעט פון זיין ייִנגסטן זון, וואָס איז געווען אינטערנירט אין באָן לאַ ראָלאַנד און געאַרבעט אין סאָלאָן.

ביי אים צו גאַסט האָב איך זיך געפונען אין אָוונט פון נאַציאָנאַלן יום־טוב, פון 14־טן יולי 1942. ווי געוויינלעך האָט מיך די פאַמיליע שוואַרצ־באַרד אויפגענומען זייער פריינטלעך, וויסנדיק גאַנץ גוט, אַז איך בין פאַר זיי געווען אַ געפערלעכע געזעלשאַפט. איך האָב געהאַט זיי איבערצוגעבן עפּעס אויסערגעוויינלעך וויכטיקס. עס איז פאַקטיש געגאַנגען אין זייער לעבן. איך האָב זיי דערציילט וועגן אונדזערע אינפאָרמאַציעס, וואָס האָבן פאַרויסגעזען אַ מוראַדיקע אַבלאַווע אויף ייִדן, וואָס וועט שוין דאָס מאָל נישט אויסמיידן קיינעם, נישט קיין פרויען, נישט קיין קינדער. אונדזערע אינפאָרמאַציעס, וואָס פלעגן קומען פון דער אַנפירונג פון דער אונטערער־דישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, זענען אין גרויסע שטריכן שטענדיק גע־ווען פּינקטלעכע און מיר האָבן צוליב דעם אַרויסגעלאָזן סוף יוני אַ ספּע־ציעלן אויפרוף צו דער ייִדישער באַפעלקערונג, אַ וואָרענונג און אַ רוף צום ווידערשטאַנד.

איך האָב געבראַכט אַן עקזעמפּלאַר און מיר האָבן אים צוזאַמען אי־בערגעלייענט. דער אויפרוף איז באַשטאַנען פון עטלעכע טיילן, נאָר די וויכטיקסטע איז געווען די וואָרענונג:

„... דער שונא גרייט צו אַן אומגעהויער פאַרברעכן קעגן דער ייִדי־שער באַפעלקערונג... ברידער ייִדן, די געפאַר איז אַ גרויסע. מיר האַלטן פאַר אונדזער גרעסטער פליכט אייך צו וואָרענען. די היטלער־באַנדיטן זענען גרייט צו אַלע פאַרברעכנס. פאַרמאַכן די אויגן אויף דער טראַגישערווירקלעכקייט איז גלייך צו זעלבסטמאָרד. עפענען די אויגן, דערקענען די געפאַר, פירט צו רעטונג, צו ווידערשטאַנד, צום לעבן!

„די פראַגע, וואָס שטעלט זיך פאַר יעדן ייִד איז וואָס צו טון, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די ס״ס־מערדער...

„1) נישט וואַרטן אין שטוב אויף די באַנדיטן, אָננעמען אַלע מיטלען

זיך אויסצובאַהאַלטן און קודם־כל די קינדער מיט דער הילף פון דער סימ־
פּאַטישער פראַנצויזישער באַפעלקערונג;

„2) האָבנדיק גאַראַנטירט די אייגענע פרייהייט, אָנשליסן זיך אין אַ
פּאַטריאָטישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, כדי צו שלאָגן דעם בלוטיקן שונא
און נעמען נקמה פאַר זיינע פאַרברעכנס;

„3)אויב מען פאַלט אַריין אין די הענט פון די מערדער, שטעלן אַ ווי־
דערשטאַנד מיט אַלע מיטלען: באַריקאַדירן די טירן, רופן צו הילף, זיך
שלאָגן מיט דער פּאָליציי. מען האָט נישט וואָס צו פאַרלירן. געווינען קאָן
מען דאָס לעבן"...

**מיר האָבן אַ גאַנצן אָוונט דיסקוטירט וועגן דער דאָזיקער וואָרענונג מיטן חבר שוואַרצבאַרד, מיט זיין פרוי און זיין עלטערן זון, לעאָן. דער לעצטער איז געוואָרן דערצויגן אין לינקן פּועלי־ציוניסטישן ספּאָרט־קלוב „שטערן". עס האָט זיך אים נישט געגלויבט, אַז „זיי" וועלן פּעאיק זיין אויף אַזאַ רציחה. אין זיין אָרגאַניזאַציע זענען די טירן געווען אָפן. די קיך אויף 15, רי בעראַנזשע איז געווען טעטיק, ווי קיינמאָל גאָרנישט. די אָנפירונג האָט אַרויסגענומען פון „אוזשיף" ספּעציעלע דערלויבענישן פאַר זיך, די „אויסווייזן", ווי מען האָט זיי גערופן, וואָס זענען געווען אונ־טערגעשריבן דורכן נאַציִשן אָפיציר דאַנעקער, דעם פּאַטראָן פון דער יידן־אָפּטיילונג. ער האָט עס גאַראַנטירט זייער זיכערקייט.**

**ווען איך האָב דעם יונגן לעאָן, וואָס איז געווען פול מיט לעבנס־לוסט, פאַרגעשלאָגן אַריינצוטרעטן אין דער אַקטיווער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָט מיך די גאַנצע פאַמיליע אָנגעקוקט מיט אומפאַרשטענדלעכע אויגן. ווי האָב איך דאָס אַזעלכע איינפאַלן? ווו וועט לעאָן איבערלאָזן זיין יונג ווייבל אַ פּאָר וואָכן נאָך דער חתונה? ווי וועט ער ריזיקירן מיט אַלעם? וואָס וועט ווערן פון זיינע עלטערן?**

**די משפחה האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַ וואָרענונג, וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע טעג פריער אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַרשטאַרקטן אָנגריף אויף דייטשע זעלנער און אָפיצירן. דער אָקופּאַנט האָט געדראָאָט, אַז אַלע מענער, נאָענטע משפחה־מיטגלידער פון פּאַרטי־זאַנער, סיי עלטערן ווי קינדער, ווי אויך די שוואָגערס און קוזינען, אי־בער 18 יאָר, וועלן דערשאָסן ווערן. אַלע פרויען פון דער זעלבער קרוב־בהשאַפט וועלן פאַראורטיילט ווערן אויף קאַטאָרגע. אַלע קינדער, ביז 17 יאָר, פון די מענער און פרויען, וואָס זענען געטראָפן פון די דאָזיקע מאָס־מיטלען, וועלן איבערגעגעבן ווערן אין אַן אויסבעסערונגס־הויז.**

**אין דעם, אַז די דראַקאָנישע דראָאונגען קאָנען איינגעפירט ווערן אין לעבן בוכשטעבלעך, האָט מען נישט געטאָרט צווייפלען.**

**איך האָב זיי דאַן פאָרגעשלאָגן צו פאַרלאָזן די וווינונג און צו ווערן אומלעגאַל, זיך אויסבאַהאַלטן, אין פּאַריז אָדער אין פּראָווינץ. עס איז געקומען די צייט פון אָפּזאָגן זיך פון אַלע באַקוועמלעכקייטן. פון אַלע געוווינהייטן. נישט נאָר קאָמוניסטן וועלן איצט טראָגן פאַלשע פּאַפּירן.**

אָבער די פֿאַמיליע שוואַרצבאַרד איז נישט געווען צוגעגרייט צו מיין אַרגומענטאַציע. ווי ביי פֿיל ערלעכע פֿאָלקס־מענטשן האָט זייער מענטש־לעכקייט נישט געקאָנט באַגרייפֿן דעם גרויל פֿון פֿאַשיזם. מיר האָבן זיך געלייגט נאָך 12 ביינאַכט אָן דעם, אַז איך זאָל זיי האָבן איבערצייגט. צו־מאָרגנס אין דער פֿרי, פֿאַרן געזעגענען זיך, האָב איך זיך באַמיט אויפֿסניי אויפֿצוהייבן די פֿראַגע. פֿרוי שוואַרצבאַרד האָט מיר געוויזן אירע קראַנ־קע פֿיס.

— ווו וועל איך זיך אַרומשלעפּן מיט אַזעלכע פֿיס? „זיי" וועלן דאָך נישט נעמען קיין קראַנקע און קיין אַלטע, ווי מיין מאַן. לעאָן וועט זיך אויסבאַהאַלטן.

מיט אַ שווער האַרץ האָב איך זיך צעשיידט מיט די טייערע און האַר־ציקע פֿריינט. זיי באַגרייפֿן נישט די געפֿאַר. זיי מיינען נאָך אַלץ, אַז דע־פּאָרטאַציע מיינט אַרבעט־לאַגער. זיי, וואָס זענען אַזוי באַענגט צו אונדז, מיינען נאָך אַלץ, אַז מיר טרייבן איבער. אויב אַזוי, וואָס וועט זיין מיט די אַנדערע, וועלכע זענען ווייט פֿון אונדז? וועט אונדזער וואָרענונג האָבן אַ ווירקונג?

זיכער האָט שוין די מאַסע פֿאַרשטאַנען דאָן, אַז אונדזער קאַמף איז געווען אַ ריכטיקער; אַז מיר זענען געווען דער אַוואַנגאַרד, אָבער פֿאַר־וואָס האָט זי נאָך נישט באַנומען, אַז זי אַליין האָט זיך געפֿונען אויף די ערשטע ליניעס פֿון פֿראָנט?

די מאַסע האָט נאָך דעמאָלט נישט געגלויבט, אַז „זיי" זענען פֿעאיק אויף אַלע פֿאַרברעכנס. לעאָנס מיינונג איז נישט געווען קיין איזאָלירטע. אויסער אונדז האָט קיינער נישט געוואָרנט אין דער יידישער סביבה. אָך, ווען די אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס וואָלטן נישט געטאָפּטשעט אין לע־גאַליזם, ווען זיי וואָלטן זיך אַנגעשלאָסן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג ביי אונדזער זייט! נאָר זיי האָבן נישט געשיצט די יידישע מאַסע, זייערע פֿירער האָבן אין ווייט גרעסטן טייל פֿאַרלאָזט די מאַסע, אַליין זיך פֿאַר־זאָרגט. די אָפֿענע טירן פֿון די יידישע קאַנטינעס און אינסטיטוציעס זע־נען געווען ווי אָפֿענע מיילער, וואָס זאָגן:

— זעט, „זיי" זענען נישט אַזוי שרעקלעך... זיי לאָזן אונדז טיילן זופּ, מען קאָן לעבן בלייבן אויך ביי „זיי". מען דאַרף נאָר אויסדויערן.

דאָס זענען גיכער געווען אָפֿענע פּיסקעס, וואָס וועלן איינשלינגען אומשולדיקע און לייכט־גלויביקע קרבנות.

פֿאַרוואָס זענען די יידישע אָרגאַניזאַציעס געווען אַזוי בלינד? וואָס פֿאַראַ בלוטיקער שפּאָס איז געווען זייער נאָמען: נאַציאָנאַלע יידישע אָר־גאַניזאַציעס!

צו זיי איז אין דער ערשטער ריי געווען געוואָנדן דער רוף פֿון יידי־שען אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע: „עס קומט אָן דער טאָג, ווען יעדער ייד וועט דאַרפֿן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פֿאַר די לעבעדיקע און פֿאַר די טויטע, וואָס ער האָט געטון, כדי זיך צו פֿאַרטיידיקן; כדי נקמה צו נעמען פֿאַרן אומשולדיק פֿאַרגאָסענעם בלוט".

קאַפּיטל נײַן:

# דער שוואַרצער דאָנערשטיק

און די טראַגעדיע איז אַראָפּגעפּאַלן ווי אַ דונער אין אַ זוניקן טאָג. עס איז געקומען דער 16־טער יולי 1942. אַ לאַווע האָט געגומען גיסן זיך פון ווולקאַן און פּאַרברענען אַלץ אויפן וועג. מענער, פרויען, קינדער, אַלטע און יונגע, געזונטע און קראַנקע, אויסלענדער און פּראַנצויזן. עס איז געווען אַ לאַווע, אַ רעגולירטע, אַן אינדוסטריעלע, ווי די, וואָס צעשמעלצט אין שמעלץ־אויוון אַלץ, וואָס פּאַלט דאָרט אַריין. דער אויוון האָט זיך אָנגעצונדן מיט די געלע און רויטע צעטלען אויף די געשעפּטן, ער האָט זיך צעגליט מיט דער רעגיסטראַציע פון יידן, מיטן שטעמפּל „זשוויף" (ייד) אויף די קאַרטן. ער האָט צעשמאָלצן די אויסערלעכע שיכטן פונעם אַרץ — די אויסלענדער דעם 14־טן מאַי 1941; אַביסל מער צעהיצט, האָט ער געברענט די ווייטערדיקע שיכטן אין דראַנסי און איז אָנגעקומען צום האַרץ — אַלץ האָט גענומען ברענען און שמעלצן אין גרויסן שמעלץ־טאָפּ.

אַ גרויס אומגליק איז אויף אונדז אַראָפּגעפּאַלן. די בראַך האָט צעבראָכן טויזנטער היימען. די „פּראָפּאַגאַנדע־שטאַפּל" האָט גענאַרט די מאַסע, געזוכט תּירוצים: „נישט אייך מיינט מען", פּאַרשלעפּערט, פּאַראַליזירט, קאָרומפּירט. די „ברוינע יידעלעך" האָבן צוגעבאָמקעט.

וויקטאָר הוגאָ זאָגט: נאַפּאָלעאָן איז נישט געווען פּערפיד, נישט קיין היפּאָקריט, נאַפּאָלעאָן נעמט אַלץ, מיטאַמאָל, מיט איין קלאַפּ און מיט איין האַנט. דער לייב קאָן נישט די מנהגים פון אַ פוקס.

די נאַציס זענען געווען פוקסן. כיטראַקעס, שווינדלער און מענטשן־פרעסער אין דער זעלבער צייט.

דעם 16־טן יולי 1942 האָב איך געהאַט אַ ראַנדעוווּ 8 אַזייגער פרי מיט מיין שוועגערין, סאַראַ וורואַנסקי. זי איז זינט אַ צייט געוואָרן אַ צענ־טראַלע פאַרבינדלערין. מיר האָבן זיך געזאָלט טרעפן ביי דער בריק סולי פון דער זייט פון פלעצל. נאָר ווי געוויינלעך בין איך געקומען פון דער אַנדערער זייט בריק, פון בולוואַר סען־זשערמען, כדי אונדזער באַגעגע־ניש זאָל אויסקוקן ווי אַ צופעליקע, ווי איינער זאָגט :

— באָנזשור, מאַדאַם, וואָס מאַכט איר ? שוין לאַנג זיך נישט געזען.

ווען איך האָב אָבער באַמערקט דעם אימפּעטיקן גאַנג פון סאַראַ, וואָס איז געקומען צו דער בריק פון דער זייט פון פלעצל, איז מיר פאַרלוירן געוואָרן דאָס לשון.

— וואָס איז געשען, סאַראַ ? — האָב איך אַרויסגעזאָגט אויף יידיש.

— די אַבלאַווע.

מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען. עס איז געשען. דאָס שרעקלעכע איז גע־שען, נאָך שוידערלעכער, ווי מיר האָבן געמיינט. סאַראַ האָט מיט אָפּגע־האַקטע ווערטער געגומען שילדערן, וואָס זי האָט געזען אינדערפרי אויף רי שאַרלעמאַן, ווו זי האָט געהאַט אַ ראַנדעוווּ מיט אַ חבר. צום חבר איז זי, פאַרשטענדלעך, נישט געגאַנגען. נישט געקוקט אויף דער געפאַר, איז זי געשטאַנען צוגעשמידט צו דער גאַס און צוגעזען דעם חורבן. מען האָט געשלעפּט קינדער פון די וויגן, שוואַנגערע פרויען, קראַנקע אויף טראַג־בעטלעך. וווהין מען האָט זיי געפירט, האָט זי נישט געוווּסט. זי איז נאָכ־דעם אַוועק. האָבן יידן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד ? אין אַלגעמיין נישט, נאָר זי האָט געהערט אַ פּרוי שרייען. ווי אַזוי האָלט זיך די פראַנצויזישע באַפעלקערונג ? זי האָט נישט געוווּסט. זי האָט גאָרנישט געזען. ווער פירט אַדורך די אַבלאַווע ? די פראַנצויזישע פּאָליציי, ציווילע און אין מונדירן.

מיר האָבן זיך געזעגנט. איך האָב זי געבעטן באַזוכן אייניקע אַראָנ־דיסמאַנען און נאָכדעם וועלן מיר זיך טרעפן. אויף מיינע ווייטערדיקע ראַנדעוווען בין איך דערגאַנגען דעם פאַרנעם פון דער בראָך. די אינטער־נירטע האָט מען אַוועקגעפירט אין וועלאָדראָם ד׳היווער. דאָס הייסט, האָב איך באַגריפן אין מיין ווייטיק, אַז די אַבלאַווע וועט טרעפן פיל מער יידן ווי די פריערדיקע. אין ספּאָרט־זאָל וועלאָדראָם ד׳היווער גייען אַריין ביז אַ פערציק טויזנט מענטשן.

נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט, האָב איך גענומען די מעטראָ און בין אַוועקגעפאָרן צו דער סטאַציע לאַ מאָט־פּיקע, וואָס געפינט זיך נאָענט צום וועלאָדראָם ד׳היווער. אַרויסגייענדיק, האָב איך דערזען אַ שוידערלעך בילד. די גרין־ווייסע שטאָטישע אויטאָבוסן, וואָס זענען מער נישט גע־פאָרן אין פאַריז זינט דער מלחמה, זענען געווען אָנגעפּראָפּט מיט פּעק־לעך, מיט זעקלעך, מיט קישנס, מיט קאָלדרעס. זיי זענען געפאָרן אין דער ריכטונג צום וועלאָדראָם ד׳היווער. זיי זענען געפאָרן שטיל ווי אין פרידנס־צייט.

איך האָב גענומען גיין צו דער מעטראָ גרענעל, די נאָענטסטע סטאַציע פון וועלאָדראָם ד׳היווער. אָבער איך האָב איינגעזען, אַז דאָס פירט מיך אין פיסק פון וואָלף. די גאַנצע געגנט איז געווען באַלאַגערט פון ציווילע „פּליקעס״ (פּאָליציאַנטן), מען האָט זיי דערקענט פון דערווייטנס, זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי הינט־שלעגער. מען האָט נאָר געקאָנט אומעכטיק ביילן די פויסטן.

איך בין אַוועק אויפזוכן צוויי באַקאַנטע סאָציאַלע אַסיסטענטינס: די שוועסטער קאַטאַלאַ, מיט וועמען עס האָט אונדז באַקענט דער ד״ר אַלעקס. דער לעצטער איז געקומען צו אונדז אין 1941 דורך ד״ר מישעל דיסקין. זיין ספּעציאַליטעט איז באַשטאַנען אין קאָנטאַקטירן פראַנצויזישע נישט־יידישע קרייזן. ער איז דערגאַנגען ביז פּראָפעסאָרן פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע. ער האָט אונדז פאַרבונדן מיט קרייזן, וועלכע מיר האָבן נישט געקאָנט. אַזוי האָט ער אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג אַן אַלטן ציוניסטישן עסקן יצחק ניידיטש, וועלכער האָט מיטן גאַנצן ברען פון אַ יוגנטלעכן זיך געוואָרפן אין דער פּאָליטישער אַרבעט. דער זון פון ניידיטשן האָט געזאָלט איבערגיין אין דער פּאַרטיזאַנקע. דורך אַלעקסן זענען מיר אַריינגעדרונגען אין די קרייזן פון ד״ר זיידענבאַך, אַ הויכע פּריי־מויערישע פּערזענלעכקייט.

די שוועסטער קאַטאַלאַ, די לערערין פראַדען האָבן אונדז אפילו אויסגעליען זייערע וווינונגען אויף זיצונגען. צוזאַמען מיט אַנדערע אַסיסטענטינס האָבן זיי פאַרשפּרייט אונדזערע מאַטעריאַלן.

צו אָט די שוועסטער קאַטאַלאַ בין איך אַוועק אין דעם שוידערלעכן אינדערפרי. איך האָב זיי פאָרגעשלאָגן, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַריינצוגיין אין באַלאַגערטן וועלאָדראָם ד׳היווער. די מיסיע האָט אין ערשטן אויגנבליק זיי אויסגעזען פּשוט ווי אַ וויזיט אין אַ קראַנקן־הויז. זיי האָבן אָבער באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער וועג קאָן פירן „אַריין״, אָבער מער נישט „אַרויס״. דאָך האָבן זיי זיך נישט געוואַקלט. די מיסיע, וואָס מיר האָבן זיי אָנגעטרויט, איז פאַר זיי געווען אַ הייליקע. די סימפּאַטיע צו די קרבנות איז ביי זיי געווען אַזוי גרויס, ווי די שנאה צום אָקופּאַנט.

מיר זענען צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן פון אַריינבאַקומען זיך אין דעם גיהנום און הויפּטזאַכלעך פון אַרויסבאַקומען זיך פון דאָרטן.

מיר האָבן זיך באַשטימט צו טרעפן פאַרנאַכט. פון זיי בין איך אַוועק אויפן ראַנדעוווּ מיט סאַראַ. די געדאַנקען האָבן זיך גענומען פאַרנעפּלען. זיי זענען געשפּרונגען פון איין נאָמען צום אַנדערן. אין דער אומזיכערקייט האָב איך זיך געשראָקן איבערן גורל פון יעדן, וואָס איז מיר געקומען אויפן זכרון. וואָס איז געשען מיט די טייערע שוואַרצבאַרדס? כ׳האָב זיך גענומען פאָרוואַרפן, פאַרוואָס כ׳בין נישט געווען מער איינגעשפּאַרט, פאַרוואָס כ׳האָב זיי נישט אויפגעצוווּנגען צו פאַרלאָזן די וווינונג. נאָר ווי אַזוי אויפצווינגען?

און וואָס איז געשען מיט די חברים פון די אַראָנדיסמאַנען? ווער האָט געליטן? וועט די אָרגאַניזאַציע קאָנען ווייטער פונקציאָנירן? אויף וויפל האָט זיך אויסגעווירקט אונדזער וואָרענונג?

באַלד האָב איך גענומען טראַכטן אויך וועגן מיין משפחה. ווי גערעכט זענען מיר געווען, אַרויספירנדיק פאַני פון סען־סעבאַסטיען. וואָס איז אָבער געוואָרן מיט מיין קוזינקע מלכהלע ראַיאַל? מיט מיין קוזינקע זאַש־קע לאַנדוי און איר מאַן? אַזוי ווי די לעצטע האָט געהאַט אַ טעלעפאָן אין שטוב, בין איך אַריין אין אַ פּאָסט אָנקלינגען. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז זיי ביידע זיצן פאַרשפּאַרט ביי אַ פראַנצויזישער שכנטע אין הויז, וווּ זיי וווינען אויף רי האַמלען, ביי טראָקאַדעראָ, און בעטן, כ'זאָל זיי אַרויסראַ־טעווען מיט אַ פאַלשער קאַרטע. זייער קאָנסיערזש איז אַ פאָליציאַנט און ער האָט זיי געוואָרנט באַצייטנס צו פאַרלאָזן די וווינונג. די קינדער זענען אויפן דאָרף ביי פראַנצויזישע פאַמיליעס, וועלכע באַהאַלטן זיי אויס. די שכנטעס העלפן זיי, נאָר אין זייער נערוואָזיטעט ווילן זיי פאַרלאָזן דאָס הויז. אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג, אויב אין רייכן קוואַרטאַל פון טראָ־קאַדעראָ האָבן זיי באַקומען הילף פון די פראַנצויזישע שכנים. אין די פאָלקס־קוואַרטאַלן איז די הילף געווען זיכער שטאַרקער.

סאַראַ האָט דאָס טאָקע באַשטעטיקט. די פראַנצויזישע באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן מיט עקל און פאַראַכטונג לגבי דער פאָליציי. אין פיל ערטער האָבן שכנים ריזיקירט ביים ראַטעווען קינדער און אויך עלטערע. פאַראַן אַסך אינטערנירטע קינדער, אָבער אויך אַסך באַהאַלטענע ביי קאָנ־סיערזשן, ביי שכנים. מ'האָט אַפּט אַרויסגעריסן די קינדער פון די פאָלי־צייאישע לאַפּעס. אין געוויסע שולן האָט מען אויסבאַהאַלטן די יידישע קינדער און זיי נישט אַהיימגעשיקט.

אין דער אַבלאַווע איז נישט אַריינגעפאַלן כמעט קיין איין חבר פון די אַראָנדיסמאַנען. מיט איינצלנע אויסנאַמען האָבן זיי אָנגענומען פאַרזיכט־מיטלען. די וואָרענונג האָט זיך אויסגעווירקט. אויך אין די קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו אונדז, איז אונדזער רוף דערהערט געוואָרן און האָט אָפּגעראַטעוועט פון דער אַבלאַווע אַסך מענטשן. פיל יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, נישט געלאָזט זיך אַרעסטירן. זיי האָבן גע־שריגן, אויפגעברויזט די באַפעלקערונג.

פיל פאָליציאַנטן האָבן אפילו געהאָלפן צו אַנטלויפן. זיי זענען געקו־מען אינדערפרי און געמאָלדן, מען זאָל זיך גרייטן אין וועג אַריין אין אַ שעה אַרום.

טייל יידן זענען אָבער געבליבן און געוואַרט. אַ קאַטאַסטראָפע. אַ רע־זולטאַט פון דער גרויזלשאַפטלעכער דערציאונג, וואָס זיי האָבן באַקומען.

אָבער פיל יידן, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו אונדזער „נייע פּרע־סע״, צו אונדזערע אויפרופן און מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע, האָבן גע־שטעלט אַן ענערגישן ווידערשטאַנד און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט. פיל האָבן אפילו זיך געשלאָגן מיט דער פּאָליציי. אַנדערע האָבן זיך געלייגט

אויף דער ערד, אויף די שטיגן, אויף דער גאַס, פאַרבאַריקאַדירט די וווי־נונגען און זיך נישט געלאָזט נעמען. פיל זענען בכלל נישט געבליבן ביי זיך אין דער וווינונג, אָדער האָבן זיך געהאַט צוגעגרייט אַ מקום־מקלט ביי אַ נישט־יידישן שכן.

סאַראַ האָט אויך דערציילט אַ קוריאָז. אַ טאָג פריער, דעם 15־טן, האָט מען אַרויסגעלאָזט פון דער תפיסה די פינף חברים, וועלכע זענען אַרעס־טירט געוואָרן ביים חבר וואַלאַך, בעת דעם אַרעסט וואַלאַך־פּאַקין.

נאָכן אַרעסט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 29־טן יוני, 3 אַז. נאָכמיטאָג, האָט מען אַלע פינף אַוועקגעפירט אין „דעפּאָ" און זיי אויסגעפאָרשט ביז 11 אַזייגער ביינאַכט. דאַן האָט זיך פאַר זיי געעפנט אַ קליין צימערל מיט אַ שטיינערנער פאָדלאָגע און נאַקעטע ווענט.

— וואָס וועט איצט געשען? — האָבן זיי זיך געפרעגט, — עס זעט אויס ווי פאַר אַן עקזעקוציע. אַ טויטן־קאַמער.

חבר קרישטאַל האָט דערזען אַראָפּגענומען די מאַרינאַרקע, זי אויס־געשפּרייט אויף דער פאָדלאָגע און זיך צוגעלעגט.

— ווי קאָן דאָס אַ מענטש אין אַזאַ מאָמענט זיך לייגן שלאָפן?

— מען וועט מיך אויפוועקן — האָט ער געענטפערט — צו דער עק־זעקוציע דאַרף מען אויך זיין אויסגעשלאָפן.

צומאָרגנס אינדערפרי — אַ פרישע אויספאָרשונג. אַזוי האָט געדויערט עטלעכע טעג. צום סוף האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין דער מיליטערישער תפיסה „שערש מידי", נאָר דאָרט איז נישט געווען קיין פריי צימער פאַר זיי; דאָס קעטשל איז דעריבער אַוועק קיין פרען.

זינט דאַן האָבן די דייטשן זיי איבערגענומען און געפירט די אויספאָר־שונג. און אָט איז געשען אַ נס: אַ טאָג פאַרן 16־טן האָט מען זיי באַפרייט, פשוט באַפרייט.

נאָך דעם 16־טן יולי אינדערפרי איז די פראַנצויזישע פּאָליציי געקו־מען נאָך זיי. קיינער אָבער איז נישט געבליבן ביי זיך אין דער וווינונג, אַלע זענען געווען באַהאַלטן, אויסער חבר וואַלאַך. אָבער אים איז גע־לונגען אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער פון ערשטן שטאָק און אַנטרו־נען צו ווערן. אַלס נקמה האָט די פּאָליציי צוגענומען זיין פרוי, די טייערע חברטע טעמעלע, וואָס מען האָט גערופן „די מאַמע פון 18־טן אַראָנדיס־מאַן" צוליב איר ברייטהאַרציקייט, באַזונדערס פאַר די שפּאַנישע מיליציאָ־נערן.

עס איז פאַרנומען געוואָרן אין דער אָבלאַווע דער האַרציקער און איי־דעלער דיכטער פון קינדער־לידער, חבר דוד פּליסקין, ווי אויך זיין פרוי. צי האָט ער באַוויזן אָנצושרייבן דאָס ליד וועגן יידישן קינד, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט מיט אַ יאָר צוריק? און ווען אפילו יאָ, איז דאָס ליד שוין געווען נישט אַקטועל.

אין אַ הויז אויף רי דעז עקוף האָט זיך אָפּגעשפּילט אַן אויפטרייס־לענדיקע סצענע. דער טאַטע האָט זיך געווערט, ער האָט געשריגן, זיך גע־

שלאָגן מיט דער פּאָליציי. אַרום אים האָבן געוווינט בלויז יידן. אַלע שכנים זענען שוין געזעסן אין קעטשל. מען האָט אים געפּענטעט און מיט גע־וואַלד אַריינגעשלעפּט אין וואַגן. דער פרוי איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך אויסצובאַהאַלטן. מיטאַמאָל באַוויַיזט זיך פאַרן טויער אַ קינד. דער אַרעסטירטער שפּרינגט אויף. פונוואַנען קומט דאָס קינד פּלוצלונג אַהער? דער אומגליקלעכער טאַטע נעמט אויפסניי שרייען און שלאָגן זיך מיט דער פּאָליציי. ער איז אָבער אומעכטיק. זיין קינד ווערט אַריינגעוואָרפן אין וואָגן.

עס געדויערט נישט לאַנג און נאָך דריי קינדער באַווייזן זיך. דער אַרעסטירטער ווערט ווילד. זיינע 4 קינדער. ער האָט געמיינט, אַז זיי זע־נען פאַרשטעקט. פאַרוואָס געפינען זיי זיך נישט אין דער באַהעלטעניש? די 4 קינדער צעוויינען זיך אין הימל־שרייענדיקן געיאָמער און דער טאַטע מיט זיי.

דאָס גאַנצע קעטשל וויינט מיט. עס איז אַן אומגלויבלעך אומגליק פון אַ פאַמיליע. סאַראַ האָט געמיינט, אַז דאָס איז די פאַמיליע פון אונדזער חבר בלייכמאַן, נאָר זי איז נישט געווען זיכער אין דעם. זי האָט געהערט, אַז נאָכן אָפּפאָר פון קעטשל, האָט זיך באַוויזן אויף דער גאַס אַ פרוי, די מאַמע פון די פיר קינדער. זי איז אַראָפּ פון זינען.

די לערערין פון דער שול אויף די האָספּיטאַליע סען זשערוועי, ווו די קינדער האָבן געלערנט, זאָל זי האָבן אַוועקגעפירט אין אַ משוגעים־הויז.

סאַראַ האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אַ שרעקלעכע בהלה האָט געהערשט צווישן די איבערגעבליבענע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס. מען וועט דאַרפן אַוועקפירן די גרעסטעוועטע קינדער און אויך העלפן מיט פאַלשע פאַ־פירן די עלטערע, וועלכע זענען שוין גרייט איבערצוגיין אין אומלעגאַלי־טעט. די איבעריקע דאַרף מען באַשיצן און מאָביליזירן אין קאַמף.

עס איז מיר קוים געבליבן צייט צו גיין אויפן ראַנדעוווּ, וואָס איך האָב געהאַט מיטן חבר ראַיסקי 2 אַזייגער נאָכמיטאָג אין טיולערי־גאָרטן. דאָ האָט מיך דערוואַרט אַ סורפּריז. זיין פרוי האָט נעכטן אַוונט באַשלאָסן מיטאַמאָל צו פאַרלאָזן די וווינונג, נאָר נישט וויסנדיק, וווּהין צו גיין, איז זי פּשוט אַוועק אין אַ האָטעל מיטן ייִנגל, דאָרט האָט זי גענעכטיקט, און איצט געפינט זי זיך מיטן קינד אויף דער גאַס. עס האָט נישט לאַנג גע־דויערט און זי איז טאַקע אָנגעקומען. מען האָט געמוזט גלייך זי איינאָר־דענען ערגעץ.

מיר האָבן באַשלאָסן צו טרעפן זיך פאַרנאַכט אויף אַ זיצונג פון „דריילינג", וואָס האָט אָנגעפירט מיט אונדזער אַרבעט. אָבער איך האָב נאָך געהאַט פריער אַ ראַנדעוווּ מיט די שוועסטער קאַטאַלאַ.

כ'בין געבליבן מיט זיין פרוי און קינד אין טיולערי־גאָרטן און גע־זוכט, וווּהין צו גיין. מיר האָבן באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו דער חברטע

זעלווער, די פרוי פון פאַרשטאַרבענעם אָפיציעלן גענעראַל־סעקרעטאַר פון „אַרבעטער־אָרדן", וואָס האָט געוווינט אויף 37, רי סאַנסיע, אין 5־טן.

זי האָט אונדז אויפגענומען זייער האַרציק און מיר האָבן זיך געפרייט, וואָס אונדז איז אַזוי שנעל געלונגען איינצוקוואַרטירן ביידע היימלאָזע.

פאַרשטענדלעך, איז דאָס נישט געווען קיין ענדגילטיקע לייזונג. עס איז נישט געווען זיכער, אַז מאָרגן וועט די אַבלאַווע זיך נישט איבער־חזרן. נאָר, אויף דערווייל איז עס גוט געווען. אויף דערווייל... אַלע יידן וועלן פון איצט אָן לעבן אויף דערווייל, אין אומזיכערקייט.

כ'האָב נאָך באַוויזן אַוועקצולויפן אויף רי האַמלען צו מיין קוזינקע און צו באַרואיקן זי אין איר מקום מקלט ביי דער פראַנצויזישער שכנטע, צוזאָגנדיק צו קומען צומאָרגנס מיט צוויי קאַרטן.

איך בין געווען אויסגעמאַטערט. די שלייפן האָבן מיר געקלאַפט פון היץ און מידקייט. דער 16־טער יולי איז געווען זייער אַ הייסער טאָג.

איך האָב נאָך נישט געהאַט געגעסן. האָב איך זיך קוים דערשלעפּט צו די אַסיסטענטינס קאַטאַלאַ, אין זייער וווינונג, וווּ מען האָט מיר עפּעס געגעבן טועם צו זיין.

די מיידלעך איז געלונגען, פאַרן פרייז פון כלערליי איינפאַלן, אַריינ־צוקומען אין דעם אַרומגעצוימטן ספּאָרט־פּאַלאַץ, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. עס איז זיי אויך געלונגען צוריק אַרויסצוקומען.

זיי זענען געווען ממש דערשיטערט. דער וועלאָדראָם ד'היווער איז געווען אַ גיהנום, אַן אומבאַשרייבלעכער גיהנום. אויף די בענק, אויף דער צעמענטענער פּאָדלאָגע, אויף דער אַרענע, אין שטויב זענען געלעגן פאַר־שמאַכטע פון דער היץ טויזנטער נפשות, פון יעדן עלטער, די לופט איז געווען אַ שטיקנדיקע. די פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן זענען דערלײדיקט געוואָרן אויפן אָרט. קיין עסן, קיין טרינקען. עס זענען געווען פאַרוואָר־לאָזטע קינדער אָן עלטערן, פאַרצווייפלטע עלטערן אָן זייערע קינדער. וואָס וועט מיט זיי געשען? ווער זאָרגט פאַר זיי?

וויפיל יידן זענען דאָרט געווען? זיכער מערער פון 25 טויזנט.

די מיידלעך האָבן מיך אַנגעקוקט פאַרצווייפלטע. די לאַגע איז געווען שוידערלעך. אויב באַפרייט מען נישט גלייך די אינטערנירטע, וועלן זיין קרבנות אין לויף פון טאָג. שוואַנגערע פרויען וועלן מפּלען. קראַנקע וועלן שטאַרבן, קינדער וועלן אויסגיין, שוואַכע וועלן משוגע ווערן.

די שוועסטער קאַטאַלאַ זענען געווען דערשיטערט. אָך, ווען מען וואָלט דאַן געקאָנט פאַרעפנטלעכן זייער שוידערלעכע שילדערונג. אונדזער פּרע־סע איז דאָך געווען אין אונטערערד. מען האָט אָבער נישט געקאָנט לאָזן דאָס פאַרברעכן זאָל נישט ווערן באַקאַנט. דער שונא וועט מוזן באַ־צאָלן פאַר זיינע רציחות.

די אַבלאַווע איז נישט געווען קיין סימן פון דעם שונאס קראַפט. אין אַנבליק פון די פּערספּעקטיוון פון דער מלחמה אין ראַטנפאַרבאַנד האָט

דער פּאַשיזם געגומען אויספירן זיין טייוולאַנישן פּלאַן פון ליקווידירן די יידן־פראַגע דורך דער ליקווידאַציע פון די יידן. איצט וועט שוין קיינער זיך נישט מאַכן קיין אילוזיעס, אַז די אינטערנירונג האָט באַדייט אַרבעט, אַז דאָס שיקן אויף מזרח האָט געהאַט פאַר אַ ציל אויסצונוצן אומזיסטע אַר־בעט־הענט. מען וועט דאָך נישט באַנוצן קיין קינדער און קיין אַלטע, קיין קראַנקע און פּאַראַליזירטע צו אַרבעט.

די דאָזיקע טראַגישע איבערלעבונג האָט דאָמינירט די זיצונג פונעם „דריילינג" פון דער אָנפירונג, דעם 16־טן יולי אין אָוונט. אָפּשאַצנדיק די שרעקלעכע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע וועט פון איצט אָן זיין אויף הפקר און נאָך וועלכער די פאַשיסטישע רוצחים וועלן זיך יאָגן טאָג און נאַכט, האָבן מיר אונטערגעשטראָכן אַלס דערמוטיקנדיקן פּאַקט די מיטפילנדיקע באַציאונג פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג, ווי אויך די ברייטע אויסווירקונג פון אונדזער וואָרענונג. מיר האָבן פעסט־געשטעלט דעם באַנקראָט פון דער פּאָליטיק פון די גרויסע יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס: די פעדעראַציע, די ציוניסטן, רעכטע ווי לינקע, דער „בונד", די „קאָלאָני סקאַלער", „אָזע" או"ו. וועלכע האָבן געפירט אַ לעגאַליסטי־שע טעטיקייט אונטער דער אויפזיכט פונעם מערדער דאַנעקער. דער פאַ־ראָט פון דער ברוינער קהילה — פון „אוזשיף" — איז אַרויסגעקומען שוידערלעך־בולט. די לאַקייען פון דאַנעקער האָבן אין אַנבליק פון דער אַבלאַווע נישט געהאַט קיין איין וואָרט פון פּראָטעסט. גאָר פאַרקערט: „אוזשיף"־לייט האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומגעדרייט אין דעם גיהנום פון וועלאָדראָם ד'היווער ווי משרתים פון תליון.

פאַר אונדז איז קלאָר געוואָרן, אַז פון איצט אָן איז די מלחמה קעגן דער יידישער באַפעלקערונג געוואָרן אַ טאָטאַלע. קיינער איז מער נישט געווען זיכער. עס איז געווען בויטיק, אַז דער דאָזיקער פאַקט זאָל גאַלוואַ־ניזירן די קאַמפּס־כוחות און יעדער ייד זאָל זיך פילן אַלס זעלנער אין דער דאָזיקער מלחמה. די יידישע יוגנט דאַרף נקמה נעמען פאַר דעם גרוי־זאַמען פאַרברעכן. דער עין תחת עין דאַרף אויסגעטייטשט ווערן אין דער איבערזעצונג פון פאַל וואַיאַן־קוטיריע: פאַר איין אויג —ביידע אויגן, פאַר איין צאָן — די גאַנצע מאָרדע. אַ טויט דעם אָקופּאַנט! — דאַרף אָפּ־הילכן אין האַרצן פון יעדן איינעם.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז דער דייטשער סאָלדאַט פון באַקאַנטן פּלאַקאַט האַלט אַ קינד אויפן אָרעם: „האָט צוטרוי צום דייטשן סאָלדאַט" — זאָגט ער. דאָס קינד איז מיין סילווי. ער וויל איר געבן שאָקאָלאַד, נאָר זי פאַלט אַרויס פון זיין האַנט מיטן קאָפּ אַראָפּ. כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט אין שוויס. סילווין האָט ער נישט אין זיינע לאַ־פּעס. אָבער וויפל אַנדערע סילוויס מאַטערן זיך איצט אויף דער פּאָדלאָ־גע פון וועלאָדראָם ד'היווער?

די זעלנער פונעם שבט וואַנדאַלן זענען טרויעריק אַריין אין דער גע־שיכטע אַלס סימבאָל פון באַרבאַריי... וואַנדאַליזם... אין פאַרגלייך צו די נאַציס זענען אָבער די וואַנדאַלן געווען מפיל־קינדער...

פיר טעג האָט אָנגעהאַלטן דאָס אכזריותדיקע געיעג אויף דער יידי־שער באַפעלקערונג זינט דעם שוואַרצן דאָנערשטיק. דרייסיק טויזנט נפשות זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער אָנגעגליטער געביידע. עס איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע: די אינטערנירטע אָן קינדער האָט מען גלייך אַוועקגעטראַנספּאָרטירט קיין דראַנסי. דאָרט האָט מען צעשיידט פרויען פון מענער. מען האָט ביי זיי צוגערויבט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ ווערט און אין וואַגאָנען פאַרפּלאָמבירט זייער גורל אין דער אומבאַקאַנטער ריכ־טונג. זיי זענען באַרויבט געוואָרן מיט דער הילף פון די אָנגעשטעלטע פון דער ברוינער קהילה. די צאַרטע חברטע פּליסקין, וועלכע מען האָט אַוועקגעריסן פון איר אומבאַהאָלפענעם לעבנס־באַגלייטער, דעם דיכטער דוד פּליסקין, האָט זיך אַרויסגעוואָרפן פון פענצטער אין דראַנסי. ביים פאַר־שטיינערטן אָנבליק פון די אינטערנירטע איז די איידעלע חברטע פּליס־קין צעשמעטערט געוואָרן אויפן צעמענט.

דער חבר און די חברטע שוואַרצבאַרד האָבן מיטגעמאַכט דעם אַלגע־מיינעם גורל.

פאַמיליעס מיט קינדער ביז 16 יאָר האָט מען אָנגעפּראָפט אין די כמעט־ליידיק געוואָרענע באַראַקן פון פּיטיוויע און באָן לאַ ראָלאַנד, פון וואַנען עס זענען פריער דעפּאָרטירט געוואָרן די אויסלענדישע יידן. מען רעכנט, אַז אַן ערך ניין טויזנט נפשות האָבן פאַרנומען די 3־4 טויזנט פרייע פּלעצער. אַן אומגלויבלעכע צאָל פון ווערים האָט גלייך גענומען ראָיען אין די באַראַקן, אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן האָבן זיך שנעל באַ־וויזן און פאַרשפּרייט מיט אַן אומגלויבלעכער געשווינדקייט, באַזונדערס דיפטעריט.

דאָרט זענען פאָרגעקומען האַרצרייסנדיקע סצענעס. די באַוואָפנטע זשאַנדאַרמען האָבן באַוויזן „העלדן־טאַטן" ביים אַרויסרייסן קליינע קינ־דערלעך פון די מוטערלעכע אָרעמס. מאַמעס זענען משוגע געוואָרן און אַמבולאַנסן האָבן זיי אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

ווען עס איז געקומען דער טראַגישער מאָמענט פון צעשיידן מאַמעס פון קליינע קינדער, האָבן זשאַנדאַרמען זיך באַנוצט מיט קאָלבעס קעגן די אומגליקלעכע, וועלכע האָבן מיט די נעגל זיך געווערט. אפילו זויג־קינדער זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייער מאַמעס ברוסט. די געוויינען און געשרייען זענען געווען אין לשער.

די צעבראָכענע טאַטעס און מאַמעס און די גרויסע קינדער האָט מען פאַרפּאַקט אין פראַכט־וואַגאָנען און עקספּעדירט. די וויינענדיקע פּיטשינ־קע קינדער, אַן ערך 5.000, זענען געבליבן פאַרוואָרלאָזט, געזאָרגט פאַר זיי האָבן די איבערגעבליבענע קראַנקע פרויען. די קליינינקע האָט מען נומערירט און געלאָזט פוילן אויפן פאַרלייזיקטן שטרוי, אין שמוץ. די אומגליקלעכע און אומשולדיקע האָט מען שפּעטער, דורך דראַנסי, אין וואַ־גאָנען פאַרפּלאָמבירט און אַוועקגעשיקט אין דער זעלבער ריכטונג ווי זיי־ערע עלטערן. אנשים, נשים וטף — אַלעמען האָט איינגעשלונגען דער בלוטיקער מולך.

ווידער האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס פאַרעטערישע פּרצוף פון „אוזשיף״, צו וועלכן מען האָט זיך געוואָנדן פון פאַרשידענע זייטן וועגן איינאָרדענען די אומגליקלעכע קינדערלעך אין זיינע הייזער. נאָר די ווענדונגען זענען געבליבן ווי אַ קול קורא במדבר.

ווער קאָן באַשרייבן די גרויסע בראָך פון די יידישע מאַמעס און זייערע קינדער?

אין דער זעלבער צייט, דאָס הייסט אין יולי 1942, האָט דער דייטשער גענעראַל־שטאָב דעקרעטירט אַ טאָטאַלע מאָביליזאַציע פון אַלע כוחות פון זיין לאַנד. ער האָט געמוזט אָנקומען צו אויסלענדישע טרופּן, „לעגיאָנען״, אפילו צו די פאַראַכטעטע פּראָנצויזן, פאַרשיקן אַרבעטער דורך דער אָפּטיילונג פון אָבליגאַטאָרישער אַרבעט (ס. ט. אָ.) קיין דייטשלאַנד, כדי צו דערמעגלעכן די מאָביליזאַציע פון דייטשע אַרבעטער.

די דייטשע אַרמייען זענען נאָך געגאַנגען פאָרויס אויפן סאָוויעטישן פראָנט, אָבער די מיליטערישע רעזערוון האָבן שוין געהאַלטן ביים אויסשעפּן זיך. נאָך עטלעכע זיגן... און היטלער איז פאַרשפּילט.

דער מאָסקווער ראַדיאָ האָט איבערגעחזרט יעדן טאָג: דער מזרח־פראָנט וועט זיין דער קבר פון דער פאַשיסטישער אַרמיי. יעדע עמיסיע האָט זיך געענדיקט מיט: „אַ טויט דעם פאַשיסטישן אינוואַזאָר״.

יאָ, אַ טויט אים, האָבן מיר טעגלעך איבערגעחזרט אין אונדזער געדאַנק, אין אונדזער האַרץ, טוענדיק אַלץ, כדי צוצואיילן זיין מפּלה — אַ טויט אים פאַר יעדער קינדערשער טרער, פאַר יעדן מאַמעשן וויי־טיק! אַ טויט אים פאַר דעם אומגליק, וואָס ער האָט געבראַכט אויף אונדז!

קאַפּיטל צען:

# וואַלמי

נאָך די פיר שרעקלעכע טעג פון מאַסן־אַרעסטן, וואָס האָבן זיך אָנגע־הויבן דעם „שוואַרצן דאָנערשטיק" — דעם 16־טן יולי 1942, זענען גע־קומען מוראדיקע טעג פון אינדיווידועלע אַרעסטן. מען פלעגט פאַרשווינדן מיטאַמאָל, אַריינפאַלן ביי אַ מעטראָ, סתם אויף דער גאַס. דאָס געיעג האָט נישט אויפגעהערט. מיט בעסטיאַלישער צעיושעטקייט, מיט אויסגערעכנ־טער ביטערקייט, מיט סאַדיסטישער רואיקייט האָבן די נאַציס אָוועקגעריסן נייע קרבנות.

די טויט־געפאַר האָט זיך באַזעצט אויף אונדזערע גאַסן. אונדזער לעבן איז געוואָרן ביליק ביים שונא, אָבער ביי אונדז האָט דאָס לעבן פון יעדן באַקומען אַן אומאָפּשאַצבאַרן פּרייז.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אויף אַלע געביטן געפירט אַ פיבער־האַפטע טעטיקייט. די פּרויען־אָפּטיילונג האָט אָן אויפהער געשטורעמט דעם רויטן קרייץ און אַנדערע אינסטיטוציעס.

די לאָקאַלע סעקציעס פון דער „סאָלידאַריטעט", וועמענס מיטגלידער עס האָבן כמעט ווי נישט געליטן פון דער מוראדיקער אַבלאַווע פון 16־טן יולי, זענען גלייך אַריבער צו נייע פאָרמען פון הילפס־טעטיקייט. די פאַ־בריקאַציע פון פאַלשע קאַרטן איז געוואָרן אינדוסטריאַליזירט, אונטער דער אָנפירונג פון מיין לאַנדסמאַן מעלכיאָר (מעלאָן), אַ געוועזענער שפּאַ־נישער מיליציאָנער, וואָס איז געוואָרן דער „פּרעפעקט" פון אונדזער באַ־וועגונג. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנטאַקט פאַר באַזאָרגן מאַסנ־וויַיז מיט שפּייז־קאַרטן די אויסבאַהאַלטענע, וועלכע האָבן זיך אַרומגע־וואַלגערט אויף די בוידעמער, אין די קעלערן, אין די דערפער. מען האָט

אונדז איבערגעגעבן, אַז יידן פלעגן שלאָפן אויפן בית־עולם פּער־לאַשעז, אין די קריפּטעס פון די קברים.

ווי שווער עס איז נישט געווען, איז געגעבן געוואָרן אין פיל פאַלן הילף פאַר אַריבערפאָרן אין דער אַזוי גערופענער פרייער זאָנע. נישט אַריינפאַלן אין „זייערע" לאַפּעס האָט באַדייט שטערן די אויסראָטונגס־פּלענער פון שונא. דאָס איז געווען אַ פאָרם פון פאַסיוון ווידערשטאַנד.

אויף דער איבערגעשראָקענער מאַסע, וואָס איז אַנטלאָפן אין בהלה אין דער דרומדיקער זאָנע, האָבן זיך אָנגעזעצט ווי קראָען געוויסע יידישע רויבער. זיי האָבן פאַרענדיקט דעם נאַצישן ראַבונעק. עס האָבן זיך געפונען פאַרשוינען אין פאַרשידענע קוואַרטאַלן, וועלכע האָבן פאַר „אַריבערפירן" געפאָדערט אַסטראָנאָמישע סומעס, צו 10 און אפילו 25 טויזנט פראַנק. די דאָזיקע רויב־פויגל האָבן זיך מיט גאָרנישט נישט גערעכנט.

מען האָט דערציילט, אַז איינער, אַ יידישער וווכערניק און גאָלד־הענדלער פון רי מאַרטעל, אין 10־טן אַראָנדיסמאַן, אגב, אַן אָנגעזעענער טוער פון אַ רעליגיעזער פאַרטיי, האָט גערעכנט אַ יידישער פרוי, וועלכע האָט נישט פאַרמאָגט די געפאָדערטע סומע פאַר אַריבערפירן זי אין דער פרייער זאָנע, צו פאַרדינען געלט פון אַ געוויסן מין געשעפט, וואָס האָט שטענדיק „געבליט" אויף געוויסע טראָטואַרן פון דער הויפּט־שטאָט.

דער דאָזיקער שענדלעכער מסחר ביים אַריבערפירן די גרענעץ האָט געצוווּנגען פיל יידן צו בלייבן אין דער אָקופּירטער זאָנע, אויסגעשטעלט אויף אַ שטענדיקער געפאַר.

מיר, פון אונדזער זייט, האָבן רעקאָמענדירט אַלע „סאָלידאַריטעט"־קאָמיטעטן צו געבן דעם מאַקסימום הילף די דאָזיקע אומגליקלעכע, וועלכע האָבן געזוכט זיך צו ראַטעווען.

מיר האָבן זיך געוואָנדן צו דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג מיט אַ רוף, אַז דאָס האָב־און־גוטס פון די אינטערנירטע, וואָס איז געבליבן אויף הפקר, זאָל אָפּגעהיטן ווערן, די אָפּן־געבליבענע טירן זאָלן פאַרשלאָסן ווערן. נאָך מער: מיר האָבן גערופן צו העלפן די באַהאַלטענע אַרויסצו־פירן וואָס מער זאַכן פון זייערע פאַרלאָזטע וווינונגען.

אונדזער פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט באַקומען אַסך פריש און יונג בלוט. דאָס געפיל פון נקמה האָט געבריט דאָס געוויסן פון די דרייסטע יידישע יוגנטלעכע. די אַקציעס קעגן דער ווערמאַכט, קעגן זייערע צוגן, קעגן זייערע האָטעלן האָבן זיך געמערט. די דאָזיקע יוגנטלעכע האָבן אפילו נישט אונטערגעשריבן קיין אַנגאַזשירונג, ווי מיר אין סעפּטעמבער 1939. זיי האָבן זיך געוואָרפן אין קאַמף צו טויטן וואָס מער נאַציס. דער קערן פון דער דאָזיקער יוגנט־אַרמיי האָט געצויגן זיין יניקה פון אונדזער אַרבעטער־ און פאָלקס־באַוועגונג פון פאַר דער מלחמה. די ערשטע פריי־וויליקע יוגנטלעכע זענען געקומען פון די רייען פון די געוועזענע שילער פון אונדזערע צוגאָב־שולן ביים „אַרבעטער־אָרדן", פון יוגנט־קלוב „איק" און פון ספּאָרט־קלוב „יאַסק". זיי זענען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון

אַנטי־פאַשיזם. מוטיקע זין פון יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, האָבן זיי גענומען דאָס געווער אין דער האַנט און אַוועק אין שלאַכט. אונדזערע געוועזענע שילער פון די צוגאַב־שולן, די יוגנטלעכע, וואָס מיר האָבן דערצויגן, האָבן אין דער עת־צרה אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון פאַרטיידיקן דאָס לעבן און דעם כבוד פון דער יידישער באַפעלקערונג. וואָס האָבן געקאָנט באַווייזן די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַלע" אינסטיטוציעס מיט זייערע קינדער און יוגנט־אַנשטאַלטן? ווו זענען געווען זייערע פירער? זייערע מיטגלידער?

מיר האָבן אפילו נישט געהאַט צו ווערמען צו ווענדן זיך מיט איינהייט־פאָרשלאַגן, עס האָבן נישט עקזיסטירט קיין אַנדערע יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס ווי אונדזערע. מנהיגים ווערן רעספעקטירט לויט זייער אויפירונג, באַזונדערס בעת צרה. ווו זענען געווען די מנהיגים פון די יידישע „נאַציאָנאַלע" אָרגאַניזאַציעס? ווו איז געווען זייער קרבנות־גרייטקייט?

אונדזער ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז געווען צונויפגעגאָסן מיט דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון לאַנד. מיר זענען געווען פאַרבונדן מיט די קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס פון די אַנדערע אימיגראַציעס: די פוילישע, איטאַליענישע, טשעכישע, אַרמענישע, אונגאַרישע און אויך דייטשע. יאָ, דייטשע אַנטי־פאַשיסטישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס.

אונדזער באַוועגונג איז אויך געווען איינגעשלאָסן אין קאַמף, וואָס עס האָט געפירט די פראַנצויזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. נישט בלויז וואָס די פראַנצויזישע אויסגאַבן פון דער פּאַרטיי, ווי די אומלעגאַלע „הומאַניטע", „ווי אוווריער" אָדער „אַוואַנגאַרד" זענען ביי אונדז איבערגעדרוקט און פאַרשפּרייט געוואָרן, נאָר מיר האָבן אַליין אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן פראַנצויזישע מאַטעריאַלן.

די רעדאַקציע פון דער אומלעגאַלער „נייע פּרעסע" האָט באַקומען דעם אויפטראַג צו רעדאַגירן אַ פראַנצויזישע אַנטי־ראַסיסטישע צייטונג. אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער „זש'אַקיוז" — לויטן נאָמען פון זאָלאַס פּאַמפלעט בעת דער דרייפוס־אַפערע. דער אַנטי־ראַסיזם איז געווען אַ פּראָנט־אָפּשניט קעגן די היטלערישע פּרווון נאָכמער צו פאַרשקלאַפן פראַנקרייך מיט דער הילף פון אַנטיסעמיטיזם. מיר האָבן פאַרנומען דאָס פּלאַץ, וואָס עס האָט פּחדנותדיק פרייגעלאָזן די אַמאָל טומלדיקע אַנטי־ראַסיסטישע אָרגאַניזאַציע „ליקאַ", אין וועלכער מען האָט זיך דווקא אין אַזאַ מאָמענט געגוויטיקט.

די מענטשלעכע סאָלידאַריטעט־געפילן פון פראַנצויזישן פאָלק צו אונדז האָבן דאַן באַקומען אַ פּאָליטישן אויסדרוק. דאָס רחמנות־געפיל צום „פּאָוור זשוויף" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאָנקרעטע הילפס־אַקטן לטובת אונדז, האָט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען פון דירעקטן קאַמף קעגן שונא. מיר האָבן זיך נישט גענויטיקט אין רחמנות, מיר האָבן זיך גענויטיקט אין סאָלידאַריטעט אין קאַמף קעגן געמיינזאַמען שונא. מיר

האָבן געהערט צו די פֿאַרשקלאַפּטע פֿעלקער, אָבער אויך צו די קעמפנדיקע פֿעלקער. מיר האָבן מוראדיק געליטן פֿון נאַצישן טעראָר, אָבער מיר האָבן אויך געענטפֿערט מיט ווירדיקן ווידערשטאַנד. מיר זענען נישט געגאַנגען אויף קידוש־השם, אין אַ מיסיע פֿון הייליקן טויט, לויט דער טראַדיציע פֿון מיטלאַלטער. מיר האָבן געקעמפֿט פֿאַר דער עקזיסטענץ.

מיר זענען געווען אַ טייל פֿון די פֿראַנצויזישע אַרמייען, וואָס האָבן געקעמפֿט אומעטום מיט דער איינציקער זאָרג צו שלאָגן דעם פֿאַשיזם אויף טויט. מיר האָבן געקעמפֿט אין פֿיל ערגערע באַדינגונגען, מיר האָבן געליטן מפּלות, אָבער מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר וועלן באַקומען אונדזער חלק אינעם זיג איבערן געמיינזאַמען שונא.

אין רעזולטאַט פֿון צופֿלוס פֿון דער יידישער יוגנט אין די פֿאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען האָט אונדזער באַוועגונג געהאַט צו פֿאַרצייכענען אין די דריי חדשים נאָכן וועלאָדראָם ד׳היווער: 19 אָנגריפֿן מיט באָמבעס קעגן דייטשע האָטעלן; 5 אַטאַקעס מיט גראַנאַטן קעגן לאַסט־אויטאָס מיט זעלנער אין מיטן פּאַריז; 3 אָנפֿאַלן מיט גראַנאַטן אין 4 גאַראַזשן; 2 אָנפֿאַלן אויף בענזין־לאַגערן, אונטערגעצונדן מיט גראַנאַטן; 2 סאַבאָטאַזש־אַקטן מיט גראַנאַטן אויף טעלעפֿאָנישע פּאָסטנס פֿאַר קאַנאָנען קעגן אַוויאַציע (ד. ס. א.).

אונדזער יוגנט האָט גענומען נקמה אין פֿאַרהאַסטן שונא פֿאַר אַלע זיינע פֿאַרברעכנס.

אין יענע טעג איז צו אונדז דערגאַנגען די שרעקלעכע ידיעה, אַז דעם 24־טן יולי זענען לעאָן פֿאַקין און עלי וואַלאַך געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ דייטשן פֿעלד־געריכט און געוואָרן פֿאַראורטיילט צום טויט. דעם 27־טן איז דער אורטייל אויסגעפֿירט געוואָרן אויפֿן מאָן־וואַלעריען.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז אויך דערמאָרדעט געוואָרן מוניע נאַדלער. זיין פֿרוי, איידל, אויך אַ ווידערשטענדלערין און שפּעטערדיקע פּאַרטיזאַנקע, איז אַרויסגערופֿן געוואָרן אין דער מעריע פֿון 13־טן אַראָנדיסמאַן, וווּ מען האָט איר איבערגעגעבן אַ שיין, אַ טראַגישע מעלדונג. מוניע איז אומגעקומען דעם 11־טן אויגוסט, כמעט 3 און אַ האַלב חדשים נאָך זיין אַרעסט. די אָנגעשטעלטע פֿון דער מעריע האָבן איבערגעגעבן זיין פֿרוי מוניעס קראַוואַט, זיין פּאָרטפֿעל מיט 10 פֿראַנק, זיין גאַנצער פֿאַרמעג, און 2 בילעטן אויף אַן אָפּערע־פֿאָרשטעלונג, זיין טעקע מיט אַ פּאָר ביכער, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון אַ רעוויזיע, אַדורכגעפֿירט אין זיין וווינונג נאָכן אַרעסט און... אַ שטיקל שטאָף פֿון זיינע הויזן. די חברטע איידל האָט אַלע רעליקוויעס באַהאַלטן צו מוניעס אָנדענקונג.

אַ נייער פֿאַקטאָר איז אַריינגעטרעטן אין גאַנג פֿון דער מלחמה: די צוזאַמענאַרבעט צווישן ענגלאַנד און די פֿאַרייניקטע שטאַטן מיטן ראַטנפֿאַרבאַנד. די רעגירונגען פֿון וואַשינגטאָן און פֿון לאָנדאָן זענען געווען מסכים צו עפֿענען אַ צווייטן פֿראָנט קעגן דער ווערמאַכט.

די פּאָליטישע אָנפֿירונג פֿון דער יידישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג

האָט אין יענער צייט אַרויסגעלאָזט אַ דאָקומענט צו די יידישע קאָמו־ניסטן.

נאָך דער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע און פון די פּערספּעקטיוון פון דער מלחמה, האָט דער דאָקומענט געהופן אַלע מיטגלידער צו אָרגאַניזירן די נקמה פאַר דעם בלוטיקן פאַרברעכן קעגן אונדזערע אומשולדיקע קרבנות. יעדער איינער דאַרף קאָנקרעטיזירן די שנאה צום אָקופּאַנט, סאַבאָטירן די פּראָדוקציע, אַראָפּרייסן די מאַסקע פון בלוטיקן פאַשיזם, שטעלן אַ ווידערשטאַנד קעגן די אַרעסטן און די דעפּאָרטאַציעס, אַנטלויפן פון די לאַגערן, זיך אָנשליסן אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

עס איז באַזונדערס אונטערגעשטראָכן געוואָרן די אויפגאַבע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג צו פאַרניכטן די פאַרעטער אין די אייגענע רייען. די יידישע קאָלאַבאָראַציע האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַן אָפענער משרת פון אָקופּאַנט. דאָס האָט זי געהופן יידן פרייוויליק צו אַרבעטן אין די וועל־דער פון די אָרדענען. די לייכט־גלויביקע, וואָס זענען אַוועק אויף דער דאָזיקער אַרבעט, זענען אויך געוואָרן דעפּאָרטירט. דאָס האָט די ברוינע קהילה דערמוטיקט דאָס ביסל גייציקע יידישע פאַטראָנען צו עפענען אַטעליעס און צו ליפערן סחורה פאַר די איינקויף־שטעלעס. דאָס האָבן די אָנגעשטעלטע פון „אוזשיף״ בייגעוווינט אויפן הויף פון דראַנסי בעת די דעפּאָרטאַציעס און צוגעהאָלפן באַרויבן די דעפּאָרטירטע.

דער דאָקומענט האָט צום סוף אָנגעוויזן, אַז עס רוקן זיך אָן דעצידירנ־דיקע שלאַכטן און אַז די שעה איז נאָענט, ווען אַלע פעלקער וועלן שטורע־מען דעם נאַצישן באַסטיאָן און פאַרענדיקן מיט דער נאַצישער פאַרשקלאַ־פונג. עס וועלן דאַן פאַלן די געטאָ־ווענט, די דראָטן פון די קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן וועלן אויפגעריסן ווערן, דער נאַצישער קאָשמאַר וועט פאַר־שווינדן אויף שטענדיק. יעדער יידישער קאָמוניסט דאַרף זיך פילן שטאָלץ, וואָס ער איז אַ קעמפער אין דער גרויסער פעלקער־אַרמיי, וואָס ער שטייט אין שפּיץ פון קאַמף פון די יידישע מאַסן. ער דאַרף וועקן דעם גלויבן אין זיג, מיט זיין קרבנות־גרייטקייט און העלדישקייט דאַרף ער פירן די יידי־שע מאַסן אין שלאַכט, טריי די קאַמפס־טראַדיציעס פון יידישן פאָלק.

דער דאָזיקער דאָקומענט, אַרויסגעגעבן אינעם טראַגישן זומער 1942, האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע אויסווירקונג אין יידישן לעבן. אַרום אונדז האָבן דאַן אָנגעהויבן צו גראַוויטירן אַלץ מער און מער יידן פון פאַרשי־דענע שיכטן, פון פאַרשידענע קרייזן. אונדזערע מאַטעריאַלן זענען גוט פאַרשפּרייט געוואָרן. מיר האָבן זיך געפילט אַרומגערינגלט דורך דער אַל־געמיינער סימפּאַטיע.

די „סאָלידאַריטעט״ האָט פאַרגעזעצט איר פריערדיקע טעטיקייט און זיך אויך אויסגעברייטערט אויף אַ נייעם אויסערגעוויינלעך וויכטיקן גע־ביט: ראַטעווען יידישע קינדער פון דעפּאָרטאַציע. אונדזערע חברטעס האָבן איבערגענומען די דאָזיקע אויפגאַבע און מיט דער הילף פון פראַנ־צויזישע סאָציאַלע אַסיסטענטינס און לערערינס זענען אַרויסגעריסן גע־

וואָרן פון די נאַצישע נעגל גאַנצע גרופּעס פון אומשולדיקע קינדערלעך. דאָס איז געווען אַ נייע הייליקע מיסיע פון העכסטער סאָלידאַריטעט.

מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ נייע אָפּטיילונג פון קאַמף, וועמענס אויפ־גאַבע עס איז באַשטאַנען אין דעמאָראַליזירן פון אינעווייניק די דייטשע אַרמיי. מיר האָבן באַקומען ידיעות, אַז אין געוויסע קאַזאַרמעס האָבן דייט־טשע סאָלדאַטן געזוכט פאַרשידענע תירוצים, כדי אויסצומיידן דעם סאָ־וויעטישן פראָנט. דער אַלטער אַלבערט האָט אונדז אפילו איבערגעגעבן, אַז אין סענט־אוען האָט די דייטשע זשאַנדאַרמעריע אַרעסטירט אַ דייטשן דעזערטיר, וועלכער האָט זיך באַקליידט אין ציוויל ביי אַ יידישן הענדלער.

מיר האָבן גענומען פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן דייטשע זעלנער. גערופן האָבן מיר די אַרבעט „ט. אַ.“ — ד"ה „טראַוואַי אַנטי־אַל־מאַן“ (אַנטי־דייטשע אַרבעט). די „אַרבעט“ איז באַשטאַנען אין טיילן מאַ־טעריאַלן אויף דייטש צווישן דער ווערמאַכט. די דאָזיקע מאַטעריאַלן זע־נען רעדאַגירט געוואָרן דורך דייטשע קאָמוניסטן און מיר האָבן זיי גע־דרוקט אין אונדזערע דרוקערייען.

יעדן טאָג פלעגן אונדזערע גרופּעס פון חברטעס, באַשטימט פאַר דער דאָזיקער אַרבעט, זיך אַוועקלאָזן אין דער געגנט פון ווערסאַיל, וואָס איז אונדז צוגעטיילט געוואָרן דורך דער צענטראַלער אָנפירונג פון די אויס־לענדישע גרופּעס (די מ. אָ. י.). דאָרט פלעגן זיי זוכן געלעגנהייטן פון פאַרטיילן די אויפרופן אויף אַזאַ אופן, אַז וואָס אַ גרעסערע צאָל זאָל טאָ־קע אַריינפאַלן אין די הענט פון זעלנער. מיר האָבן געוווסט, אַז אונדזער אַרבעט וועט גלייך צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער קאָמענדאַנטור. דאָס האָט באַדייט, אַז גרויסע איינפאַלערישקייט, באַגלייט דורך נישט קיין קלענערער דרייסטקייט און פאָרזיכטיקייט, זענען געווען נויטיק ביי דער דאָזיקער געפערלעכער אַרבעט.

די דרייסטקייט פון אונדזערע חברטעס איז געווען צו באַוווּנדערן. יעדן טאָג האָבן זיי זיך געטראָפן אויג אויף אויג מיט דער טויט־געפאַר און האָבן רואיק און מוטיק פאַרגעזעצט זייער אַרבעט. אַ געוויסן טאָג האָט איינע פון די פרויען, די חברטע לאַלאַ וואַסערשטרום, אפילו געוואַגט אַריינצוגיין אין דער קאַזאַרמע סאַטאָרי, ביי ווערסאַיל, אויפצוזוכן די גאַרדעראָבע און אַריינצולייגן אין יעדן מאַנטל אַן אויפרוף און צוריק אַרויסגיין ווי קיינמאָל גאָרנישט.

מיר פלעגן אונטערלייגן פּעקלעך ליטעראַטור אויפן וועג, ווו סאָלדאַטן פלעגן אַדורכגיין. די ערשטע צייטן האָבן זיי דאָס אויפגעהויבן. נאָכדעם האָבן זיי, אויס מורא פאַר אַנדערע אויגן, געלאָזט ליגן די פּעקלעך. איינ־צעלנע אויפרופן איינגעלייגט אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט און איבערגע־לאָזן אויפן וועג האָבן שפּעטער געהאַט מער דערפאָלג. די חברטעס פלעגן אויך אָפּשטעלן איינצלנע זעלנער און זיי דערלאַנגען אַ קאָנווערט, זאָגנ־דיק: מעסיע, איר האָט עס פאַרלוירן. דער „טריק“ איז אָנגעגאַנגען אַ גע־

וויסע צייט. נאָכדעם האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען די קאָנוועריטן. עס איז אפילו דערשינען אַ נאָטיץ אין דער „פּאַריזער צייטונג”, אַז אין די דאָ־זיקע קאָנווערטן ליגט אויפרייס־שטאָף.

מיר האָבן אפילו פאַרטראַכט אַן אַפּאַראַטל, וואָס זאָל מיט דער הילף פון ווינט פאַרשפּרייטן איינצלנע בלעטלעך אויפן אָרט, ווו עס פלעגן דורכגיין די דייטשע זעלנער. אין פּוילן האָט עס זיך פּראַקטיצירט אַמאָל, בימי פּילסודסקי.

די אימיגראַנטן פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ רייכע דערפאַרונג פון זייערע היים־לענדער, פון אונטערערדי־שער, אַנטי־פאַשיסטישער טעטיקייט. און דאָס איז אונדז דאַן צונוץ געקו־מען.

אונדזער „ט. אַ.” האָט לאַנג געאַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון חבר זשאַק בערגער, זשאַק „ט. אַ.”, ווי מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן. שפּע־טער איז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט איבערגעגאַנגען צו: גיטעלע (פּאָלעט) ראַפּאַפּאָרט. אין לויף פון חדשים איז נישט פאָרגעקומען קיין איין דורכ־פאַל. מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש האָבן מיר געשיקט אונדזערע איבער־געגעבענע חברטעס אויף דער דאָזיקער געפערלעכער „אַרבעט”. אַרויס־גייענדיק אין דער פרי פון דער וווינונג, האָבן זיי ריזיקירט מער נישט צוריקצוקומען.

מיר האָבן מיטגעהאָלפן מיט אונדזערע באַשיידענע מיטלען צו ברעכן דעם גייסט פון דער ווערמאַכט. ווי קליינע וואַסערלעך, האָבן מיר געמאַכט קליינע לעכעלעך אין זייער מעכטיקער מויער. די מויער וועט סוף־כל־סוף איינפאַלן אונטער די מעכטיקע קלעפּ, וואָס זי באַקומט פון אַלע זייטן. פאַר אַזאַ פּערספּעקטיוו האָט זיך געלוינט יעדע אָנשטרענגונג.

אַ געוויסן טאָג איז די חברטע לאָלאַ נישט צוריקגעקומען. די אַנדערע חברטע, וואָס האָט מיט איר געאַרבעט, האָט געזען, ווי לאָלאַ איז געשטאַ־נען אויף אַ בערגל נישט ווייט פון דער קאַזאַרמע סאַטאָרי. זי האָט עפּעס געקוקט אין דער ווייט. נאָר מיטאַמאָל איז אַרום בערגל אויסגעוואַקסן אַ כאָפּטע דייטשע זשאַנדאַרמען מיט זייערע אייזערנע קייטן אויפן האַלדז און מיט זייערע לייכטע מאַשין־געווער אין די הענט. די חברטע האָט גע־זען, ווי לאָלאַ האָט אויפגעהויבן פאַמעלעך די הענט אינדערלופטן און איז אַוועקגעפירט געוואָרן. כ'בין געווען דערשיטערט, ווען דער חבר זשאַק האָט עס מיר איבערגעגעבן אויפן טעגלעכן צוזאַמענטרעף.

טייערע חברטע לאָלאַ, מיר האָבן געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט דיך, נאָר מיר זענען געווען איבערצייגט, אַז דו וועסט ווייזן די נאַציס, ווי אַזוי אַ קעמפערין האַלט זיך; ווי אַזוי אַ יידישע טאָכטער פאַראַכטעט די דאָ־זיקע „העכערע” ראַסע. מיר זענען געווען זיכער, אַז דער טויט שרעקט דיך נישט; אַז די פּייניקונגען וועסטו אויסהאַלטן. די נאַציס וועלן אונדז מיט גאָרנישט אָפּשרעקן. מאָרגן וועלן מיר ווידער זיין אויפן פּאָסטן און מיר וועלן נקמה נעמען פאַר דיין לעבן.

אין אונדזער אָנפירונג האָט מען רעאָרגאַניזירט די פונקציעס. אונ־דזער „דריילינג" האָט געאַרבעט מיטן חבר ב. טשאַרני אַלס פאַראַנט־וואָרטלעכן. מיטן חבר לערמאַן, דעם פּאַרטייאישן פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר דער מ. אָ. אי. האָבן מיר אָפּגעשניטן די דירעקטע קאָנטאַקטן. ביי דער רעאָרגאַניזאַציע האָב איך איבערגענומען די אויפזיכט איבער די דרוקע־רייען, אָדער ווי מען האָט עס גערופן — די „טעכניק".

מען האָט מיר איבערגעגעבן בירושה דעם גאַנצן אַפּאַראַט, ווי אויך אַ לאָקאַל אויף 14, רי רעבעוואַל, וועלכן מען האָט באַדאַרפט איינאָרדענען. בירושה איז אויך איבערגעגאַנגען אַן אויסגעצייכנטער מיטאַרבעטער פון דער „טעכניק", חבר לעאָן זעלמאַנאָוויטש, פון 19־טן אַראָנדיסמאַן. דער דאָזיקער חבר איז געווען ווי אַפּגעמאָסטן פאַר דער „טעכניק". ער איז גע־ווען פונקט אַזוי איינפּאַלעריש ווי דרייסט.

ראָנעאָ־פּאַפּיר, סטענסילן, מאַשין־טינט, זענען געווען קאָנטראָלירט ביים פאַרקויף. חבר לעאָן האָט גענומען זוכן פאַרבינדונגען, ווי צו באַקו־מען דאָס אַלץ אָן קאָנטראָל און האָט זיי געפונען. אַ לאַנגע צייט האָט די צענטראַלע מ. אָ. אי. אונדז געליפערט די דאָזיקע מאַטעריאַלן. ווען עס איז געוואָרן שווער, ווען עס האָט זיך געגוויטיקט אַ גרעסערער טיראַזש, האָבן מיר געמוזט דערגאַנצן פון אייגענע קוועלן. צו דעם האָט זיך אויסגע־טויגט דער חבר לעאָן. ער האָט איינגעאָרדנט אַ רעזערוו פון פּאַפּיר אין אַ לאַגער פון אַ יידישן מעטאַל־סוחר, שמול, אויף רי אַרשעראָ, אין 19־טן אַראָנדיסמאַן. ער האָט אויך געדונגען וווינונגען פאַר פאַרשידענע באַ־דערפעניש און איז געוואָרן דער „לאָקאַטאָר" פון 14, רי רעבעוואַל. די גרופּע פון אַלטן אַלבערט, רעקס און יאַנקל זשעלעמער פון בולוואַר באַ־מאַרשע האָט באַזאָרגט אַביסל מעבל. פאַרן קאָנסיערזש (הויז־וועכטער) פון רעבעוואַל האָט עס געהייסן, אַז לעאָן איז אַ רעפּרעזענטאַנט, וואָס רייזט אַרום און אַז ער וועט דאָ אַריינפירן זיין „מעטרעסע". ער האָט זי פאָרגעשטעלט פאַרן קאָנסיערזש: אונדזער „שוואַרצע פּאַלאַ" איז דאָס געווען. די „מעטרעסע" איז אַ שניידערין, וואָס וווינט ערגעץ אַנדערש, און וועט איבערלאָזן אין „אַטעליע" אַן אַרבעטערין. דאָס איז געווען די אָק־טיווע טוערין פון דער „סאָלידאַריטעט" אין 19־טן אַראָנדיסמאַן, די חבר־טע ראַשעל (גלוזמאַן) פון פּאַסאַזש פור־אַ־שאָ, ביי רי דע מאָ, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען מאַרי הוביקאָוואַ. זי איז געוואָרן אַ טשעכישע ביר־גערין, ווייל זי האָט גערעדט שוואַך פראַנצויזיש. פּאַפּיר פלעגט פּאַלאַ ברענגען פון רי אַרשערא, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון אַן איטאַליענישן חבר. מיר האָבן אַריינגעפירט אַ ניי־מאַשין (די „מע־טרעסע" איז דאָך געווען אַ שניידערין) און אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. די מאַ־שין אָדער אַפּאַראַט, אָדער גאָרביידע מיטאַמאָל האָבן באַדאַרפט פאַרטו־שען דעם גערויש פון ראָנעאָ, ווען די „פּאַטראָנקע" פלעגט קומען „אַר־בעטן".

דער הויף אויף 14, רי רעבעוואַל איז ענלעך צו אַ פּירקאַנטיק קעסטל, וועמענס ווענט עס באַשטייען פון איינשטאָקיקע געביידעס. יעדעס גערויש

ביי אַ שכן האָט מען געהערט אויפֿן הויף. נישט ווײסנדיק, ווער עס איז דער קאָנסיערזש, האָבן מיר די ערשטע צייטן געדרוקט זייער ווייניק ביי דער שוואַרצער פּאָלאַ אין „אַטעליע". די פּאַרטיקע „סחורה" פּלעגט מאַרי אַרויסטראָגן אין אַ שוואַרץ שפּייז־זעקל צו די פּאַרבינדלערינס, וועלכע פּלעגן פֿונאַנדערשיקן די מאַטעריאַלן איבער די סעקציעס.

דערווייל איז אונטערגעקומען דער חודש סעפּטעמבער 1942. די אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן צו פּייערן דעם 150־טן יאָרטאָג פֿון דער שלאַכט ביי וואַלמי. יענע זיגערישע שלאַכט איבער דער פּרייסישער סאָלדאַטעסקע איז אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל, אַ שלאַכט, נאָך וועלכער געטע האָט געשריבן וועגן פֿראַנקרייך: פֿון אָט דאָ הייבט זיך אָן דאָס לאַנד פֿון פֿרייהייט.

מיר האָבן מאָביליזירט אַלע אונדזערע סעקציעס. אין טאָג פֿון 20־טן סעפּטעמבער זאָלן די יורשים פֿון די קאָבלענצער דערפֿילן, אַז די אייניקלעך פֿון וואַלמי, די יוגנט־חברים פֿון באַראַ, פֿאַרהיטן דעם פֿרייהייט־גייסט. די „טעכניק" האָט באַקומען די גרעסטע באַשטעלונג, ווי ווען עס איז פֿריער: 50 טויזנט צייטונגען. אויב מען נעמט אין אַכט, אַז מיט רואיקע נערוון איז מען געווען בכוח צו ליפֿערן אַ טויזנט עקזעמפּלאַרן אַ שעה, קאָן מען אויסחשבונען וויפֿל צייט עס האָט זיך געגנויטיקט פֿאַר כסדר אויפֿציטערנדיקע נערוון. די „שוואַרצע פּאָלאַ" איז אַוועק אין אַטעליע און גענומען יאָגן די פּראָדוקציע. און פֿון יאָגן זיך קומט קיין גוטס נישט אַרויס. זי האָט צעבראָכן די מאַשין. מיר האָבן פֿאַרמאָגט נאָך צוויי מאַשינען, נאָר זיי האָבן געאַרבעט ערגעץ אַנדערש.

ווען די חברטע פּאָלאַ איז געקומען אויפֿן ראַנדעווו, ביים קעי דע לאַ ראַפּע, און מיר אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה, האָבן מיר זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק ביי דער סען, כּדי צו באַטראַכטן דעם ענין. נישט געפֿינענדיק קיין אויסוועג, האָבן מיר באַשלאָסן פֿאָרצושלאָגן דעם חבר ב. טשאַרני צו פֿאַרקלענערן די „באַשטעלונג".

אַ „געבאָדענעם קאָפּ" האָבן מיר באַקומען: ס'טייטש, וואָס הייסט פֿאַרקלענערן דעם טיראַזש? און דער פּלאַן פֿאַרן 20־טן סעפּטעמבער? ב. טשאַרני האָט געהאַט אַזאַ טבע. אַ פּלאַן איז געמאַכט נישט לייכטזיניק, דאַרף מען אים אויספֿירן. שוועריקייטן דאַרף מען בייקומען.

עס איז געבליבן איין אויסוועג: פֿאַרטרעטן די ראָנעאָ מיט אַן אַנדערער. דאָס האָט באַדייט צוויי אָפּעראַציעס: אַרויסנעמען די צעבראָכענע און אַריינשטעלן אַ צווייטע, און מאַכן עס אַזוי קונציק, אַז דער קאָנסיערזש זאָל גאָרנישט באַמערקן. נאָר דאָס איז כּמעט ווי נישט מעגלעך געווען. מילא, וועט מען אים „אַלץ" דערציילן. אַלץ וואָס מיר ווילן, פֿאַרשטייט זיך. לעאָן איז אַוועק צו זיין „מעטרעסע" אין „אַטעליע". אַרויסגייענדיק האָט ער זיך בכיוון אָפּגעשטעלט ביים קאָנסיערזש און אים דערציילט אַ מעשה, אַז די ניי־מאַשין „זינגער" איז קאַליע געוואָרן און אַז ער גייט זוכן אַ מעכאַניקער. אַ שעה שפּעטער האָב איך זיך אַריינגעשטעלט מיט אַ

טעקע קלינגענדיקע מכשירים און זיך אָנגעפּרעגט, ווי עס פירט זיך, ביים קאָנסיערזש וועגן דער אַטעליע. צום באַדויערן, האָבן מיר אים דערציילט, איז די מאַשין נישט געווען צו פאַרריכטן, האָבן מיר זי איינגעפּאַקט אין אַ פירקאַנטיקן קאַרטאָן, אַרומגעוויקלט מיט אַ שוואַרצן טוך און אַרויסגעטראָגן אויפן אַקסל, ווי אַ „קעפל" פון אַ „זינגער"־מאַשין.

מיר האָבן באַשלאָסן צו ברענגען די ראָנעאָ, וואָס האָט זיך געפונען אין דער וווינונג פון חבר שלום פון 3־טן אַראָנדיסמאַן, אויף רי ראַמביטאָ. נאָר ווי אַזוי פירט מען זי אַרויס אויף אַ רוישיקער גאַס, מיט אַזויפיל פאַרדעכטיקע אויגן? זענען מיר געפאַלן אויף אַ המצאה: די מאַשין האָבן מיר פאַרקלאַפּט אין אַ קעסטל, אויפגעשריבן „פראַזשיל" (צעברעכלעך, הייסט עס). געדונגען אַ פּראָפעסיאָנעלן טרעגער אויף ראַמביטאָ און פשוט אים געבעטן זייער פאָרזיכטיק זיך אומגיין מיטן קעסטל „געפעס". ליפערן עס האָבן מיר פאַרלאַנגט אויף אַן אויסגעטראַכטן נאָמען, אויף 50, בולוואַר דע לאַ ווילעט, דאָס הייסט אַ צוויי הייזער פון רי רעבעוואַל.

ווען דער טרעגער איז אָנגעקומען פאַרן הויז פון בולוואַר דע לאַ ווילעט, האָב איך אים שוין אָפּגעוואַרט און אָנגעבנדיק אונדזער אויסגעטראַכטן נאָמען, געפרעגט, צי דאָס פירט ער פאַר מיר דאָס געפעס. אָן קיין שום חשד האָט ער אַוועקגעשטעלט פאַרן טויער דאָס קעסטל. דאַן האָב איך דאָס קעסטל אַרויפגעטראָגן אין „אַטעליע" פון דער „שוואַרצער פּאַלאַ", נישט פאַרגעסנדיק צו דערציילן, אַראָפּגייענדיק צום קאָנסיערזש, עפעס אַ מעשה וועגן דער מאַשין. אַלץ איז, צום גליק, אַדורך בשלום.

די צעבראָכענע ראָנעאָ האָבן מיר אַוועקגעפירט אין אַ נייעם לאַגער, וואָס לעאָן האָט אויף אַ קונציקן אופן געהאַט געדונגען אין אַריסטאָקראַטישן 16־טן אַראָנדיסמאַן, 10 רי פיער גערען, ביים מעטראָ מיקעל אַנזשאָטוי. לעאָן האָט זיך דאָרט אָנגעגעבן פאַר אַ רעפּרעזענטאַנט פון פּאַפּיר, וואָס זוכט אַ לאַגער פאַר זיין סחורה. דאָס איז געווען אַ הויף מיט קליינע שטעלעכלעך, וואָס האָבן אַמאָל באַדאַרפן דינען פאַר פערד־שטאַלן, אויפן ערשטן שטאָק זענען מן־הסתם געווען די היי־בוידעמער.

דאָ האָט זיך שוין געפונען אַ נייער רעזערוו מיט פּאַפּיר און קאָנווערטן.

מיר האָבן פאַרמאָגט הונדערט טויזנט בלאָע קאָנווערטן. די געשיכטע דערפון איז זייער טשעקאַווע. עס איז געווען אַ געלעגנהייט, אַ זעלטנהייט. דער ליפעראַנט פון דער מ. אָ. אי., חבר אַלעקסאַנדער, אַ טשעך, אַן אויסערגעוויינלעכער בריה, האָט אונדז צוויסן געגעבן, אַז מען קאָן קויפן אין אַ פאַבריק אויף רי פאַנואַיאָ, ביים פּער לאַשעז, אַ גרויסן ראַמש מיט קאָנווערטן פאַר שפּאָט ביליק. לעאָן האָט געהאַלטן, אַז עס איז אַ מציאה. אָבער נאָך וואָס דאַרפן מיר אַזויפיל קאָנווערטן? דער רעדאַקציע איז איינגעפאַלן, אַז „זשאַקיז" דאַרף מען רעגולער שיקן דורך פּאָסט צו פאַרשידענע פראַנצויזישע פערזענלעכקייטן: דאָקטוירים, וויסנשאַפטלער אא"וו. זייערע אַדרעסן וועט מען פשוט נעמען פון „באָטען", פון טעלעפאָן־בוך,




דער אַריינגאַנג אין אומלעגאַלן לאַגער פון פּאַפּיר און מאַשינען אויף 10, רי פּיער גערען, ביי מיקעל־אַנזש־אָטוי.

לויט פראָפעסיעס. פעטענס פּאָסט־מיניסטער וועט אַרבעטן פאַר אונדז. דער איינפאַל האָט אונדז אַריינגעטריבן אין אַמביציע.

איבערפירן אַזאַ טראַנספּאָרט קאָנווערטן איז אָבער נישט געווען קיין קלייניקייט. חבר אַלעקסאַנדער האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ פאַקטורע פון דער פירמע, אַ פאַלשע, פאַרשטייט זיך, אָבער דאָך אויף אַ בריוו־בויגן. לעאָן האָט באַשטעלט אַ וועלאָ־טאַקסי מיט אַ קליינער פּלאַטפאָרמע און האָט דעם שאָפער געהייסן ליפערן אויפן אַדרעס פון אַ פּאַפּיר־געשעפט אויף אַוועני מאַצאַרט, נישט ווייט פון אונדזער לאַגער.

דער ציקליסט האָט אָנגעלאָדן זיין פּלאַטפאָרמע מיט די קאָנווערטן און האָט באַקומען אין האַנט אַריין די פאַקטורע. כ'האָב זיך צוגעקוקט, ווי ער פאָרט פּאַמעלעך אַרויס פון די פּאַנואַיאַ אין דער ריכטונג פון מע־טראָ פּער־לאַשעז. איך בין אַרויס אויפן בולוואַר מענילמאָנטאַן זען, צי אַלץ איז כשורה. כ'האָב געזען שטיין אַ פּאָליציאַנט. ביים ערשטן ראָג איז פאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע. די דעק פון דער פּלאַטפאָרמע האָט נאָכגעלאָזן אונטערן דרוק פון דער משא און אונדזער טריפהנע סחורה איז געבליבן ליגן אויף דער גאַס. אַנטקעגנאיבער איז געשטאַנען דער פּאָלי־ציאַנט.

עס איז אָבער געשען אַ נס. ער איז אַוועק אין אַ פאַרקערטער ריכ־טונג און דער ציקליסט האָט אַליין צוריק אַרויפגעלייגט די סחורה און אַוועקגעפירט זי צום פּאַפּיר־געשעפט. פאַרן אַריינגאַנג איז שוין געשטאַ־נען לעאָן, ווי ער וואָלט דאָרט געווען אַן אָנגעשטעלטער און האָט געהייסן דעם ציקליסט אַראָפּלאָדן די קאָנווערטן ביים טויער.

שפּעטער האָבן מיר די פּעקלעך אַריבערגעפירט אין לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן. אין דעם־אָ לאַגער פון רייכן קוואַרטאַל אָטעי האָבן מיר אויך אַריבערגעפירט די צעבראָכענע מאַשין פון רי רעבעוואַל.

און מיר האָבן געליפערט די באַשטעלונג פון וואַלמי צו דער צייט. דער קאָמענדאַנט פון גרויס־פּאַריז האָט אַזש פאַראָרדנט צוליב דעם אויסער־געוויינלעכן פאַרנעם פון דער פּראָפּאַגאַנדע אין שטאָט, אין וועלכן מיר האָבן געהאָט אַ גרויסן חלק, אַז אַלע פּאַריזער זאָלן בלייבן ביי זיך אין דער היים זונטיק, דעם 20־טן סעפּטעמבער 1942. פון 1 נאָכמיטאָג ביז צו־מאָרגנס אין דער פרי האָט זיך קיינער נישט געוואָרט באַווייזן אין די גאַסן. אַ קויל האָט אויף יעדן געוואַרט. „קוווור־פע" — האָט מען ביז דאַן אָפּט פאַראָרדנט, אָבער נאָר אין די קוואַרטאַלן, ווו עס זענען פאָרגעקומען אַטענטאַטן און אויך נישט פריער ווי פון 8 אַזייגער אָוונט אָן, אַמאָל פון 11 אָוונט, אָבער נישט פון 1 אַזייגער און אין גאַנץ פּאַריז.

דער „אומבאַזיגבאַרער" האָט געציטערט פאַר אונדזערע פּאַפּירענע בלעטלעך. אין אַן אויסגעליידיקטער שטאָט, ווי אויף אַ בית־עולם, איז ער געווען אַ העלד: דער אָקופּאַנט פאַרפולט די גאַסן און איז אַליין ווי אין אַ מדבר. די ווידערשטענדלער, פאַרשלאָסן אין זייערע צימערלעך, זענען געקניפּט און געבונדן מיטן פאָלק. דער באַלעבאָס פון דער באַזעצטער

אייראָפּע איז געוועזן דורך און דורך פאַרהאַסט, אָבער מיר, די ווידער־שטענדלער, זענען געווען באַהאַפטן מיט מיליאָנען אייראָפּעאישע קעמפער.

150 יאָר נאָך דער שלאַכט ביי וואַלמי האָבן די יורשים פון די רעפּובליקאַנישע און פּאַטריאָטישע זעלנער, פון די שעפער פון דער „מאַרסעליעזע", ווידער געגעבן קלעפּ די פּרייסישע אַרמייען און די יורשים פון די קאָבלענצער קאָלאַבאָראַטאָרן.

די „נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע" פון פּעטען האָט באַנקראָטירט. דער אַקצענט איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט מויערן פון שנאה. זיינע משרתים פון ווישי — נישט ווייניקער. פּעטענס נייער דעוויז, אויסגעקלאַפּט אויף די אַלומיניום־מטבעות פון 1 און 2 פראַנק — אַרבעט, פאַמיליע, פאָטערלאַנד — איז אויסגעטייטשט געוואָרן: אַרבעט — קאַטאָרגע, פאַמיליע — צעטריבן, פאָטערלאַנד — פאַרקויפט.

אַזוי ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך. דער אָרגאַן פון יודענראַט, די „אוזשיף"־צייטונג האָט געדרוקט פּירושים וועגן תורה, געשריבן דורך אַ פרומען ייד, אָדער די ווערק פון י. ל. פּרץ און שלום עליכם. מען האָט געוואָלט אויפוועקן דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ יידישע צייטונג. איז זי טאַקע געווען יידיש, ווייל זי האָט פאַרטייטשט די פּרשה פון דער וואָך, די צייטונג פון דער ברויגער קהילה? און זייערע סאָציאַלע אינסטיטוציעס? זענען זיי נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי פּולאָפּקעס פאַר דער פּאָליציי?

די „נאַציאָנאַלע" יידן זענען געווען געשיצט דורכן האַקן־קרייץ, אָבער זיי האָבן אַלץ מער פאַרלוירן דעם צוטרוי צו זייערע „באַשיצער". אַ באַקאַנטער פירער פון דער „קאָלאָני סקאָלער", וואָס האָט נישט מער געהאַט קיין רעספּעקט פאַר זיין פּאַפּירל מיטן נאַצישן „אויסווייז", איז אַנטלאָפן פון פּאַריז אויף דרום, די מאַסע האָט ער איבערגעלאָזט אויף גאָטס באַראָט.

זיצנדיק אַליין אַ האַלבן טאָג, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז מיין מאָגן דאָקוטשעט מיך אויפסניי. דער געשוויר האָט זיך אויפגעוועקט. נאָר היילן זיך אין מיינע דעמאַלטיקע באַדינגונגען איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. כ'האָב זיך געהאַט געוואָנדן וועגן דעם צום אַלטיטשקן דאָקטאָר אָגוז. מיטן ד"ר אָגוז האָב איך זיך געהאַט באַקאַנט מיט אַ צייט צוריק, דורך אַלעקסן. דאָס איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פאַמיליע. ד"ר אָגוז איז געווען אַן אַלטער סאָציאַליסטישער טוער, אַן אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייט אין דער פּאַרטיי. ער האָט זיך געקאָנט פּערזענלעך מיט לעאָן בלום, מיט בראַק, האָט אָנטיילגענומען אין אַלע קאָנגרעסן, געשריבן אַרטיקלען אין דער פּרעסע. ער איז אויך געווען פּרעזידענט פון בונדישן „אַרבעטער־רינג", ער האָט איינגעהאַלטן באַציאונגען מיטן „בונד", כאָטש ער האָט שוין געוווינט אין פראַנקרייך אַ האַלבן יאָרהונדערט. זיין טאָכטער, זשאַן, איז אויך געווען אַ דאָקטאָר מעדיצין. איר מאַן ד"ר אַראַזשע איז געפאַלן אין שפּאַניע אין דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי. נאָך זיין טויט איז זשאַן

אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זינט אַ געוויסער צייט האָט זי מיטגעאַרבעט אין דער אומלעגאַלער „זש'אַקיז" און איז אויך געווען דאָקטאָר פון די פּאַרטיזאַנער. פרוי אַגוז האָט געהאַלטן מיט דער טאָכטער, און דער אַלטיטשקער האָט געהאַלטן פאַר אַ כבוד צו זיין באַפריינדעט מיט קאָמוניסטן. ער האָט איינגעזען, און ער האָט עס אָפן מודה געווען, אַז בלויז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געווען אַנטי־פאַשיסטיש און קאָנסעקווענט אַנטי־היטלעריסטיש.

ער האָט אונדז געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַן אַרכיטעקט, באַנעריק, זיינעם אַ שכן, וואָס האָט אונדז געבראַכט פיל נוצן און אַסך געהאָלפן.

די וווינונג פון די אַגוזעס איז געוואָרן אַ מקום מקלט פאַר פאַרשידענע חברים, יידישע ווי פּוילישע, ווייל אויך אין די דאָזיקע קרייזן האָבן זיי געהאַט קאָנטאַקטן דורך אונדזער חבר ד"ר מישעל דיסקין און דורך אַ געוועזענעם שפּאַנישן מיליציאַנער ד"ר קאַזימיר צעלערמייער.

ד"ר אַגוז האָט מיך באַקענט מיטן געוועזענעם קאַסירער פון דער סאָציאַליסטישער סעקציע פון 11־טן אַראָנדיסמאַן, אַ פאַבריקאַנט פון לאַנדווירטשאַפט־מאַשינען. דער דאָזיקער פראַנצויז האָט מיטן פולן האַרצן, ריזיקירנדיק מיט אַלעמען, אונדז געהאָלפן אין דער אַרבעט. ביי אים האָבן מיר אויסבאַהאַלטן דאָקומענטן. אונדזער געלט איז געלעגן אין זיין פייערקאַסע. זיין ביוראָ האָט אונדז געדינט אַלס אינערלעכע פאַרבינדונג.

איינמאָל האָט דער פראַנצויז אפילו אויסגעשטעלט אַ טשעק פאַר אונדז, אין אַ מאָמענט, ווען מיר האָבן נישט פאַרמאָגט קיין געלט.

ד"ר אַגוז האָט מיר געראָטן צו גיין זיך היילן ביי ד"ר לענאָרמאַן, אַ ספּעציאַליסט. בין איך אַוועק צום ד"ר לענאָרמאַן אין זיין קאַבינעט ביים אייפל־טורעם. נאָכדעם ווי ער האָט מיך באַטראַכט, מאַכט ער צו מיר אַזוי:

— אין אייער לאַגע קאָן דער מאָגן נישט זיין רואיק. ער איז בירושה נערוועז.

איך האָב זיך צעשמייכלט. דער דאָקטאָר לענאָרמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ ייד, אַן אומלעגאַלער, הגם איך האָב אים אָנגעגעבן אַ פאַלשן נאָמען. ווי דעליקאַט ער האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דער יידישער נערוואָזיטעט, דעם אַטאַוויזם, וואָס ליגט אין אונדז, פאַר־פאָלגטע זינט דורות. באמת, ווי האָבן מיר געקאָנט באַזיצן רואיקע מאָגנס אין אונדזער לאַגע, אַן אַ נאָרמאַל לעבן, אָן אַ רואיקער מינוט.

אַ חודש נאָכן וועלאָדראָם ד'היווער איז געפאַלן דער חבר סעוועק, סעוועק קירשענבוים, געוועזענער קאָמענדאַנט פון דער באַטאַליאָן־קאָמפּאַניע אין שפּאַניע, אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר קאַדערן. מען האָט אים אַרעסטירט אין מיטן גאַס. ביי וועלכע אומשטענדן איז נישט געווען באַקאַנט. פון דראַנסי האָט ער אַרויסגעשיקט אַ בריוו, אָבער עס איז נישט קלאָר געוואָרן, ווו און ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן. ער האָט איבערגעלאָזן אַ שוואַנגערע פרוי.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונדזערע מענטשן זענען נאָך אַלץ געווען צופּיל אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע. דאָס האָט געקאָנט טייער קאָסטן. אַזוי האָט ראַשעל־מאַרי פון דער „טעכניק” אויף רי רעבעוואַל דערציילט, אַז ביי אַ פּלימעניק האָט זי געטראָפן פריינט, פראַנצויזישע יידן, וועלכע האָבן זי איינגעלאַדן צו זיך אויף אַ גלעזל טיי. עס איז נישט געווען קיין געפאַר ביי זיי, פראַנצויזישע בירגער, אין דער וווינונג, איז געווען זייער מיינונג. ראַשעל־מאַרי האָט זיך געלאָזט צורעדן. אפילו געבליבן צום סוף נעכטיקן. אָבער אין דער פרי האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר... פּאָליציי... זי איז געקומען נאָך די באַלעבאַטים, די פראַנצויזישע יידן, וואָס זענען געווען זיכער ביי זיך אין דער היים... וואָס טוט דאָ די פרוי? — געקומען צו גאַסט. פּאַפּירן? יאָ, פאַראַן.

די כאַפּערס האָבן אַוועקגעלייגט ראַשעלס קאַרטע אויפן טיש. איינער איז אַריין אין אַנדערן צימער, דער צווייטער איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל צווישן ביידע צימערן. בליץ־שנעל האָט ראַשעל־מאַרי אַראָפּגענומען די קאַרטע און איז פאַרשוווּנדן דורך דער טיר, אַראָפּ פון די שטיגן, איידער די פּאָליציי האָט זיך געכאַפּט, וואָס עס איז געשען.

זינט דאַן האָט זי איבערגעריסן אַלע קאָנטאַקטן, אפילו מיט איר אייגענער שוועסטער, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון איר, ביי רי דע מאָ.

עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן ענג פאַר אונדז אין די יידישע קוואַרטאַלן. אויך אויף רי רעבעוואַל זענען מיר נישט געווען רואיק. חבר לעאָן האָט גענומען זוכן אַ פרישן לאָקאַל אין אַ „סטאַטעטשנעם” קוואַרטאַל. ער האָט אים אַנטדעקט אויף 22, אַוועני דע ווערסאיל, נישט ווייט, הייסט עס, פון אונדזער דעפּאָ פון פּאַפּיר. דאָס הויז איז געווען ניי, עלעגאַנט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. ריזן־צימערן, מיט צענטראַלער באַהייצונג, ספּעציעלע שטיגן פאַר דער דינערשאַפט, אַ ווינדע, אויסגעצייכנט צו וווינען דאָרט... אין שלום־צייטן.

דאָס הויז האָט געהערט צו אַן אָנגעזעענער פירמע פון הייזער־בויאונג. די ביוראָ פון זשעראַנט האָט אָנגעפירט מיט צענדליקער הייזער פון דער פירמע. דאָרט האָבן מיר אַוועקגעשיקט דעם חבר קאָפּער, אַ שטריקער פון מאָנטרוי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע, מיט פאָלגנדיקן סצענאַריאָ:

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אונטערן נאָמען דעברע אַלס רעפּרעזענטאַנט פון וואָל פון אַ פירמע אין רובע, וועמענס נאָמען ער האָט גוט געקאָנט. ער האָט געהאַט בדעה צו דינגען די וווינונג פאַר זיינע „פּערזענלעכע” באַדערפענישן, עס וועט דאָ וווינען זיין מעטרעסע. דער „טריק” פון רעבעוואַל איז נאָך אָנגעגאַנגען.

נאָכן דינגען האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די גרויסע שוועריקייטן. אין אַזאַ וווינונג האָט מען דאָך געדאַרפט אַריינפירן געהעריקע מעבל. די „מעטרעסע” האָט געדאַרפט זיין עלעגאַנט געקליידט, האָבן מאַניערן פון אַ „מאַדאַם”. און אריינגעזעצט האָבן מיר בסך הכל אַלס „מעטרעסע” די

פרוי פון חבֿר לעאָן, ראַשעל זעלמאַנאָוויטש, אַן אַרבעטערין ביי שניידעריי, אויסגעפּוצט אין אַ פּוטער־מאַנטל, פאַרקעמט ביי אַ גוטן פריזירער. זי האָט, פאַרשטענדלעך, באַקומען אַ „דינסט־מיידל", וואָס האָט געמוזט גיין דריי שטאָק דורך די ספּעציעלע שטיגן פאַר הויז־דינערינס און נישט געטאָרט זיך באַנוצן מיט דער ווינדע. דאָס דינסט־מיידל איז געווען נישט קיין אַנדערע ווי אונדזער „שוואַרצע פּאָלאַ", די הויפּט־טעכניקערין.

די דאָזיקע וווינונג האָט געהאַט אַ גרויסע מעלה. צווישן צוויי צימערן אין מיטן דער וווינונג האָט זיך געפונען אַ שמאָלער דורכגאַנג. דאָרטן האָבן מיר איינגעאָרדנט די דרוקעריי, די מאַשין איז אריינגעפּירט געוואָרן צוזאַמען מיטן מעבל און דער חבֿר אַלעקסאַנדער פון דער צענטראַלער טעכניק ביי דער מ. אָ. אי. האָט זיך געפונען צווישן די טרעגער, כדי צו זען, צי אַלץ איז כשורה.

די פּראָדוקציע האָט גענומען שטייגן. די חברטע פּאָלאַ האָט אַריינגעפּירט דאָס ווייסע ראָנעאָ־פּאַפּיר, פאַרלייגט מיט גרינצייג און פרוכטן, וואָס זי האָט בכיוון איינגעקויפט אין דערבייאיקע געשעפטן. אַרויסגעפּירט די פאַבריצירטע סחורה האָט די באַלעבאָסטע אַליין, אָדער אַ „פריינדין", וואָס פלעגט צו איר קומען פון צייט צו צייט.

כדי צו לעגאַליזירן די וויזיטן פון חבֿר לעאָן צו זיין פרוי, האָט מען אים פאַרגעשטעלט ביים קאָנסיערזש ווי אַן אָנגעשטעלטן ביים פּאַטראָן, אונטערן נאָמען אַכמעד מאזודי; אַ נאָמען פון אַ נאַטוראַליזירטן אַרמענער, וואָס האָט טאַקע עקזיסטירט. דער פּאַטראָן, קאָפּער, האָט געמוזט אָפּשטאַטן וויזיט זיין „מעטרעסע", כאָטש איין מאָל אין צוויי וואָכן.

נישט קאָנענדיק מער צונויפּרופן די אָנפירונג אין פּריוואַטע וווינונגען פון יידישע חברים — אין די אומלעגאַלע וווינונגען איז קאַטעגאָריש געווען פאַרבאָטן — האָבן מיר באַשלאָסן צו דינגען אַ ספּעציעלע וווינונג פאַר די זיצונגען פון דער אָנפירונג, ווייל אויך די וווינונג פון עוואַ פּראַדען, דער פראַנצויזישער לערערין פון סקוואַר אַלבען קאַשאַ, אין 13־טן אַראָנדיסמאַן, איז געוואָרן פאַרדעכטיק. דינגען אַזאַ וווינונג האָט מען, פאַרשטענדלעך, געדאַרפט אין אַ קוואַרטאַל, וווּ מען האָט אונדז נישט געקאָנט.

אַ צופאַל האָט אונדז אַריינגעפּירט אין אַ גוטער וווינונג. די ענגלענדער האָבן געהאַט באָמבאַרדירט די געגנט פון פּאָרט סען־קלו. געהייסן האָט עס, אַז זיי האָבן געצילט אין דער פאַבריק פון „רענאָ" אין בולאָן־ביאַנקור. געטראָפן האָבן זייערע באָמבעס די 8־שטאָקיקע הייזער פון פּאָרט סען־קלו. 100 הייזער האָבן דאָרט געהערט צו דער שטאָטישער רעזשי. די באַפעלקערונג האָט גענומען אַנטלויפן אין בהלה. פאַר אונדז איז אָבער אַזאַ געגנט געווען זייער צוגעפּאַסט.

איך בין אַוועק אין דער ביוראָ פון דער רעזשי, ביים קלויסטער פון הייליקן טאָמאַס און זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ וווינונג. יאָ, עס איז פאַראַן אַ פרייע, אויפן 8־טן שטאָק, 4 צימערן מיט אַ קיך, זייער ביליק, ווייל די ווינדע גייט נישט. דאָס איז די געביידע 98 אויף 122 בולוואַר מיראַ.




דער צענטראַלער איינגאַנג פון הויף אויף 122, בולוואַר מיראַ,
ביים פּאָרט סען־קלו, ווו עס געפינען זיך 100 געביידעס
צו 8 שטאָק.

דער אָנגעשטעלטער האָט מיר געגעבן אויסצופּילן אַ פראַגע־בויגן. כ׳האָב אויך געדאַרפט ענטפערן, צי כ׳בין נישט קיין אויסלענדער, נאָכדעם אונטערשרייבן אַ באַזונדערע דעקלאַראַציע, אַז כ׳בין נישט קיין ייד. צום סוף האָט ער מיר געבעטן ווייזן מיינע פּאַפּירן און גענומען זיי שטודירן. אַ געדאַנק איז מיר אַדורך, אַז אויף אַזאַ אַמט זיצט אַ „פליק". ווי דען אַנ־דערש? כ׳האָב שוין געהאַט חרטה באַקומען אויפן גאַנצן עסק, ווייל ער קאָן זיין כיטרע און טאַקע מיר פאַרדינגען די וווינונג, כדי נאָכדעם מיך נאָכצושפּיאָנירן. נאָר פאַרפאַלן. אַ באַשלוס איז אַ באַשלוס. ער האָט מיר געבעטן צוריקקומען אין דריי טעג אַרום אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט, וואָס ער וועט דערווייל צוגרייטן. גלייכער אַזוי, וועלן מיר האָבן צייט צו פאַרטראַכטן זיך.

גראָד האָט די געשטאַפּאָ פאַרעפנטלעכט אַ קאָמוניקאַט, אַז נישט בלויז האָטעלן, נאָר אויך די פּריוואַטע דירות דאַרפן קאָנטראָלירט ווערן ביים פאַרדינגען, ווייל די „טעראָריסטן" פלעגן דינגען פּריוואַטע דירות. דאָס איז טאַקע געווען אמת, נאָר באַין ברירה האָבן מיר געדונגען די דירה אויף בולוואר מירא. אָבער מיר האָבן זיך דאָרט נישט אַריינגעצויגן, איידער מיר האָבן נישט במשך פון אייניקע טעג נאָכאַנאַנד אָבסערווירט דאָס הויז. לויטן באַשלוס האָט די דירה באַדאַרפט פאַרנעמען מיין פרוי פאַני, נאָך דער קימפּעט, אויב זי וועט אַרויס בשלום פון דעם ענין און נישט אַריינ־פאַלן אין די פּאָליציייאישע פּאַסטקעס.

דערווייל האָט פאַני געוווינט ביי מאַדאַם באַדמער אין שטעטעלע מעניל סעוועז, צוזאַמען מיט אונדזער טעכטערל סילווי, וואָס איז שוין דאַן אַלט געווען 2 און אַ האַלב יאָר. צום ענדע פון די וואַקאַנסן האָבן מיר געזאָגט דער פרוי באַדמער, אַז מיר האָבן באַשלאָסן, דאָס פאַני וועט בלייבן אויפן דאָרף ביז דער קימפּעט. ווען עס איז אָנגעקומען די צייט, האָבן מיר סילווין איבערגעלאָזן ביי אַ פראַנצויזישער פאַמיליע אויפן דאָרף, טענהנדיק, אַז איר וועט בעסער זיין אין מעניל־סעוועז ווי ביים טאַטן אין פּאַריז.

קאַפּיטל עלף:

# א יידיש קינד ווערט געבוירן

מיר האָבן זיך געגרייט צו פּאַניס קימפּעט. אין יענע באַדינגונגען איז אַ געבורט געווען פאַרבונדן נישט בלויז מיט אַ לייכטן „גיין צום קינד״, ווי ביי אַלע פרויען אין דער וועלט. אין אַקופּירטן פּאַריז האָבן געלויערט אויף יידישע קימפּעטאָרינס גרעסערע געפאַרן ווי שווערע ווייען אין פאַר־לויף פון שעהן און טעג, אפילו גרעסערע, ווי גינעקאָלאָגישע קאָמפּליקאַ־ציעס. עס האָט געדראָט מיטן לעבן, סיי דער מאַמען, ווי דעם ניי־געבוירע־נעם שוועלבעלע. אויב פּרעה האָט אָוועקגעריסן ביי די יידישע מאַמעס זייערע בכורים, האָט דער נאַצי פאַרניכטעט די מאַמע און דאָס קינד.

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט אַ פרוי פון אַ פּאַרטיזאַן באַקומען ביינאַכט אַ בלוט־שטורץ. זי איז געווען אין פינפטן חודש. מען האָט זי אָוועקגעפירט אויף דער גיך אין אַ פּריוואַטער קליניק, וויסנדיק, אַז אין שפּיטעלער ווערן די קראַנקע קאָנטראָלירט און אַז יידישע פרויען ווערן באַוואַכט דורך פּאָליציי. אָבער ווען זי האָט אַ פּאָר טעג שפּעטער, שטיי־ענדיק קוים אויף די פיס, פאַרלאָזט די פּריוואַטע קליניק, האָט געוואַרט אויף איר אַ פּאָליציי־איש קעטשל און זי אָוועקגעפירט קיין דראַנסי.

פאַר אונדז איז קלאָר געווען, אַז אַן ענלעכער סוף קאָן דערוואַרטן מיין פּאַנין, אויב מיר זאָלן נישט אַננעמען די געהעריקע פאָרזיכט־מיטלען. מיר האָבן לאַנג זיך געבראָכן דעם קאָפּ. מיר האָבן געטראַכט וועגן אַלע מעגלעכע לייזונגען. גיין אין ראָטשילד־שפּיטאָל איז געווען אַן אומזין. אין אַלע אַנדערע שפּיטעלער און געבורט־אַנשטאַלטן האָט מען געמוזט ווייזן דאָקומענטן ביים אַריינגאַנג. מ'האָט אויך געדאַרפט געבן די באַשפּייזונגס־קאַרטן. דאָס איז געווען געפערלעך.

דער איינציקער אויסוועג איז געווען צו געפינען אַ פּריוואַטע קליניק, ווו מ׳זאָל ווייניק מדקדק זיין אין די פאָרמאַליטעטן, כאָטש אויך דאָ זענען געווען געפאַרן, ווייל די פּאָליציי פלעגט באַקומען ראַפּאָרטן טעגלעך פון אַלע קליניקעס און שפּיטעלער.

ביסלעכווייז האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ פּלאַן, ווי צו ראַטעווען פאַניען מיטן עופהלע.

מיר האָבן קודם־כל איבערגעפירט פאַני קיין פּאַריז צו סילווי באַרבערע, אָדער ווי מיר האָבן זי גערופן די „גרויסע סילווי", להיפּוך צו אונדזער טאָכטער, די „קליינע סילווי". זי איז געווען אַ לערערין פון אַ פאָלקס־שול אויפן פּלעצל און די רדיפות אויף אירע יידישע שילערינס האָבן שטאַרק געווירקט אויף איר. דעם טראַגישן 16־טן יולי האָט זי געראַטעוועט אַלע יידישע קינדער פון איר קלאַס. אַן אויסערגעוויינלעך פשוטע און האַרציקע, אַ טאָכטער פון פּויערים, טיף־רעליגיעז, האָט סילווי תּמיד אַסך מיטלייד פאַרמאָגט פאַר אומגליקלעכע און פאַרפאָלגטע. יעדן זונטיק פלעגט זי באַזוכן די פּאַריזער אַרבעטער־פאָרשטעט, ווו איר פּראָטעסטאַנטישער קלויסטער האָט געהאַט פאַרבינדונגען. ברענגען הילף איז געווען איר טעגלעך ברויט. סאָלידאַריטעט מיט די פאַרפאָלגטע קינדער איז ביי איר געוואָרן אַזוי נאַטירלעך, ווי אָטעמען. זי האָט נישט באַנומען די פּראָבלעמען פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט. בכלל האָט זי נישט געהאַט קיין אַנדערע וועלט, ווי די ליטעראַטור, די קונסט, די וווילטעטיקייט און דעם גלויבן.

דיסקוטירן מיט איר האָט מען געקאָנט וועגן אַלעמען. זי האָט פאַרמאָגט אַ רייכן קולטורעלן באַגאַזש. וועגן צוויי ענינים פלעגט זי נישט דיסקוטירן: פּאָליטיק, ווייל עס האָט זי נישט אינטערעסירט, און גלויבן אין גאָט, וואָס איז פאַר איר נישט געווען קיין ענין פאַר דיסקוסיע. ביי איר האָב איך געלערנט דעם אונטערשיד צווישן פּראָטעסטאַנטיזם און דעם מיסיאָנערישן קאַטאָליציזם.

— דער גלויבן — פלעגט זי זאָגן — איז אַ פּערזענלעכער ענין, אַן אינערלעכער. מען דאַרף קיינעם נישט איבערצייגן. אָדער מען גלויבט אין גאָט, אָדער עס איז איבעריק צו פּרעדיקן.

מיט סילווי באַרבערע האָבן מיר זיך געקאָנט דורך ד״ר אַלעקס.

סילווי האָט מיט גרויס פאַרגעניגן אָנגענומען אונדזער פאָרשלאָג איבערצופירן פאַניען אין דער וווינונג אויף רי לאַלאַנד, ביי דאַנפער ראָשראָ, ביז צו דער קימפּעט. זי האָט אויך אויסגעפונען אַ קליניק נישט ווייט פון איר, ביי מעטראָ מוטאָן־דיווערנע, ווו זי האָט געמיינט, אַז די פאָרמאַליטעטן וועלן אָנקומען לייכטער ווי ערגעץ אַנדערש.

דעם אמת זאָגנדיק, האָבן מיר זיך נישט פאַרלאָזן אויף דער דאָזיקער מיינונג, ווייסנדיק, אַז אין הלכות קאָנספּיראַציע איז סילווי נישט געווען קיין גרויסע מומחה. דעריבער איז דער גאַנצער ענין געווען באַטראַכט געוואָרן צווישן מיר און פאַני מיט אַלע פּיטשעווקעס. ווי פאַר אַ גענעראַל־

רעפּעטיציע פֿון אַ פֿאַרשטעלונג, וואָס קאָן זיך ענדיקן מיט אַן אמתער דראַמע און מיטן טויט פֿון די הויפּט־העלדן, האָבן מיר באַטראַכט אַ פּרט נאָך אַ פּרט: דאָס אַריינגיין אין קליניק, די „פּאַפּירן“, מיינע וויזיטן, דאָס אַרויסגיין, דעם פּרייז אא״וו.

נאָך אַ וויכטיקער, זייער וויכטיקער פּרט, וואָס האָט געקאָנט ווערן דאָס שליסל־פּראָבלעם: דאָס איינמעלדן אין דער מעריע. ביים געבוירן ווערן מוז אַ קינד דעם זעלבן טאָג געמאָלדן ווערן אין דער מעריע. מען דאַרף צושטעלן דאָס חתונה־ביכל, מען דאַרף אַרויסבאַקומען אַ נייע באַשפּייז־קאַרטע, פּאַר אַ ניי מויל צו באַשפּייזן. דאָס אַלץ פּלעגט ווערן קאָנטראָלירט.

צוויי לעבנס זענען געהאַנגען אויף אַ האָר. און דאָ האָט זיך דאָך געהאַנדלט אין לעבן פֿון מיין אייגענער פֿרוי, די מאַמע פֿון מיין סילווי און פֿון דעם נייעם פּיצעלע, וואָס מיר האָבן שוין אַזוי ליב באַקומען, דווקא, ווייל עס האָט געדאַרפֿט קומען אין אַזאַ צייט.

וויפֿל מאָל האָט פֿאַני מיר איבערגעגעבן וועגן אַלע אירע אָנשטרענגונגען, אַז די באַדינגונגען, אין וועלכע מיר האָבן געלעבט, זאָלן זיך נישט אויסווירקן אויפֿן אומשולדיקן קינד.

ווער האָט דאַן געטראַכט, ווי מען טוט עס געוויינלעך אין נאָרמאַלע צייטן, צי דאָס קינד, וואָס וועט געבוירן ווערן, וועט זיין אַ יינגל צי אַ מיידל? וואָס פֿאַר אַ נאָמען וועט מען געבן דעם ניי־געבוירענעם? וועגן דער גאַרדעראָבע?

מיט דעם האָט די גרויסע סילווי אונדז ממש באַזאָרגט בעסער, ווי מיר אַליין וואָלטן עס געטון. באַקומען „לאַיעט“, קינדער־וועש, איז שוין באַלד געווען אַזוי שווער, ווי צו קויפֿן ראָנעאָ־פּאַפּיר. סילווי האָט פֿון ערגעץ, דאַכט זיך פֿון „רויטן קרייץ“, אַרויסבאַקומען נייע ווינדעלעך, העמדלעך, וואָלענע זשאַקעטעלעך, אַ טשעפּיק, אפֿילו אַ וואָלקע פֿון גאַזע, און אַ וואַטענעם בירנוס. זי האָט ממש באַוויזן וווּנדער.

וואָס־זשע וועלן מיר טון ביים איינשרייבן פֿאַני אין קליניק? וועלן מיר צושטעלן דאָס חתונה־ביכל אָדער וועט זי זיין אַ „מיידל־מאַמע“. נישט קיין חתונה־געהאַטע, הייסט עס. און דאָס קינד אַ „ממזר“? ווי קאָנען מיר צושטעלן דאָס חתונה־ביכל, אַז מיין טאַטע האָט געהייסן יצחק־מענדל און מיין מאַמע — מינדל; אַז פֿאַניס טאַטע האָט געהייסן זונדל און איר מאַמע — צביה? אַלץ נישט קיין כשר־„אַרישע“ פֿאַרנעמען, וואָס האָבן דאָך פֿיגורירט אין אונדזער חתונה־ביכל.

עס איז געוואָרן קלאָר: מיר האָבן נישט געטאָרט אין קיין שום פֿאַל ווייזן אונדזער חתונה־ביכל. נאָכמער, מיר וועלן דערקלערן, אַז דער „טאַטע“ פֿון קינד איז אומבאַקאַנט, אונדזער כבוד וועט דערפֿון נישט ליידן. איך וועל קומען אין קליניק, ווי אַ ברודער פֿון דער קימפּעטאָרין, די גרויסע סילווי, פֿאַרקערט, וועט בכלל נישט טאָרן קומען אין קליניק, כדי איר אַדרעס זאָל נישט געשטעלט ווערן אין געפֿאַר און מיר זאָלן קאָנען דערנאָך איבערפֿירן פֿאַני גלייך צו איר.

אָבער וואָס טוט מען מיט פאַניס באַשפייזונגס־קאַרטע? לויט דער דאָזיקער קאַרטע וועט דאָך באַשטימט ווערן דער פאַמיליע־נאָמען פון קינד. וואָס פאַראַ פאַמיליע־נאָמען וועט טראָגן דאָס קינד? מיין פאַמיליע־נאָמען, אָדער פון פאַניס פאַלשער קאַרטע? שוין איינמאָל אַ קאָפּ־ברעכעניש. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט דעצידירן, וואָס צו טון. איינס איז זיכער געווען, אַז פאַני טאָר נישט הייסן אַרינסקי, אַ נאָמען מיט אַ „סקי״ און פייגע דערצו אַלס פאַרנאָמען. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז זי וועט טראָגן מיין נאָמען און וועט אָנגעבן, אַז זי קומט פון דער פּראָווינץ, ווו עס איז איר נישט „באַקוועם״ געווען צו געבוירן דאָס קינד, צוליב דער „חרפּה״ פון דער משפּחה.

ווען פאַני האָט אין קליניק געבוירן אַ מיידעלע, דעם 30־טן אָקטאָבער, האָבן מיר איר אַ נאָמען געגעבן מאַניק, דורך אַ קאָמבינאַציע, וואָס איז צום נאָענטסטן אַרויסגעקומען פון מיין פאָטערס פאַרנאָמען, יצחק מענדל, ווו מיר האָבן גענומען די ערשטע צוויי זילבן און איבערגעשטעלט.

דאָס אַרויסרייסן מיין קליינטשינקע און אומשולדיקע מאַניק פון דעם שונאס לאַפּעס איז געוואָרן אַ סימבאָל. קיין שום אָנשטרענגונג איז נישט געווען צו טייער. און אָנשטרענגונגען האָבן נישט געפעלט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, צום ביישפּיל, אַז די גליקלעכע קימפּעטאָרין האָט כמעט נישט באַקומען קיין עסן אין קליניק. מען האָט געדאַרפט זי באַזאָרגן מיט שפּייז. דאָס איז נישט געווען קיין קלייניקייט.

דער אַדמיניסטראַציע האָבן מיר נישט געטאָרט איבערגעבן קיין פאַלשע שפּייז־קאַרטן און אויך נישט קיין אידענטיטעט־פּאַפּירן. יעדן טאָג האָבן מיר געדרייט מיט דער צונג אויף איר אָנפראַגע וועגן דאָקומענטן.

מיר האָבן טאַקע אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן מיט אַלע פּרטים, אָבער פון דער אויספירונג פון פּלאַן איז אָפּהענגיק געווען דאָס לעבן פון פאַני און מאַניק, פון דער „גרויסער״ „סילווי״ און מיין אייגנס.

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך באַמיט צו באַהערשן מיין נערוון־סיסטעם, ווען עס האָט זיך דערנעענטערט דער אַכטער טאָג נאָך דער קימפּעט. פאַני האָט זיך געגרייט צום אַרויסגיין.

אַ טאָג פאַרן פאַרלאָזן די קליניק האָב איך, לויטן פּלאַן, געמאָלדן אויפן קול פאַנין און דער קראַנקן־שוועסטער, אַז די קימפּעטאָרין זאָל זיין גרייט אויף צומאָרגנס 11 אַזייגער פרי. נאָר צומאָרגנס בין איך אַריינגעפאַלן 9 אַזייגער און אָן אָן אָטעם געהייסן פאַנין זיך אָנטון, ווייל... איר „שוועסטער״ איז פּלוצלונג געקומען פון פּראָווינץ און וויל זי „אַהיימפירן״ מיט דער באַן. זיי וועלן אָפּפאָרן פון גאַר מאָנפּאַרנאַס.

פאַני, מיט אַ פאַרווונדערטער מינע, האָט מיט דער הילף פון דער קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָט באַקומען צום געזעגענען זיך אַ גוטן טרינק־געלט, שנעל איינגעפּאַקט די זאַכן און אומגעדולדיק גענומען וואַרטן אויף איר „שוועסטער״.

די „שוועסטער", די „גרויסע סילווי" איז טאַקע באַלד פאַרפאָרן צו דער קליניק, עלעגאַנט פאַרפוצט, מיט אַ וואַליזקע, ווי איינע, וואָס פאָרט צו דער באַן. געקומען איז זי אין אַ וועלאָ־טאַקסי, די מעכאַניזירטע ריק־שאַ, ווו דער קולי איז אַ ציקליסט. קיין טאַקסיס האָבן נישט צירקולירט. עס איז טאַקע געווען בעסער, ווייל אַ ציקליסט איז נישט קיין פראָפעסיאָ־נעלער שאָפער, ער לייגט נישט קיין אַכט אויף זיינע קליענטן.

פאַני איז שנעל אַרויס מיטן קינד און אָפגעפאָרן מיט סילווי. איך האָב פריי אָפגעאָטעמט. זיי זענען געראַטעוועט. דאָס וויכטיקסטע איז דערליי־דיקט.

דאַן האָט מען געדאַרפט טראַכטן וועגן זיך. מיט אַ פעסטן טראָט בין איך אַריין אין ביוראָ פון דער קליניק, באַצאָלט דעם חשבון און געמאַכט זיך, ווי איך וואָלט געזוכט די פאַפירן, כדי דער וועלאָ־טאַקסי זאָל דער־ווייל קאָנען אָפפאָרן אַ שטיקל וועג. מיטאַמאָל האָב איך זיך „געכאַפט", אַז כ'האָב פאַרגעסן עפעס צו זאָגן מיין „שוועסטער". כ'האָב אַרויסגעצויגן פון קעשענע דאָס פאַמיליע־ביכל און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— כ'וועל מאָרגן קומען אָפנעמען דאָס ביכל. מעלדעט דערווייל איין דאָס קינד — און כ'בין אַוועק.

אויף דער גאַס האָב איך גענומען שפאַנען מיט שנעלע טריט. אוף... אַרויס פון דער קליניק. מאָניק האָט געהאַט מזל, נאָר דאָס מזל פאַברי־צירט מען.

אונדזער טאַקטיק פון אָפשלעפן מיטן צושטעלן די דאָקומענטן איז געלונגען. מיטן איבערגעבן דאָס חתונה־ביכל האַרט פאַרן אַרויסגיין פון דער קליניק האָבן מיר דערגרייכט, אַז דאָס קינד זאָל פאַרשריבן ווערן אויפן אמתן נאָמען און אויסמיידן שפעטערדיקע קאָמפליקאַציעס. איי דאָס חתונה־ביכל? איז עס געבליבן ביז נאָך דער מלחמה אין דער קליניק...

לויטן פלאַן איז סילווי באַרבערע אַוועקגעפאָרן מיט פאַנין צום מאָנ־פאַרנאַס־וואָקזאַל. דאָרט האָבן זיי געביטן די „דראָזשקע" און זיי זענען אַוועקגעפאָרן צום סען־מישעל, צום סוף גענומען אַ דריטע וועלאָ־טאַקסי און ערשט דאַן אַוועק צו סילווי אין דער וווינונג, אויף רי לאַלאנד, וואָס איז בסך־הכל געווען אַ האַלבער קילאָמעטער פון דער קליניק.

ווען מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן אַלע צוזאַמען, האָט זיך געטון ליהודימדיק. די אויסגעמאַטערטע מאַמע, דער טאַטע און סילווי, די „מאַ־רען", האָבן זיך פייערלעך צעקושט. מאָניק האָט באַקומען איר חלק. דאַן איז אימפראָוויזירט געוואָרן אַ בריתניצע. מיר זענען געוואָרן ממש משוגע פאַר פרייד. טיי האָט זיך געגאָסן ווי שאַמפאַניער, מען האָט פאַרביסן מיט פלאַצקעס אָנשטאָט צוקער־לעקעך. קיין געסט האָבן מיר נישט איינגעלאַדן און קיין ראָזע צוקערלעך האָבן מיר נישט געטיילט די קינדער. מיר האָבן קוים געגלויבט אין אונדזער גליק.

מאָניק איז געלעגן זיגעריש אויף דער קאַנאַפע און געקוקט צום פאַר־

במאַרעטן הימל, וואָס האָט זיך גענומען אויסלייטערן. עס וועט פאַר איר אויך שיינען די זון...

מאַניק האָט געקוקט אויף אונדז מיט צוטרוי. וועלן מיר אים פאַרדיי־נען? מיר'ן טון אונדזער חוב.

צומאָרגנס האָט די יונגע מאַמע זיך אַריינגעצויגן מיט פּיצעלע קינד אין דער נייער דירה אויף בולוואַר מיראַ, וועלכע מען האָט אינצווישנצייט אויסגעמעבלירט דורך דער אָפּטיילונג פון חבר רעקס. צווישן די מעבל איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעל־פאַבריצירטער פאָטעל, כדי צו דינען פאַר אַ באַהעלטעניש פאַר די דאָקומענטן. אויף אַ נאַכט־שענקל האָט פאַרמאָגט אַ געהיימען שופלאָד.

די דאָזיקע וווינונג האָט פון אָנהייב פאַרמאָגט אַ קאָלאָסאַלע מעלה. אויפן אַכטן שטאָק איז דער צווייטער לאָקאַטאָר, אונדזער שכן, געווען אַוועקגעפאָרן און אויפן הויף האָט מען קיינמאָל נישט געקאָנט וויסן צו וועמען מען גייט. אויסער דעם האָט דער גאַנצער הויף באַדינט אַ הונדערט געביידעס און פאַרמאָגט פיר אויסגענג. געוווינט האָבן דאָ מן־הסתם אַ 5 טויזנט לאָקאַטאָרן. אין קורצן האָבן מיר פעסטגעשטעלט נאָך אַ באַקוועמ־לעכקייט. אַ שכן האָט געהייסן קאַיע און זיין קאָרעספּאָנדענץ איז אָפּט אונדז איבערגעגעבן געוואָרן. צוליב דער ענלעכקייט פון מיין נאָמען קיע. מיר האָבן, הייסט עס, געמאַכט דעם איינדרוק פון סטאַטעטשנע מענטשן.

די אָנפירונג האָט זיך דאָ געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט מיט מיין פרוי, אַז זי זאָל לאָזן שטענדיק אויפן פענצ־טער אַ טעפּיך. אויב געשעט אַן אומגליק פון אַן אומגעוואונטשענעם באַזוך, מאַכט זי צו דאָס פענצטער און נעמט צו דעם טעפּיך.

האַרץ־קלאַפּעניש האָט דאָך נישט געפעלט. איינמאָל איין אַן אָוונט, ווען איך האָב זיך פּונקט געפונען אין דער וווינונג, קלינגט מען ביי אונדז. די חברים האָבן קיינמאָל נישט געקלונגען, נאָר געקלאַפּט. עפּעס אָדער נישט? וואָס וועט זיין, אויב „זיי" ברעכן אויף די טיר? דערווייל רופן מיר זיך נישט אָפּ. הלוואי זאָל זיך די קליינע מאַניק נישט אויפוועקן און נע־מען פּישטשען. איך טו זיך אָן אין וואַרעמע קליידער און מיר באַשליסן, אַז דערווייל גיי איך אַרויס אויפן באַלקאָן, און אויב „זיי" וועלן נעמען קלאַפּן, וועל איך זיך באַמיען אַרויפצוקריכן אויפן דאַך און דאָרט זוכן אַ וועג פון רעטונג. די נאַכט איז אָבער געווען אַ פינצטערע, מען קאָן ברעכן דעם קאַרק, קריכנדיק אויף אַ דאַך איבערן אַכטן שטאָק. אָבער פאַרפאַלן.

עס האָט געדויערט אַ געוויסע צייט און פאַני האָט מיר געגעבן צו וויסן, אַז כ'מעג צוריק אַריינקומען. מען קלינגט נישט מער און מען קלאַפּט נישט. וואָס קאָן דאָס זיין? וואַרטן „זיי" ביי דער טיר, כדי צו הערן אַ שאָרך? אָדער האָבן „זיי" אַן אַנדער פּלאַן?

די גאַנצע נאַכט איז אַוועק אין טראַכטענישן, אין פאַנטאַסטישע השע־רות, פול מיט זאָרג איבערן גורל פון מאַניק. אין אומזיניקע פלענער און באַשלוסן אָן אַ ממשות, וואָס האָבן אויסגעמאַטערט די נערוון.

אינדערפרי האָבן מיר זיך צוגעהערט צו די שטיגן און איך בין אַוועק פון שטוב, אַרויסלייגנדיק דעם טעפּיך אויפן פענצטער.

אויף מיטאָג בין איך צוריקגעקומען. דער טעפּיך איז געווען. פּאַני האָט מיר דערציילט, אַז אַ גאַסט צום שכן פון 7־טן שטאָק האָט זיך פּשוט טועה געווען און איז אַרויף אויפן 8־טן.

בכלל זענען אונדזערע נערוון געווען אין אַ שלעכטן צושטאַנד. גייענדיק אַ געוויסן טאָג אַהיים אויף רי ראָמענוויל, אין מיין אומלעגאַלער וווינונג, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַן אָבלאַווע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן, נאָך אַן אַטענטאַט, אין 19־טן אַראָנדיסמאַן. צוערשט האָב איך נישט באַגריפן די געפאַר. פלוצלונג האָט אַ פּאָליציאַנט מיר פאַרשטעלט דעם וועג.

— וואָ פּאַפּיע! (אייערע דאָקומענטן).

כ'האָב אויפגעציטערט און געטראַכט צו אַנטלויפן. די גרעסטע נאַרישקייט, וואָס איך וואָלט געקאָנט באַגיין.

— וואָס האָט איר דאָ אין פּעקל? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

די דאָזיקע פראַגע האָט מיך ווי באַרואיקט. כ'האָב געהאַט אונטערן אָרעם אַ פּעקל ריינע וועש. כ'האָב עס אים געוויזן, זאָגנדיק, אַז כ'גיי פון דער וועשערין. ער האָט עס געעפנט און פעסטגעשטעלט, אַז כ'זאָג אמת. ער האָט מער מורא געהאַט פאַר אַ באָמבע, ווי פאַר מיינע וועש.

מיין שוועגערין, סאַראַ, די פאַרבינדלערין, האָט אַ געוויסן טאָג פאַרלוירן אַ קאָנווערט מיט פאַלשע אידענטיטעטס־קאַרטן. אמת, זיי זענען געווען פאַלשע, אָבער די פאָטאָס זענען געווען ריכטיקע. מען האָט געדאַרפט אַלעמען מעלדן, אַז זיי זאָלן פאַרשווינדן פון די לעגאַלע אַדרעסן. דאָס האָט געפאָדערט אַ שנעלע מאָביליזאַציע פון אייניקע חברים. עס איז געלונגען, אָבער אונדזערע נערוון האָבן באַצאָלט דעם פּרייז.

מיר האָבן טאַקע אָנגענומען פּראַקטישע מיטלען, כדי טעכניש צו פאַרלייכטערן אונדזער אַרבעט. אַזוי צום ביישפּיל האָבן מיר באַשטעלט ביי די חברים מאַראָקינעריסטן ספּעציעלע לעדערנע דאַמען־בייטלען מיט באַהעלטענישן. זיי האָבן פאַרטראַכט אייניקע מאָדעלן. דער באַקוועמסטער איז געווען דער מאָדעל, אין וועלכן מען האָט ביים הענטל מיט צוויי נעגעלעך געקאָנט עפענען אַ טאָפּלדעק פון בייטל, וואָס האָט נאָרמאַל נישט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. אַלע חברטעס פאַרבינדלערינס האָבן באַקומען אַזעלכע מתנות. צוליב די עלעגאַנטע בייטלען האָבן זיי שוין אויך באַזוכט דעם פּריזירער פאַר אַן „ענדעפּריזאַבל”. מיר האָבן זיי אויך באַזאָרגט מיט עלעגאַנטע שיך.

דעם 8־טן נאָוועמבער זענען די אַמעריקאַנער געלאַנדעט אין צפון־אַפריקע. פאַרוואָס נישט אין מערב־פראַנקרייך? נישט אויף דעם דאָזיקן „צווייטן פראָנט” האָבן מיר געוואַרט. נישט דערמיט וועלן זיי אָפּציען אַ געהעריקע צאָל דייטשע דיוויזיעס פון סאָוויעטישן פראָנט. דאָך איז עס געווען זייער אַ וויכטיק געשעעניש, וואָס וועט סטימולירן די נאַציאָנאַלע כוחות צו אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד.

נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן גלייך נאָך דער לאַנדונג אין צפון־אַפרי־קע פאַרנומען אויך דרום־פראַנקרייך, די אַזוי גערופענע „פרייע זאָנע", האָט זיך דער מוטיקער פראַנצויזישער פלאָט פון טולאָן פרייוויליק דער־טרונקען, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די לאַפּעס פון דעם דייטשן קריגס־פלאָט.

גלייכצייטיק איז אָנגעקומען אַ וויכטיקע אינפאָרמאַציע, כאָטש נישט קיין גענוג גענויע, וועגן אַ גרויסער שלאַכט, וואָס איז אָנגעגאַנגען ביי דער שטאָט סטאַלינגראַד אויף דער וואָלגע. די דייטשן זאָלן האָבן אַנגאַזשירט קאָלאָסאַלע כוחות און די שטאָט האַלט זיך. אַ סאָוויעטישער ווערדען?

יעדנפאַלס איז דער האַרבסט פול געווען מיט פריידיקע צוזאָגן.

אין דער זעלבער צייט אָבער איז אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן די דע־פּאָרטירטע. אַן אויטענטישע, אַ שוידערלעכע. צום ערשטן מאָל האָבן מיר באַקומען באַווייזן פאַר אונדזערע טרויעריקע השערות. צום גרעסטן אומגליק פאַר אונדזער פאָלק האָט די שוידערלעכע דעמאָנישע רעאַליטעט ווייט־ווייט איבערגעשטיגן אונדזערע השערות. דאָס האָט אַ פראַנצויז אונדז דערציילט. ער איז געקומען פון פּוילן פונעם לאַגער אוישוויץ. יאָ, ער איז צוריקגעקומען פון דער „אומבאַקאַנטער ריכטונג".

צוליב אַ טעות האָט מען אים אינטערנירט אין דראַנסי און דעפּאָר־טירט צוזאַמען מיט די ערשטע יידן. דאָרט אין אוישוויץ האָט ער באַוויזן דעם טעות און מען האָט אים צוריקגעשיקט קיין פראַנקרייך. האָבנדיק אַ פאַרבינדונג מיט אונדזערע חברים אין לאַגער, איז ער מסכים געווען מיט־צונעמען פאַרן צוריקפאָרן אַ ראַפּאָרט, געשריבן אויף זייד־פּאַפּיר. באַ־האַלטן האָט ער אים הינטער זיין קינסטלעך אויג, אָבער עס איז געשען אַן אומגליק. די וואַך האָט בעת דער אונטערזוכונג פאַרן צוריקשיקן אים געפונען דעם ראַפּאָרט. ער איז געוואָרן אַזוי צעמזיקט, אַז אַ פּאָר וואָכן צייט איז ער געלעגן אין שפּיטאָל.

דאָס, וואָס ער האָט דערציילט, איז געווען נישט צו באַגרייפן, אפילו פאַר אונדז. ער האָט איבערגעגעבן שוידערלעכע איינצלהייטן וועגן מאַר־טירער־טויט פון די דעפּאָרטירטע. וועגן לעבן פון די איבערגעבליבענע. ער האָט דערביי געוויינט מיט ביטערע טרערן. די דעפּאָרטירטע זענען פאַראורטיילט פון פאָרויס אויף אַ טויט מיט די שרעקלעכסטע מיתות משו־נות. די קראַנקע ווערן נישט געהיילט, מאַסנווייז שטאַרבט מען דאָרט, מען גייט אויס פון דיזענטעריע, פון טיפוס, פון געשווילעכץ. די קינדער, די שוואַכע און די אַלטע ווערן גלייך פאַרניכטעט, פאַרסמט מיט גאַז, לע־בעדיקערהייט פאַרברענט. מאַסן־גריבער ווערן געגראָבן. עס איז אַ גרוי־זאַמע מאַסן־שחיטה פון אַן אינדוסטריעלן פאַרנעם.

אין מיין מוח זענען דערשינען די בילדער פון פלאָבערס „סאַ־לאַמבאָ", בעת דער בלוט־דורשטיקער גאָט מולך שלינגט איין אַן אויפ־הער קליינע קינדערשע קרבנות. עס האָט געראַשט אין מיינע אויערן דאָס סיטשענדיקע שמעלצן פון קינדערשן פעטס און כ'האָב געפילט, ווי עס

שטיקט מיך דער ריח פון געברענטן מענטשלעכן פלייש. עס איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. פאַר מיינע אויגן זענען פאַרבייגעשוווימען אומאויפהער־לעך די געשטאַלטן פון מיין מאַמען, פון מיינע צוויי שוועסטער, פון מיין יינגערן ברודער, וואָס געפינען זיך דאָרט, אין פוילן, פון מיין גאַנצער משפחה, פון מיינע קאַמפּס־חברים, דעפּאָרטירטע פון פראַנקרייך.

ווי צעדולטע האָבן מיר אויסגעהערט דעם טראַגישן גרוס, וואָס אונ־דזערע חברים האָבן איבערגעשיקט. דאָס האָט דערוואַרט נישט בלויז יעדן אַריינגעפּאַלענעם ווידערשטענדלער, נאָר יעדן אינטערנירטן יידן. און די ברוינע קהילה הייסט שיקן פּעקלעך צו די דעפּאָרטירטע! צינישע משרתים פון בלוטיקן תליון.

די פאַנטאַסטיש־טראַגישע רעוועלאַציעס פון דעם פּראַנצויז האָבן אונדז דערשיטערט. מיר האָבן געוווּסט, אַז דער פאַשיזם איז געווען פעאיק אויף אַלעם, אָבער מיר האָבן בשום אופן נישט באַגריפן, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאַר אָט דער „אויף אַלעם".

אַ חבר האָט געבעטן צו בייטן אים די קאַרטע. ער האָט זיך נישט גע־פילט באַקוועם מיט דער אַלטער. די אָפּטיילונג פון פאַלשע קאַרטן האָט אים צוגעשיקט אַ נייע מיט אַ באַמערקונג:

— די בעסטע קאַרטע — דאָס איז אַ רעוואָלווער.

אַסך חברים האָבן פאַרשטאַנען, אַז פאַלשע פּאַפּירן זענען נישט מער קיין גענוגנדיקע שוץ.

דאָס האָט אויך פאַרשטאַנען דער חבר אברהמל צוקערמאַן פון אונ־דזער „טעכניק". אַ פּאָליטישער אימיגראַנט פון קעלץ, איז ער פאַר דער מלחמה געווען באַשעפטיקט אין דער „נייע פּרעסע". אין דער „טעכניק" האָט ער זיך פאַרנומען מיט אָפּקלאַפּן „סטענסילן" אויף יידיש. די פראַנ־צויזישע האָט געקלאַפּט די חברטע קאַטיאַ, חבר ספּעראָס פּרוי, אָדער אַ שפּאַנישע מאַשין־שרייבערין מאַנצעראַ, אַ פרוי פון אַ קריגס־געפאַנגענעם, וועלכע איז צוגעשטאַנען צו אונדזער באַוועגונג.

אברהמל איז געווען אַ מענטש מיט איינפאַלן. אָט האָט ער אָפּגע־דונגען אַ צימערל ביי אַ שטאָפּן־פירמע אויף רי דע זשענער, אין קוואַר־טאַל פון סאַנטיע, און האָט דאָרט אָוועקגעשטעלט די יידישע שרייב־מאַ־שין אין אַן אַלקער. די דאָזיקע וווינונג האָט געדינט פאַרן אויפהאַלט בייטאָג פאַר די ספּעציאַליסטן פון דער פירמע, וועלכע פלעגן קומען פון צפון קיין פאַריז אין געשעפטלעכע אַנגעלעגנהייטן.

אברהמל, אַן אַלטער פוילישער קאָמוניסט, האָט געהאַט פיל דערפאַ־רונג. ווען מען האָט אים פאַרהאַלטן צוזאַמען מיט דער „שוואַרצער פּאַלאַ", אין מעטראָ אָדעאָן, האָט ער ביי אַ ראַג שנעל אויסגענוצט די געלעגנ־הייט און איז פאַרשווונדן דעם אַגענט פון אונטער די הענט. די חברטע פּאַלאַ איז, צום באַדויערן, אַריינגעפאַלן. אברהמל האָט אונדז נאָכדעם דערציילט, אַז ער האָט געטראַכט וועגן ראַפּאָרט פון פראַנצויז, וואָס איז

צוריקגעקומען פון אוישוויץ. דאָס האָט אים געשטויסן אַלץ צו פּרוּוון, כּדי צו אַנטלויפן.

דאָס האָבן אויך פאַרשטאַנען אונדזערע פּאַרטיזאַנער, וועמענס גע־וואַגטקייט עס איז געשטיגן מיט יעדן טאָג. אונדז, פון דער „טעכניק", איז געווען פאַרבאָטן זיך צו טרעפן מיט דער מיליטערישער אָפּטיילונג. אָבער די פאַרבינדונגען האָבן עקזיסטירט אַזוי אָדער אַנדערש. במילא פלעגן מיר געוואָר ווערן פון זייערע אויפטוען.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן אונדזער פרייד, ווען מען האָט אונדז אי־בערגעגעבן, ווי אַזוי אין אַ נאָוועמבער־פאַרנאַכט איז אונדזער חברה באַ־פאַלן אַ דייטשע אָפּטיילונג פון פּופּציק זעלנער אויפן בולוואַר שאַראָן.

מאַסן מענטשן געפינען זיך געוויינלעך אין גאַס אין דער דאָזיקער צייט. די געפאַר אַריינצופאַלן ביים צוריקציען זיך איז געווען אַן ערנסטע. דאָס האָט נישט אָפּגעשטעלט אונדזערע חברים. צוויי באַמבעס זענען אַריין אינמיטן פון דער דייטשער אָפּטיילונג, וואָס איז זיך געגאַנגען, זינגענדיק, צום אָוונט־ברויט. טייל פון זיי האָבן שוין קיין אָוונט־ברויט נישט געגעסן, אַנדערע זענען אַוועק אין שפּיטאָל.

מיר האָבן ברייט פאַרשפּרייט די ידיעות, וואָס מיר האָבן באַקומען פון אוישוויץ. דאָך האָבן מענטשן נישט געקאָנט גלויבן אין ראַפּאָרט. די דאָקטאָרין אַראַזשע, די טאָכטער פון ד"ר אָגוז, צום ביישפּיל, האָט קאַטע־גאָריש אָפּגעזאָגט אָנצושרייבן וועגן אוישוויץ אַן אַרטיקל פאַר „זש'אַקיוז". איר טריבט איבער — האָט זי געזאָגט. כ'האָב געפּרוּווט זי איבערצייגן. עס האָט נישט געהאָלפן. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קאָן עס נישט באַ־גרייפן — האָט זי געטענהט. —אויב מיר ווען איבער'טרייבן אין אָט דער פראַגע — וועט מען אונדז נישט גלויבן אין אַנדערע. אויף דעם טאָר מען זיך נישט דערלויבן. מיר איז אוממעגלעך צו גלויבן, אַז „זיי" זענען פע־איק אויף אַזעלכעס...

אמת, דער ראַפּאָרט האָט איבערגעשטיגן יעדע מענטשלעכע פאַנטאַזיע. אָבער ביים פאַשיזם איז נישט פאַראַן קיין גרענעץ, ווייל ער דערפירט זיי־נע מענטשן צו אוממענטשלעכקייט. נאָרמאַלע, ציווילייזירטע מענטשן קאָ־נען דעריבער דאָס נישט באַגרייפן.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז יעדער חבר נעמט לערנען די מיליטערישע קונסט. מיין אינסטרוקטאָר האָט געוווינט אין אַן אומלעגאַלער וווינונג אויף רי פעסטאַלאָצי, אין לאַטייניש קוואַרטאַל. זיין באַלעבאָסטע איז געווען אַ קאַטוילישע פרוי, איר מאַן איז נישט לאַנג געשטאָרבן, און אַ צימער איז געווען פריי. די באַלעבאָסטע האָט ליב געהאַט צו כאַפּן אַ שמועס און אפילו פאַרטשעפּען אונדז וועגן ענייני דיומא. מען האָט נישט געקאָנט וויסן, וואָס זי האָט געטראַכט. ביסלעכווייז האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי פאַר־שטייט וועד מיר זענען און זי האָט דעריבער געמאַכט דעם לאָקאַטאָר גע־וויסע פאַרלייכטערונגען. איך פלעג רעגולער אַרויפקומען אין דער וווי־נונג און לערנען ביים אינסטרוקטאָר. מיר זענען שנעל היימיש געוואָרן

מיט דער דאָזיקער פּרוי. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איר טאָכטער האָט געאַרבעט ביים ד״ר גרייף, מיטגליד פון מעדיצינישן אָפּטייל פון די פּויליש פּאַרטיזאַנער. אירע שטימונגען זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מענטאַליטעט פון פראַנצויזישן פאָלק אין דאָזיקן פּעריאָד. מען האָט אונדז פאַרטריבן פון די „יידישע" קוואַרטאַלן, אָבער מיר זענען נישט געווען אין דער פרעמד. אומעטום זענען געווען פריינט.

מיר האָבן אויך וועגן דעם דיסקוטירט לאַנג מיטן חבר לעאָן בעת פאָלגנדיקער געשיכטע: אויף רי פאַלגיער, ביי מאָנפּאַרנאַס, האָט זיך געפונען אַ פּאַפּיר־געשעפט, וווּ אונדזער ליפעראַנט, חבר לעאָן, האָט געהאַט באַציאונגען. אויך איך בין דאָרט פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ רעפּרעזענטאַנט. פון צייט צו צייט האָבן מיר דאָרט געקויפט ראָנעאָ־פּאַפּיר, אין געהיים פאַרשטייט זיך. אַ געוויסן טאָג האָט אונדז די אייגנטימערין מיטגעטיילט, אַז מען קאָן קויפן אַ ראָנעאָ. כאָטש אין מאָמענט האָבן מיר זיך אין איר נישט גענויטיקט, האָט אָבער די פּראַקטיק בעת דער אַקציע פון פייערן די שלאַכט ביי וואַלמי אונדז געלערנט, אַז נאָך אַ מאַשין קאָן צונוץ קומען. מיר זענען דעריבער אַוועק זען די סחורה. זי האָט זיך געפונען אין אַ געשעפט ביי איטאַלי. דער אייגנטימער האָט געוווּסט, אַז עס איז פאַרבאָטן צו פאַרקויפן אַזאַ מאַשין אָן אַ דערלויבעניש, נאָר אַזוי ווי זי איז נישט געווען געמאָלדן אין דער פּאָליציי, האָט ער געוואָלט פאַרדינען אַ פּאָר פראַנקן מער. נאָכן וויזיט אויפן בוידעם, וווּ די מאַשין איז געשטאַנען נוצלאָז, האָט מיך דער פאַרקויפער געפרעגט, צי איך בין פון פאַך. איך האָב געענטפערט, אַז ניין, כ׳בין נאָר אַ מעקלער. כ׳זוך, אגב, אויך סטענסילן.

— אַ, סטאַנסיילן דאַרפט איר? — דער פאַרקויפער האָט נאָכגעזאָגט דאָס וואָרט „סטאַנסילן", געבנדיק אָנצוהערן, אַז איך האָב אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט מיט אַן אויסלענדישן אַקצענט.

מיינענדיק, אַז עס דראָט מיר אַ געפאַר, רוף איך זיך אָפּ תמעוואַטע:

— מיט די ענגלישע אויסדרוקן קריכט מען קיינמאָל נישט אַרויס.

— עס מאַכט נישט, — זאָגט ער — אַז מען קאָן נישט קיין ענגליש, אַבי מען קאָן פראַנצויזיש.

כדי צו זיין פולשטענדיק רואיק נאָך זיין פרישער אָנצוהערעניש, האָב איך געהייסן ליפערן די ראָנעאָ־מאַשין אין דעם פּאַפּיר־געשעפט. ערשט פון דאָרט האָבן מיר זי איבערגעפירט אין אונדזער לאַגער. לעאָן האָט געהאַלטן, אַז דער פאַרקויפער האָט גאַנץ גוט זיך משער געווען, ווער עס זענען זיינע קליענטן.

אָנהייב דעצעמבער האָט זשאַק בערגער (זשאַק „טעאָ") אויפן ראַנדעוווּ דערציילט אַן אויסטערלישע געשיכטע. ער איז אַוועק דינגען אַ צימער, וואָס מ׳האָט אים אָנגעוויזן, פאַר אַ חבר פון אונדזער אָפּטיילונג פון „דייטשער אַרבעט". אַריינקומענדיק אין טויער פון אַ גרויסן הויז אויף 223, רי סען שאַרל, אין 15־טן אַראָנדיסמאַן, האָט ער אָנגעטראָפן עטלעכע

פאַרשווינען, נישט אַנדערש נאָר „פליקעס״. ער האָט זיך נישט פאַרלוירן און איז אַוועק גלייך אין דער לאָזשע פון דעם קאָנסיערזש זיך נאָכפרעגן אויף דער וווינונג צו פאַרדינגען.

און אָט דערציילט אים גלייך דער קאָנסיערזש, אַז דעם זעלבן טאָג נאָכמיטאָג האָט אַ וווינונג אויפגעריסן פון אַ באָמבע און פאַרניכטעט אַ גאַנצן שטאָק. דער לאָקאַטאָר איז פאַרשוווּנדן, נאָר מען געפינט בלוט־פלעקן אויף די שטיגן. דער „טעראָריסט״ — זאָגט ער — מוז זיין פאַרוווּנ־דעט.

זשאַק האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר אים און געמאַכט זיך כלא יודע, גרייט צו פאַרלאָזן דאָס טויער. די „פליקעס״ אין ציוויל האָבן עס דער־וויַיל פאַרשלאָסן און געפּרעגט זשאַקן אויף פּאַפּירן. זיי האָבן קיינעם נישט אַרויסגעלאָזן. אַריין — יאָ. ער האָט געוויזן זיין פּראָווינצער קאַר־טע. די „פליקעס״ האָבן גענומען טראַכטן וואָס צו טון. ער האָט עפּעס אויסגעטראַכט, וואָס עס האָט אים דאָ אַהערגעבראַכט. זיי האָבן אויסגע־זען צו גלויבן אים און אים אַרויסגעלאָזט פון טויער.

ווען ער איז געקומען אויפן ראַנדעווו, האָב איך אים געוואָלט צאָלן אַ גלעזל צו זיין רעטונג און אויך אים גוט אָנדורסן פאַרן מאַנגל פון פאַרזיכטיקייט. נישט בלויז, וואָס ער האָט נישט באַדאַרפט אַריינגיין אין אַזאַ הויז, וואָס איז זיכער באַוואַכט געוועזן אויך פון דרויסן און ער האָט עס נישט באַמערקט, נאָר ער האָט נישט געטאָרט קומען צו מיר אויף אַ ראַנדעווו דירעקט פון הויז, נישט וויסנדיק, צי די פּאָליציי האָט אים נישט אויסגעגנוצט אַלס „וועג־ווייזער״ צו אַנדערע.

עס האָט זיך אונדזביידן אין דעם מאָמענט נישט געוואָלט גלויבן, אַז צווישן דער פּאָליציי קאָן זיין אַ ווידערשטענדלער־עלעמענט. מיר האָבן, וואָס אָן אמת, געקאָנט די אַנעקדאָטן, וואָס די פּאַרטיזאַנער פלעגן דער־ציילן, אַז פּאָליציאַנטן, וועלכע באַוואַכן נאַציִשע האָטעלן אָדער ווישיס־טישע ביוראָען, דרייען זיך בכיוון אויס מיטן רוקן צו די פּאַרטיזאַנער און לאָזן פריי דאָס פּלאַץ פאַר אונדזער „אַרבעט״.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט ד״ר אַלעקס מיר דערציילט, אַז מען האָט אים דרינגענד אַרויסגערופן צו אונדזערן אַ חבר, וועלכער איז שיער נישט דערהרגעט געוואָרן בעת אַ פאַבריקאַציע פון אַ באָמבע אין זיין וווי־נונג. ער האָט באַוויזן אָבער זיך צו ראַטעווען, אַנטלויפנדיק פון זיין ברע־נענדיקן צימער. אַ שווער־פאַרוווּנדעטן האָט אים אַ פראַנצויזישע בלומען־הענדלערין פאַרבאַנדאַזשירט און אויסבאַהאַלטן ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן. דאַן איז ער אַוועק אַ געשוואָלענער, אין אוממענטשלעכעליידן, מיט שטייגנדיקער טעמפּעראַטור צו באַקאַנטע אין אַ וווינונג, וווּ ד״ר אַלעקס האָט אים געהיילט. דער חבר האָט געהייסן זשילבער, מער האָט ער נישט געוווּסט. (שפּעטער זענען מיר דערגאַנגען, אַז דאָס איז געווען שמעלקע וויסבערג). „ט. אַ.״, הייסט עס, האָט געהאַט גענוג מזל און די „פליקעס״,

וואַרשײַנלעך, ווײניק אײפֿער אין זײער פֿונקציע. דאָס אומגליק פֿון די לאָסעפּעד האָט זיך, צום גליק, נישט איבערגעחזרט.

מיר האָבן אַרויסגעלאָזט אַ דאָקומענט וועגן דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, ווו מיר האָבן אָנגעצײכנט די ריכט־ליניען פֿון אַן אומאויפֿהערלעכן קאַמף קעגן שונא. אַלס אַ טײל פֿון דער גאַנצער פֿראַנצויזישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָבן מיר גערופֿן אונדזערע חברים בײַצושטײַערן צו דער פֿאַרניכטונג פֿון זײַנע עקאָנאָמישע באַזעס און פֿון זײַנע מיליטערישע כּוחות.

דורך דער אַנטי־ראַסיסטישער פּרעסע אויף פֿראַנצויזיש האָבן מיר אָפּגעריסן דעם שלײער פֿון די געבעלסישע ליגנס וועגן דער מענטשלעכער באַהאַנדלונג פֿון די דעפּאָרטירטע אין פּוילן. אויב געבעלס האָט זיך באַמיט צו פֿאַרענטפֿערן, איז געווען אַ סימן, אַז אונדזער אַרבעט ווירקט זיך ברײט אויס אין פֿאַרשידענע קרײַזן. מ׳האָט דערײבער געדאַרפֿט פֿאַרזעצן מיט נאָך מער קראַפֿט און גאַלוואַניזירן דעם האַס צום שונא. זײַן ווילדקײט, זײַן רציחה מוז דערשײַנען אין זײַן גאַנצער ברוטאַליטעט.

דער טאָג, ווען דער דאָזיקער האַס פֿונעם פֿאָלק וועט אָננעמען ממשותדיקע פֿאָרמען, איז געווען נאָענט. אויף דער איניציאַטיוו פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד האָבן די אַלירטע מלוכות פֿאַרעפֿנטלעכט אַ מאַניפֿעסט קעגן די שחיטות אויף ייִדן אין פּוילן. די אַלירטע האָבן זיך פֿאַרפּליכטעט צו באַשטראָפֿן די נאַצישע פֿאַרברעכער. ס׳איז געווען זיכער, אַז אין טאָג פֿון משפּט וועלן מיר זײַן אָנוועזנד און מאָנען אונדזער חלק פֿון נקמה און זיג.

קאַפּיטל צוועלף:

# לאָלאָס באַלוינונג

אַ קורצע צייט נאָכן אַרעסט פון דער צענטראַלער טעכניקערין, די „שוואַרצע פאַלאַ“, איז אַריינגעפאַלן דער אויסגעצייכנטער חבר לעאָן זעלמאַנאָוויטש, מיין נאָענטסטער מיטאַרבעטער פון דער „טעכניק“. בעת אַן אַבלאַווע איז אויך אַרעסטירט געוואָרן חברטע פערעלקאַ, וועלכע איז געווען די פאַרבינדלערין פון דער אַנטי־ראַסיסטישער באַוועגונג מיט אונדזער „טעכניק“.

מען האָט אויך אַ געוויסן טאָג, ביים מעטראָ לאַמאָט־פיקע, אָפגעשטעלט די חברטע ראַשעל, פון דער „טעכניק“ אויף רי רעבעוואַל, און באַזוכט איר קוישל מיט גרינצייג. אונטער די גרינצייג איז געלעגן אַ פעקל מיט נישט־געדרוקטע ראָנעאָ־פאַפיר. דער „פליק“ האָט עס באַמערקט און געפרעגט, וואָס דאָס איז. ראַשעל האָט גוט געענטפערט, אַז דאָס איז פאַפיר פאַר אַ קצב. דער „פליק“ האָט זי אָפגעלאָזן. האָט זי טאַקע אים איבערצייגט, אָדער האָט ער געשפילט די קאָמעדיע? אויב יאָ, טאָ צוליב וואָס?

נישט אַנדערש, די פאָליציי האָט ביי אונדז געהאַט אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע. אָדער אַ „געבער“ אָדער אַ „זשאַלאָן“ — אַזוי האָט מען גערופן אויף פראַנצויזיש אין אונדזער קאָנספּיראַטיווער שפּראַך די פערזאָן, וואָס דינט דער פאָליציי, נישט ווילנדיק און נישט וויסנדיק אַליין, אַלס פאַרמיטלער צו ווייטערדיקע קאָנטאַקטן, ווי דער סלוף, וואָס ציט די דראָט צו אַ צווייטן סלוף. אין פאַל פון אַ „זשאַלאָן“ אַרעסטירט נישט די פאָליציי דעם חבר, נאָר לאָזט אים זיך באַוועגן פריי און גייט אים נאָך. ביז אַ טאָג באַשליסט זי צו אַרעסטירן דעם „זשאַלאָן“ און צו באַשטימען אַן אַנדער „זשאַלאָן“, וואָס „שלעפּט“ די פאָליציי ווייטער מיט זיך.

עס איז געוואָרן געפּערלעך אַרום אונדז. אַזוי, אַז געוויסע חברטעס האָבן זיך געוואַקלט צו אַרבעטן אין אונדזער אָפּטיילונג, האָלטנדיק, אַז מיין „אָמט" איז געוועזן צו סכנותדיק. אויף יעדן פֿאַל האָבן מיר באַשלאָסן דערווייל אָפּצושטעלן ראַשעל־מאַרי פֿון דער אַרבעט, געבן איר „וואַקאַנס" און אָפּשניידן אירע קאָנטאַקטן אויף אַ געוויסער צייט.

מיר האָבן אויך באַשלאָסן אויפֿצושטעלן אַ פֿרישע „טעכניק" אין אַ וווינונג, וואָס עס האָט נאָך געדונגען דער חבר לעאָן ביי פֿאָרט בראַנסיאָן אין אַ הויז פֿון דער פּאַריזער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, אויפֿן 8־טן שטאָק. אין דער דאָזיקער וווינונג האָט זיך באַדאַרפֿט אַריינציען אַן אַנדערע „מעטרע־סע" זיינע, די חברטע סיזעט (סאָניאַ ערליך).

די דאָזיקע חברטע האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון. כ'האָב מיט אַ פּאָר חדשים פֿריער געזוכט אַ נייע פֿאַרבינדלערין. מען האָט מיר גע־מאַכט אַ ראַנדעוווּ מיט אַ יונגער חברטע, אָבער אַ לאַנגיאָריקע קאָמוניסטקע, מיטגליד פֿון יוגנט־קלוב „איק" און ענערגישע אַקטיוויסטין פֿון 20־טן אַראָנדיסמאַן. ווען איך האָב זי געפֿרעגט, צי זי ווייסט מיט וואָס איך פֿאַר־נעם זיך, האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. כ'האָב זיך מיט איר אַדורכגעשמועסט וועגן דער אַרבעט און צום סוף זי געפֿרעגט, צי זי איז אַ דרייסטע. איר ענטפֿער איז געווען:

— כ'האָב מורא ווי אַלע אַנדערע, נאָר כ'האָף, אַז כ'וועל אַרויס אַ גאַנצע.

זי האָט מורא ווי אַלע אַנדערע. זי גייט אָבער, הייסט עס, באַוווּסט־זיניק אין דער שלאַכט ווי אַ נויטווענדיקייט, ווייל עס איז אומעגלעך צו לעבן אַנדערש. מיט אַזעלכע מיידלעך קאָן מען אויפֿטון וועלטן.

אָט די דאָזיקע חברטע סיזעט האָט עס געדאַרפֿט פֿאַרנעמען די וווי־נונג אויף פֿאָרט בראַנסיאָן. מען האָט געקאָנט איר אָנפֿאַרטרויען אַן אַפּאַר־טאַמענט, מען האָט געקאָנט זיך אויף איר פֿאַרלאָזן. מיר האָבן אַריינגע־פֿירט אַביסל מעבל, די ראַנעאָ־מאַשין, דעם ראַדיאָ־אויפֿנעמער און גענומען פֿאַבריצירן „סחורה". די דאָזיקע „טעכניק" איז באַשטימט געוואָרן ספּעצ־ציעל פֿאַר דער יוגנט. די „סחורה" האָט געדאַרפֿט גיין פֿון סיזעט צו סאַ־ראַ וורואַנסקי, פֿון סאַראַ צו די יוגנטלעכע. מיט סיזעטן, האָבן מיר גע־ווּוסט, וועט די דאָזיקע „טעכניק" קלאַפּן ווי אַ זייגער. זי האָט געהאַט פֿיל אָריענטאַציע און אַסך פֿלינקייט. וועגן איבערגעגעבנקייט און זיכערקייט איז נישט געווען וואָס צו רעדן.

עס איז אויך צוגעקומען די חברטע אַנעט זילבערשטיין, אַ שניידערין פֿון 9־טן אַראָנדיסמאַן. נאָך דעם ערשטן טאָג, ווען זי האָט באַקומען דאָס פּעקל צייטונגען פֿאַר דער יוגנט און אָוועקגעפֿאָרן פֿון פֿאָרט אָטוי צו קלי־שי אויפֿן ראַנדעוווּ, איז זי מער נישט צוריקגעקומען. אויך די חברטע פֿאַ־ני פֿון 18־טן אַראָנדיסמאַן איז געפֿאַלן אין די ערשטע טעג פֿון איר אַר־בעט. עס איז געבוירן געוואָרן אַ נייע השערה: אפשר האָט די יוגנט אַ „פֿליק" אויף אירע שפּורן?

עס האָבן זיך גענומען באַווייזן סימנים, אַז עפּעס איז נישט געווען אין

אַרדענונג אַרום אונדז. אַזוי האָט אַ חבר פון דער מ. אַ. אי., גייענדיק פון זיין וווינונג אויף בולוואַר מיראַ, נישט ווייט פון פּאַניס אַפּאַרטאַמענט אין 16־טן אַראָנדיסמאַן, באַמערקט, אַז זיין הויז איז באַלאַגערט. עס איז אים קוים געלונגען, נאָך עטלעכע שעה פון יאָגענישן, אַרויסצוקריכן פון דעם פּאַליצייאישן געיעג און צו „זייען" די „פליקעס". אויך דער חבר טשאַרני האָט דערציילט, אַז אַ טאָג האָט זיך אין הויז, וווּ ער האָט געוווינט, באַוויזן אַ פּאַרשוין און געזאָגט דעם קאָנסיערזש, אַז ער איז געקומען פאַריכטן טשאַרניס בעט. טשאַרני האָט אָבער קיינעם נישט געהאַט באַשטעלט. אַ געוויסן טאָג איז ראַשעל־מאַרי נישט געקומען אויפן ראַנדעווו, וואָס זי האָט באַשטימט מיט סיזעטן ביים מעטראָ מאָנמאַרטר און אויך נישט אויפן „רעפּעשאַזש". מיר האָבן זי, נעמלעך, זעענדיק, אַז אַלץ איז געבליבן רו־איק, געהאַט צוריקגעשטעלט צו דער אַרבעט. דאָן איז זי אַריינגעפאַלן.

אַ געוויסן טאָג, אַרויסגייענדיק פון אַ שפּייז־געוועלב לעבן פּאָרט סען־קלו, שטעלט העפלעך אָפּ אַ מאַן מיין פּאַנין און פרעגט ביי איר:

— אַנטשולדיקט מאַדאַם, וועלכע טיקעטן זענען היינט גילטיק אויף ראָם?

די דאָזיקע באַגעגעניש איז אונדז פאָרגעקומען פאַרדעכטיק, ווייל נאָכ־וואָס די פראַגע דווקא צו איר און נישט צום פאַרקויפער? כאָטש, אמת, עס קאָן אויך געמאָלן זיין, אַז דער מאַן האָט טאַקע נישט געוווּסט וועגן די טיקעטן. צי איז עס אונדזער אַנגעשטרענגטקייט, וואָס האָט אונדז פאַר־שלעפּט אין אַ מין „שפּיאָניט"־קראַנקייט?

מיר האָבן געזוכט אַ שליסל צו דער פראַגע. איך האָב געמיינט, אַז אונדזער געגנט איז געוואָרן נישט קיין „געזונטע", ווייל כ'האָב געטראָפן אַ פּאַרטיזאַנער, ד"ר נאַט גאָלדבערג, וועלכער האָט זיך אַריינגעצויגן אויף אַוועניו דע ווערסאַיל, נישט וויסנדיק אפילו פון אונדז. אָבער די דאָזיקע השערה האָט צו גאָרנישט געפירט.

איין אָוונט זענען אונדזערע אָנגעשטרענגטע נערוון נאָך מער צע־טרייסלט געוואָרן. די חברטע ראַשעל, לעאָנס פרוי, האָט מיר געגעבן צו וויסן, אַז עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין דער מאַשין. זייענדיק גראָד אייליק אין דער אַרבעט, האָב איך באַשלאָסן אַרויפצוגיין, נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט און אַ קוק טון אויפן אָרט, צי עס איז מעגלעך געוועזן אַליין צו פאַריכטן.

צוקומענדיק צום הויז 22, אַוועניו דע ווערסאַיל, האָב איך באַמערקט, אַז צוויי וועלאָס שטייען ביים טויער. „אַ בראָך איז געשען" — האָט אויפגע־בליצט אין מיין מוח. נישט אַנדערש, אַ דורכפאַל. די רעדלדיקע „פליקעס" היטן דאָס טויער פון אינעווייניק, אַ פּולאַפּקע.

אין גרויסער אויפרעגונג האָב איך גענומען זיך דרייען אויפן טראָטואַר אַנטקעגנאיבער. צום אומגליק איז די גאַס געווען כמעט ווי ליידיק, זעלטן ווער עס האָט זיך באַוויזן. כ'האָב געקאָנט ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף זיך. אין ראַשעלס פענצטער האָט מען געזען, אַז אין דער וווינונג ברענט אַ לאָמפּ. ווער ווייסט, וואָס דאָרט קומט פאָר אין דעם מאָמענט?



די פענצטער פון דריטן שטאָק פון דער דאָזיקער מאָדערנער 8־שטאָקיקער געבײַדע אויף 22, אַוועני דע ווערסאַיל געהערן צו אונדזער אומלעגאַלער דרוקערײַ.

עס האָט געדויערט אַ ווײַלע, ביז איך האָב געזען אַרויסגיין די צוויי „רעדלדיקע”. זיי זענען געווען אַליין. כ׳האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דאָס ליכט ברענט ווייטער. וואָס־זשע איז געשען? די „רעדלדיקע” זענען אַוועקגעפאָרן אויף די וועלאָס. כ׳האָב זיך נישט איינגעהאַלטן און בין אַרויף אין דער וווינונג. די „רעדלדיקע” האָבן געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, ווייל פון פּענצטער האָט אַרויסגעשיינט דאָס ליכט אויף דער גאַס, טראָץ די פאַרשריפטן פון „דעפּאַנס פּאַסיוו”. 300 פראַנק האָט געקאָסט די נערוון־דערשיטערונג. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי ראַשעל האָט זיך געפילט, ווען מ׳האָט ביי איר אָנגעקלאַפּט אין אָוונט און געמאָלדן „פּאָליציי”. אויסער צו האַרצקלאַפּעניש און צו אומזיסטע שרעק האָט זי, במילא, צו גאָרנישט געדינט די „דעפּאַנס פּאַסיוו”. אין דער וווינונג האָט זיך פונקט געפונען אויך דער ה׳ לעאָן און דער טיש איז געווען באַלייגט מיט פּאָרפּאָקטע פּעקלעך, מיט פריש אָפּגעדרוקטע מאַטעריאַלן, וועלכע די פאַרבינדלערין אַננאַ באַראָן, אַ בעסאַראַבערין און זייער אַן ענערגישע חברטע, האָט באַדאַרפן צומאָרגנס פונאַנדערפירן צו די פאַרשידענע אָפּטיילונגען, מיט וועלכע די דרוקעריי אויף אַוועניו דע ווערסאַיל איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג.

נאָך אַלעמען האָבן מיר אַביסל געלאַכט. מיר האָבן זיך דערין גענויטיקט.

אַ טאָג שפּעטער האָבן מיר געהאַט אַ גרויסע שמחה. די „שוואַרצע פּאַלאַ” איז אַנטלאָפן פון דער תפיסה לאַ ראָקעט, דאָס הייסט, זי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט בעת אַ וויזיט צום דאָקטאָר אין שטאָט און האָט געלאָזט, ווי מען זאָגט, שוויצן דעם אַגענט אינמיטן גאַס.

זי איז געקומען און גלייך זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. לאַ ראָקעט איז געווען בלויז אַ קורצער איבעררייס.

אַ געוויסן טאָג האָב איך געהאַט אַ ראַנדעוווּ מיטן חבר זשאַק בערגער, כדי צו באַזוכן דעם „דעפּאָ” אויף דער גאַס טור דע נעל, ביים פּאָן נעף, ווו עס האָבן זיך געפונען מאַשינען און פּאַפּיר. דער סקלאַד איז געווען זייער פיין איינגעריכטעט. קומענדיק פון קאָנקאָרד לענגאויס דער סען ביים פּאָן דעז אַר, הער איך אַ שאָס. כ׳האָב זיך נישט אָריענטירט, צי דער שאָס איז געפאַלן ביים אינסטיטוט דע פראַנס אָדער אין דער אַנדערער זייט, ביים לוווּר. איך בין שנעל, נישט טראַכטנדיק, אַריבער די בריק, צום אינסטיטוט. אינמיטן בריק שטעלט מיך אָפּ אַן אומבאַקאַנטער און זאָגט: „גייט נישט דאָרטן!” כ׳האָב זיך נישט באַמיט צו פאַרשטיין און אויסגעדרייט דעם דישל אויף צוריק. פּאָליציי־קעטשלעך זענען שוין געפלויגן מיט זייער צו־גוט באַקאַנטן אַליאַרם־סיגנאַל. דאָס וויכטיקסטע אין אַזאַ מאָמענט — נישט זיין פאַרשלאָפן, האָבן אָפענע אויגן, אָפענע אויערן, שנעלע קאָמוניקאַציע צווישן מוח און פיס. ווער איז געווען דער מאַן אויף דער בריק? פאַרוואָס האָט ער מיך געוואָרנט? פאַרוואָס דווקא מיך? האָב איך דען אויסגעזען נערוועז?

מ׳האָט געדאַרפט אויפהערן חושד צו זיין יעדן איינעם אין גאַס און צו ציטערן.

וואָס האָט שוין געדאַרפן זאָגן דער חבר, וואָס האָט פון יענער זייט סען אויסגעפירט דעם אַטענטאַט?

אונדזערע יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן שוין צו יענער צייט געהאַט דערוואָרבן אַ גרויסע דערפאַרונג אין דער טעכניק פון צוגרייטן און אויס־פירן אַטענטאַטן. קודם־כל האָבן די אויספירער פון אַטענטאַט געדאַרפט האָבן פאַרשטענדלעך, פיל ענערגיע און קאַלט בלוט. כדי צו באַפאַלן אַ דייטשע אָפּטיילונג מיט אַ פאַרשפּעטיקונגס־באָמבע, האָט מען געדאַרפט ערשטנס, קאָנען גענוי די צייט פון דורכמאַרש, צווייטנס, אויסקלייבן דאָס אָרט, ווו אַוועקצולייגן די באָמבע, וואָס וועט אויפרייסן צו דער באַ־שטימטער צייט, פונקט אין מיטן פון דער אָפּטיילונג.

אַ פּאַרטיזאַנער מיט דער באָמבע, וואָס עס פלעגט אים מיט אַ פּאָר מי־נוט פריער ברענגען אַ פאַרבינדלערין, פלעגט זיך אַוועקשטעלן נישט ווייט פון אָרט, ווו ס׳האָט געדאַרפט פאַרבייגיין די דייטשע אָפּטיילונג; אַ צווייטער — אויפן אָרט, ווו מ׳האָט געדאַרפט לייגן די באָמבע. דער ערשטער פלעגט קומען און אַוועקלייגן די „סחורה" און זיך אַוועקגיין לויט אַ באַ־שטימטן פון פאָרויס וועג, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַנדערע מיטגלידער פון דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, וואָס האָבן אים געדאַרפט באַשיצן אין פאַל פון נויטווענדיקייט.

וויפל קאַלט בלוט דאַרף יעדער פאַרמאָגן ביי אַזאַ אָפּעראַציע, באַזונ־דערס אין מאָמענט, ווען דער שעף האָט געגעבן דעם סיגנאַל אָנצוצינדן דעם קנויט.

און צוריקציען זיך נאָכן אויפרייס איז אויך געווען אַ קונסט. קיין שום פּאַניק איז נישט דערלאָזבאַר. די פּאַרטיזאַנער דאַרפן מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געווען די ערשטע צו פרעגן זיך, וואָס עס איז דאָ געשען.

דערווייל איז אָנגעקומען די סענסאַציאָנעלע נייעס — די דייטשע אַר־מייען ביי סטאַלינגראַד האָבן קאַפּיטולירט. זייער גענעראַל פאָן פּאַולוס האָט זיך אונטערגעגעבן צומאַרגנס נאָכדעם, ווי דער פירער האָט אים דער־הויבן צו דער ראַנגע פון מאַרשאַל און נאָכדעם ווי דריי הונדערט טויזנט סאָלדאַטן זענען געוואָרן אַרומגערינגלט, באַזיגט און געשלאָסן אין אַ קלעם. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז געשען אַ גרויסע זאַך. דאָס איז זיכער נישט געווען סתם אַ שלאַכט. דער מאָסקווער ראַדיאָ האָט אונדז דעם 5־טן פעברואַר אָנגעזאָגט די יום־טובדיקע ידיעה, דעם ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער מלחמה.

סטאַלינגראַד, דער קבר פון דער „אומבאַזיגבאַרער" אַרמיי. דריי חד־שים האָט געדויערט די שלאַכט, אַ זיג מיט אומאָפּשאַצבאַרע קאָנסעקווענצן. טויזנט יאָר האָט זיך געגרייט דער היטלעריזם צו הערשן. עס האָט זיך אָבער ביי סטאַלינגראַד אָנגעהויבן דער שנעלער סוף אין 10־טן יאָר פון זיין געשיכטע. עס איז געבליבן צו ציילן נישט קיין יאָרן, נאָר חדשים און טעג...

ווו איז ער דאָן געווען דער גענעראַל דיטריך מיט זיינע הויכשטאַ־פּלערישע רעדעס פון אָקטאָבער 1941 וועגן די פּאַפּירענע סאָוויעטישע טאַנקן; וועגן די הונגעריקע און באָרוועסע סאָוויעטישע זעלנער, וועלכע וואַרטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט נאָך אַ דייטש שטיקל ברויט; וועגן די ווילדע, נישט ציוויליזירטע באָלשעוויקעס? ווו איז ער דאָן געווען מיט זיינע נביאות, אַז די דייטשן וועלן טרינקען אויף ניי־יאָר שוואַרצע קאַווע אין מאָסקווע?

נאָך סטאַלינגראַד האָבן שוין אסך פראַנצויזן איינגעזען, אַז די נישט־ציוויליזירטע באָלשעוויקעס פאַרמאָגן אַ העכערע מיליטערישע קונסט, ווייל זיי זענען דערצויגן געוואָרן אין אַן אידעאַל פון פרייהייט; ווייל זיי קעמפן פאַר אַ גערעכטער זאַך, דערפאַר זענען זיי אומבאַזיגבאַר.

קיין שום דייטשער קאָמוניקאַט האָט מער נישט געקאָנט פאַרהוילן דעם היסטאָרישן אמת — סטאַלינגראַד האָט פאַרניכטעט די לעגענדע פון דער אומבאַזיגבאַרקייט פון דער דייטשער אַרמיי. פון איצט אָן וועט יע־דער וואַרטן קודם־כל אויפן סאָוויעטישן קאָמוניקאַט. יאָ, ווען די ווערמאַכט וועט מעלדן, אַז זי האָט אויסגעפירט מיט דערפאָלג אַ סטראַטעגישן ריק־צוג „אויף פון פאָרויס צוגעגרייטע פּאָזיציעס", אָדער, אַז דער פראָנט איז „עלאַסטיש" — יאָ, בלויז דאָן וועט מען איר גלויבן, טראַכטנדיק דערביי, אַז די נייע פּאָזיציע איז שוין אויך פאַרלאָזן געוואָרן אין מאָמענט, ווען די נאַציס האָבן פאַרעפנטלעכט דעם קאָמוניקאַט.

דער אומגעהויערער זיג ביי סטאַלינגראַד האָט אונדז אויך געבראַכט אַ פּערזענלעכע סאַטיספאַקציע. מיר האָבן יעדן אָוונט מיט אויפגעשטעלטע אויערן זיך צוגעהערט צום מאָסקווער ראַדיאָ, צו די גלאָקן פון קרעמל, פון וואַנען עס איז געקומען מוט און האָפענונג. די עמיסיע אויף דייטש האָט אָנגעהויבן ברענגען אַ „בריוו־קאַסטן". דייטשע קריגס־געפאַנגענע פלעגן געבן ידיעות זייערע פאַמיליעס. פלעגן געבן צו וויסן, אַז זיי לעבן.

דערנאָך זענען געקומען דערקלערונגען פון סאָלדאַטן וועגן דער מל־חמה; וועגן די נאַצישע מעטאָדן; וועגן די פאַרברעכנס, וואָס זיי פאַראור־טיילן איצט...

און אָט איין אָוונט, הערנדיק די עמיסיע, בין איך נשתומם געוואָרן. עס איז אַרויסגעטרעטן אַ דייטשער סאָלדאַט און האָט דערקלערט נישט מער און נישט ווייניקער, אַז קומענדיק אויפן פראָנט איז ער אַריבער צו דער רויטער אַרמיי, ווייל ער האָט געהאַט געלייענט אַן אויפרוף אויף דייטש, וועלכער האָט אים גערופן און באַוויזן דאָס צו טון. דעם אויפרוף האָט ער באַקומען אין פראַנקרייך, ביי ווערסאַיל. מיין שמחה איז געווען אין לשער. די פרוכט פון אונדזער אַרבעט! פאַראַן כאָטש איין זעלנער, וואָס האָט נישט געשאָסן אויף דער רויטער אַרמיי!

לאָלאָס נצחון און באַלוינונג!

אין טאָג פון זיג וועט זי באַקומען אַ בכבודיקן פּלאַץ, אויבנאָן. איר קרבן איז נישט געווען אומזיסט.

עס האָט גענומען פאַלן דער נאַציִשער פּאָטענציאַל. עס האָט אָנגעהויבן צו פוילן דער קאַמפס־גייסט פון דער דייטשער אַרמיי. די גאַנגרענע וועט זיך פאַרשפרייטן וואָס אַמאָל מערער. זייער גייסט איז געווען שטאַרק בעת די קורצזיכטיקע זיגן, בעת די אילוזיעס וועגן אַ בליץ־קריג. איצט באַמערקט זיך שוין אין פּאַריז אַ טיפּ פון מאָדנע סאָלדאַטן, אַלטע לייט און גאָר יונגע, די מילך ליגט זיי נאָך אויף די ליפּן, אויך קאַליקעס מונדירטע, הויקערס און הינקענדיקע. די ווערמאַכט שלעפּט שוין פון די רעזערוון.

פאַרשטענדלעך האָט סטאַלינגראַד געעפנט די אויגן פון פיל פראַנצויזן און דער זיגערישער אויסגאַנג פון דער מלחמה איז בולט געוואָרן אפילו פאַר בלינדע.

נאָך סטאַלינגראַד האָט די לאָזונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן פראָנט פון קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פראַנקרייך באַקומען בלוט און פלייש. די וואַקלענדיקע עלעמענטן האָבן ענדגילטיק פאַרלאָזט די אידיי פון קאָלאַבאָראַציע. מיר זענען געוואָרן די שטאַרקערע. די ווישי־קליקע איז געוואָרן נאָך מער איזאָלירט. די פּאַרטיי האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די ווידערשטענדלער זענען זעלנער פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און באַדאַרפן גרופירן אַן אונטערשיד אַלע פּאַטריאָטישע עלעמענטן, און דערפירן צו אַ נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד. די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון מאָמענט איז ווידעראַמאָל אָנגעוויזן געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

פון אונדזער זייט האָבן מיר, יידישע אָנפירונג, פאַרעפנטלעכט אַ דאָקומענט צו די יידישע חברים, ווו מיר האָבן געשטעלט אַלס אויפגאַבע, צוצוגרייטן דעם באַוואָפנטן קאַמף פון גאַנצן ישוב: דער זיגרייכער אויסגאַנג פון דער מלחמה איז געווען זיכער. אין פאַרבינדונג מיט דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע דאַרף פאַרשטאַרקט ווערן די מאַסן־רעקרוטירונג פאַר דער „סאָלידאַריטעט". דער קאַמף קעגן דער ברוינער קהילה דאַרף ווערן נאָך ענערגישער. איר שענדלעכע ראָל איז נאָך מער קלאָרער געוואָרן, נאָכדעם ווי זי האָט אויסגעליפערט דער געשטאַפּאָ הונדערט קליינע קינדער, וואָס די אומפאַרזיכטיקע און לייכט־גלויביקע עלטערן האָבן איר אָנפאַרטרויט, מורא האָבנדיק פאַר די אַבלאַוועס און גלויבנדיק נאַאיוו אין די קלינגענדיקע „נאַציאָנאַלע" תירוצים וועגן „ראַטעווען יידישע קינדער פון גויאישע הענט".

די פּאָליציי האָט דורכגעפירט אַן אַבלאַווע אין דער ציוניסטישער קיך אויף 10, רי עלזעוויר און דאָרט אַרעסטירט די אָנוועזנדיקע הונגעריקע יידן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אָפּנאַרן דורך די אילוזיעס פון לעגאַליטעט אונטערן שוץ פון האַקן־קרייץ. די פאַרברעכערישע ברוינע יידעלעך האָבן אַזוי אַרום אויסגעליפערט הונגעריקע מענטשן אין די הענט פון דער פּאָליציי.

ביי אונדז זענען אַלע חברים אַריבער אין אומלעגאַליטעט, אונדזער

„פּרעפעקטור" האָט געאַרבעט מיט פולער פּאַרע פאַר מאַסן אויסבאַהאַלטע־נע יידן. יעדער אַראָנדיסמאַן האָט געמאַכט זיינע באַשטעלונגען אויף שפּייז־קאַרטן און אידענטיטעט־קאַרטן. די קאַרטן האָבן מיר באַקומען פון דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, וועמענס טעטיקייט איז געשטיגן אין פאַר־נעם. אויך די אַנדערע אימיגראַציעס האָבן אויסגעברייטערט זייער טעטי־קייט.

עס איז צוגעקומען אַ נייע אויסלענדישע גרופּע פון פּאַרטיזאַנער — אַ סאָוויעטישע. די מ. אַ. אי. האָט געהאָלפן סאָוויעטישע קריגס־געפאַנ־גענע צו אַנטלויפן פון זייערע לאַגערן אין צפון־פראַנקרייך. מ'האָט זיי אויסגעקליידעט אין ציוויל און זיי האָבן זיך גלייך געשטעלט צו דער אַר־בעט. געניטע און דרייסטע קעמפער, אויסערגעוויינלעך פאַרביסענע קעגן פאַשיזם, גוט געשולטע סאָלדאַטן זענען דאָס געווען.

אין פעברואַר האָט דער גענעראַל־שטאַב פון די יידישע פּאַרטיזאַנער געמאָלדן: פינף דייטשע אָפּטיילונגען אַנגעגריפן מיט גראַנאַטן אין פּאַריז אין מיטן טאָג; צוויי סעקציעס פון אַנטי־אַוויאַציע קאַנאָנען אַנגעגריפן מיט גראַנאַטן: איינע אין 15־טן אַראָנדיסמאַן, ביי דער בריק פון גרענעל, די צווייטע — אין סען־קלו; פאַרניכטעט צוויי קאַנאָנען, דרייסיק דייטשן דערהרגעט אָדער פאַרוווּנדעט; צוויי מיליטערישע וואָכן אַוועקגעלייגט דורך אַ רעוואָלווער; דריי בענזין־סטאַציעס פאַרניכטעט דורך גראַנאַטן אָדער באָמבעס; באַפאַלן זיבן האָטעלן, באַזעצט פון דייטשע אָפיצירן: גרויסע שאָדנס; אַטאַקירט פיר אָפיצירן־רעסטאָראַנען — אַ ריי מיליטע־רישע וואָכן זענען דערשאָסן געוואָרן דעם 23־טן פעברואַר 6 אַזייגער אין דער פרי, צום יאָרטאָג פון דער גרינדונג פון דער רויטער אַרמיי. דאָס האָט געקאָסט איין פּאַרטיזאַן קאָסטן טייער. ער איז בעתן איבערפאַל פאַרוווּנדעט געוואָרן, האָט אָבער זיך באַוויזן צוריקצוציען ביזן מעטראָ. ווען ער האָט געגעבן דעם קאָנטראָלער דעם בילעט, איז יענער נשתומם געוואָרן: דער בילעט איז געווען פאַרבלוטיקט. דער קאָנטראָלער האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק און האָט אים דורכגעלאָזן.

געשען איז עס מיטן פּאַרטיזאַן זשאַק פאַרבער, וועמענס פרוי, הע־לען פאַרבער, איז געווען אַן אַקטיווע קאָמיטעט־מיטגלידערין פון דער „סאָלידאַריטעט" אין 5־טן אַראָנדיסמאַן. דעם „שוואַרצן דאָנערשטיק" איז העלען אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיט אַ 9־יעריק מיידעלע, ווייל זי איז געבליבן אין דער וווינונג צוליב די מאָזלען פון איר 3־יעריק יינגעלע. דאָס קראַנקע קינד איז איבערגעגעבן געוואָרן אין שפּיטאָל פאַר אַנשטע־קענדיקע קראַנקע „קלאָד בערנאַרד" און די מאַמע מיט דער טאָכטער זע־נען דעפּאָרטירט געוואָרן.

דעם 23־טן פעברואַר, דעם טאָג פון דער רויטער אַרמיי, האָט אויך פאַר זיי דער פּאַרטיזאַן זשאַק פאַרבער געפאָדערט אַ דין־וחשבון ביי די צוויי נאַציישע אָפיצירן, וועלכע זענען איינגעשטאַנען אין אַ האָטעל ביי רי טראָנשע. ער און אַן אַנדער פּאַרטיזאַן, זשיל (יאַנעק קערבעל), האָבן

אַוועקגעלייגט די נאַציס האַרט ביים האָטעל. מען האָט זיי נאָכגעשאָסן און זשאַק האָט באַקומען אַ קויל אין פוס.

דעם 12־טן פעברואַר 1943 זענען אַריינגעפאַלן מיין לאַנדסמאַן יאַנ־קעל האַנדעלסמאַן, באַקאַנט אין פּאַריז אַלס יאַנקל בערמאַן, אַקטיווער טוער פון די פריינט פון דער „נייע פּרעסע", און זיין פרוי בעלאַ, מיין פאַרבינדלערין זינט אַ קורצער צייט.

פון דראַנסי האָבן מיר פון אים באַקומען אַ בריוו, אַז אַרעסטירט זע־נען זיי געוואָרן ביי מעטראָ אָבערקאַמף בעת אַן אָבלאַוועס. ער האָט ביי זיך געהאַט אַ ראַפּאָרט פון דער יוגנט, וועלכן מען האָט אים אָקאָרשט געהאַט איבערגעגעבן. בעלאַ האָט גראַד געהאַט פאַרלאָזן דאָס געשעפט פון דעם פראַנצויזישן סאָציאַליסט, ביי רי אָבערקאַמף, ווו זי האָט באַקומען פינף טויזנט פראַנק. יאַנקל האָט געשריבן, אַז אין דער פּרעפעקטור האָט מען אים שטאַרק צעמיטשעט.

די אַנדערע חברים פון דראַנסי האָבן אונדז צו וויסן געגעבן, אַז ווען יאַנקל און בעלאַ זענען אָנגעקומען אין לאַגער, זענען זיי געוועזן נישט צו דערקאָנען, פאַרבלוטיקט, מיט געשוואָלענע פּנימער. חברטע בעלאַ, אַ גרויסע און שיינע פרוי, איז אַרויס פון די פּאָליצייאישע לאַפּעס אַ צעמזיק־טע, מיט אַ קאָפּ ווי אויף געוויסע שוידער־בילדער.

בעלאַ און יאַנקל האָבן צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם גרויל פון די אַרעסטן. ביז דאַן פלעגט מען אונדזערע חברים נאָכן אַרעסט איבערשיקן דירעקט קיין דראַנסי אָדער אין תּפיסה. איצט ווערן זיי פריער געפייניקט. זיי מאַכן אַדורך אַ נייע אינקוויזיציע. זיי ווערן געפּרוווט אין פייער. יאַנקל און בעלאַ זענען אַרויס קרישטאָל־ריין, זיי האָבן אויסגע־האַלטן דעם עקזאַמען. אַזוי האָבן זיך געהאַלטן קאָנסעקווענטע קעמפער. מיר זענען געווען שטאָלץ מיט זיי.

בעלאַ און יאַנקלס טאָכטער, פּאָלין, האָבן מיר באַזאָרגט דורך מיין לאַנדסמאַן אפרים ליפּצער (פראַנסיס) ביי אַ פראַנצויזישער פאַמיליע פון פאַרמאַצעווטן לעבן פּאָרט מאַיאָ. מיר האָבן אַזוי אַרום פאַרזיכערט דאָס קינד, כאָטש די פאַמיליע, וואָס האָט עס אויפגענומען, האָט ווייט נישט סימפּאַטיזירט מיט קאָמוניסטן. פראַנסיס, געוועזענער טוער פון אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „איק", האָט אונדז רעקאָמענדירט די דאָזיקע משפּחה.

מיר האָבן געשלאָגן דעם שונא, אָבער אויך געצאָלט אַ טייערן פּרייז. דעם 10־טן מערץ זענען צוויי פּאַרטיזאַנער אומגעקומען בעת אַן אָנפאַל אויף אַ דייטשן קאַמיאָן. די באָמבע האָט פריצייטיק אויפגעריסן.

דעם 16־טן, נאָך אַן אָנגריף קעגן צוויי דייטשע אָפיצירן, וועלכע זע־נען געפאַלן טויט ביים קינאָ „רעקס" אויף די גרויסע בולוואַרן, איז אַ חבר געוואָרן שטערבלעך פאַרוווּנדעט. זיין פרוי, אַליין אַ פּאַרטיזאַנקע, האָט אפילו נישט געקאָנט אים באַגלייטן צו זיין אייביקער רו.

די אַרבעט איז געוואָרן זייער אויסגעברייטערט. די אָנפירונג האָט

כסדר גערופן צו פּאַרזיכטיקייט, ווייל די פּאָליציי איז אויך נישט געבליבן מיט פאַרלייגטע הענט.

אָבער דאָס איז ווייט נישט געווען לייכט צו דערגרייכן. פיל חברים האָבן נאָך ביז דאַן נישט אָנערקענט די עלעמענטאַרע כללים פון אונטער־ערדישער אַרבעט. עס איז געווען שווער צוצוגעוווינען חברים אַרויסצו־הענגען אַ סימן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג ביי זיי אין דער וווינונג. לעצטנס האָט מען אַ טייל אפילו געמוזט וואָרענען, אַז מיר וועלן איבער־שניידן דעם קאָנטאַקט, אויב זיי פירן נישט איין דעם אָפּגעשמועסטן צייכן, אַ האַנטעך אויפן פענצטער אָדער עפּעס ענלעכעס. דאָס נישט אָפּהיטן אַזאַ עלעמענטאַרן פּאַרזיכטס־מיטל האָט געקאָנט קאָסטן זייער טייער. און אַזוי איז עס טאַקע געשען.

דאָנערשטיק, דעם 18־טן מערץ אין דער פרי האָב איך געהאַט אַ ראַנ־דעוו ביים חבר מאַקס פון 3־טן אַראָנדיסמאַן. מיר האָבן געהאַלטן דעם קוואַרטאַל רי שאַפּאַן פאַר נישט קיין „היגיענישן". אָבער די קאָנטאַקטן האָבן געפירט אַהער און מיר האָבן נישט געקאָנט תמיד אויסקלייבן די באַ־דינגונגען פאַר אונדזער אַרבעט. טראָץ דעם, וואָס איך האָב נישט געזען קיין צייכן אויפן פענצטער, בין איך דאָך אַרויף צו אים, ברעכנדיק דאָס געזעץ.

3 אַזייגער נאָכמיטאָג בין איך ווידער געווען ביי אים. די גאַס איז ווי געוויינטלעך געווען רואיק, שטיל. דאָס פענצטער איז ווידער געווען נאַקעט, קיין שום סימן. וואָס טוט מען מיט אים? אַרויפגיין אָדער אָפּלאָזן? כ'דע־דיציר זיך אַרויפצוגיין און איבערייסן מיט אים. פאַרפאַלן, אַז אַ חבר וויל נישט אָנעמען די געהעריקע כללים, דאַרף מען ציען די געהעריקע קאָנסע־קווענצן. דערביי האָב איך ווידער געבראָכן דאָס געזעץ פון פּאַרזיכטיקייט.

כ'בין אַריין אין הויף פון נומער 48, אַלץ איז געווען ווי געוויינלעך. כ'בין אַרויף די צוויי שטאָק פון אַלטע קעניגלעכע שטיגן, מיט וועלכע עס איז פול דער קוואַרטאַל, און האָב אָנגעקלונגען ווי געוויינלעך. די טיר האָט זיך געעפנט. כ'בין אַריין... און אַן אומבאַקאַנטער מאַן, וואַרשיינלעך אַ גאַסט ביי מאַקסן, דערלאַנגט צו מיר אַ זאָג:

— פּאַר איסי לאַ באַן סופּ (זייט־זשע מוחל, אויף אייך וואַרט מען טאַקע).

עס איז מיר געוואָרן הייס. דאָך האָב איך רואיק געפרעגט:

— דאָ וווינט דער הער מאַקס קאַהן?

— יאָ, דאָ. וואָס פאַרלאַנגט איר?

— כ'וויל וויסן, צי ער האָט עפּעס צו פאַרקויפן?

— ווייזט נאָר אייערע פּאַפּירן.

דער מאַן האָט מיך אַריינגעפירט אין צווייטן צימער, ווו עס האָבן זיך געפונען נאָך עטלעכע אומבאַקאַנטע חברה־לייט, ווי אויך דער חבר מאַקס, אַ פרוי, אַ יונגנטלעכע פון אונדזער „טעכניק" און אַן אומבאַקאַנטער ייד. דער מאַן האָט געוויזן מיין קאַרטע זיינע קאָלעגן און געהייסן מיך וואַרטן.

באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַנגעקומען אַ קלײנער, אָבער אַ פעסטער מאַן אין די פופציקער יאָרן.

— שעף, — רופט זיך צו אים אָפּ „מײן" חברהמאַן — אָט איז אַ גוטע קאַרטע — און ער װײַזט אים מײַנע פּאַפּירן. אַ פונק פון האָפענונג איז מיר אַדורך אין מוח.

— מיר'ן קאָנטראָלירן אין דער פּרעפעקטור — דער פונק האָט זיך אויס־געלאָשן.

— האָסט פאַרשפּילט — האָב איך צו זיך געזאָגט. עס איז טאַקע דאָס לעצטע מאָל ביי מאַקסן.

אַ צייט האָבן זיי זיך געפּאַרעט, געגישטערט אין אַלע װינקלען, גע־קראָכן פון איין צימער אין צווייטן. כ'בין ביסלעכווייז געקומען צו זיך. פאַרפאַלן. אַריינגעפאַלן אויף אַ נאַרישן אופן.

מיטאַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אין אַ קליין קעשענקעלע האָב איך מיין נאָטיץ־ביכל מיט ראַנדעװוען. דער מוח פונקציאָנירט שוין װי־דער — האָב איך געטראַכט. דאָס נאָטיץ־ביכל איז טאַקע שיפרירט, נאָר װער זאָגט, אַז זיי װעלן עס נישט דעשיפרירן. כ'באַנוץ היינטיקע װאָך דאָס װאָרט „אוניװערסיטעט". מיט די אותיות פון װאָרט שטעל איך צונויף מיינע ראַנדעװוען. יעדעס אות באַקומט אַ ציפער. איך שטעל דאַן אויס אַ ריי מיט ציפערן, װאָס באַקומען נאָר פאַר מיר אַן אינהאַלט. דאָך איז פאַר־זיכטיקער עס צו פאַרניכטן. נאָר װי אַזוי אונטער אַזויפיל אויגן?

כ'פרעג איין חברהמאַן, צי כ'קאָן גיין אין קלאָזעט. עס װײַזט זיך אַרויס, אַז דאָס דאָזיקע אָרט געפינט זיך אויף די שטיגן, צווישן ביידע שטאָקן. ער איז מסכים, נאָר באַגלייט מיך. נאָכמער, ער האָט נישט קיין צוטרוי און האַלט מיך ביים לינקן אָרעם פון דרויסן אויף די שטיגן און די טיר פון קלאָזעט בלייבט אָפן. מיין קעשענקעלע געפינט זיך, װי אין אַלע פראַנצויזישע קאָסטיומען, אויף דער לינקער זייט פון דער פּאַטשעװר־קע. מיט דער פרייער רעכטער האַנט כאַפּ איך שנעל אַרויס מיין נאָטיץ־ביכל און לאָז עס אַראָפּ אין קלאָזעט. כ'גיב אַ צי דאָס װאַסער. פאַרטיק. איר קאָנט רעװידירן איצט.

אַזוי איז טאַקע געשען. זיי האָבן מיך רעװידירט ביים צוריקקומען. געזוכט אויך אין דעם קעשענקעלע. מען האָט אונדז ניין מאַן אַראָפּגעפירט. ביים טויער איז געשטאַנען אַ פּאָליציייאיש קעטשל, דאָס בלויע שרעק־קעטשל פון אַלע אָבלאַװעס. אינעװייניק — אַ צען פּאָליציאַנטן, הינטער אונדז זענען אַריין אַ צען אינספּעקטאָרן און מיר האָבן גענומען דעם װעג צו דער פּרעפעקטור. די אַזוי באַקאַנטע גאַסן פון רי באָבורג און סען־מאַר־טען האָבן גענומען שװינדלען פאַר די אויגן, מיר זעען זיי מן־הסתם צום לעצטן מאָל. פּרעפעקטור, דראַנסי, און די אומבאַקאַנטע ריכטונג, װעלכע איז שוין אונדז צו באַקאַנט. דער לעצטער עטאַפּ. עס איז נישט סיביר, מיט אַ האָפענונג צו אַנטלויפן. אַמאָל אין צאַרישן רוסלאַנד, אין פּילסודסקיס פּוילן האָט אַן אַרעסט געקאָנט באַדייטן תפיסה, יאָרן אפשר, אָבער נישט

מערער. היינט באַדייט אַן אַרעסט אַ האָפענונגסלאָזע רייזע אין דער נאַכט פון טויט. פאַרפאַלן, כ׳האָב מיין פליכט אויסגעפילט. מיין געוויסן איז אין אָרדענונג און מיר געפינען זיך נאָך סטאַלינגראַד. וואָס וועט אָבער טון פאַני מיט די קליינע קינדערלעך?

מיר זענען אַריינגעפאָרן אין אַ פינצטערן הויף. ס׳איז נישט די פּרע־פעקטור. באַלד האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז גאָר דער הויף פון דעפאָ, ווו כ׳בין געגאַנגען בעת דעם ענין טשאַרני אויסקוקן די באַדינגונ־גען פון זיין אַנטלויפן. איצט וועל איך באַקומען אַלע מעגלעכקייטן צו מאַכן אַ גרינטלעכן שטודיום פון דעפאָ, נישט בלויז פון דרויסן, נאָר אויך פון אי־נעווייניק.

אין אַ גרויסן זאַל האָבן זיך געפונען מאַסן מענטשן מיט פעקלעך. אַנט־קעגנאיבער — שטייגן מיט שטאַכעטן, ווי אַ קלאַסישע תפיסה אָדער ווי שטייגן פון זאָאָלאָגישן גאָרטן פאַר געפערלעכע חיות. אויפן ערשטן שטאָק, לענגאויס אַ באַלקאָן, פאַרשלאָסענע טירן און אַ וועכטער מיט אַ שליסל. נישט ווי אין די פילמען, ווו די וועכטער טראָגן אַ בינטל שליסלען. טאַקע צו וואָס אסך שליסלען? די שלעסער זענען דען נישט די זעלבע?

מען האָט אונדז אָוועקגעפירט אויף רעכטס פון גרויסן זאַל. אין דער טיף האָט זיך געפונען אַ גאָר גרויסע שטייג, אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. מען האָט ביי אונדז צוגענומען אַלע פעקלעך, די קראַוואַטן, קאַפּעליושן, בע־רעטן, די שנירלעך פון די שיך, שעלקעס, אָפּגעטיילט די פרויען פון די מע־נער און אונדז, מענער, האָט מען אַריינגעשטופּט אין דער גרויסער שטייג.

דאָס האָבן מיר אויסגענוצט, כדי צו באַטראַכטן געמיינזאַם די לאַגע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליציי איז געקומען צו מאַקסן דורך דעם מיידל פון דער „טעכניק״, אַ פלימעניצע פון דער פרוי, וואָס האָט געאַר־בעט ביי אים. דאָס מיידל איז אַ כלה פון אונדזערן אַ פּאַרטיזאַן, זשאַק לי־פּאַ, וואָס געפינט זיך אין דראַנסי. דער בחור האָט איר געשריבן אַ דאַנק־בריוו פאַר אַ פעקל, וואָס זי האָט אים געשיקט. דעם בריוו האָט געבראַכט אַ פּאָליציייאישער אַגענט אויף איר אומלעגאַלער וווינונג און דאָרטן געפו־נען אַ חברטע און אַ שפּאָגל־נייע ראַנעצ, וואָס מיר האָבן איר ערשט מיט אַ וואָך צוריק איבערגעגעבן. איך האָב איר דאַן פּערזענלעך אויפגעקלערט די פונקציאָנירונג פון דער מאַשין. פון דעם מיידל צו דער מומען, פון דער מומען צו מאַקסן, אַזוי איז עס צוגעגאַנגען. ביי מאַקסן אין שטוב האָט זיך געפונען חבר שוואַרץ, אַ פריזירער, וועלכער האָט גאָר געאַרבעט אין נישט יידישע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציעס. עס זענען שפּעטער געקומען חבר יאַקובאָוויטש און די חברטע צפּורה אורבאַך, אַקטיוויסטן פון 10־טן אַראָנדיסמאַן, ווי אויך אַ יונג מיידל — צוזאַמען 9 פּערזאָן. אָט איז נאָכ־אַמאָל די באַשטעטיקונג פון דעם איבערפלוס פון קאָנטאַקטן, וואָס עקזיס־טירן ביי אונדז. ווער ווייסט, צי זיי וועלן נישט אויפשטעלן קיין פולאַפּקע ביים מיידל אין דער וווינונג און ביי מאַקסן, ווי דאָס איז געשען ביים ענין סאַלעק באָט און הערש צימערמאַן.

דער בילאַנס איז אַ טרויעריקער. וואָס וועלן מיר זאָגן ביי דער אויס־פאָרשונג? אָבער וואָס פאַראַ ווערט האָט זי דען? במילא וועלן מיר דערנאָך געשיקט ווערן קיין דראַנסי. אויף יעדן פאַל און ווייל קיין שום עווענטואַ־ליטעט טאָר נישט אָפּגעוואָרפן ווערן אַ פּריאָרי, אַרבעטן מיר אויס פאָלגנ־דיקע טאַקטיק: שוואַרץ זאָגט דעם אמת — ער איז געקומען שערן די פרוי פון מאַקס. יאַקובאָוויטש באַנוצט דעם תירוץ, אַז ער איז געקומען פאַרקויפן טיקעטן פון ברויט, ווייל מען האָט ביי אים געפונען אייניקע „קאָמפּלעטן" ברויט־קאַרטן. איך וועל זיך פאָרשטעלן אַלס אַ מעקלער פון שטריקעריי. די פרויען וועלן מיר זיך באַמיען צו קאָנטאַקטירן און זען, וואָס זיי זאָלן זאָגן ביי דער אויספאָרשונג, אויב זי וועט פאָרקומען.

מיטאַמאָל באַווייזט זיך פאַר מיר אַ באַקאַנט פּנים. שוין שטרעקט זיך אויס צו מיר אַ ברייטער שלום־עליכם:

— וואָס מאַכסטו, אַלפרעד?

כ'קוק זיך צו צום פּנים, כ'דערקאָן אים באַלד. דאָס איז כאַרי, וואָס האָט אַ געוויסע צייט פאַר דער מלחמה געאַרבעט אין אונדזער באַוועגונג. די אָרגאַניזאַציע האָט אים געהאַט פאַרמשפּט אויף טויט, נאָך אין 1941, אַלס פּראָוואָקאַטאָר. הערש צימערמאַן האָט באַקומען די מיסיע אויסצופירן דעם אורטייל. אַ געוויסן אָוונט האָט הערש אָפּגעוואַרט כאַרין ביים אַרויסגאַנג פון אַ קאַבאַרעט, ווו ער פלעגט פאַרברענגען אַלע אָוונט, זינט ער איז אַי־בערגעגאַנגען צו דער פּאָליציי. צו זיין מזל האָט דער רעוואָלווער זיך פאַר־האַקט, אונדזער ערשטער רעוואָלווער. כאַרי האָט זינט דעם אַנגענומען פאַרזיכטס־מיטלען און מען האָט אים מער נישט געקאָנט פאַקן.

אָבער זיין פּאַראַט האָט אים, ווייזט זיך אַרויס, גאָרנישט געהאָלפן. ווי האָט געזאָגט נאַפּאָלעאָן: „כ'האָב ליב דעם פאַראַט, אָבער פיינט דעם פאַ־רעטער". מיט אַ פאָר חדשים צוריק, דערציילט ער גלייך, האָט די געשטאַ־פּאָ אים אַרעסטירט. פאַרוואָס, זאָגט ער נישט. ער איז אָפּגעזעסן אַ צייט אין דער תפיסה שערש־מידי, איינער אַליין אין אַ קאַמער. איצט האָט מען אים „באַפרייט", דאָס הייסט, איבערגעשיקט אין דעפּאָ. ער גייט, וואַרשיינ־לעך, קיין דראַנסי.

און אפשר שיקט מען אים מיט אַ מיסיע קיין דראַנסי — טראַכט איך זיך? ער וויל נאָך שפּילן, זעט מען, זיין פּאָליצייאישע ראָל.

— וואָס מאַכט טשאַרני? — פרעגט ער באַלד. — און לערמאַן?

— כ'ווייס נישט, כ'האָב זיי שוין נישט געזען זינט דער מלחמה. כ'בין נישט מער אין דער אָרגאַניזאַציע. איך האַנדל מיט טריקאָ.

כ'בין אַריין אין דער ראָל, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט אויסגעאַרבעט פאַר דער פּאָליציי. איז דען כאַרי עפּעס אַנדערש? איז ער נישט דאָ אַמאָל אַ מסור?

וואַרשיינלעך האָט ער נישט געגלויבט מיין ווערסיע, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די דיסקוסיע קאָן זיך שווער אָנקניפּן. אינצווישנצייט האָט

מען אים אַרויסגערופן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט אונדז אויך אַרויסגערופן. די בראָך איז געשען, מיר גייען קיין דראַנסי — האָב איך אַ טראַכט געטון.

עס איז אָבער געשען עפּעס אַנדערש. מען האָט אונדז צעטיילט אין די קאַמערן פון ערשטן שטאָק. איך בין אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ טונקל צימערל און האָב גלייך זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג אויף דער ערד, פאַלנדיק איבער אַ שטרוי־זאַק. דאָס צימערל האָט געמאָסטן אַן אנדערטהאַלבן מעטער די לענג און אַזויפיל די ברייט. באַדעקט איז עס געווען מיט שטרוי־זעק. קיין פריי פּלאַץ אויף צו באַוועגן זיך איז נישט געווען, אפילו נישט ביי דער טיר. אויף יעדן שטרוי־זאַק איז געזעסן אַ מאַן, דעם זעקסטן האָב איך פאַרנומען. קיין שום מעבל האָט זיך נישט געפונען אין צימער. אין ווינקל ביי דער טיר איז געשטאַנען אַן עמער פאַר די פיזיאָלאָגישע באַדערפעענישן.

די באַקאַנטשאַפט האָט זיך גלייך געשלאָסן: מיינע מיט־שכנים זענען גנבים, איינער איז אַן אַלפאָנס. ער גרייט זיך צו פאַרלאָזן נאָך היינט דעם דעפּאָ, ער באַרימט זיך מיט זיינע באַציאונגען. שוין צום זיבעטן מאָל, ווי ער איז אַריינגעפאַלן „אין צירק״ — אַזוי רופט ער דעם דעפּאָ. דאָס אַלץ הער איך אויס און ווייס נאָך נישט, ווי אַזוי זיך פאַרצושטעלן פאַר זיי. צוליב דעם דערציילן זיי דאָך מיר, ווער זיי זענען. כ׳פּיל, אַז זיי קאָן איך נישט זאָגן אונדזער פּזמון וועגן שוואַרצן מאַרק, טריקאָ אא״וו. כ׳טאָר אָבער נישט זאָגן דעם גאַנצן אמת. נאָר, פאַרפאַלן — דער באַשלוס איז אַ ריכטיקער. כ׳טאָר מיך נישט דעקאָנספּירירן דערווייל. עס איז טאַקע פיל ריכטיקער און שטאָלצער צו זיין אַרעסטירט אַלס ווידערשטענדלער ווי אַלס מעקלער, די לאַגע אין מאָמענט פאָדערט אָבער עפּעס אַנדערש.

מיר זענען אַזוי געזעסן צוזאַמען ביזן אָונטברויט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטיק שוואַרץ ברויט מיט אַ זופּ. די חברה, אַלטע קליענטן פון דעפּאָ, קאָנען שוין די מנהגים. זיי רופן צו, קלאַפּנדיק לייכט אין דער טיר. דעם וועכטער פון באַלקאָן און באַשטעלן ביי אים רויטן ווין. פאַר 50 פראַנק באַקומט מען אַ ליטער, וואָס קאָסט 5 פראַנק אין שטאָט. איך באַשטעל אַ ליטער ווין. אין דראַנסי נויטיק איך זיך במילא נישט אין געלט. דאָרט זענען די קלאָזעטן פאַרשטאָפּט פון גאָלד און בריליאַנטן, מיט וועלכע מען קאָן גאָרנישט אויפטון. אָפּגעהאָרעוועטע לעבנס גייען לאיבוד. די געשטאַפּאָ און די „אוזשיף״־גנבים ראַבעווען אַלץ צו — זיי רייניקן די קלאָזעטן. גאָלד האָט נישט קיין ריח...

כ׳באַשטעל אַ ליטער ווין, אָבער צו עסן האָב איך גאָרנישט. די זופּ קאָן איך נישט נעמען אין מויל אַריין, כ׳בין צופיל אויפגערעגט און זי האָט אויך אַן עקלהאַפטן טעם. די חברה פאַרשטייט דאָס, ווייזט אויס. זיי שלאָגן מיר פאָר מיטצוהאַלטן מיט זיי. מאָדנע. כ׳האָב זיי דאָך געזאָגט, אַז מען האָט מיך אַרעסטירט אַלס ייד. מיר ווערן גלייך היימיש. אפילו אין דער אונטערוועלט איז דער אַנטיסעמיטיזם עפּעס נישט קיין וואַזשנע סחורה.

דערווייל ווער איך געוואָר, אַז מען קאָן אַרויסשיקן דורכן זעלבן וועכטער, וואָס האַנדלט מיטן ווײַן, אַ בריוול אויפֿ דער פרײַ. אַ בריוול קאָסט אויך 50 פראַנק.

זינט מײַן אַרעסט האָט אַ דרינגנדיקע פראַגע מיך געעגבערט, נעמלעך, ווי אַזוי צו געבן צו וויסן פאַנין און דער אָרגאַניזאַציע וועגן דורכפאַל, אָבער צי קאָן מען האָבן צוטרוי צום וועכטער? ווער ווייסט, צי ער וועט נישט איבערגעבן מײַן בריוו דער אַדמיניסטראַציע פון דעפאָ? צי איז נישט אַמאָל דער אַרעסטאַנט, וואָס גיט די אינפאָרמאַציע, אַ „שעפס”, ווי מען זאָגט אויפֿ פראַנצויזיש, אַ מענטש פון דער פאָליציי?

נאָך לאַנגע טראַכטענישן האָב איך באַשלאָסן צו שיקן אַ בריוו צו דער „גרויסער סילווי”, וועלכע האָט מיר געדינט אַלס בריוו־קאַסטן. מיר האָבן געהאַט אַזוי אײַנגעשטעלט מיט פאַנין מיט אַ צײַט צוריק אין דער פאָרויסזעאונג פון דער הײַנטיקער סיטואַציע. סילווי וועט, באַקומענדיק מײַן בריוו, זיכער פאַרשטיין, אַז זי דאַרף צו וויסן געבן פאַנין וועגן אומגליק. פאַני, פון איר זײַט וועט אינפאָרמירן די חברים. און טאָמער גייט די פאָליציי נאָך מײַן בריוול, אַזוי ווי דעם בריוו פון דעם בחור פון דראַנסי, דאַן בין איך איבערצײַגט, אַז סילווי וועט נישט פאַרשטיין פאַניס אַדרעס. אין דעם בין איך אַבסאָלוט געווען זיכער.

כ׳האָב דעריבער אָנגעשריבן אַ פּאָר ווערטער, אַז כ׳בין אַרײַנגעפאַלן און אַז כ׳גלויב זיך נאָכאַמאָל צו זען מיט מײַן פאַמיליע, וואָס איז זיכער אומרואיק איבער מײַן גורל. וועגן די אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים האָב איך נישט דערמאָנט.

אַביסל שפּעטער נאָכן אַוועקשיקן דעם בריוו האָט מען געמאָלדן דעם אַלפאָנס, אַז ער וועט באַפרײַט ווערן דעם זעלבן אָוונט. ער האָט זיך גענומען קלײַבן און איבערגענומען פאַרשידענע שליחותן פון אונדזערע מיטלאַקאַטאָרן, וויכטיקע אונטערוועלט־ענינים, משמעות. ווײַזט אויס, אַז עס עקזיסטירט בײַ זיי אַ נישט־געשריבן געזעץ צו העלפן זיך אין אַן עת־צרה. כ׳האָב אים אויך געפרעגט, צי ער וואָלט נישט מיטגענומען מײַנעם אַ בריוו. ער איז תיכף געווען מסכים און מיר געזאָגט, אַז ער וועט אים אַליין אַוועקטראָגן נאָך דעם זעלבן אָוונט. ער קאָן עס מאַכן — האָט ער באַרימעריש צוגעגעבן — ווײַל בײַם דעפאָ וועט וואַרטן אויפֿ אים אַן אויטאָ. עך, האָב איך אַ טראַכט געטון — זיי לײַדן נישט, ווײַזט אויס, פון דער מלחמה. כ׳האָב באַשלאָסן אים מיטצוגעבן אַ בריוו, אין וועלכן איך האָב געגעבן אָנצוהערן, אַז סילווי זאָל זאָרגן וועגן מײַנע טעכטערלעך, וועגן וועמען איך הער נישט אויפֿ צו טראַכטן.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען מיך אַרויסגערופן פון קאַמער און אַוועקגעפירט איבער שטיגן און קאָרידאָרן. כ׳בין אָנגעקומען, כ׳ווייס נישט ווי אַזוי, אויפן דריטן שטאָק פון דער פרעפעקטור. עס האָט מיר אַדורכגעבליצט אַ געדאַנק וועגן פרוון אַנטלויפן. נאָר דער לאַנגער און ליידיקער קאָרידאָר, בײַ וועמענס אויסגאַנג עס זיצן פאָליציאַנטן, האָט אויסגעזען

גישט שטאַרק פּאַסיק פֿאַר אַזאַ מין פּרווו! מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַ קליין צימערל, באַגלייט פֿון 5 פּאָליציאַנטן, אָבער נישט אויף לאַנג. ווען מען האָט מיך אַרויסגעפֿירט פֿון צימערל, איז אָנגעקומען מאַקס, אויך באַגלייט דורך פּאָליציי. אין דורכגאַנג האָט ער מיר אַריינגעשעפּטשעט: — „זיי ווייסן וועגן דו ביסט".

ביטער. מן־הסתם האָט מיך כּאַרי פֿאַרשאַטן. נאָר וואָס קאָן איך זיך העלפֿן? כ׳וועל זיך פֿאַרטיידיקן לויט די באַדינגונגען.

מען האָט מיך אַריינגעפֿירט אין אַ צימער, ווו עס איז געזעסן אַ מאַן, ווי צוויי טראָפּנס ענלעך צו דעם פֿאַרשויץ, וועגן וועלכן חבר יאַנקל האָט געשריבן פֿון דראַנסי, אַלס זיין פֿייניקער. פֿאַר מיר האָט זיך געפֿונען, הייסט עס, דער סאַדיסט, וואָס האָט צעהרגעט דעם חבר יאַנקל פֿאַרן אָפּשיקן אים אין פֿאַדערהויז פֿון אוישוויץ. וואָס דערוואַרט מיך? עס איז מיר געוואָרן אומהיימלעך אויף דער נשמה.

אויפֿן טיש זע איך ליגן אַ דאָסיע מיטן נאָמען סאַדאָווסקי. דער סאַדיסט הייסט סאַדאָווסקי, זעט אויס. לעבן אים ליגט אַ רעוואָלווער און אַן אייזערנער מאַטראַק מיט פֿינף שפּיצן. אָבער דער מאַן איז רואיק. ער זאָגט מיר גלייך מיין ריכטיקן פֿאַמיליע־נאָמען און רופֿט מיך אָן „דער שעף פֿון דער גרופּע". איך עפֿן נישט דאָס מויל. כ׳וואַרט. ער פֿרעגט אויף מיין אַדרעס. כ׳גיב אָן מיין לעגאַלע וווינונג אויף רי סען־סעבאַסטיען.

— האַלט אונדז נישט פֿאַר קיין יאָלדן — מאַכט ער צו מיר.

דאַן נעמט ער רואיק אַרויס פֿון שופֿלאַד די פּאַטאַ פֿון פּאַני.

— דאָס איז דיין פֿרוי, נישט אמת?

זיי הייבן, הייסט עס, אָן מיט מאָראַלישער טאָרטורע. שפּעטער וועט קומען דאָס איבעריקע.

— אויף רי סען־סעבאַסטיען נומער 13 — האַלט איך זיך ביי דאָס מיינינקע.

ער האָט וואַרשיינלעך די געדולד פֿון אַ קאַץ, וואָס האַלט אַ מייזל אין די לאַפּעס. ער רופֿט אַריין צוויי אינספּעקטאָרן און הייסט זיי מיך באַגלייטן צו מיר אין דער וווינונג. מיר גייען אַרויס פֿון דער פּרעפֿעקטור זאַלבעדריט. אויפֿן וועג האָבן זיי מיטגענומען אַ דריטן אינספּעקטאָר, וועלכער גייט הינטער מיר, מיט דער האַנט אין דער קעשענע. כּדי איך זאָל פֿאַרשטיין זיין ראָל, קלערט ער מיר אויף, אַז טאָמער מאַך איך דעם מינדעסטן פּרווו צו אַנטלויפֿן, באַוועגט זיך אויטאָמאַטיש די האַנט אין דער קעשענע.

ווען אַפֿילו כ׳זאָל טראַכטן וועגן אַנטלויפֿן, מוז איך אָפּוואַרטן אויף אַ ספּעציעלער געלעגנהייט. מיינע שיך זענען אָפּגעשנורעוועט. די הויזן — אָן אַ פּאַסיק. ביי יעדן אָרעם האַלט מיך אַ פּאָליציי־מאַן און פֿון הינטן גייט דער באַגלייטער מיט „עפּעס" אין דער קעשענע. מיר זענען איינגעשטיגן אין מעטראָ און כ׳האָב געטראַכט צו שפּרינגען פֿון צוג. אָבער די רייזע איז געווען אַ צו קורצע.

אַרויסגייענדיק פון מעטראָ סען־סעבאַסטיען, זאָגט צו מיר איינער פון מיינע שומרים:

— דו מיינסט טאַקע, אַז מיר ווייסן נישט, דאָס דו נאַרסט אונדז?

מיר גייען אַריין אין הויף, די קאָנסיערזשקע איז גראָד נישט אין איר לאָזשע. מיר קלעטערן אַרויף די 4 שטאָק פינצטערע שטיגן. מיר קומען צו צו מיין טיר. זי איז פאַרחתמעט. דער ערשטער פייערדיקער פּאַטש האָט אָפּגעהילכט.

— וואָס זאָגסטו צו דעם?

אַראָפּגייענדיק טרעפן מיר די קאָנסיערזשקע. זי דערציילט זיי, אַז מיט 8 טעג צוריק איז די געשטאַפּאָ געקומען נאָכאַמאָל נאָך פּאַנין. זי האָט אַרויסגעוואָרפן די מעבל דורך די פענצטער און פאַרזיגלט די טיר.

— ווו ביסטו געשלאָפן די לעצטע אַכט טעג — מאַכן זיי איראָניש.

אויפן וועג צום מעטראָ אינמיטן גאַס, האָב איך איינציקע מאָל געמוזט זיך אַראָפּבויגן און אויפהויבן מיין קאַפּעלוש, וואָס איז אַראָפּגעפלויגן נאָך די פּעטש. אַ שיינער „פּאַטשאָנטעק״. וואָס וועט שוין זיין דאָרט, ביי זיי, הינטער די פאַרמאַכטע טירן?

דערנענטערנדיק זיך צו דער פּרעפעקטור הייבט איינער אָן מיט אַ דרשה:

— ווער האָט דיך איינגעלאַדן קיין פראַנקרייך? עס פעלן אייגענע קאָ־מוניסטן? צוליב דיר האָבן מיר פאַרשפּילט די מלחמה.

איך פיל, אַז ער פּרוווט זיך צו צעוואָרעמען פאַרן קבלת פּנים, וואָס עס גרייט זיך פאַר מיר אויבן, אין ביוראָ 323.

— נו? — איז געווען די באַגעגעניש מיט סאַדאָווסקין. — ס'איז געווען פאַרויסצוזען.

אין צימער געפינען זיך שוין איצט 6 אינספּעקטאָרן. איינער זיצט ביי אַ שרייב־מאַשין. ער קלאַפּט מיינע ענטפערס וועגן אידענטיטעט. אויף דער פראַגע ווו איך וווין, האָב איך שוין נישט געהאַט קיין ענטפער, וואָס זאָל האָבן אַ זין. האָב איך געזאָגט, אַז כ'האָב נישט מער קיין סטאַבילע וווינונג. אַמאָל שלאָף איך דאָ, אַמאָל — דאָרטן.

מיטאַמאָל מאַכט צו מיר סאַדאָווסקי מיט אַ שמייכל:

— דו האָסט אַ וווינונג ביי פּאָרט דע לילאַ.

דאָס האָט מיך געפּלעפט. זענען זיי, הייסט עס, מיר נאָכגעגאַנגען, אָן דעם, אַז איך זאָל דאָס האָבן באַמערקט? אויב זיי קאָנען די וווינונג, איז ביטער. ווייל ערשט נעכטן האָב איך דאָרטן איבערגעלאָזן אַ וויכטיקן ראַ־פּאָרט, וואָס איז געקומען פון ליאָן מיט אַ ספּעציעלן שליח. כ'האָב אים טאַקע גוט באַהאַלטן אין דער עלעקטרישער אינסטאַלאַציע, אָבער זיי קאָנען אים געפינען. איך פּרוו אויס צו דערגיין דעם אמת.

— אויב איר קאָנט מיין וווינונג, לאָמיר דאָרט אַהינגיין — זאָג איך.

אָבער זיי זענען נישט געווען דעצידירט איבערצוחזרן דעם עקספּערי־מענט. און אפשר האָבן זיי טאַקע נישט געקאָנט דעם גענויעם אַדרעס?

— זעץ זיך אַוועק אויף דער שטול — מאַכט סאַדאָווסקי. — צי אַראָפּ די שיך, די שקאַרפּעטקעס, די מאַרינאַרקע, דעם פּולאָוווער.

ווען כ׳בין שוין געזעסן האַלב־אויסגעטון, האָט מען מיר אַוועקגעלייגט די פיס אויף אַ צווייטער שטול און אַן אינספּעקטאָר האָט מיט אַן אייזער־נער רוט מיך אַ גלעט געטון אין די פּיאַטעס. כ׳בין אויפגעשפּרונגען. ס׳האָט פּשוט געקיצלט. מ׳האָט מיך צוריק אַוועקגעזעצט אין דער זעלבער פּאָזיציע. אין דעם מאָמענט האָט אַ מאַטראַק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מיין פּלייצע פון הינטן. מן הסתם האָט דער קלאַפּ געשטאַמט פון סאַדאָווסקין גופא.

די רוט האָט גענומען שמייסן מיינע פּיאַטעס, איינס און צוויי, איינס און צוויי: ריטמיש, באַגלייט דורך דער פראַגע:

— ווו איז דיין וווינונג?

עס האָבן אָפּגעהילכט קלעפּ אין דער פּלייצע און אויף די פּיאַטעס. איך האָב פאַרהאַקט די ציין און נישט אַרויסגעלאָזט קיין געשריי. די דערפאַ־רונג לערנט, אַז אויב מען הייבט אָן צו רעדן, פאַרפייניקן זיי אויף טויט, כדי אַלץ צו דערגיין. איך האָב געשוויגן. פאַרביסן די ציין און געשוויגן.

דאָס שלאָגן האָט אויפגעהערט. צי בלוטיק איך? סאַדאָווסקי האָט גע־נומען דעם אייזערנעם מאַטראַק אין דער האַנט אַריין. דאָס איז פאַר מיינע ריפּן.

— מיט דעם וועלן מיר דיך באַאַרבעטן, שמוציקער קאָמוניסט!

איך האָב געשוויגן. מען טאָר נישט עפענען די פאַרהאַקטע ציינער.

אומגעריכט איז געפאַלן אַ קלאַפּ, צו וועלכן איך בין נישט געווען צוגע־גרייט. אַן אינספּעקטאָר האָט מיר געגעבן אַ שמיץ מיט אַ שפּיצרוט אויף די פינגער פון די פיס פון אויבן אַראָפּ. דער ווייטיק איז געווען נישט צו דער־האַלטן. כ׳בין אויפגעשפּרונגען פון שטול, גענומען טאַנצן הינקענדיק אויף די צעשניטענע פּיאַטעס און מוראדיק זיך צערעוועט ווי אין וואַנזין. דאָס „טאַנצן" האָט מיר נאָכמער וויי געטון. אַוועקזעצן זיך האָב איך מורא גע־האַט. כ׳האָב נישט אויפגעהערט צו שרייען. זיי האָבן מיר געכאַפּט ביי די הענט און אַוועקגעזעצט מיט גוואַלד אויף דער שטול מיט די פיס אין דער פריערדיקער פּאָזיציע. איך האָב נישט אויפגעהערט צו וואָיען.

זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן צו שמייסן אין דער פּלייצע און אויף די פּיאַטעס. ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט ווייס איך נישט. די כוחות האָבן גע־נומען נאָכלאָזן. דער מוח האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן. פּלוצלונג איז ווי אַ בליץ אַדורך אין מיין מוח אַ געדאַנק: אפשר איבערחזרן דאָס „טאַנצן" און צווינגען די „פליקעס" אַזוי אַרום אָפּצושטעלן דאָס פייניקן, אויף אַ ווײַלע כאָטש?

דאָס איז מיר געלונגען: כ׳האָב אַזוי שטאַרק גענומען ריטשען און וואָ־יען, אַז זיי האָבן איבערגעריסן דעם סעאַנס. ווי לאַנג וועט עס דויערן? זיי האָבן מיר געהייסן זיך אָנטון. נאָר ס׳איז שווער געווען אַרויפצוציען דאָס רעקל, די פיס זענען נישט אַריינגעגאַנגען אין די שקאַרפּעטן. צוויי אינספּעקטאָרן האָבן מיך גענומען אונטערן אָרעם און אַוועקגעשלעפּט אין

דעפּאָ איבער אַלע שטיגן. זיי האָבן מיך אַריינגעשליידערט אין דער קאַ־מער. כ׳בין געבליבן ליגן אויפן בויך, אומפּעאיק זיך צו באַוועגן. נאָר איך בין געווען צופרידן, כ׳האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

ווייזט אויס, אַז די חברה פון קאַמער האָט שוין געקאָנט דעם צושטאַנד פון די, וועלכע קומען צוריק פון דער אויספאָרשונג. עס איז דאָרט געווען אַ פלעשל מיט קאַמפער־בוימל. אַן אַרעסטאַנט האָט מיך גלייך אויסגעטון זייער פאַרזיכטיק און איינגעריבן אַלע געשוואָלענע ערטער. ער האָט מיך איינגעטוליעט אין מיינע זאַכן און אין די קאָלדרעס. אין אַלע זיינע זשעסטן איז געווען אַן אַ שיעור מיטגעפיל און ממש אַ רירנדיקע צערטלעכקייט. אַ גאַנצן טאָג זענען אַלע אַרומגעגאַנגען אַרום מיר שטיל, ווי אין אַ קליניק און נישט אויפגעהערט צו זידלען די מנוולים, וועלכע האָבן מיך אַזוי צו־גערירכט.

דריי טעג האָב איך אָפּגעקרעכצט, דריי נעכט האָבן קאָשמאַרן מיך גע־מאַטערט. כ׳האָב נישט געקאָנט זיצן, נישט באַוועגן זיך. דאָס עסן איז גע־ווען אַן אָפּקומעניש. אָבער כ׳בין געווען שטאָלץ. כ׳האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, ווי אַנדערע פאַר מיר.

כ׳האָב דאָך נישט געקאָנט ווערן קיין געצייג פון דער פּאָליציי, אַ משרת פון די „פליקעס". האָב איך דען געקאָנט דעזערטירן פון דער ער־שטער ליניע פון פראָנט? די ערשטע טראַנשייען זענען דאָך איצט פאַר מיר אין דער פּרעפעקטור.

האָב איך געקאָנט פאַראַטן מיין פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט? די צוקונפט פון פּאַני, פון די טעכטערלעך, פון אַלע קינדער?

מיר וועלן זיגן. איך וועל זיין צווישן די זיגער. אַ טויטער און אפשר אַ לעבעדיקער.

מאַנטיק אינדערפרי בין איך אַרויס צום ערשטן מאָל אויפן שפּאַציר. אין הויף האָב איך קיינעם פון מיין „אַפּערע" נישט געטראָפן. כ׳האָב זיך געשלעפּט צוזאַמען מיט אַנדערע די פאָר מעטער צווישן די הויכע ווענט און געכאַפּט פרישע לופט. אויף די פיס האָב איך זיך שוואַך געהאַלטן, נאָר דעם מוט האָב איך נישט פאַרלוירן. כ׳האָב נאָר געציטערט פאַר אַ נייער אויספאָרשונג, פאַר נייע פייניקונגען. וועל איך אויך דאָס מאָל זיין ווערט דעם נאָמען פון אַ קאָמוניסט?

מיט אַמאָל הער איך ווי מ׳זאָגט אויפן קול:

— פּאַני זוכט אַלפרעדן.

ווי אַ דונער האָט עס מיך געטראָפן. פון דער שכנותדיקער פרויען־די־וויזיע האָט אַ פרוי אַרויסגעוואָרפן אַ צעטל צו די מענער מיט די דאָזיקע ווערטער. נישט אַנדערש נאָר מיין פּאַני איז אַריינגעפאַלן אין זייערע לאַ־פעס און זוכט מיר צו וויסן צו געבן. די „פליקעס" האָבן אָפּגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט מיט דער דירה אויף פאָרט דע ליילאַ, כדי מ׳זאָל נישט טראַכטן וועגן פאָרט סען־קלו. אינצווישנצייט האָבן זיי צוגערויבט פּאַני און מיט איר אוודאי אויך די קליינע מאָניק.

כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און זיך צעוויינט. דאָס איז גע־ווען דאָס ערגסטע, וואָס האָט מיר דאָ געקאָנט טרעפן. מיינע בריוועלעך זענען, הייסט עס, נישט אָנגעקומען. און אפשר האָבן זיי גאָר געפירט די פּאָליציי צו מיין פאַמיליע? אפשר זענען זיי דערגאַנגען צו שפּעט? כ'האָב געוואָלט פרעגן ביי די פרויען, צי פאַני איז מיט אונדזער טעכטערל, אָדער אַליין. מען האָט אָבער די פרויען נישט צוגעלאָזן מער צום פענצטער.

די מאָראַלישע פּיין איז געווען מער אומדערטרעגלעך ווי די פיזישע. האָבן מיר טאַקע נישט באַוויזן צו פאַרהיטן מאַניקן? וואָס וועט איצט זיין מיט מיין ליבינקער סילווין? אַ קיילעכיקע יתומה? מיין טרייסט איז געווען און געבליבן — די אָרגאַניזאַציע. זי וועט זאָרגן פאַר מיינע יתומים.

די חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אין זעלבן הויף, האָבן זיך באַמיט מיך צו באַרואיקן, צוזאָגנדיק צו זוכן אַ קאָנטאַקט מיט דער פרויען־דיוויזיע און צו דערגיין דעם אמת. טראָץ דער גרויסער אויפרעגונג, האָב איך געזוכט אַ טרייסט אין דער לאָגיק, וואָס האָט אויפגעהערט פריער צו אַר־בעטן. — אויב פאַני וואָלט מיך גערופן, וואָלט זי עס נישט געטון אונטערן דעם נאָמען אַלפרעד, נאָר אונטער דעם פאַרנאָמען פון מיין אידענטיטעטס־קאַרטע — סימאָן. אַ פונק פון האָפענונג האָט זיך באַוויזן. אָבער די אומזי־כערקייט האָט מיך געגריזשעט. אַזוי איז אַוועק דער טאָג אין טראַכטענישן און מאַטערנישן.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען מיך גערופן אויפסניי צו דער אויספאָר־שונג. מיין האַרץ האָט געגומען שטאַרק קלאַפּן. וועלכע „מיטלען" וועלן זיי היינט באַנוצן? וועל איך אויך דאָס מאָל אויסהאַלטן דעם עקזאַמען? כ'האָב אויפסניי באַשלאָסן אָפּצוהיטן דעם כלל פון די ווידערשטענדלער: קיין איין וואָרט, אויסער די אידענטיטעט. דער כלל איז גערעכט. אויב אַן אַרעסטאַנט מיינט פּטור צו ווערן מיט איין ענטפער אויף אַ פראַגע, מאַכט ער אַ טעות. פאַר דער פּאָליציי איז דאָס אַ סימן פון שוואַכקייט און זי וויל דאַן דערגיין אַנדערע זאַכן. מען דאַרף דער פּאָליציי נישט זאָגן דאָס, וואָס זי ווייסט נישט, אפילו ווען עס דאַכט זיך, אַז עס איז אומבאַדייטנדיק.

מען האָט מיך ווידער אַריינגעפירט אין אַ קליינעם וואַרטע־זאַל, ווו עס האָבן דאָס מאָל זיך געפונען צען פּאָליציאַנטן. עס איז אויך אָנגעקומען אַן אינספּעקטאָר. וואַרטנדיק, האָט ער דערוויַיל דערציילט אַ קוריאָז, פון וועלכן איך אַליין האָב זיך אויך צעלאַכט. אַ מיידל פון אונדזער גרופּע האָט גע־האַט אָנגעגעבן אין דער קאַרטע אַלס איר געבורט־שטאָט מאַנבעליאַר, אין די בערג פון זשיראַ. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער, דער אינספּעקטאָר, שטאַמט פון דער דאָזיקער שטאָט. כדי צו כאַפּן אונדזער חברטע ביי אַ ליגן, האָט ער איר געשטעלט אַזאַ פראַגע:

— האָסט ליב קאַנקוואַאָט?

— וואָס איז דאָס? — האָט זי געפרעגט.

און זי איז אַריינגעפאַלן.

די פּאַליציאַנטן האָבן אויך נישט געוווּסט וואָס דאָס איז אַזוינס, דער אינספּעקטאָר האָט אויפגעקלערט, אַז דאָס איז אַ פּליסיקער קעז, פאַבריצירט פון איבערגעקאָכטע אָפּפאַלן פון פרישן קעז. אַ ספּעציאַליטעט פון דער געגנט.

דערווייל האָט מען אַריינגעבראַכט צוויי פרויען אין וואַרטע־זאַל. איינע איז געווען אַ גריכיש מיידל, אַ יידישקע. אַ סטודענטין פון פאַרמאַצעווטישן פאַקולטעט. די צווייטע — אַ פרוי פון לאָדזש. איר מאַן — אַ פראַנצויז, נישט קיין ייד.ביידע פרויען האָט מען אַרעסטירט אָן אַ געלער לאַטע היינט אינדערפרי ביים זעלבן הויז. דאָס גריכישע מיידל האָט געהאַלטן ביים אַרויסגיין פון הויז. די פרוי פון לאָדזש איז צוריקגעקומען מיט אַ קריגל מילך פאַר איר קינד. זייער הויז איז געווען באַלאַגערט אַ גאַנצן פרימאָרגן פון אַ גרופּע אַגענטן, וועלכע האָבן יעדן אַריינגייער און אַרויסגייער אָפּגעשטעלט און געפרעגט אויף פּאַפּירן.

— ווו איז דאָס פאָרגעקומען ? — פרעג איך.

— ביים פּאָרט סען־קלו, 122, בולוואַר מיראַ.

עס איז מיר אויפּסנייַ פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דאָס איז פאַניס אַדרעס. כ'האָב דערוואַרט, אַז יעדע מינוט זאָל זיך באַווייזן דאָ מיין פאַני מיט דער קליינער מאָניק. אויב אַזוי, איז יענע פאַני פון דער פרויען־דיוויזיע, וועלכע האָט געזוכט אַלפרעדן, נישט מיינע. באַלד האָב איך פרובירט זיך איינרעדן, אַז די צוויי פרויען זענען אונטערגעשטעלט דורך דער פּאָליציי. נאָר זייער האַלטונג, זייער טרויעריקע אומבאַהאָלפנקייט האָבן אָפּגעלייקנט מיין אילוזאָרישע טרייסט. כ'האָב נישט געוואָלט זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי פאַני גייט אַרויס אינדערפרי נאָך מילך פאַר מיין מאָניק און פאַרן טויער פרעגט מען זי אויף פּאַפּירן.

דערווייל האָט מען מיך גערופן אויפן פאַרהער. סאַדאָווסקי האָט דאָס מאָל ווידער אָנגעהויבן מיט העפלעכקייט. ער האָט מיר געוויזן פאָטאָס פון מיין שוועגערין, סאַראַ, פון אַ גאַנצער ריי חברים. אויך פון די, וואָס זענען שוין אַרעסטירט געוואָרן פאַר מיר און מיך געפרעגט גאַנץ פריינטלעך, צי איך קאָן זיי. מיין נעגאַטיווער ענטפער האָט נישט געמאַכט אויף אים דעם מינדעסטן איינדרוק. דאַן האָט ער מיר געשטעלט פראַגן וועגן דער פּאָלקס־קליניק, ווי אַשטייגער די צאָל דאָקטוירים, דער בודזשעט אאַ״וו. ער האָט געוואָלט שאַפן אַן אַטמאָספער פון צוטרויִ צווישן אונדז. איך האָב געענטפערט. מיט אַמאָל וואַרפט ער אַריין אַ פראַגע :

— דו ביסט אַ שעף אין דער רעזיסטאַנס ? נישט אמת ?

דאָ בין איך שטום געוואָרן. אַזוי האָט זיך געשלעפּט די קאַץ־ און מויז־שפּיל אַ געוויסע צייט. דער אינספּעקטאָר ביי דער מאַשין האָט געהאַט ווייניק וואָס צו קלאַפּן. די צייט איז געגאַנגען און איך בין נאָך נישט אויסגעטון, הלוואַי, עס זאָל אַזוי דויערן. אויב ער מיינט מיך אויסצומאַטערן, מאַכט ער אַ פּסיכאָלאָגישן טעות. איך בין געוואָרן נאָכמער אַנטשלאָסן.

מיטאַמאָל זאָגט ער צו מיר:
— עס וועט דיך באַלד אויפנעמען דער שעף.
דאָס האָט מיך פאַרוווּנדערט. איז נישט ער דער שעף? מיינט דאָס נייע פייניקונגען?

מען פירט מיך אַריין אין אַ קליינער ביוראָ, וווּ עס זיצט איינער אַליין אַן עלטערער, גראָער מאַן, וועלכער בעט מיך זיצן. מיין פאַרוווּנדערונג נעמט שטייגן. ער הויבט אָן דעם געשפּרעך מיט אַ קאָמישן ענין. אין מיין קאַלענדאַר האָט ער באַמערקט אַ צייכענונג, זאָגט ער, אין דער פאָרם פון אַ טאַנק. צי האָב איך באַציאונגען מיט לאָנדאָן? ער ווייזט מיר די צייכע־נונג. עס איז אַ לאַטייניש׳ער „ר״. אומגעלייגט נעמט ער אָן די פאָרם פון אַ טאַנק מיט אַ קאַנאָן. צי וויצלט ער זיך?

דערנאָך נעמט ער מיר שטעלן פראַגן וועגן יידישקייט, וועגן רעליגיע, וועגן קאָמוניזם, וועגן אידעאַליזם און אַנדערע אַבסטראַקטע פּראָבלעמען. מיינע ענטפערס זענען לאַקאָניש. איך פרעג זיך, צו וואָס ער צילט און כ׳קאָן נאָך דערווייל נישט דערגיין. ער האָט מיר נאָך קיין איין פראַגע קאָנקרעט נישט געשטעלט וועגן מיין טעטיקייט. אינצווישנצייט זענען כסדר געקומען אינספּעקטאָרן מיט פאַפּירלעך אונטערצושרייבן און דער שעף האָט נישט אויפגעהערט צו זאָגן — קיין דראַנסי. ווייל ער דערמיט מיך אָפשרעקן? איז עס אַ שפּיל אָדער אַ טרויעריקער אמת? מיין מוח אַרבעט אָן אויפהער, מען טאָר נישט נאָכלאָזן, נאָר מיטמאַכן זיין שפּיל. מיר וועלן זען, וואָס דאָס וועט ברענגען. צום סוף רופט ער אַריין אַן אינספּעקטאָר און הייסט מיך צוריקפירן אין דעפּאָ. כ׳האָב אָפּגעאָטעמט אַ פאַרוווּנדערטער. נאָך אַ טאָג געוווּנען. פון גרויס צופרידנקייט האָב איך מיט איראָניע אַ זאָג געטון די באַרימט־געוואָרענע פראַזע פון די רוימישע גלאַדיאַטאָרן צו צע־זאַרן פאַרן קאַמף אויף דער צירק־אַרענע, ווו עס האָט זיך דעצידירט זייער גורל:

— אַווע, צעזאַר, מאַריטורי טע סאַלוטאַנט (סאַלוט, צעזאַר, די, וועלכע גייען שטאַרבן, באַגריסן דיך).

ער האָט זיך צעשמייכלט. איך אויך.

אין וואַרטע־זאַל האָט מיך דערוואַרט אַן אומגעריכטער, אויסערגעוויינ־לעך פריידיקער סורפּריז. עס איז אָנגעקומען פאַר מיר אַן אומדערוואַרטע־טע מתנה: אַ פּעקל שפּייז. מיין נערוון־אָנשטרענגונג האָט געהאַט נאָכגע־לאָזן און איך בין געוואָרן הונגעריק. אָבער ווער האָט געטראַכט וועגן אַ שפּייז־פּעקל פאַר מיר? די האַנטשריפט, אַ גוט־באַקאַנטע האַנטשריפט פון אַדרעס האָט געענטפערט אויף מיין פראַגע. דאָס האָט פאַני געטראַכט וועגן מיר, דאָס פּעקל איז אָנגעקומען דורכן „רויטן קרייץ״. נישט בלויז זי האָט זיך געראַטעוועט, נאָר זי האָט גלייך אין זינען געהאַט מיך צו מוטיקן, מיר צו וויסן צו געבן וועגן איר רעטונג. מיט די פּאָר אותיות פון מיין נאָמען אויפן פּעקל האָט פאַניטשקע אָנגעשריבן דעם טייערסטן ענטפער אויף מיינע בריוו.

אַ פּשוטער, פּראָזאַאישער אַדרעס איז געוואָרן אָנגעלאָדן מיטן טיפסטן און האַרציקסטן אינהאַלט. אַ בלויזער, אָפיציעלער אַדרעס איז געוואָרן אַ לאַנגער האַרציקער בריוו, וואָס האָט פאַרטראָטן דעם בעסטן שיפער. אַלע מיינע פראַגן, אַלע מיינע זאָרגן וועגן איר גורל זינט מיין אַרעסט האָבן דאָ באַקומען אַן אויפקלערונג. דאָס בריוול אין הויף פון דעפּאָ פון אַ חברטע פאַני איז נישט געווען צו מיר. אַן אַנדער פאַמיליע פון חברים איז, צום באַדויערן, צעבראָכן געוואָרן. אַן אומצערייסלעכער, אינטימער פאָדים האָט זיך געצויגן צווישן אונדז דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם פּעקל, וואָס איז באַשטאַנען פאַר די פּאָליציאַנטן פון פשוטע שפּייז־פּראָדוקטן, אָבער וועלכער איז געווען פאַר מיר אַן אומצעשטערלעכע בריק צו מיין משפּחה. פון איצט אָן, מערער ווי פריער, וועל איך מיט מיין האַלטונג באַמיען זיך צו פאַרדינען פאַניס צוטרוי. איך קאָן רואיק זיין וועגן גורל פון אונדזערע קינדערלעך, אַזאַ מאַמע וועט זיי באַשיצן. כ׳האָב קוים באַהאַלטן מיין פרייד. די פּאָליציאַנטן האָבן אוודאי זיך געפרעגט, וואָס איז די גדולה אויף מיר. נאָר וואָס קאָנען זיי דאָ פאַרשטיין? איך לאַך זיך אויס איצט פון זיי און פון זייער אָבלאַווע היינט פרי ביי פאַניס טויער אויף בולוואַר מיראַ.

די נאַכט האָב איך ווידער פאַרבראַכט אין דעפּאָ. צומאָרגנס, מיטוואָך, אויפן שפּאַציר האָב איך זיך געטראָפן מיט פיל פראַנצויזישע חברים, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין אַ גרויסן אַרעסט פון אינטעלעקטועלע. זיי האָבן דעם מוט נישט פאַרלוירן. איך בין נאָכמער געשטאַרקט געוואָרן דורך זייער קאָנטאַקט.

דאָנערשטיק איז ווידער אָנגעקומען אַ פּעקל פון פאַנין. ווידער דער אַדרעס געשריבן מיט איר האַנט. די „פליקעס" פאַרשטייען אַ קדחת, וואָס דאָס באַדייט. פאַני איז קליגער פאַר זייער פּאָליציייִשער דערפאַרונג. אונטער זייער נאָז קאָרעספּאָנדירט פאַני מיט מיר מיט איינצלנע אותיות.

פאַרנאַכט האָט מען מיך אַרויסגערופן אין גרויסן זאַל. מען האָט מיר צוריקגעגעבן אַלע קלייניקייטן און געהייסן אונטערשרייבן עפּעס אין אַ בוך. כ׳האָב זיך אויפסניי געטראָפן מיט מיינע חברים, מיט־אַרעסטאַנטן. עס האָט געפעלט די חברטע צפּורה אורבאַך. פאַרוואָס? אַלע האָבן אויסגעפירט בשלמות זייערע ראָלן, ווי עס איז געווען באַשלאָסן. וואָס וועט איצט זיין? דראַנסי?

מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין אַ „פּאַניע אַ סאַלאַד", ווי מען רופט דעם וואָגן, ווו די אַרעסטאַנטן זענען איזאָלירט אין באַזונדערע אָפּטיילונגען, ווי די גוטע סאַלאַד. מען שטייט צווישן צוויי בלעכענע ווענט, אָן אַ מעגלעכקייט זיך אויסצודרייען. דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך זעט מען קוים די פאַריזער גאַסן. מיר פאָרן שנעל.

אויף אַ ראָג בלייבן מיר שטיין. איך קוק אַרויס און מיט שטוינונג דערקען איך דעם בולוואַר סען מישעל. פאָרן מיר, הייסט עס, אויף דרום אין דער צייט, ווען דראַנסי איז אויף צפון־מזרח. וואָס קומט דאָ פאָר? אפשר

גיבן זיי אונדז איבער אין די הענט פון די דייטשן, אין תפיסה שערש־מידי, ביי מאַנפּאַרנאַס, אויף דרום? אפשר פאָרן מיר אין דער תפיסה פון פרען?

דער וואָגן האָט גערירט און גאַנץ שנעל זיך ווידער אָפּגעשטעלט. איך האָב דערזען אַ הויכע וואַנט פון צעמענט. מיר זענען אַריינגעפאָרן אין אַ הויף, עס האָט זיך געעפנט דאָס טירל פון „פּאַניע אַ סאַלאַד". מיר האָבן זיך געפונען אויף אַ הויף, גאָר אין דער תפיסה „סאַנטע". אויסגעצייכנט, אַ תפיסה — הייסט אַ פּראָצעס. מיר וועלן אויסאַרבעטן אַ נייעם סצענאַריאָ. מיר וועלן ווידער קעמפן פאַר יעדן טאָג.

די אָרגאַניזאַציע איז גערעכט, ווען זי ראָט נישט צו זאָגן גאָרנישט ביי דער אויספאָרשונג. וואָלט איך עפּעס געענטפערט, וואָלטן געקומען אַנדערע פראַגן. אויספירנדיק די כללים פון דער אָרגאַניזאַציע, האָב איך אויסגעמיטן נאָכמער צעממיתטט צו ווערן. כ׳בין געווען פיזיש בעסער צוגעגרייט צום ווייטערדיקן, אומבאַקאַנטן וועג.

אויך גייסטיק בין איך געווען גרייט: אָרגאַניזאַציאָנעל בין איך אין אָרדענונג. מיין פּלאַץ אין דער אָרגאַניזאַציע וועלן פאַרנעמען אַנדערע, די באַוועגונג פאַרשטאַרקט זיך כסדר זינט דעם זיג ביי סטאַלינגראַד.

וועגן מיין משפחה בין איך אויך געווען רואיק. פאַני איז נישט אַריינגעפאַלן. איר פּעקל צו מיר באַווייזט אַ קאַלטבלוטיקע אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן מיטן שונא אין אַלע באַדינגונגען.

אין דער נייער לאַגע איז אָפּהענגיק פון מיר, אַז מיין אָרגאַניזאַציע און מיין פאַמיליע זאָלן נישט ליידן פונעם צייטווייליקן זיג פון אָקופּאַנט איבער אונדז. יעדע מינוט דאַרף איך טראַכטן, ווי אַזוי צוריק צו פאַרנעמען דאָס ליידיק־געוואָרענע פּלאַץ. אויך אין תפיסה ווערט פאָרגעזעצט דער קאַמף, אין נייע באַדינגונגען.

קאַפּיטל דרייצן:

# אַן איבערייס

די ערשטע נאַכט אין תפיסה האָבן מיר פאַרבראַכט אַלע פיר חברים אין אַ קאַמער פון די אונטערשטע דיוויזיעס פון „סאַנטע". די פרויען האָט מען אָפּגעפירט אין תפיסה „פּעטיט־ראָקעט". די תפיסה באַשטייט פון צוויי באַזונדערע געביידעס, פאַרבונדן דורך אַ קאָרידאָר. די נייע אָפּטיילונג איז געבויט אויף אַ הויך. די אונטערשטע דיוויזיעס, פון 1 ביז 5, זענען די שמוציקסטע, די עלטסטע. אונדזער קאַמער פאַרנעמט אַ שטח פון 9 קוואַדראַטמעטער, פאַרמאָגט אַ קליין פאַרקראַטעוועט פענצטערל, ברייטע, הילצערנע ברעטער מיט שטרוי־זעק — דאָס קאָלעקטיווע בעט — און אַ גרויסן עמער פאַר די פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן. באַווינט איז די קאַמער פון 6 אַרעסטאַנטן און אַ מאַסע וואַנצן. עס מוז ווער ווער ווען אָפּטרעטן דאָס פּלאַץ, פאַר אַלעמען איז די קאַמער צו קליין. די געוואַלדיקע מענגע וואַנצן האָט, פאַרשטענדלעך, געזיגט איבער דער קלענער צאָל פון מענטשן. די שלאַכט האָט געדויערט אַ פּאָר שעה ביז די זון איז אויפגעגאַנגען. מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס שלאַכט־פעלד און זיך צוריקגעפונען אין קאָרידאָר פון דער תפיסה פרייטיק אינדערפרי.

די אַדמיניסטראַציע האָט אונדז אויפסניי אויסגעליידיקט פון אַלץ. מען האָט אונדז אויסגעבאָדן, פאַרשריבן מיט אַלע פינגערקעס און אונדז מכבד געווען מיט אַ שוואַרצער, לויט דער קאָליר, קאַווע און אַ פּאָרציע שוואַרץ, קלעפּיק ברויט. נאָכדעם זענען מיר אַוועק אין די באַזונדערע „אַפּאַרטאַמענטן", אין די הויכע דיוויזיעס, ליכטיקע און מאָדערנע. איך בין אָנגעקומען אויפן פאַרטער אין דער דיוויזיע 14, קאַמער נומער 7. טעלעפאָן: סאַנטע 07־14.

אין דער קאַמער האָבן זיך געפונען 5 אַרעסטירטע, בלויז פּאָליטישע. זיי האָבן מיך גלייך אַריינגענומען אין דער משפּחה און זיך פאָרגעשטעלט: לעדו, אַן אינטעלעקטועלער; באָווא, אַ מעטאַל־אַרבעטער ביי רענאָ; וויטעליאָ, אַ טוניסער בוי־אַרבעטער; טאַנאָ, אַ שפּאַניער, לייטענאַנט־טאַנקיסט פון דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי און טאַנגי, מעטאַל־אַרבעטער, אַ ברודער פון באַרימטן פּאַרטיזאַנען־פירער, וואָס די געשטאַפּאָ זוכט אַרום מיט ליכט. מיט זיי איז נישט קיין חרפּה צו זיצן אין תּפיסה. אַלע זענען אָנגעקלאָגט אין קאָמוניסטישער טעטיקייט.

מיר ווערן באַשולדיקט אין אַנטי־נאַציאָנאַלער טעטיקייט אויפן יסוד פון די אַנטי־קאָמוניסטישע געזעצן פון סעפּטעמבער 1939. אָבער די אמתע אַנטי־נאַציאָנאַלע טעטיקייט פירן דאָך די, וועלכע האָבן אונדז אַרעסטירט, די ווישיסטן, די משרתים פון פרעמדן, דייטשן אימפּעריאַליזם. איך בין דאָך טריי מיין אַנגאַזשירונג אין דער קאַזאַרמע רעאַי. באַשטראָפט מען מיך פאַר מיין טריישאַפט צו דער דאַזיקער אַנגאַזשירונג? ווער איז ערלעך, פּאַטריאָטיש? מיר, ציִ זיי?

איך האָב זיך באַמיט צו געפינען אַ קאָנטאַקט מיטן דרויסן, אָבער די מעגלעכקייטן פון דעפּאָ האָבן דאָ נישט עקזיסטירט. דערפאַר זענען צופאַלן נישט געווען קיין זעלטנהייט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער טוניסער חבר האָט געוווינט אין 13־טן אַראָנדיסמאַן, אין זעלבן הויז, ווו מיר האָבן מיט אַ קורצער צייט צוריק איינגעאָרדנט אונדזערן אַ חבר. זיי האָבן זיך אפילו געקאָנט, נאָר איינער האָט נישט געוווּסט פון צווייטנס טעטיקייט.

אַדאַנק דעם טוניסער חבר איז מיר געלונגען צו פאַרשטענדיקן זיך מיט פאַנין. ער האָט געהאַט אַ גוטן איינפאַל, ווי צו קאָרעספּאָנדירן מיט זיין פרוי. ער פלעגט וועכנטלעך אַרויסשיקן די אומריינע וועש צו וואַשן. אין קאָלנער פון העמד פלעגט ער אַריינגליטשן דינינקע שטיקלעך פּאַפּיר. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן אָפּצוטרעטן דעם קומענדיקן זונטיק דאָס פּלאַץ און אַרויסצושיקן דאָס מאָל מיינעם אַ בריוו. אַזוי אַרום האָב איך באַשריבן מיין אַרעסט. כ׳האָב אויך צו וויסן געגעבן וועגן ראַפּאָרט, וואָס געפינט זיך אין דער וווינונג אויף ראַמענוויל.

איצט, אַז פאַני איז געווען אויף דער פריי און די אָרגאַניזאַציע איינפאָרמירט, האָב איך געקאָנט צוגרייטן די פאַרטיידיקונג צום פּראָצעס. עס האָט זיך פון אָנהויב אַן אַרויסגעוויזן, אַז איך בויטיק זיך אין אַן אַדוואָקאַט צוליב אַ פשוטן טעם: כ׳האָב נישט געהאַט אין תּפיסה קיין רעכט אויפן עסן און אויף פּעקלעך, ווייל כ׳האָב נישט צוגעשטעלט קיין אמתע שפּייזקאַרטע. די תּפיסה האָט נישט געקאָנט אַנערקענען מיינע פאַלשע קאַרטן. אָבער אויף צו באַקומען אַן אמתע קאַרטע, האָט מען באַדאַרפט זיך ווענדן אין דער מערי פון 11־טן אַראָנדיסמאַן. צו דעם האָט מען באַדאַרפט אַן אַדוואָקאַט.

ביז וואָס־ווען, האָט ער — בעסער געזאָגט, זי, ווייל מיין אַדוואָקאַט איז

געווען אַ פריילין — אומלעגאַל מיר אַריינגעבראַכט פעקלעך אין די קעשענעס.

פאַני האָט דורך איר קאָרעספּאָנדירט מיט מיר, ווייל מיר האָבן פון אָנהייב נישט געוואָלט, זי זאָל שיקן בריוו דורך פּאָסט. איינער פון מיינע צוויי בריוו, פון דעפּאָ, איז דערגאַנגען צו פאַנין דורך דער גרויסער סילווי, וועלכע האָט זיך גלייך אָריענטירט, און שוין פרייטיק, אַ טאָג נאָך מיין אַרעסט, האָט פאַני פאַרלאָזט די וווינונג אויף בולוואַר מיראַ. זי האָט פאַרפּאַקט אַ וואַליזקע מיט נאַסע ווינדעלעך, האָט אַראָפּגענומען דעם טעפּיך פון פענצטער און איז גלייך פאַרשוווּנדן מיט מאָניקן אויף דער האַנט. דאַן איז זי אַוועק אויף אַ ראַנדעוווּ, וואָס איך האָב געזאָלט האָבן מיטן חבר טשאַרני און האָט אים איבערגעגעבן די נישט־פריילעכע נייעס. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז פאַני פאַרלאָזט פאַריז און פאָרט צייטווייליק אַוועק אויפן דאָרף.

אויב דער באַשלוס איז פון קאָנספּיראַטיוון שטאַנדפּונקט געווען אַ ריכטיקער, האָט ער אָבער נישט געשטימט מיט פאַניס האַרץ, מיט אירע געפילן. דורך דער גרויסער סילווי האָט זי דערשפּאַרט צום רויטן קרייץ און מיר אַריינגעשיקט דעם וווּנדערבאַרן ליבעס־בריוו: דאָס פּעקל מיטן אַדרעס, געשריבן מיט איר האַנטשריפט.

דעם זעלבן דינסטיק, ווען די פּאָליציי האָט באַלאַגערט אינדערפרי די געביידעס פון 122 בולוואַר מיראַ און אַרעסטירט די פרויען, וואָס איך האָב געטראָפן אין דעפּאָ, איז פאַני, פאַרשטענדלעך, שוין דאָרט נישט געווען. אָבער זי איז דאָרט צוריקגעקומען נאָכמיטאָג און אין איינעקע שעה אויסגעליידיקט די וווינונג. זי האָט מיטגענומען וועש, באַזונדערס מאָניקס זאַכן. אַ גליק, וואָס זי איז נישט געקומען אינדערפרי.

ווען מאָניק איז געווען פאַרזאָרגט, האָט פאַני געטראַכט וועגן ריינמאַכן מיין וווינונג אויף ראָמענוויל. וועגן דער דריטער וווינונג אויף אַוועני דע סעגיר האָט זי זיך נישט געקימערט. נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט צו זיין אין פאַריז, איז זי אַוועק אין אַ פינצטערער נאַכט, האָט אויפגעזוכט דעם באַהאַלטענעם ראַפּאָרט פון ליאָן, מיטגענומען אַ וואַליזקע וואַרעמע וועש פאַר מיר און איז פאַרשוווּנדן.

האָבנדיק באַרואיקט איר מאַן, באַזאָרגט די קינדער, פאַרהיט די אָרגאַניזאַציע, האָט פאַני פאַרלאָזט פאַריז.

מיט די קינדער האָט זי געוווינט ביי מאַדאַם באָדמער, ווען זי האָט דערציילט, אַז מיך האָט מען געכאַפּט און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד אַלס „ס. ט. אָ.‟ — אויף אָבליגאַטאָרישער אַרבעט, הייסט עס. דער דאָזיקער תירוץ האָט איר דערמעגלעכט צו באַקומען אַביסל שפּייז און מיר איבערצושיקן פעקלעך „קיין דייטשלאַנד‟.

מיר האָבן ווייניק געגלויבט אין דער פּערספּעקטיוו פון אַ פּראָצעס. קיינער פון אונדזעריקע איז נישט געשטעלט געוואָרן פאַר קיין פראַנצויזיש געריכט, זיי פלעגן געשטעלט ווערן פאַר אַ דייטשן טריבונאַל, אָדער דירעקט פאַרשיקט ווערן קיין דראַנסי. אַ געוויסע צייט נאָך אונדזער אַרעסט

האָבן מיר אפילו געהאַט דערפון אַ באַשטעטיקונג. עס איז דערגאַנגען אַן אינפאָרמאַציע, אַז דער זון פון חבר יצחק קראַסוצקי, פירער פון דער אינ־טערסינדיקאַלער קאָמיסיע, אַנרי, געפינט זיך אין דער „סאַנטע", אין דער 12־טער דיוויזיע, צווישן די יוגנטלעכע. איך האָב באַשלאָסן זיך צו פאַר־בינדן מיט אים. דאָס איז נישט געווען לייכט, ווייל צוקומען צו אַן אַנדער דיוויזיע איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. אָבער, ווען עס איז מיר סוף־כל סוף געלונגען אַריינצודרינגען אין דער 12טער דיוויזיע, האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז אַנרי קראַסוצקין האָט מען שוין צוגענומען. וווהין איז אומבאַקאַנט. דראַנסי, פרען, אָדער שערש־מידי? און אפשר איז ער בכלל נישט אָנגעקו־מען אין „סאַנטע"? איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיר וועלן אויך לאַנג נישט פאַרבלייבן אין דער תפיסה.

דערווייל פלעג איך זיך טרעפן מיטן אַדוואָקאַט און באַטראַכטן די עווענטואַליטעט פון אַ פּראָצעס.

דאָס לעבן אין תפיסה האָט זיך אָרגאַניזירט וואָס אַמאָל בעסער. די פּאָליטישע אַרעסטירטע זענען געווען גרופּירט אין קאָמערן, האָבן שפּאַ־צירט צוזאַמען. דער שפּאַציר האָט געדויערט, לויטן רעגולאַמין, לענגער ווי ביי די קרימינעלע. דער רעזשים איז אויך געווען לייכטער. די הונדער־טער פּאָליטישע אַרעסטירטע האָבן אין לויף פון חדשים אַרויסגעריסן קליינע פּריווילעגיעס, וואָס פאַרלייכטערן דאָס לעבן. למשל: מאַכן פייער אין קאָמער איז פאַרבאָטן, אפילו זייער שטרענג. אָבער די פּאָליטישע ווערן נישט באַשטראָפט מיט קאַרצער, אויב מען פּאַקט זיי ביים קאָכן קאַווע.

יעדן אָוונט פלעגט אַ חבר איבערגעבן אַ פּאָליטישן קאָמוניקאַט דורכן פענצטער. די פּאָליטישע אַרעסטירטע האָבן באַשטימט אַ תפיסה־אָנפירונג, וועלכע האָט אַרויסגעשטעלט כסדר פאָדערונגען. עס זענען אויך איינגע־אָרדנט געוואָרן אין קאָמער דיסקוסיעס און קורסן. חבר טאַנאַ האָט זיך געלערנט פראַנצויזיש, מאַטעמאַטיק און געאָגראַפיע.

מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט „פּאַק־קורסן". יעדער חבר פלעגט אויס־לערנען די אַנדערע זיין פאַך.

אַזוי האָט דער חבר באָווא אונדז דערציילט, ווי אַזוי עס ווערט פון ליים געקנאָטן אַ פאָרמע, אין וועלכער מען גיסט נאָכדעם דאָס שמעלץ־אייזן. דאָס ליים מוז זיין פון אַ געוויסער קוואַליטעט, גוט צונויפגעאַרבעט, עס טאָרן נישט בלייבן קיין גראָבע שטיקער. עס מוז זיין גלאַטיק, איידל, אויב נישט, צעפאַלט עס זיך אין פייער אויף שטיקלעך און דינט צו גאָרנישט. ווען דאָס ליים איז גוט, ווערט עס אין פייער פאַרהאַרטעוועט און דער גוס קומט אַרויס גלאַטיק, געראָטן.

לעדו האָט אונדז דערציילט, ווי אַזוי מען פאַבריצירט פּאָרצעליי און ציגל.

אין די קאָמערן האָבן זיך אויך געפונען אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטיר־טע, באַזונדערס גאָליסטן. זייער נאַאיוויטעט איז געווען נישט צו באַגרייפן.

ביי זיי איז מען גלייך דעם ערשטן טאָג דערגאַנגען ווער עס אַרבעט באמת פאַרן „אינטעלידזשענס סערוויס‟ און ווער עס פלאָפּלט סתם אין דער וועלט אַריין. זיי האָבן אָפּט נישט געקאָנט די עלעמענטאַרסטע פּרינציפּן פון אומלעגאַלער אַרבעט. אמת איז, אַז יעדער אַרעסטירטער גאָליסט האָט גלייך אין דער פּאָליציי באַקומען עפּעס אַ קאָנטאַקט מיט זיין אָרגאַניזאַציע און איז שוין געווען ווי „ביי זיך אינדערהיים‟. זיי האָבן געהאַט רעגולערע וויזיטן פון זייערע פאַמיליעס. מען האָט זיי אָפּט אַרויסגערופן פון קאַמער צום „פּאַרלואַר‟ מיט זייערע אַדוואָקאַטן.

די וויזיטן אין „פּאַרלואַר‟ האָבן פאַר מיר נישט עקזיסטירט. קיינער פלעגט צו מיר נישט קומען, האָט נישט געטאָרט קומען. אַלע מיינע נאָענטסטע זענען געווען אין אומלעגאַליטעט. די איינציקע פאַרבינדונג איז געווען דער בריוו. אַנדערע פלעגן אַרויס פון קאַמער זען זייער משפחה, זיך אַדורכשמועסן, קוקן אויף זייערע קינדער, זאָל זיין בלויז אויף 10 מינוט. אפילו טאַנאַ, אָן אַ פאַמיליע אין פראַנקרייך, פלעגט אַרויסגערופן ווערן צום וויזיט אין „פּאַרלואַר‟. אפילו די פאַמיליעס פון די פראַנצויזישע יידן פלעגן קומען מיט געלע לאַטעס. ווי האָב איך דאָס אין אַזעלכע מאָמענטן געבענקט נאָך מיינע נאָענטסטע, נאָך אַ וואָרט פון פאַני, נאָך אַ לאַך פון סילווי, נאָך אַ שמייכל פון מאָניק.

אין חודש יוני איז אָנגעקומען אַ שרעקלעכער בריוו פון פאַני. עס איז אַריינגעפאַלן מיין שוועגערין סאַראַ, די פאַרבינדלערין סאַראַ, די איבערגעגעבענע אַקטיוויסטקע פון דער פאַרמלחמהדיקער „רויטער הילף‟, פון סינדיקאַט פון דאַמען־שניידער, פון די פריינט פון דער „נייע פּרעסע‟. איינע פון די ערשטע אונטערערדישע טועריגס אויפן 19־טן אַראָנדיסמאַן, איינע פון די ערשטע פאַרבינדלערינס פון אונדזער באַוועגונג, די אויסגעצייכנטע מיטאַרבעטערין פון אונדזער אָנפירונג, סאַראַ, וואָס איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט די פּאָלקס־מאַסן, סאַראַ, וועלכע האָט אונדז אַריינגעפירט אין אומבאַקאַנטע קרייזן — אָט די טייערע סאַראַ איז איצט אויך אַריינגעפאַלן.

פאַני האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מיט אַ צייט צוריק, אַרויסגייענדיק פון אַדוואָקאַט אין 16־טן אַראָנדיסמאַן, האָט זי זיך געטראָפן מיט סאַראַן אויף אַ ראַנדעוווּ. זינט מיין אַרעסט האָט די אָרגאַניזאַציע פאַנין געהייסן אָפּשניידן געוויסע קאָנטאַקטן, געבליבן אין פאַרבינדונג מיט איר זענען נאָר סאַראַ און דעם געלן לעאָנס פרוי, גוטאַ. פאַני האָט דעם טאָג באַמערקט, אַזביידע, סאַראַ און זי, ווערן נאָכגעפאָלגט דורך „פליקעס‟, וועלכע טוישן זיך אין וועג. אָט איז זיי נאָכגעגאַנגען איינער מיט אַ טעפּל מילך, שפּעטער — אַ צווייטער. צום סוף האָבן זיי ווידער געטראָפן דעם זעלבן מיטן טעפּל מילך. עס האָט געמוזט עקזיסטירן אַ סיסטעם פון בייטן די „פליקעס‟ נאָך אַ געוויסער צייט, עס זאָל נישט ווערן אויפפאַלנדיק.

פאַני האָט נישט געוווּסט, צי דאָס „שלעפּט‟ זי נאָך זיך דעם „פליק‟ פון דעם אַדוואָקאַטס הויז אָן, אָדער איז סאַראַ אַ „זשאַלאָן‟. אַ גאַנצן טאָג איז

זי אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, אײדער זי האָט גענומען דעם צוג אויפֿן לוקסענבורגער וואקזאל. אַראָפּגײענדיק אין סען־רעמי, האָט זי זיך לאַנג אַרומגעדרײט, כדי צו זען, צי זי שלעפּט נישט מיט זיך קײן „וואַנץ" ביז אַהײם, ביז צו אונדזערע קינדערלעך. נאָך דער דאָזיקער געשיכטע האָט זי אויף יעדנפֿאַל אָפּגעשניטן דעם קאָנטאַקט מיטן אַדוואָקאַט.

צווישן פֿאַנין און מיר האָט די קאָרעספּאָנדענץ געקאָנט גײן בלויז לויט רמזים. די צענזור האָט אַלץ געלײענט. מיר האָבן געציטערט, אַז די פּאָלי־צײ זאָל נישט זוכן דעם קוואַל פֿון מײנע שפּײַז־פּעקלעך. פֿאַני האָט פֿאַר־געשלאָגן דער פֿרוי פֿון טונעזישן חבר, אַז צוזאַמען מיט דעם פּעקל פֿאַר איר מאַן זאָל זי אַרײנטראָגן אין „סאַנטע" דאָס פּעקל פֿאַר מיר. דאָס איז געלונגען אַזוי לאַנג, ווי לאַנג דער חבר איז געזעסן אין „סאַנטע". אָבער ער האָט אינגיכן פֿאַרלאָזט די תּפֿיסה.

דאַן איז פֿאַני געפֿאַלן אויף אַן אַנדער המצאה. דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון מאַדאַם באָדמער האָט זי אויסגעזוכט אַ פֿרוי פֿון רי הערמעל, אין 18־טן אַראָנדיסמאַן, אַ וועשערין, מאַדאַם לעסעוור, וועלכע איז מסכּים געווען פֿאַר אַ קלײנעם אָפּצאָל צוצוטראָגן דאָס פּעקל אין „סאַנטע", אַרויסבאַקומען די אומרײנע וועש און צוריקברענגען די רײנע.

נאָך סאַראַס דורכפֿאַל האָב איך געוואָלט באַדײַ זיך אָפּזאָגן פֿון די פּעקלעך און נישט ריזיקירן מיט פֿאַני. נאָר זי איז נישט מסכּים געווען. זי פֿלעגט גײן פֿון מעניל־סעווען קײן שעוורעז, כדי צו באַקומען אַביסל שפּײַז, אַ שטיקל פֿלײש, אַביסל פּוטער און האָט צונויפֿגעשטעלט דאָס וועכנטלעכע פּעקל. זי האָט אויך באַדאַרפֿן זאָרגן פֿאַר איר אײגענער באַ־שפּײַזונג און פֿאַר די קינדער. זי האָט אויסגעפֿונען אַ פֿרוי, וועלכע פֿלעגט איר ברענגען שפּײַז־טיקעטן אויף אירע פֿאַלשע קאַרטן.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען שווערע קלעפּ. נאָך סאַראַס דורכ־פֿאַל איז אַרײַנגעפֿאַלן דער חבר יידל קאָרמאַן, מײַן שול־חבר אפֿרים ליפּ־צער און זײַן פֿרוי, די „טעכניק" אויף אַוועני דע ווערסאיל, מיט ראַשעלן, אָבער אַן דער שוואַרצער פֿאַלאַ, ווי אויך אַ גרויסע יוגנט־גרופּע. אַן אמתער חורבן. מען האָט אָפּגעשניטן פֿיל קאָנטאַקטן. קײן געלט איז נישט געווען. גוטאַ איז געבליבן דער אײנציקער פֿאַדים מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר פֿאַנין.

עס איז געוואָרן גאָר שווער. צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים האָב איך אפֿילו נישט געקאָנט אויסגיסן מײַן ביטער האַרץ פֿאַר מײנע מיט־אַרעסטיר־טע. פֿאַר זײ בין איך געווען פֿאַרהײראַט. אָבער מײַן פֿרוי איז געווען אין „בעפּל", ווי מען האָט געזאָגט בײַ אונדז, דאָס הײסט אויף אַן אומבאַקאַנטן אַדרעס.

די צײַט האָט זיך געשלעפּט און מיר זענען נאָך אַלץ געזעסן. הלוואי זאָל עס אַזוי דויערן. די סאָוויעטישע קאָנטר־אָפֿענסיווע האָט זיך אַנטוויקלט אין די זומער־חדשים. די דײַטשע קאָמוניקאַטן האָבן כּסדר גערעדט וועגן סטראַטעגישע ריקצוגן. „אַן פֿאַרלוסטן", פֿאַרשטײט זיך. פֿאַרקערט,

ווען מען זאָל צונויפרעכענען די סאָוויעטישע פאַרלוסטן, מיט וועלכע די דייטשן באַרימען זיך אין זייערע קאָמוניקאַטן, האָבן זיי שוין דערהרגעט מער סאָלדאַטן, ווי עס פאַרמאָגט די רויטע אַרמיי. אויך די אַלירטע זענען אַריבער קיין אייראָפּע, קיין איטאַליע.

אין תפיסה איז אָנגעקומען אַן אויפטרייסלענדיקע פּאָעמע, וואָס איז געגאַנגען אומלעגאַל פון קאַמער צו קאַמער, פון האַנט צו האַנט, אַ פּאָעמע אונטערן נאָמען „אַ גרוס דיר, מאַריאַ פון פראַנקרייך". דער אויטאָר האָט זיך באַהאַלטן אונטערן פּסעוודאָנים פראַנסואַ לאַ קאָלער (פראַנסואַ דער צאָרן). מען האָט גערעדט, אַז לויטן סטיל איז דאָס אַראַגאָן, דער גרויסער היינטצייטיקער פראַנצויזישער וואָרט־מייסטער.

אין דערשיטערנדיקע בילדער האָט דער דיכטער באַשריבן דעם רעאַלן דאַנטעאישן גיהנום — אוישוויץ, דאָס מאַרטירער־לעבן פון דאַניעל קאַזאַנאָוואַ, די פירערין פון דער פראַנצויזישער באַוועגונג פאַר יוגנטלעכע מיידלעך, פון מאַרי קלאָד וואַיאַן־קוטיריע, פון פראַנס בלאָך, די טאָכטער פון גרויסן שרייבער זשאַן רישאַרד בלאָך און שנור פון פּראָפעסאָר פּאָל לאַנזשעווען, און פון אַנדערע פראַנצויזישע דעפּאָרטירטע. אין דאָזיקן גיהנום שוועבט דער קאַמפס־גייסט און עס גייט אויף, נאָך סטאַלינגראַד, די האָפענונג.

די דאָזיקע פּאָעמע האָט אונדז דערשיטערט ביז אין די טיפענישן. אָט אין אַזעלכע באַדינגונגען געפינען זיך אונדזערע דעפּאָרטירטע! גרויזאַם וועט דאַרפן זיין אונדזער נקמה פאַר די דאָזיקע פאַרברעכנס. נישט פאַראַן קיין גרענעץ פאַר אונדזער שנאה, פאַר אונדזער האַס.

מען דאַרף אויסדויערן, פאַרבלייבן וואָס לענגער אין תפיסה, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסזען. אַ טאָג אין „סאַנטע" איז מיט אַ טאָג ווייניקער אין דראַנסי. ווען מיר טאָקע דערלעבן צו אַ פּראָצעס, דער ערשטער פון דעם מין? עס ווייזט אויס, אַז יאָ. אָט רופט מען אונדז צום פאַרהער. דער אויספאָרש־ריכטער, אַנזשיראַס, איז, מן־הסתם, אַ פּאַטריאָט. ער שטעלט אַזוי די פראַגן, אַז דער ענטפער לייגט זיך אויף דער צונג אַליין, אַפילו די „ראַנעאַ" ביי דער יוגנטלעכער ווערט נישט געפערלעך.

נאָך אייניקע פאַרהערן האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז דער גאַנצער ענין איז אַוועק אויף קרימינעלע אָנקלאַגעס, נישט פּאָליטישע. וואָס באַדייט דאָס? איז עס גוט אָדער שלעכט? מיר האָבן באַטראַכט פאַרשידענע השערות און מיר זענען געקומען צו דער קאָנקלוזיע, אַז דער אויספאָרש־ריכטער ווייסט וואָס ער טוט.

אַ פּאָליטישער אורטייל איז אַן אַפּעלאַציע. נאָך אַ פּאָליטישן פּראָצעס שיקט מען די פאַרמשפּטע גלייך אַוועק. נישט־יידן אויף דעפּאָרטאַציע קיין דייטשלאַנד, יידן — קיין דראַנסי. דאָס באַדייט קיין אוישוויץ. אָבער אַ קרימינעלער פּראָצעס קאָן דויערן, קאָן האָבן אַן אַפּעלאַציע. וואַרטנדיק אויפן אַפּעל, מוז מען דערווייל אָפּזיצן די שטראָף. די טעג וועלן לויפן דערווייל, די דייטשן אויך.

אין סעפּטעמבער 1943 האָט מען אונדז גערופן אין געריכט. 8 האָבן מיר זיך דאָ אָפּגעפונען. די חברטע אורבאַך האָט מען אַוועקגעשיקט קיין דראַנסי. פאַרוואָס עפּעס?

מיר זענען דערגאַנגען, אַז די אַדוואָקאַטן האָבן צעטיילט די אָנקלאַגעס אויף קרימינעלע און פּאָליטישע. איין זאַך האָבן מיר זיך געוווּנטשן: צו באַקומען אַ גרויסע שטראָף. קיין שום אַנדערער קרימינעלער אַרעסטאַנט וועט דאָס נישט באַגרייפן. די דעמאָלטיקע אָנקלאַגע איז נישט געווען די זעלבע ווי נאָך דעם אַרעסט. מיר זענען געמשפּט געוואָרן בלויז פאַר פאַל־שע פּאַפּירן. די פּאָליטישע אָנקלאַגע האָט געהייסן די „צווייטע אָפּערע", זי וועט קומען שפּעטער. הלוואי זאָל זי בכלל נישט קומען.

דער פּראָצעס אין דער 15־טער קאַמער האָט נישט לאַנג געדויערט. אפשר אַ שעה. דער פּרעזידענט האָט עפּעס געלייענט, אונדז אויסגעפרעגט וועגן דער אידענטיטעט און געשטעלט אַ פּאָר פראַגן, אַן באַדייטונג. איך בין געווען פולשטענדיק רויִק. דאָס וואָרט האָט באַקומען אַדוואָקאַט גרי־מאַלדי, יאַקובאָוויטשעס אַדוואָקאַט:

— הער פּרעזידענט — האָט ער פאַרענדיקט נאָך אַ פּאָר מינוט — זאָל אייך נישט וווּנדערן, וואָס צום ערשטן מאָל אין מיין קאַריערע, בעט איך אייך צו באַשטראָפן מיט דער העכסטער שטראָף.

מיר האָבן מורא באַקומען פאַר די דאָזיקע ווערטער. אין געריכט זיצן „פליקעס". אפשר אויך דייטשע אינספּעקטאָרן.

מיטאַמאָל האָט דער פּרעזידענט גענומען שנעל עפּעס לייענען, זאָגנ־דיק צום סוף נאָר איין זאַץ, וואָס מיר האָבן פאַרשטאַנען:

— פאַראורטיילט אויף צוויי יאָר.

מיר האָבן זיך נישט געגלויבט אונדזערע אייגענע אויערן. ער האָט עס געזאָגט אַזוי שטיל און אַזוי שנעל, אַז מיר האָבן איבערגעפרעגט די אַד־וואָקאַטן, זיי האָבן געשטראַלט! זייערע קליענטן האָבן באַקומען דעם מאַק־סימום: צוויי יאָר. מיר האָבן געהאַט צייט פאַר זיך. באַקומענדיק אַזאַ וווּנ־דערבאַרן אורטייל, האָבן מיינע הענט גענומען ציטערן פון אויפרעגונג. איך האָב זיך נישט געקאָנט באַרויִקן, וואָס אַלץ איז געווען אַזוי גוט פאַרענ־דיקט. מיר וועלן מאַכן אַן אַפּעלאַציע, אָבער זי וועט שוין אָנקומען, מן־הסתם, נאָך דער באַפרייאונג.

אָט האָט דאָס איטאַליענישע פאָלק צעבראָכן די אַקס מיט היטלערן. אי־טאַליע איז אַרויס פון די נאַצישע לאַפּעס. דעם 2־טן סעפּטעמבער האָט זי קאַפּיטולירט. מוסאָליני איז אַנטלאָפן. איין אַלירטן האָבן „זיי" פאַרשפּילט. עס וועט שוין נישט דויערן קיין צוויי יאָר, מיר וועלן שוין אַרויס גאַנצע, אויב... אויב מען וועט אונדז פריער נישט צונעמען פון תפיסה.

ענדע אָקטאָבער, צום ערשטן געבוירנטאָג פון מיין מאָניק, איז מיר גע־וואָרן טרויעריק אויף דער נשמה. איין יאָר שוין נאָך דער גרויסער געשעע־ניש. אַרום און אַרום האָב איך זיך מיט איר געשפּילט עפּעס מער ווי פיר חד־שים. אַ פּיצעלע, זי האָט נאָך נישט געשמייכלט, ווי עס געהערט צו זיין. און

איצט, צום ערשטן געבוירנטאָג קאָן איך איר אפילו קיין קוש נישט געבן. אָבער אַ מתנה האָב איך איר געשיקט, אַ פערד, אַ הילצערן פערד, אויסגעשניצט מיט אַ פאַרבאָטן מעסערל און אַ געגנבעט ברעטל פון דער פּאָדלאָגע און אַרויסגעטראָגן בגנבה אונטערן מאַנטל צום אַדוואָקאַט. כ׳האָב געהיטן דאָס פערד, אַז עס זאָל זיך נישט צעברעכן. כ׳בין צוריקגעקומען אין קאַמער אַ גליקלעכער, וואָס מען האָט מיך נישט דורכגעזוכט אויפן וועג.

כ׳האָב באַקומען אַ בריוו פון פאַני, אַז די קליינע האָט נאָך נישט גענוג שכל אָפּצושאַצן דעם ווערט פון אַזאַ מתנה. מיר׳ן צוואַרטן.

אין אַן אַנדער בריוו שרייבט פאַני, אַז זי האָט פאָרגעשלאָגן דער אָרגאַניזאַציע צוריקצושטעלן זיך צו דער אַרבעט. זי פרעגט מיין מיינונג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי טאָר נישט בלייבן אומטעטיק, ווען די פּאַרטיי נויטיקט זיך אין טוער, ווען אַזויפיל זענען אַרעסטירט געוואָרן. כ׳האָב געגעבן מיין הסכם. אַזוי האָט אויסגעזען אונדזער משפחה. דער טאַטע אין תפיסה, די מאַמע אין טעגלעכער געפאַר, די קינדער אין פרעמדע הענט.

אויך אין דער נייער לאַגע האָט פאַני געפונען אַן אויסוועג: זי וועט וווינען אויפן דאָרף און יעדן טאָג וועט זי אַריינפאָרן קיין פּאַריז צו איר „פּאַטראָן”, אַ חבר פון דער „מ. אָ. אי.”. איר פונקציע איז געווען אין דער צענטראַלער אָנפירונג פון די אויסלענדישע גרופּעס. די קינדער האָט זי פאַרטיילט: מאַניק האָט זיך געפונען אין אַ פאַמיליע פון פּאָסט־אָנגעשטעלטע, סילווי — ביים הויז־וועכטער פון פּאַלאַץ דאַמפּיער (נישט ווייט פון שטעטעלע לאַ־שעוורעז), פאַרנומען דורך אַ דייטשער מיליטערישער אָפּטיילונג. איראָניע פון גורל!

דער מאַדאַם באַדמער האָט זי געזאָגט, אַז זי פאָרט אַרבעטן קיין פּאַריז נאָכדעם, ווי איר מאַן איז פאַרשיקט געוואָרן. צי מאַדאַם באַדמער האָט זיך אין עפּעס אָנגעשטויסן, איז נישט באַקאַנט. יעדנפאַלס איז זי איינגעגאַנגען אויף פאַניס נייער אידיי: אַזוי ווי — האָט פאַני געזאָגט — עס איז אַלץ מעגלעך היינטיקע צייטן, וועט זי איבערלאָזן אין דעפּאָזיט ביי מאַדאַם באַדמער 10 טויזנט פראַנק, וואָס זאָלן דינען אין פאַל פון אַן אומגליק. זאָל די מאַדאַם באַדמער זאָרגן פאַר די קינדער ביז נאָך דער מלחמה.

כ׳בין פאַני מקנא געווען: זי זעצט פאָר די אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע. ווי שווער אירע באַדינגונגען זאָלן נישט זיין, זענען זיי לייכטערע ווי מיין געצווונגענע אומאַקטיוויטעט און מיין אומזיכערער מאָרגן, וואָס קאָן זיך ענדיקן דורך אַ קויל אויפן הויף פון „סאַנטע”, אָדער דורך אַ „רייזע” קיין אוישוויץ.

אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער האָט געזאָגט, אַז זיצן אין תפיסה איז פאַר אונדז נישט קיין חרפּה, אָבער אויך נישט קיין כבוד, נאָר אַן אומגליק.

כ׳האָב אָפט געטראַכט מיט פרייד וועגן די, וואָס זעצן פאָר דעם קאַמף, וועגן די אומבאַזיגבאַרע, וועגן די מאָרגנדיקע זיגער אין באַפרייטן לאַנד.

פאַני האָט מיר צו וויסן געגעבן מיט אַ שטאַרקער פאַרשפּעטיקונג, אַז אין וואַרשע איז פאָרגעקומען אַ גרויסער אויפשטאַנד פון די יידן אין געטאָ

און אַז די שלאַכט האָט אָנגענומען אַ ריזיקן פאַרנעם. צום באַדויערן האָט זי נישט געקאָנט קיין פּרטים. די אומבאַגרייפלעכע געשעעניש, וועלכע איז גלאָריפיצירט געוואָרן אין מאָסקווער ראַדיאָ און אין דער פּאַרטיי־ליטעראַ־טור, איז נאָך פאַרגעקומען אין אַפּריל, נאָר דאַן האָט פּאַני נישט פאַרמאָגט קיין קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזאַציע. זי ווייסט נאָר, אַז געוויסע פּוילישע חברים זענען איבערגעשיקט געוואָרן מיט אַ צייט צוריק פון פּאַריז קיין פּוילן „אויף אַרבעט״.

מיין פאַנטאַזיע האָט, פאַרשטענדלעך, גענומען אַרבעטן. אַ יידישער אויפשטאַנד! אַ קאָלעקטיווער אַרויסטריט! נישט קיין פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, ווי ביי אונדז, נאָר אַ מאַסע פון קעמפער. אָבער וואָס פאַר אַ שרעקלעכע באַדינגונגען אין אַ געטאָ. ווי לייכט עס איז דעם שונא צו קאָנצענטרירן דאָס גאַנצע פייער אויף די אינטערנירטע. אַ געטאָ — דאָס איז איין גרוי־סער קאָנצענטראַציע־לאַגער.

דער עכאָ פון די שאָסן אין וואַרשע האָט שטאַרק געקלונגען אין מיינע אויערן. דער חותם פון די מאָדערנע צייטן איז דער אַנטשלאָסענער, קאָמ־פּראָמיסלאָזער קאַמף קעגן אונטערדריקונג, קעגן פאַשיזם.

די טעג אין תפיסה זענען געוואָרן אויסגעפילט דורך דיסקוסיעס אַרום די נייע פּאָזיציעס פון דער דייטשער אַרמיי. דער „השיבנו נאַזאַד״ פון מזרח אויף מערב האָט זיך פאַרשנעלערט. דאָס זעלבע, כאָטש אין אַ קלענערער מאָס, איז פאַרגעקומען אין איטאַליע. די קענער פון געאָגראַפיע זענען גע־וואָרן זייער חשוב.

דער תפיסה־רעזשים האָט רעגולער עפּעס נאָכגעלאָזט פון זיין שטייפ־קייט. מיר זענען אַוועק צום דירעקטאָר און געפאָדערט צו פאַרבעסערן די באַהייצונג פון די קאַמערן. צו דעם האָבן מיר אויסגעטיילט פון יעדער קאַ־מער איין חבר. פון מיינער בין איך אויסגעוויילט געוואָרן. מיר האָבן זיך געריכט צו באַקומען אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג. נאָר די צייטן זענען מער נישט געווען די זעלבע. דער דירעקטאָר האָט מיט אונדז דיסקוטירט, באַמיט זיך צו באַווייזן די טעכנישע שוועריקייטן. מיר האָבן אים געגעבן אַ טעכנישע עצה. די פּאָליטישע אַרעסטירטע זענען פאַכלייט, נישט קיין קרימינעלע ליידיקגייער. מיר האָבן אויסגעפירט אונדזער שליחות. מען האָט בעסער געהייצט.

אויך דער רויטער קרייץ האָט געזוכט זיך איינצוקויפן ביי אונדז אין יחוס. אויף ניי־יאָר האָבן אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע באַקומען גוטע שפּייז־פּעקלעך. אויך די קאַטאָליקן — כ׳ווייס נישט וועלכע — האָבן זיך אַרומגע־זען, אַז עס זיצן פּאָליטישע אַרעסטירטע אין תפיסה און אַריינגעשיקט שפּייז־פּעקלעך. מען האָט זיך „געצאַצקעט״ מיט אונדז. אפילו די יידן האָבן באַקומען פּעקלעך.

צווישן די פּאָליטישע אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען זייער ווייניק יידן. אַלע זייערע וועגן האָבן געפירט קיין דראַנסי. די איינצלנע פּאָליטישע יידי־

שע אַרעסטירטע זענען געווען פון אונדזער גרופּע און פון דער אינטעלעק־טועלער גרופּע. אין די קרימינעלע דיוויזיעס איז די צאָל יידישע אַרעסטאַנטן געווען אַ היפּשע: דער גרעסטער טייל איז געווען אָנגעקלאָגט צוליב פּאָל־שע פּאַפּירן. די איבעריקע — פאַר שוואַרצן האַנדל.

אין הודש אַפּריל 1944 האָט וואַרשיינלעך די אַדמיניסטראַציע זיך אַרומ־געזען, אַז די אָנקלאַגע קעגן אונדז איז געוואָרן פון אַ פּאָליטישן ענין אַ קרימינעלער ענין און מען האָט אונדז אַלע פיר איבערגעשיקט אין די די־וויזיעס פאַר קרימינעלע. אויף יידיש קלינגט דאָס וואָרט שטאַרק, אויף פראַנצויזיש זאָגט מען אָבער ניואַנסירט „דרואַ קאָמען״, פּאַרמישפּט, הייסט עס, לויטן קרימינעלן קאָדעקס.

איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ קאַמער אַנטקעגנאיבער די פּאָליטישע די־וויזיעס, ווו עס האָבן זיך געפונען שוין זעקס אַרעסטאַנטן, פאַר פאַרשידע־נע פאַרברעכנס, נישט קיין שווערע: אַ שוואַרץ־הענדלער, אַן אַלפאָנס, אַ „מאָנט־אַן־ל׳ער״ — דאָס הייסט אַן איינברעכער, אַ צוויי גנבים. די קאַמער איז שוין געווען שמוציק, נישט ווי ביי די פּאָליטישע. אויף די ווענט — פּאָרנאָגראַפישע אויפשריפטן און באַליידיקונגען אויפן השבון פון דער אַד־מיניסטראַציע. איינע באַשטייט פון באַקאַנטן ווערטער־שפּיל: ווען כ׳בין געווען אַ קליינער, זאָגט זיך — האָב איך געהיטן חזרים, היינט היטן חזרים מיך.

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיינע מיט־שכנים געפּראַוועט הלכות קאָרטן־שפּיל. אויסער אין דער צייט פון אכילה האָבן זיי זיך אָפט געשלאָגן: זיי פלעגן קעגנזייטיק בגנבה, ווי פאַכלייט, „אַריינקוקן״ אין די זעקלעך עסן און דער־ווייל זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ. און מען האָט זיך געממיתט. אויב עס איז פאָרגעקומען שטיל, איז עס פאַרבליבן אין קאַמער. איז עס אָבער אַריבער־געגאַנגען אויף יענער זייט טיר, האָט דער וועכטער געמאַכט „אָרדענונג״, שיקנדיקביידן אין קאַרצער.

מען דאַרף זאָגן, אַז איך האָב כמעט ווייטער געגאָסן פון די פּריווילע־גיעס פון אַ פּאָליטישן אַרעסטירטן, אויסער דער צייט פון שפּאַציר, וואָס איז געווען די צייט פון די קרימינעלע אַרעסטאַנטן. די וועכטער האָבן טאָ־לערירט מיינע פּריווילעגיעס, ווייל זיי האָבן מיך געקאָנט, ווען איך בין נאָך געווען אין די אַנטקעגנאיבערדיקע דיוויזיעס.

כדי אָנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די פּאָליטישע אַרעסטירטע, פלעג איך אָפט אַריבער אויף דער אַנדערער זייט נאָך נייעס. קיין קאָמוניקאַטן פאַרנאַכט פלעג איך מער נישט הערן, און די נייעסן זענען געווען אַזעלכע גוטע פון פראָנט, פון די פראָנטן. די פּאָליטישע קאַמערן פלעגן ווערן וואָס אַמאָל מער פול. אַ טייל פּאָליטישע אַרעסטירטע זענען דעפּאָרטירט גע־וואָרן, אַנדערע זענען אָנגעקומען. סוף אַפּריל האָט מען געבראַכט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון שאָמאָן. מען האָט זיי נישט אָוועקגעפירט אין געריכט אַריין, אויס מורא מן הסתם פאַר אַן אָנפאַל. דאַרנאַנס מיליציאָנערן זענען געקומען אין תפיסה אַריין, איינגעאָרדנט אַ פעלד־געריכט, פאַראורטיילט

אויפֿן אָרט ניין יונגע חברים, און דעם 1־טן מאַי אינדערפֿרי האָט מען זיי דערמאָרדעט אויפֿן הויף פֿון דער „סאַנטע", הינטער מיין פֿענצטער.

עס איז געווען אַ שווידערלעכער פֿאַרטאָג דעם 1־טן מאַי. די רציחה איז אויך דאָס מאָל געווען אַ נייער סימן פֿון זייער פּאַניק. אַזוי האָבן זיי געפּייערט אונדזער פּראָלעטאַרישן יום־טוב.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַ בריוו פֿון פֿאַני, זי האָט געטראָפֿן סיזעטן, מיין געוועזענע פֿאַרבינדלערין, וועלכע איז אַרויס גאַנץ פֿון גרויסן דורכפֿאַל פֿון יוני, ווי זי האָט דאָס אַמאָל געהאַט פֿאַרגעפֿילט. סיזעט, דערזעענדיק פֿאַניק, איז געוואָרן מוראַדיק בלאַס. עס איז וואַרשיינ־לעך געשען אַ גרויס אומגליק. סיזעט האָט צום סוף איר מודה געווען, אַז מען האָט מורא, דאָס איך געפֿין זיך צווישן די ניין דערמאָרדעטע פֿון דער „סאַנטע". פֿאַני האָט נישט געוואָלט גלויבן. זי האָט טאַקע געהאַט רעכט.

אַן אַנדערש מאָל האָט זי געשריבן, אַז מען האָט אַנטדעקט אַ „געבער". איצט איז געוואָרן קלאָר פֿאַרוואָס עס איז צעשמעטערט געוואָרן די אָרגאַ־ניזאַציע פֿון 11־טן אַראָנדיסמאַן, ווו ער איז געווען טעטיק. דער פֿאַרברע־כער האָט באַצאָלט דעם העכסטן פּרייז פֿון דער האַנט פֿון אַ נקמה־נעמער. דריי קוילן ביי אים אין שטוב האָבן פֿאַרענדיקט דאָס שמוציקע לעבן זיינס.

עס איז אויך דעמאַסקירט געוואָרן אַ צווייטער פֿאַרעטער. דאָס איז גע־שען אין אויסטערלישע באַדינגונגען, אומגלויבלעכע, ווען מען וואָלט זיי געלייענט אין אַ ראָמאַן. אַ פּאָליציאַנט האָט אַ געוויסן אָוונט, אַהיימקומענ־דיק פֿון דער אַרבעט אין דער פּרעפֿעקטור, דערציילט זיין פֿרוי, אַז ער האָט דאָס מאָל בייגעוווינט אַ נישט־געוויינלעכע סצענע: אַ יידישער פּאַרטיזאַן האָט „געשאָטן".

— דאָס האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געטראָפֿן ביז איצט — האָט ער איר פֿאַרזיכערט — יידן האָבן נאָך קיינמאָל נישט גערעדט — האָט ער אונדז צוגעטיילט אַ פֿאַרדינטן מעדאַל.

ער האָט איבערגעגעבן, אַז מען האָט געבראַכט אין דער פּרעפֿעקטור אַ יידישן פּאַרטיזאַנער, און ווי נאָר יענער האָט זיך באַקאַנט מיט דער ער־שטער „פֿליקישער" פּויסט, האָט ער קאַפּיטולירט.

די פֿרוי פֿון פּאָליציאַנט האָט די דאָזיקע געשיכטע צופֿעליק דערציילט אונדזערער אַ חברטע, איר שכנטע, נישט וויסנדיק, וואָס פֿאַר אַ גרויסן נוצן זי ברענגט אונדז דערמיט. ווייל דער פֿאַרעטער האָט נישט בלויז „גע־שאָטן", נאָר ער איז מסכים געווען צו עפֿענען דער פּאָליציי אַ טיר צו דער באַוועגונג, צו דער אַנפֿירונג.

צומאָרגנס איז דער פֿאַרעטער געקומען אַ פֿאַרסאָפּעטער, מיט קייטלעך אויף די הענט, מיט אַ דורכגעלעכערטן אַרבל, אַ ביסל אַ צעדראַפּעטן אָרעם, אַ צעממיתטע פּנים און דערציילט אַ מעשה וועגן זיין העלדישן און געלונגע־נעם אַנטלויפֿן פֿון דער פּרעפֿעקטור. אָבער דער אמת איז שוין, צום גליק, געווען באַקאַנט. דער פּאָליציי האָט ער שוין קיין נוצן נישט געבראַכט. אונ־דזער אָרגאַניזאַציע האָט אַ סוף געמאַכט צו אים. סוף גנב לתליה...

נאַאיוו זענען די יידן, וועלכע מיינען, אַז עס זענען נישטאָ קיין יידישע מוסרים, קיין פאַרעטער, קיין אַזעווס. און דער פּאַטראָן סימאָן, וואָס האָט אויסגעליפערט די טייערע חברים וואַלאַך און פאַקין?

שוין פאַר דער מלחמה איז אונדז באַקאַנט געווען, אַז די פּאָליציי באַנוצט זיך מיט געוויסע לייט, וואָס זי האָט אַריינגעקראָגן אין אירע הענט צוליב פאַרשידענע קלענערע אָדער גרעסערע חטאים. עמעץ, וואָס האָט, צום ביישפּיל, געהאַט אַן אויסוויייז, האָט באַקומען אַ פאַרלענגערונג פאַרן פרייז פון געוויסע מיסיעס, פון געוויסע דענונציאַציעס. אויך אין אָנהויב פון דער אָקופּאַציע האָט זי רעקרוטירט אויף דעם וועג אירע אינפאָרמאַטאָרן. עס איז באַקאַנט געווען, אַז געוויסע אויסגעוויזענע פאַרלענגערן רעגולער זייערע פּאַפּירן, גייען אַריין און אַרויס אין דער פּרעפעקטור, אין דער צייט, ווען אַנדערע ווערן פאַרהאַלטן. אויך אין דראַנסי פאַראַטן איינצלנע אינטערנירטע זייערע נאָענטע פאַר אַ רעלאַטיוון צוזאָג נישט דעפּאָרטירט צו ווערן. טייל האָבן זיך אפילו אויסגעליפערט אין די הענט פון טייוול, פאַרקויפט זייער נשמה פאַר אַ ביליקן טאָג לעבן, אַרויסגעגאַנגען פון דראַנסי אַלס געהילפס־כאַפּערס, כדי צו ברענגען קרבנות פון שטאָט. צום סוף האָט מען זיי אויך דעפּאָרטירט. מען האָט אויף זיי אויסגעפּונען אַ חטא, און זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פּאָליטיק. פאַרברעכער גריטיקן זיך נישט אין קיין עדות פון זייער פאַרברעכן...

מיט די דאָזיקע געדאַנקען האָב איך זיך נישט געקאָנט טיילן מיט מיינע מיט־אַרעסטאַנטן. עס איז שוין גוט געווען, אַז עס איז מיר געלונגען צו לייענען עפּעס בייטאָג.

אין אַ ווינקל, פאַרשלאָסן אין זיך, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין פאַרגאַנגענהייט. עס זענען אַרויפגעשווומען בלעטלעך פון מיין געשיכטע. אַ מענטש פאַרבאַהאַלט אין זכרון נאָר געוויסע מאָמענטן. ער דערמאָנט זיי נישט אַזוי ווי זיי זענען פאָרגעקומען, נאָר אַזוי ווי זיין מוח האָט זיי פאַרצייכנט, אָדער אַזוי ווי דער צושטאַנד פון זיין נשמה באַפאַרבט זיי אין מאָמענט, ווען עס טויכן אויף די דערינערונגען.

כ'האָב זיך געזען אין ראַדאָם, אויפן „וואעל". מיין טאַטע האָט זיך אויף מיר נישט געבייזערט, ווען כ'בין אַהיימגעקומען אַן אָפּגעריסענער און צעדראַפּעטער פון אַ געשלעג מיט ייִנגלעך, וועלכע האָבן מיך באַליידיקט. דער טאַטע האָט מיך אויך געלערנט נישט צו בעטן קיין רחמים ביים קעגנער. כ'האָב זיך דערזען נאָכן פאַרלאָזן די גימנאַזיע, מיט דער מאַטורע אין דער האַנט, אין אַ דרוקעריי, ווו כ'האָב געלערנט אַ פאַך, כדי נישט צו פאַלן צו לאַסט מיין דאַן שוין קראַנקן פאָטער. כ'האָב ווידער אַדורכגעלעבט די סטודענטישע יאָרן, דעם אָנשלוס אין דער פּאַרטיי, דעם קאַמף פאַר ברויט אין דער דרוקעריי פון בערזשע־לעווראָ, אין נאַנסי, ביים שטריקער גוזי אין ראָאַן, ביי די מערצאָליקע פּאַטראָנען אין פּאַריז, די טעג פון הונגער, די שטרייקן, די באַוועגונג. כ'בין אויפסניי דערוואַרעמט געוואָרן פון מיין געפיל פון ליבע צו פאַנין, מיט וועלכער כ'האָב זיך באַקאַנט אין דער באַ־

וועגונג און אַן וועלכער מיין ווייטערדיק לעבן און אַנטוויקלונג איז נישט דענקבאַר. מיר זענען געוואַקסן אין דער באַוועגונג, די באַוועגונג האָט אונדז דערצויגן. אונדזער צוזאַמענלעבן איז נישט באַגרייפלעך אויסער דער באַוועגונג.

דערווייל איז די רעאַליטעט אַ שווערע. אָבער מען דאַרף נישט פאַרלירן דעם מוט. כ׳האָב זיך באַזאָרגט מיט אַ קאַרטע פון אייראָפּע און יעדע פאָר טעג האָב איך אין איר אַריינגעקוקט. די פיילן זענען געגאַנגען איבער באַקאַנטע שטעט אין פוילן, און אויך אין איטאַליע צום צפון. „סאַ וואַ״ — הייסט עס. עס גייט זייער גוט. אויב די דייטשן וועלן נאָך אָפּהאַלטן אַסך אַזעלכע זיגן ביי זייערע סטראַטעגישע ריקצוגן, האָבן זיי פאַרשפּילט.

אַ געוויסן טאָג זענען מיר געוואָר געוואָרן פון די קרימינעלע אַרעסטירטע, אַז אַלס פאַראורטיילטע אויף צוויי יאָר האָבן מיר רעכט צו פאָדערן מען זאָל אונדז איבערפירן אין אַ צענטראַלער תפיסה, צום ביישפּיל, קיין קלערוואָ. דאָרט אַרבעטן אַלע אַרעסטאַנטן אין די וועלדער. באַלד האָט זיך מיין פאַנטאַזיע צעשפּילט. אפשר פּרוּוון אַנטלויפן? פון אַ וואַלד איז נישט ווי פון אַ „סאַנטע״. אַ קרימינעלער אַרעסטאַנט ווייסט, ווען ער ווערט באַפרייט, ער רעכנט אויס די צאָל טעג, וואָס ער האָט צו „זיצן״ און יעדן פאַרנאַכט שטרייכט ער אויס איינעם. מיר האָבן אָבער געוווסט, אַז די באַפרייאונג פאַר אונדז הייסט דראַנסי.

מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ קליינע אויספאָרשונג, איידער מיר נעמען אָן אַ באַשלוס. עס האָט זיך דאַן אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן קומען רעגולער אין קלערוואָ און אַנגאַזשירן פרייוויליקע קרימינעלע אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, פאַר זיי זענען קרימינעלע אויך אַרבעטס־קראַפט. אָבער זיי מאַכן אויך סעלעקציעס צווישן די אַרעסטאַנטן. דאָס איז שוין פאַר אונדז נישט געווען קיין עסק.

זיצנדיק צווישן די קרימינעלע, איז דעם 6־טן יוני באַלד אינדערפרי דערגאַנגען צו מיר די לאַנג־דערוואַרטע ידיעה: די אַלירטע האָבן געלאַנדעט אין נאָרמאַנדיע. 8 פרי האָט אַ וועכטער, טיילנדיק ברויט, מיר איבערגעגעבן די נייס אויפן אויער. נאָר קיינער האָט אין דעם נישט געגלויבט. אַזוי לאַנג האָט מען וועגן דער געשעעניש גערעדט, אַז זי איז געוואָרן אַ פאַנטאַזיע. אַרום מיטאָג איז די ידיעה געוואָרן אָפיציעל דורך אַ קאָמוניקאַט פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וועלכן מען האָט מיר גלייך איבערגעגעבן דורכן טירל.

אפילו די קרימינעלע האָבן אויף אַ צייט אַוועקגעלייגט זייער פאַרטיפט „שטודיום״. אויך זיי זענען אַדורכגענומען געוואָרן דורך דער גרויסער, היסטאָרישער געשעעניש. און באַלד האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרבינדן זייער צוקונפט מיטן אויסגאַנג פון דער שלאַכט. דער פראָנט איז שוין אויך פאַר זיי געוואָרן אַ וויכטיקער ענין, וואָס האָט זיך שוין מער נישט אָפּגעשפּילט דאָרט ערגעץ אין אויסלאַנד, אין רוסלאַנד, אין פוילן, אין איטאַליע, ביי שטעט, וועגן וועלכע מען האָט קיינמאָל נישט געהערט.

איך האָב שנעל באַגריפֿן, אַז פֿון דעם שנעלן אָדער לאַנגזאַמען אויס־גאַנג פֿון די לעצטע שלאַכטן איז אָפּהענגיק מיין לעבן, מיין פֿרייהייט, דאָס לעבן און די פֿרייהייט פֿון מיין פֿאַמיליע. אַז די לעצטע שלאַכטן הייבן זיך אָן, אין דעם איז נישט געווען קיין ספֿק ביי קיינעם. ביז איצט האָט דער ראַטנפֿאַרבאַנד אַליין אויסגעטראָגן די גרויסע לאַסט פֿון דער אַנטי־היט־לערישער מלחמה. פֿון איצט אָן זענען נייע כוחות אַריינגעטרעטן אין פֿאַר־מעסט און דער סוף וועט זיך צוויילן.

איך האָב זיך כסדר געשטעלט פֿראַגן: וואָס וועט זיין, ווען דער אָקו־פּאַנט וועט דאַרפֿן פֿאַרלאָזן פּאַריז? וועל איך פֿאַלן אַזוי ווי רעמאַרקס העלד פֿון „אויף מערב קיין נייעס״? נאָך 4 יאָר מלחמה — אין טאָג פֿון וואַפֿנשטילשטאַנד? אָדער וועל איך דערלעבן דעם מאָמענט, ווען די אומבאַ־זיגבאַרע ראַסע וועט שטיין אויף די קני און בעטן רחמים ווי אַלע פּחדנים?

מען האָט געדאַרפֿט זיך צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז אַלץ איז מעגלעך, אַפֿילו דאָס ערגסטע, נאָר דערביי נישט פֿאַרלירן די האָפֿענונג.

פֿאַני האָט מיר געשריבן, אַז די אָרגאַניזאַציע גרייט זיך צו די דעצי־דירנדיקע קאַמפֿן. כדי צו פֿאַרלייכטערן איר אַרבעט, וועט זי זיך איבער־ציען קיין פּאַריז, ווייל איצט מוז זי מאַכן קילאָמעטערס צופֿוס פֿון מעניל־סעוווען קיין סען־רעמי אָדער קיין ווערסאַיל צו נעמען די באַן. זי בייט די סטאַציעס צוליב פֿאַרזיכטיקייט. אין סען־רעמי איז, אגב, לעצטנס צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך פֿון אַ באָמבע, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך, אונדזערע אַ גוט־באַקאַנטע חברטע פֿון 10־טן אַראָנדיסמאַן, די פּאַרטיזאַנ־קע טייבקע קלעשטשעלסקאַ. די געגנט איז באַלאַגערט פֿון „פֿליקעס״. פֿאַני מאַכט דעריבער אַן אומוועג, גייענדיק פֿון מעניל־סעוווען קיין ווערסאַיל אי־בער 10 קילאָמעטער. דאָרט נעמט זי דעם צוג קיין פּאַריז. דעם 25־טן יוני וועט זי שוין וווינען אין פּאַריז. עס וועט איר, אגב, לייכטער זיין מיר צו שיקן פּעקלעך. ביז איצט פֿלעגט זי זיי צונויפֿשטעלן שבת, ברענגען זיי מאָנטיק פֿרי קיין פּאַריז צו מאַדאַם לעסעוור, וועלכע פֿלעגט נאָכמיטאָג אָוועקטראָגן זיי אין „סאַנטע״. עס פֿלעגט אויך טרעפֿן, אַז פֿאַני איז געווען געצוווּנגען צו ברענגען דאָס פּעקל שבת קיין פּאַריז.

מאָנטיק, דעם 26־טן יוני, האָב איך ווי שטענדיק געוואַרט, מען זאָל מיך אַרויסרופֿן אָפּצונעמען דאָס פּעקל. ווען איך האָב עס ענדלעך באַקומען, האָב איך זיך געוווּנדערט, וואָס עס איז געווען אַזוי לייכט. דער אַדרעס איז געווען, ווי געוויינלעך, זינט דעם ערשטן פּעקל אין דעפּאָ, נאָך מיין אַרעסט, געשריבן מיט פֿאַניס האַנט. דאָס איז געווען דער בעסטער גרוס פֿון מיין פֿאַמיליע. כ׳האָב עס אויפֿגעפּאַקט אַ נערוועזער. דאָס מאָל איז עס געווען מאָדנע צוזאַמענגעשטעלט: אַ קילאָ ברויט, אַ קילאָ צוקער, אַ קעסטל קאַנ־פֿיטור, אַ שטיקל פֿלייש. אָבער דאָס פֿלייש האָט געמוזט זיין פֿאַרפֿאַקט זינט שבת. אַ מחנה מיט ווייסע ווערעם האָט געראַיעט. כ׳האָב עס געמוזט גלייך אַרויסוואַרפֿן דורכן פֿענצטער. וואָס איז דאָ געשען? עפּעס איז נישט געווען אין אָרדענונג.

געוויינלעך פלעגט פֿאַני אַריינלייגן אין די פּעקלעך אַ נאַש, צו דער־כאַפּן זיך דאָס האַרץ נאָך אַ וואָך וואַרטן. דאָס מאָל איז עס געווען אַ „טרוקן" פּעקל. וואָס איז דאָ געשען? ווער ווייסט? כ'האָב זיך אַרומגע־דרייט אַ גאַנצן טאָג און געמורמלט צו זיך: — ווער ווייסט? עס איז נישט אין אָרדענונג.

די אומגעדולדיקייט איז געשטיגן צומאַרגנס, וואַרטנדיק אויפֿן וועכנט־לעכן בריוו. כ'האָב זיך קוים דערוואַרט אויף אים. ער איז אָנגעקומען. איך האָב אים שנעל אויפֿגעריסן און כ'האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פֿון געשריי:

— זיי האָבן זי געפּאַקט.

מיינע מיט־אַרעסטאַנטן האָבן מיך אָנגעקוקט פֿאַרווונדערט. כ'האָב זיי געמוזט דערציילן אַ מעשה: נישט־געשטויגן, נישט־געפֿלויגן. פֿאַר זיי בין איך געווען אַ בחור, מיט אַ „פֿריינדין".

דער בריוו איז געקומען פֿון ווערסאַיל, געשריבן מיט פֿאַניס האַנט און איז באַשטאַנען פֿון אַ פּאָר זאַצן. צו ווייניק און צופֿיל. פֿאַני איז געווען אין שפּיטאָל פֿון ווערסאַיל, פֿאַרווונדעט בעת דער לעצטער באָמבאַרדירונג פֿון די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער. עס איז נישט געווען קיין שווערע ווונד — האָט פֿאַני מיך געוואָלט באַרויקן. עס איז אָבער דאָך נישט געווען קיין לייכטע ווונד, ווי באַלד זי איז געווען אין שפּיטאָל.

עס איז זיכער געווען אַ האַלבער אמת. דער האַלבער אמת איז נאָך ערגער ווי דער גאַנצער. אין מיין אומבאַהאָלפֿנקייט בין איך געוואָרן נאָך מער אויפֿגערעגט, נישט וויסנדיק, וואָס עס איז געשען אין דער ווירקלעכ־קייט. דאָס איז געשען דעם לעצטן טאָג פֿאַר איר קומען קיין פּאַריז. אַזוי לאַנג געקעמפֿט און געפֿאַלן אין לעצטן מאָמענט. אַ שרעקלעכע זאַך איז וואַרשיינלעך געשען.

כ'האָב געבעטן אין מיין בריוו, אַז די גרויסע סילווי זאָל גלייך אַוועק־פֿאָרן צו פֿאַני און צו די קינדער. די האַרציקע סילווי האָט עס גלייך געטון און באַריכות מיר אָנגעשריבן, אַז מיין פֿאַני איז אַ קרבן, וואָס דאַרף זיין גליקלעך, ווייל יענעם פּרימאָרגן האָבן אַמעריקאַנער באָמבעס דערהרגעט אויפֿן וואָקזאַל פֿון ווערסאַיל, פֿון וואַנען פֿאַני האָט געזאָלט אָפּפֿאָרן, אַ 300 פֿראַנצויזן און פֿאַרווונדעט אַ 600. זיי האָבן געוואָלט פֿאַרניכטן אַ צוג מיט 2000 דייטשע סאָלדאַטן. אָבער דער צוג איז אַ פּאָר מינוט נאָך דער באָמ־באַרדירונג אָפּגעפֿאָרן אָן שאָדן.

פֿאַנין האָט מען אַרויסגעשלעפּט פֿון אונטער אַ הויפֿן טויטע און פֿאַר־ווונדעטע. סילווי האָט געשריבן, אַז די ווונד איז אין רעכטן פֿוס, נישט קיין ערנסטע. כ'האָב נישט געהאַט קיין סיבה נישט צו גלויבן.

דאָס דערגיין ווו פֿאַני געפֿינט זיך, שרייבט זי ווייטער, האָט געדויערט זייער לאַנג. זעענדיק, אַז פֿאַני איז נישט צוריקגעקומען שבת אָוונט און וויסנדיק, אַז זי איז געפֿאָרן דורך ווערסאַיל, איז די מאַדאַם באַדמער, אַן אומרואיקע, אַוועק אין שפּיטאָל. זי האָט, פֿאַרשטענדלעך, געזוכט מאַדאַם

קיער. אָבער אַזאַ איז דאָרט נישט געווען. פאַניס פאַפּירן האָבן געטראָגן אַן אַנדער נאָמען. די מאַדאַם באָדמער איז, אַן אומגליקלעכע, צוריקגעפאָרן אַהיים און האָט באַשלאָסן צו האָדעווען די קינדער ביז מיין „צוריקקומען פון דייטשלאַנד״. אַז פאַני איז צווישן די קרבנות, אין דעם האָט זי נישט געצווייפלט. זי האָט באַוויינט איר גורל. מן־הסתם איז פאַני צעשמעטערט געוואָרן, האָט זי געטראַכט. מען האָט שוין געזען אַזעלכעס אין דערנעבנ־דיקן שטעטל סען־סיר.

כ׳האָב נישט געקאָנט טראַכטן וועגן קיין שום אַנדער זאַך. וואָס וועט זיין מיט מיין פאַנין? דער צווייטער בריוו איז אָנגעקומען אַכט טעג שפּעטער און נאָך אַלץ פון שפּיטאָל. זי איז אויך געווען אין געפאַר מיט אירע דאָקומענטן, מיט איר אַדרעס. זי וועט זיכער נישט אָנגעבן איר אַדרעס אין מעניל־סעווען, וווּ עס געפינען זיך די קינדער. וואָס וועט דאָ געשען? קיין ענטפער בין איך נישט בכוח געווען צו געבן.

צוויי וואָכן שפּעטער האָט פאַני געשריבן, אַז זי וועט טוישן דעם שפּי־טאָל און פאָרן קיין פאַריז אין אַ קליניק. פאַרוואָס? פאַרוואָס אין אַ פרישן אַנשטאַלט? איז זי נאָך אַלץ נישט אויסגעהיילט? וואָס פאַר אַ וווּנד האָט זי באַקומען? אומעגלעך עפּעס צו דערגיין.

פאַר איין זאַך בין איך געווען רואיק. פאַר די קינדערלעך. מיט זיי פאַרנעמען זיך סיי מאַדאַם באָדמער, סיי די גרויסע סילווי, טייערע און האַרציקע מענטשן. מיר זענען זיי שולדיק אַן אומענדלעכע דאַנקבאַרקייט.

און איך בין פאַרמאַכט אין אַ שטייג, גראָד דאַן, ווען פאַני נויטיקט זיך צום מערסטן אין מיר. פאַרשלאָסן הינטער די הויכע מויערן פון „סאַנטע״, ווען די נאַצישע אַרמייען פאַרלאָזן די שטעט פון פראַנקרייך, לויפנדיק פון ברעטאַן און נאָרמאַנדיע אויף מזרח, אויף צפון, געשטויסן צוריק אין זייער נאָרע אַריין, באַגלייט פון מיליטערישע אַקציעס מצד די אינערלעכע כוחות אין לאַנד.

קאַפּיטל פערצן:

# די בלוטיקע פּאַסטקע

וואָס מערער דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו פּאַריז, אַלץ שטאַר־קער איז געוואַקסן די נערוואָזיטעט אין דער „סאַנטע". ווען און ווי אַזוי וועלן מיר באַפרייט ווערן? ווי אַזוי וועלן די דייטשן פאַרלאָזן פּאַריז? וועלן זיי פאַרניכטן די הויפּט־שטאָט? וועלן זיי מיטנעמען די פּאָליטישע אַרעס־טירטע? די יידן?

די דאָזיקע פראַגן האָבן אונדז שטאַרק געמאַטערט. פון זייער ענטפער איז געווען אָפּהענגיק אונדזער צוקונפט. אָבער קודם־כל האָט מען זיך גע־פרייט, זייער מפּלה גייט מיט שנעלע טריט, מיר גייען צום זיג. אונדזער גלויבן איז געווען באַרעכטיקט, אונדזערע ליידן ווערן פאַרגיטיקט.

יעדע מינדסטע געשעעניש, יעדע זאַך האָט גלייך געוועקט אונדזער אויפמערקזאַמקייט. ווען דער דירעקטאָר פון דער תּפיסה איז אַוועקגעפאָרן און געלאָזט זיך פאַרטרעטן דורכן וויצע־דירעקטאָר, האָבן מיר זיך גע־פרעגט, וואָס דאָס באַדייט. עס זענען אַרומגעגאַנגען פאַנטאַסטישע קלאַנ־גען, מען האָט גערעדט וועגן דעם, אַז די פּאָליטישע אַרעסטירטע זאָלן ווערן עוואַקואירט. מיט יעדן טאָג זענען אונדזער שפּאַנונג און אומרו געשטיגן צוגלייך מיט אונדזער פאַרצווייפלטן ווילן צו זיין אויף דער פריי, כדי אָנ־טיילצונעמען אין דער ענדגילטיקער שלאַכט.

ווי ווויל וואָלט געווען מיט געווער אין דער האַנט צו יאָגן דעם שונא, שטערן זיין ריקצוג!

דערווייל איז אין דער „סאַנטע" פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט אונדז געוואָרנט, אַז דער שונא קאַפּיטולירט נישט לייכט; אַז אויך מיר זע־נען סאָלדאַטן אויפן פראָנט, כאָטש אומבאַוואָפנטע, אַרומגערינגלטע, געפאַנ־

גענע. אויך מיר דאַרפן אָנטיילנעמען אין דער שלאַכט פאַר אונדזער פריי־הייט.

דעם 10־טן יולי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין דער תפיסה, אַז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג גרייט זיך צו באַפרייען די „סאַנטע". אין הסכם מיט די פּאָליטישע אַרעסטירטע אינעווייניק זאָל מען האָבן אויסגעאַרבעט פון דרויסן אַ פּלאַן, וועלכער זעט פאָר אַן אָנפאַל צום 14־טן יולי אין אָוונט, מיט באָמבעס און מאַשין־געווער. דעם סיגנאַל פון אינעווייניק וועלן געבן די פּאָליטישע אַרעסטירטע 10 אַזייגער ביינאַכט, זינגענדיק דעם „אינ־טערנאַציאָנאַל". נאָך דעם סיגנאַל וועלן אַלע אַרעסטירטע דאַרפן אויפברעכן זייערע טירן מיט וואָס זיי וועלן קאָנען, דאַן וועט זיך אָנהייבן די שיסעריי פון דרויסן און מיר וועלן זיין פריי. אַ סברא, אַז אויך די וועכטער זענען צוגעגרייט, אַזוי, אַז פּאַקטיש איז די באַפרייאונג אַ לייכטער ענין און וועט זיכער געלינגען.

ווער עס האָט פאַרשפּרייט די קלאַנגען, איז נישט געווען באַקאַנט, נאָר אַלע האָבן וועגן דעם געוווּסט.

מיינע זעקס מיט־אַרעסטאַנטן האָבן זיך אָפּן געפרייט איבער דער נאָ־ענטער באַפרייאונג. איינער האָט מיך אפילו געפרעגט, צי די ווידערשטענד־לער וועלן אָננעמען קרימינעלע אַרעסטאַנטן אין זייערע רייען. ער וויל זיך רעהאַביליטירן. אַ צווייטער האָט געהאַלטן, אַז אין קאָמוניסטישן רעזשים איז נישט מעגלעך צו טון, וואָס מען וויל, דאָס הייסט, ס'איז נישט מעגלעך גאָרנישט צו טון און צו לעבן פון דער „אַרבעט" פון פרויען. במילא, לוינט זיך נישט צו ריזיקירן דאָס לעבן אין דער רעזיסטאַנס, ווייל נאָך דער מלח־מה וועלן די קאָמוניסטן הערשן אין פראַנקרייך, אין דעם איז ער געווען זיכער.

די דיסקוסיעס האָבן זיך צעפלאַקערט צווישן מענטשן, וועלכע האָבן גאַנצע טעג נישט געטון עפּעס אַנדערש ווי געשפּילט אין קאָרטן אָדער גע־שלאָפן. מיטאַמאָל האָט פון זיי אָנגעהויבן אַרויסרעדן די פּרעסע, דער ראַדיאָ און די אונטערוועלט. זיי האָבן אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וואָס האָבן עדות געזאָגט וועגן דיסקוסיעס, וועלכע זיי האָבן ערגעץ געהאַט געפירט פריער, פאַר זייער אַרעסט.

די אָפענע פרייד איבער דער נאָענטער באַפרייאונג האָט זיך אָנגעג־שטויסן אין אַ געפיל פון פאַרדאַכט.

אויב די אַרעסטאַנטן ווייסן פון אַ פּלאַן, קאָן אים אויך די אַדמיניס־טראַציע. עפּעס שטימט דאָ נישט. מען דאַרף גיין אָנפרעגן ביי דער פּאָלי־טישער אָנפירונג.

עס איז געווען אַריבערצולויפן דעם קאָרידאָר און אַריינכאַפּן זיך צו דיטיאַל, געוועזענעם קאַסירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָבער ווי אַזוי גייט מען אַרויס פון קאַמער? פּרובירן גיין צום דאָקטאָר? אָדער צום דענטיסט? דאַרף מען זיך ערשט פאַרשרייבן מאָרגן אינדערפרי און מען קאָן

מיך אַמאָל רופן אַ טאָג שפּעטער, דאָס הייסט, דעם 14־טן. דעם 14־טן יולי קאָן אַמאָל דער דאָקטאָר נישט קומען.

אַ צופאַל האָט מיר צוגעשפּילט. דעם 12־טן איז געקומען מיין אַדוואָקאַט און מיך גערופן, ווי געוויינלעך, אין „פּאַרלואַר". מיר האָבן פּאַקטיש זיך נישט געהאַט וואָס צו זאָגן זינט דעם פּראָצעס. די אַפּעלאַציע האָט זיך געשלעפּט.

דער אַדוואָקאַט פלעגט קומען מיך זען צוויי מאָל אַ וואָך, אפילו דריי. דאָס פלעגט מיר געבן די געלעגנהייט אַרויסצוגיין פון קאַמער, זיך טרעפן מיט חברים און שמועסן מיטן אַדוואָקאַט. ער פלעגט מיר ברענגען נייעס פון דער וועלט. בכלל איז דאָס געווען אַן איבערייס אין מאָנאָטאָנעם לעבן פון דער תפיסה. מיין אַדוואָקאַט פלעגט מיר אויך אָפט ברענגען „די פּאַריזער צייטונג" און באַזונדערס „דאָס רייך", דעם אָרגאַן פון געבעלסן. די צייטונג איז געווען רייך אין אַרטיקלען און אינפאָרמאַציעס, מיט אַ לייטאַרטיקל פון געבעלסן אַליין. אַריינברענגען אין דער תפיסה אַ צייטונג, אפילו אַ נאַצישע, איז אָבער געווען שטרענג פאַרבאָטן.

איינמאָל, ווען כ׳בין אַרויסגעגאַנגען פון „פּאַרלואַר", קומט צו דער וועכטער און שטעלט מיך אַוועק אין אַ זייט. — וואַרט צו, דו — מאַכט ער מיט אַ שמייכל.

„אַ רעוויזיע" — איז אַדורך אַ געדאַנק און דאָ האָב איך געהאַט פאַרשטעקט „די פּאַריזער צייטונג", וואָס האָט צום שלימזל געהאַט 16 זייטן. דער מוח האָט גענומען אַרבעטן, מען מוז מאַכן שנעל, באַלד הייבט זיך אָן די רעוויזיע. דאָס הייסט, אַכט טעג קאַרצער, דאָס הייסט זיכער אַ קראַנקייט. אָבער וואָס טון?

„קודם־כל באַרואיקן זיך" — האָב איך געטראַכט. די צייטונג איז געקנייטשט אין זעקסן און ליגט פון הינטן, אין פּאַסיק צווישן די הויזן און דעם העמד. בלויז דער ברייטער פּאַס פון די הויזן, פאַרקנעפּלט אויף צוויי קנעפּלעך, דריקט זי צו צום קערפּער. לאָמיר זען. אויב איך קנעפּל אויף די צוויי קנעפּלעך, פאַלט די צייטונג אַראָפּ אין דעם ברייטן טייל פון די הויזן, זי קאָן אויך אַריינפאַלן אין אַ הויז, אויף רעכטס אָדער אויף לינקס. זי וועט דאַן זיכער אַרויספאַלן, ווייל די הויזן זענען אונטן ברייט, דאָס איז געפערלעך.

אפשר איבעררוקן די צייטונג פאָרנט און פאַרדעקן מיטן העמד? עס טויג נישט, ווייל דער בויך וועט ווערן צו גראָב אויף דעם אָרט. אויסערדעם זוכן זיי דאָרט געוויינלעך.

אפשר פשוט אַוועקוואַרפן די צייטונג? מילא, וועט מען זיך באַגיין אָן געבעלסעס פּראָזע. אָבער ווו זי אַוועקוואַרפן? אַז איך שטיי אינמיטן פון דורכגאַנג, מיטן פנים צו דער וואַנט, מיט דער פּלייצע צום קאָרידאָר.

„קודם — גייט מיר דורך אַ געדאַנק — פאַרשטעק דאָס פאַרברעכן אונטערן העמד". מיט גרויס פאָרזיכטיקייט צי איך אַרויס דאָס העמד פון הינטן און לאָז עס אַראָפּפאַלן איבער די הויזן. נו, דערווייל איז גוט. אָבער דאָס

איז נאָך אַלץ נישט זיכער. אפשר אַריינלייגן אין אַרבל פון דער מאַרינאַר־קע? אָבער ווי אַזוי? אַרויסציען פון די הויזן איז נישט מעגלעך.

איך נעם זיך כלומרשט קראַצן די פּלייצע מיט דער לינקער האַנט און הויב אָן רוקן די צייטונג אַרויף אונטערן העמד אין דער ריכטונג פון אַרבל. אין דעם מאָמענט באַמערק איך אַ באַוועגונג אין ביוראָ פון די וועכטער. דער שעף גרייט זיך אַרויסצוגיין.

„דאָס איז פאַר מיר" — און שנעל, אַנשטאָט אַריינצורוקן די צייטונג אין אַרבל, גיב איך זי אַ רוק אַרויף צום קאָלנער פון העמד אויפן קאַרק און גיב אַ קנעפּל צו דאָס קנעפּל פון פאַרנט ביים האַלדז. די דיק פון דער איינ־געלייגטער צייטונג קילט מיר דעם קאַרק. עס איז גאַר אַ גליק, וואָס זי האָט אַזויפיל זייטן, ווייל אַראָפּפאַלן וועט זי נישט.

שוין שטייט ביי מיר דער וועכטער און באַזוכט מיך. צום ערשטן די הויזן, פון הינטן דעם פּאַסיק, פון אונטן, נאָכדעם די טאַשן פון דער מאַרי־נאַרקע, צום סוף די אַרבל. גאָרנישט געפונען. ער זוכט ווייטער, — גאָר־נישט. ער זוכט פון פאָרנט, ווידער גאָרנישט. ער הייבט אָן שמייכלען פאַר־וונדערט.

— ווו איז די צייטונג?

— וועלכע צייטונג?

— דו האָסט דאָך אַלעמאָל צייטונגען.

— דאָס מאָל האָב איך נישט — האָב איך זיך פאַרראַטן, און אויך דעם אַדוואָקאַט.

— האַ? אויב אַזוי קאָנסטו גיין.

איבעריק צו זאָגן, אַז דער שוויס האָט זיך געגאָסן פון מיר, ווען מען האָט צוגעשלאָסן די טיר פון מיין קאַמער הינטער מיר.

דער אַדוואָקאַט האָט באַקומען אַ פאָרוואורף פון דער אַדמיניסטראַציע, און דאָס אָנקומען פון צייטונגען איז איבערגעריסן געוואָרן אויף אַ געוויסער צייט. מיין אַדוואָקאַט האָט צוליב דעם אָפּט געלייענט צייטונגען פאַרן ווי־זיט, כדי מיך צו קאָנען אינפאָרמירן וועגן די וויכטיקסטע געשעענישן.

נאָך דעם 12־טן יולי האָב איך דעם וויזיט שנעל אָפּגעפּטרט, זאָגנדיק דעם אַדוואָקאַט, אַז ער זאָל געבן צו וויסן אויף מיין „בואָט אַ לעטר" — מיין בריוו־קעסטל, הייסט עס — אַז דעם 14־טן גרייטן זיך ערנסטע גע־שעענישן און אַז מיר קאָנען בלייבן אָפּגעשניטן פון דער דרויסנדיקער וועלט. איך בין נאָכדעם שנעל אַוועק אין דער 12־טער דיוויזיע, ווו עס האָט זיך געפונען אויפן דריטן שטאָק דער חבר דיטיאַל, קאָסירער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס איז שוין געזעסן זינט 2 יאָר אין תפיסה. אַ לאַנגע צייט איז ער געווען איזאָלירט אין דער 12־טער דיוויזיע, אין אַ קאַמער איינער אַליין. לעצטנס האָט ער געהאַט אויסגע־קעמפט דאָס רעכט צו האָבן ביכער, צו באַקומען וויזיטן און צו זיין מיט נאָך חברים אין איין קאַמער.

אין דאָזיקן טאָג האָט מען אָבער שווער זיך געקאָנט באַוועגן אין דער „כאַנטע״. קומענדיק פון אַדוואָקאַט בין איך געגאַנגען אין דער עלפטער דיוויזיע, אין מיינער. אינמיטן וועג האָב איך שנעל פאַרקירעוועט צו דער צוועלפטער און אין איין אָטעם אַרויפגעלאָפן אויפן דריטן שטאָק.

— האַלאָ, דיטיאַל, וואָס טוט מען ? — האָב איך אַריינגעשעפּטשעט דורך דער שפּאַרע פון טירל, דורך וועלכן מען גיט אַריין עסן.

— רואיק בלייבן אויף די ערטער, נישט אָנטיילנעמען אין קיין מאַני־פעסטאַציע, נישט אַרויסגיין פון קאַמער, אויב זי וועט אויפגעבראָכן פון דרויסן, נישט זינגען, עס איז אַן אָפיציעלע פּראָוואָקאַציע — האָט ער געזאָגט, ווי ער וואָלט געגעבן לאַקאָנישע באַפעלן.

— אפשר ווענדן זיך צו די קרימינעלע דורכן פענצטער און וואָרענען זיי פאַר די קאָנסעקווענצן ? — האָב איך געפרעגט.

— עס איז אַ געדאַנק. מאַך עס פון דיין זייט דיוויזיע, און מיר וועלן דאָס מאַכן דורכן הויף.

כ׳האָב נישט באַמערקט, ווי דער וועכטער פון שטאָק איז אָנגעקומען און געגאַנגען עפענען די קאַמער.

— עס איז דיין קאַמער ?

— ניין.

— וואָס־זשע טוסטו דאָ ? ווילסט גיין אין קאַרצער ?

די לעצטע ווערטער האָב איך שוין געהערט אויף די שטיגן.

כ׳בין שנעל אַראָפּגעלאָפן אַלע דריי שטאָק, אַדורכגעגליטשט זיך אין דער עלפטער דיוויזיע, וווּ איך האָב פאַרלאַנגזאַמערט מיינע טריט. דאָס איז דאָך „מיין״ דיוויזיע.

כ׳האָב געטראָפן אַ באַקאַנטן וועכטער און פאַרפירט אַ שמועס, כלור־מרשט וועגן פאַרויסמאַרש פון די אַלירטע. ער האָט שטיל אַ זאָג געטון :

— עס גרייט זיך שלעכטס איבערמאָרגן, זייט פאָרזיכטיק.

דערווייל האָט דער וועכטער דערציילט, אַז אין תפיסה האָט מען גע־בראַכט נעכטן דעם געוועזענעם אינערן־מיניסטער זשאָרזש מאַנדעל. ער איז געווען ווייס ווי קאַלך, ווען מען האָט אים איינגעאָרדנט אין אַ באַזונדער קאַמער לעבן ביוראָ פון דירעקטאָר, אין דער קאַמער פון ביבליאָטעקאַר, וועמען מען האָט איבערגעזעצט ערגעץ אַנדערש. באַלד נאָך זיין אָנקומען אין תפיסה האָט זיך צוגעשטעלט אַ דעלעגאַציע פון צוויי נאַצישע אָפיצירן, וועלכע האָבן פאַרבראַכט מיט מאַנדעלן אַ לענגערע צייט. מען שמועסט, אַז זיי זאָלן האָבן געפאָדערט פון אים געוויסע דאָקומענטן. נאָר זיי זאָלן האָבן פאַרלאָזט די תפיסה מיט ליידיקע הענט. דער גורל פון מאַנדעלן איז געווען געחתמעט. אַ וואָגן פון דאַרנאַנס מיליץ איז געקומען נאָך אים.

זשאָרזש מאַנדעל איז געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון „טיגער״ קלעמאַנסאָ נאָך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ רעאַקציאָנערער מיניס־טער אין פיל קאַבינעטן צווישןביידע וועלט־מלחמות, אָבער אַ פאַרביסע־נער קעגנער פון דייטשלאַנד. פונקט ווי דעם יידישן מיניסטער זשאַן זעי,

האָט אים לאַוואַל אויסגעליפערט אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ. מען האָט אים דעפּאָרטירט, אַזוי ווי לעאָן בלומען, אין אַ פּאַלאַץ אין דייטשלאַנד, וווּ ער האָט געלעבט אין פיינע באַדינגונגען. שפּעטער האָט מען אים צוריקגע־בראַכט קיין פראַנקרייך.

צומאָרגנס, דעם 13־טן, איז מיר געוואָרן אומהיימלעך. פאַרשידענע סימפּטאָמען האָבן אָנגעזאָגט, אַז די אַדמיניסטראַציע גרייט זיך צום „יום־טוב". אין די אויסערלעכע קאָרידאָרן האָט מען אויסגעשטעלט קוילנוואַר־פער. די אַדוואָקאַטן האָבן מער נישט געקאָנט רופן זייערע קליענטן. דאָס עסן האָט מען אַריינגעטראָגן אין די קאַמערן. פריער פלעגט מען עס געבן אויפן קאָרידאָר. דער שפּאַציר איז באַגרענעצט געוואָרן צו 5 מינוט. די וועכ־טער זענען געווען נערוועז, זיי פלעגן צומאַכן די טירן און פענצטער מיט מער רוגזה ווי שטענדיק.

נאָכמיטאָג איז געלונגען אַ פראַנצויזישן חבר פון מיין פריערדיקער קאַ־מער פון דער זעלבער עלפטער דיוויזיע צוצוקומען צו מיין טיר און מיר איבערצוגעבן, אַז אַ דעלעגאַציע פון פּאָליטישע אַרעסטירטע איז געווען ביים דירעקטאָר און אים געוואָרנט, אַז ער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מאָרגנדיקע געשעענישן. דער חבר האָט מיך געבעטן זיך ווענדן דורכן פענצטער צו די אַרעסטירטע. דער דאָזיקער וויזיט האָט אויף מיר געווירקט ווי אַן איינשפּריצונג. נישט קיין מוט האָט מיר געפעלט, נאָר זיצנדיק צווישן קרימינעלע האָב איך זיך געפילט איזאָלירט. דער חבר האָט מיך צוריק פאַר־בונדן מיט דער באַוועגונג.

פאַרנאַכט, נאָך 7 אַזייגער, ווען די קאַמערן זענען געוואָרן צוגעשלאָסן אויף ביינאַכט, דאָס הייסט, צוויי מאָל, האָב איך אויפגעקלערט מיינע מיט־זיצער, וואָס עס גרייט זיך. איך האָב זיי איבערגעגעבן דעם באַשלוס פון דער פּאָליטישער אָנפירונג, אַז איך זאָל זיך ווענדן צו די אַרעסטירטע. איך האָב זיי געבעטן צו שטעלן זיך ביי דער טיר און אַכטונג געבן, צי אַ וועכ־טער קומט נישט אָן. איינער פון זיי האָט מיך גענומען אויף די אַקסלען און איך האָב מיטן גאַנצן כוח גענומען שרייען דורכן פענצטער אין דער ריכ־טונג פון דער גאָס זשאַן־דאַלאַן:

— הערט זיך צו, הערט זיך צו, לאָזט זיך נישט פּראָוואָצירן מאָרגן ביינאַכט. מאַניפעסטירט נישט. עס איז נישט צו אייער גונסטן. די פּאָליטי־שע אַרעסטירטע וואָרענען אייך פאַר די קאָנסעקווענצן. די פּאָליציי גרייט אַ שחיטה.

מער האָב איך נישט געקאָנט זאָגן און געמוזט אַראָפּלאָזן זיך פון די אַקסלען פון אַרעסטאַנט, ווייל אויפן שטאָק האָבן זיך געהערט טריט פון אַ וועכטער. פון הויף האָט אַ וועכטער גענומען שרייען:

— האַלט ס׳מויל, דאָרט!

אָבער מיין קאַמער האָט זיך נישט געעפנט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט מען זיך געפרעגט דורך די פענצטער:

— ווער האָט גערעדט? חזרט איבער!

דאָס וואָלט געווען אומפּאַרזיכטיק. ווייל אָן שום ספק האָבן די וועכטער זיך צוגעקוקט אין דער ריכטונג פון די פענצטער. עס קאָן אויך זיין, אַז אַ וועכטער האָט געהייסן ספּעציעל איבערהזרן, כדי צו דערגיין ווער עס האָט געריעדט.

דעם גאַנצן אָוונט האָבן די קרימינעלע געקוקט אויף מיר גאָר אַנדערש ווי ביז איצט. זיי האָבן מיר געשטעלט פראַגן וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט. זיי האָבן געפרעגט, צי עס איז אַ יושר, אַז טייל זאָלן זיך באָדן אין גאָלד און די אַנדערע זאָלן שטאַרבן פון נויט. איינער, וואָס האָט זיך דערקלערט אַלס מיטגליד פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, האָט באַרעכטיקט דאָס פאַך פון אַ גנב אויף אָט דעם אופן:

— אין דער ווירקלעכקייט נעמען מיר צו נאָר דאָס געלט, וואָס די רייכע האָבן צוגעגנבעט ביי די אַרבעטער. ביי אָרעמע לייט גנבענען מיר דאָך נישט, נאָר ביי די רייכע. פון וואַנען האָבן זיי זייערע רייכטימער? פּאַקטיש קומט דאָס געלט פון דער טאַש פון איין גנב אין דער טאַש פון אַ צווייטן.

מיינע נערוון זענען געווען צופיל אָנגעשטרענגט, אַז איך זאָל נעמען מיט זיי דיסקוטירן. עס איז מיר אָבער געפעלן, וואָס, אַנשטאָט קאָרטן, האָבן זיי מיט מיר גערעדט וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט. זיי האָבן צוגעפּאַסט די טעמאַטיק צו מיר.

וועלנדיק געווינען נאָכמער זייער סימפּאַטיע, האָב איך פאָרגעשלאָגן, אַז יעדער זאָל דערציילן זיינס אַ לעבנס־געשיכטע.

דער ערשטער האָט צוגעפּאַסט די טעמע צו דער אַטמאָספער:

— איך האָב אַמאָל אויפגעעפנט מיט אַ וויטריך די טיר פון אַ פּאַוויליאָן און גענומען גיין מיט מיין חבר איבער די צימערן. אין ערשטן צימער האָב איך איינגעפּאַקט אַן אַלטן, שיינעם זייגער, וואָס איז געשטאַנען אויפן קאַמין, אַן אַנטיק פון גאָלד און פאָרצעליי, ווי מ׳זעט עס ביי אַלטע פראַנצויזן, מן־הסתם פון נאַפּאָלעאָנס צייטן. אין צווייטן צימער האָב איך געפונען אַן אַלטע גלעזערנע קאָמאָדע מיט קרישטאָל. אָבער גיי נעם קרישטאָל. אַריינקומענדיק אין דריטן צימער, האָבן מיר געזען ליגן אין בעט אַן אַלטיטשקע פרוי, וואָס איז געשלאָפן. זי האָט גאָרנישט געהערט. איר רואיק שלאָפן און דאָס אָרעמע בעטגעוואַנט האָבן אונדז צוריקגעשטויסן אין פרייערדיקן צימער און מיר האָבן איבערגעלאָזן דעם זייגער. עס מאַכט נישט, אַן אַנדערער וועט שוין באַצאָלן דערפאַר — האָט ער פאַרענדיקט.

— דערוווייל צאָלסטו, כאָטש דו האָסט גאָרנישט גענומען — האָט אים אַ צווייטער אַריינגעזאָגט.

— איך בין אַן אַנאַרכיסט — האָט זיך אויפגעשטעלט אַ קליינער, אפשר 50־יעריקער חברהמאַן, וואָס איז געווײַנלעך נישט געווען שטאַרק באַרעדעוודיק. — איך קריך נישט אין קיין פּאַוויליאָנען פון די פּאַריזער פּאָרשטעט. דאָרט וווינט אָרעמקייט. אגב, איר קליינע גנבים און דעכערקריכער, איר מאַכט קאַליע דאָס פאַך. איר קוואַפּעט זיך אויף אַ זייגער. איבער מייערן אָדער איבער אַ פעל פון אַ געגנבעטן קרוליק פאַלט איר

דורך; אַז „אַרבעטן", איז גרויס, אויף אַ באַנק אָדער אַ פֿאַבריקס־קאַסירער. איר כאַפּט דאָך במילא אַריין צוויי־דריי יאָר. ווען איך בין אַ ריכטער, וואָלט איך אייך געגעבן די גרעסטע שטראָפֿן. אָדער ווערט פּאָכלייט, אָדער גייט אַרבעטן אין אַ פֿאַבריק.

עס האָט זיך געמאַכט אַ טומל. די „קליינע", וואָס זיצן פֿאַר „שוואַרצן מאַרק" און גנבות, האָבן געגנומען שרייען, אַז די „גרויסע" פּירן זיך ווי „קאַאידן", אָבער זיי פֿאַרגעסן, אַז אַלע „גרויסע" האָבן אָנגעהויבן „קליין". עס מאַכט נישט. זיי, די „קליינע", וועלן נאָך אויך ווערן „גרויסע".

דאָס געשפּרעך איז מיר נישט געווען צום האַרצן און כ׳האָב זיך באַמיט צו ענדערן די טעמע.

— חברה — האָב איך זיך מיטאַמאָל אָפּגערופֿן — איר ווילט, וועל איך אייך אויך דערציילן אַ מעשה פֿון אַ גנב. אַן אמתע מעשה, כ׳האָב זי געהערט פֿון אַ קליענט פֿון מיין אַדוואָקאַט, אין „פּאַרלואַר". 17 יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער האָט געגנבעט אַ פּאָרטפֿעל, כדי צו געפֿעלן אַ מיידל, מאַדלען, אין באַל־זאַל „א זשאָ", אויף רי דע לאַפּ. צוויי יאָר האָט עס אים געקאָסט. ווען ער איז אַרויס פֿון תפיסה, איז מאַדלען געווען אַ חתונה־געהאַטע. האָט ער זיך געבייזערט און זי געשלאָגן, האָט ער אַריינגעכאַפּט פֿרישע צוויי יאָר פֿאַר שלאָגן אַ פֿרוי. היינט איז ער אַלט 20 יאָר און ער האָט די טעג באַקומען אַ בריוו, אַז זיין מאַמע איז געשטאָרבן פֿאַר צער.

כ׳האָב אָפּגעהאַקט און זיך אַרומגעקוקט. אייניקע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. נאָר דער אַנאַרכיסט האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— מוחל דיין מאָראַל. זונטיק, אין קלויסטער, וועסטו דרשנען. זאָג צו יענע וועלט, עולם הבא און איך וויל עולם הזה.

— וואָס קומט דאָ פֿאָר? — האָט זיך מיטאַמאָל געהערט אַ שטימע פֿון דער טיר. — גייט שלאָפֿן!

דאָס האָט דער וועכטער אונדז איבערגעריסן. מיר האָבן זיך געלייגט אויף די ברעטער. איך האָב פּרובירט טראַכטן וועגן מיינע מיטזיצער, נאָר כ׳האָב זיך דערמאָנט מיטאַמאָל וועגן מאָרגנדיקן טאָג און מיינע געדאַנקען זענען אַוועק ערגעץ אַנדערש.

— וועל איך נאָך זען סילווי? און מאַניק, וואָס כ׳קאָן קוים? און פֿאַני, וואָס איז פֿאַרוווּנדעט? און דעם זיג וועל איך דערלעבן? איז עס דער לעצטער טאָג פֿון מיין לעבן?

צומאָרגנס איז די לופֿט אין תפיסה געווען שטיקנדיק. דורכן פֿענצטער זענען אַריין גאַנצע סנאָפּעס ליכט און הייסע לופֿט. מיר האָבן געטראָגן בלויז העמדלעך און פֿאַרקאַשערט די הויזן. קיין שפּאַציר איז נישט פֿאָרגעקומען און מיר האָבן נישט געקאָנט די לעצטע נייעס. דאָס עסן איז געווען צו געשמאַק, ווי פֿאַר דער „סאַנטע". עפּעס ווי פֿאַר אַ ספּעציעלן יום־טוב. וויל טאָקע די אַדמיניסטראַציע פֿון דער תפיסה „סאַנטע" פֿייערן דאָס איינ־נעמען פֿון דער באַסטיליע?

דער טאָג איז אַוועק און איבערגעלאָזט די היץ אין קאַמער.

7 אָווגט האָב איך פּרובירט ווידער רעדן דורכן פענצטער. אָבער אונדזער וואַך ביי דער טיר האָט אויפגעהויבן די האַנט אַלס סימן, אַז מען דאַרף עס נישט טון, ווייל אַ וועכטער שטייט אויפן באַלקאָן פון אונדזער שטאָק, נישט ווייט פון אונדזער קאַמער, און הערט זיך צו. ווייזט אויס, אַז אונדזער קאַ־מער איז אים פאַרדעכטיק.

מיין מיט־געפאַנגענער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און געהיט דעם וועכטער. באַלד האָט דער לעצטער פאַרלאָזן זיין אָבסערוואַציע־פּונקט. כ׳בין דאַן שנעל אַרויף אויפן אַקסל פון אַן אַרעסטאַנט און מיטן גאַנצן כוח אַרויסגעשריגן:

— זינגט נישט היינט אָווגט. עס איז אַ פּראָוואָקאַציע. אַ גרויסע געפאַר דראָט אונדז.

ווידער אַמאָל האָט זיך געמאַכט אַ באַוועגונג אין די קאַמערן. שטימען האָבן זיך איבערגעפרעגט דורך די פענצטער.

און עס איז שטיל געוואָרן. ביי מיר אין קאַמער האָט קיינער נישט גע־וואַגט צו רעדן. עס איז נאָך געווען ליכטיק, און פיר אַרעסטאַנטן האָבן גע־שפּילט שטילערהייט אין בעלאָט, אפילו די „אַנאַנסן״ אַרויסגערעדט בשתיקה. איך האָב אָנגעהויבן צו טרייסלען זיך ווי אין פיבער.

כ׳בין צוגעגאַנגען צום קראַן און אונטערגעשטעלט דעם קאָפּ, אפשר וועט עס מיך באַרואיקן. אומזיסטע מי. כ׳האָב געפרוווט לייענען אַ פּאָלי־צייאישן ראָמאַן און גאָרנישט פאַרשטאַנען. כ׳האָב געשלאָסן די אויגן, אפשר וועל איך איינשלאָפן.

מיטאַמאָל האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. אַלע שטייען שוין אויף די פיס און הערן זיך צו. מען קלאַפּט, מען געוואַלדעוועט.

— עפנט די טירן — שרייט מען. אין די קאָרידאָרן הילכן אָפּ די גע־וואַלדן. טירן ברעכן זיך. מען זינגט דעם „אינטערנאַציאָנאַל״. גנבים, שווינדלער, הענדלער פון שוואַרצן מאַרק פּראָפּאַנירן אונדזער „אינטער־נאַציאָנאַל״. די פאַשיסטישע פּראָוואָקאַטאָרן האָבן אויסגעקליבן דאָס אומ־שטערבלעכע ליד פון פּראָלעטאַריאַט פאַר זייער פּראָוואָקאַציע.

„שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן״. און מיר, וואָס זענען גרייט מקריב צו זיין אונדזער לעבן פאַר די דאָזיקע אומשטערבלעכע ווערטער, טאָרן זיי נישט זינגען אין איצטיקן מאָמענט.

דאָס געפּילדער שטייגט אין אונדזערע קאָרידאָרן, דערנענטערט זיך צו אונדז און פּלוצלונג עפנט זיך אונדזער טיר פון דרויסן, אויפגעשלאָסן ווי דורך אַ וועכטער.

— אַרויס, איר זענט פריי.

פריי. דאָס וואָרט, וואָס מען דערוואַרט מיט אַזויפיל פרייד, איז איצט גאַליק. מיר זענען פריי, ווי אַ חיה, וואָס מען האָט אַריינגעפירט פון אַ קליינער אין אַ גרויסער שטייג. אין די קאָרידאָרן, אויף די באַלקאָנען שפּאַ־צירן פריי אַרעסטאַנטן, פּאָליטישע און קרימינעלע אויסגעמישט. מען גרו־פּירט זיך לויט באַקאַנטשאַפט, לויט פּראָצעסן, לויט קאַטעגאָריעס. די קריי־



די תפיסה „סאַנטע" פון דער זייט פון דער גאַס זשאַן־דאָלאַן. אויפן לעצטן שטאָק, אינמיטן, דאָס פענצטער פון מיין קאַ־מער צווישן די קרימינעלע אַרעסטאַנטן. הינטער דער מויער אויף רעכטס זענען פאָרגעקומען די עקזעקוציעס. היינט גע־פינט זיך אויף דער דרויסנדיקער מויער אַ טאָוול מיט פאָל־גענדיקער אויפשריפט: הינטער די דאָזיקע מויערן זענען אויפן באַפעל פון אַ רעגירונג אין דינסט פון שונא, דער־מאָרדעט געוואָרן 18 אַנטי־פאַשיסטישע פאַטריאָטן (עס קו־מען 18 נעמען. דער צווייטער איז טשעבוצקי). זיי זענען געשטאָרבן, כדי פראַנקרייך זאָל לעבן. פראַנצויזן, פאַרגעסט עס קיינמאָל נישט!

מינעלע שרייען, ליאַרמען, זינגען, וואָס עס פאַלט זיי איין. די פּאָליטישע אַרעסטירטע שטייען ביי זייערע קאַמערן, וואָס מען האָט געעפנט פון דרויסן, רויִק און אָנטשלאָסן.

קיין וועכטער זעט מען נישט. מיט אַמאָל דערהערט מען אַ מוראדיקן קלאַפּ. דאָס האָט אַ גרופּע קרימינעלע אַראָפּגעשליידערט פון 3־טן שטאָק דאָס וועגעלע, וואָס פירט פונאַנדער די זופּ. עס הויבן זיך באַלד אויף פלאַ־מען פון פּאַרטער, נעבן דעם וועגעלע, וווּ מען האָט אָנגעצונדן אַ פייער פון ברעטער. אין בליאַסק פון דער שרפה זעט מען, ווי אַ מאַסקאַראַדע אין אַ קאַרנאַוואַל, אַ גרופּע אַרעסטאַנטן, וואָס האָט ערגעץ געפונען פּאַפּירענע, קאָלירטע היטעלעך פון אַ באַל. זיי טאַנצן אַרום פייער. די „מוזיק" פאַר־הילכט די קאָרידאָרן מיטן געקלאַנג פון די בלעכענע לעפל אין די מעטאַ־לענע מאַנאַשקעס. קינדער שפּילן זיך מיט פייער.

פון אַלע זייטן לויפן אַרעסטאַנטן פון איין קאַמער אין דער צווייטער, טראָגן פּעקלעך, רופן חברים, פּאַקן זיך ווי אין וועג אַריין. זיי ווען ווייט נישט פאַרן.

— צום „ראָן פּואַן" — הערן זיך געשרייען, און די מאַסע נעמט שטראָ־מען און ווערט געדיכט, אין דער ריכטונג פון רונדן פּלעצל, וווּ עס געפינט זיך די גלעזערנע ביוראָ פונעם הויפּט־וועכטער פון די העכערע דיוויזיעס, דאָס הייסט, פון דער 7־טער ביז דער 14־טער. פון דאָרטן גייען אַ פּאָר שטי־געלעך אַראָפּ צו די „פּאַרלואָרן" פון די אַדוואָקאַטן און נאָכדעם פירט דער קאָרידאָר צום ערשטן אייזערנעם טויער, וואָס טיילט אָפּ די העכערע פון די נידעריקע דיוויזיעס.

די גלעזערנע טירן פון „ראָן פּואַן" זענען צעבראָכן אויף שטיקלעך. די ביוראָ איז אָפן. קיינער איז דאָרט נישטאָ. דאָרט הערשט אַן אומאָרדע־נונג. פּאַפּירן ליגן אויף דער ערד צעוואָרפן, אָבער נישט לאַנג. אָט ברענען זיי שוין. זיי כאַפּן אַרום דעם טיש, נאָכדעם די שטול, פלאַמען קריכן אַרויס דורך די לעכער, וווּ עס זענען ערשט געווען שויבן.

פון אויבן זע איך דעם קאָרידאָר פון די „פּאַרלואָרן" פאַרשטאָפּט פון אַרעסטאַנטן. די ערשטע מוזן גיין פאָרויס, געשטופּט פון די הינטערשטע רייען. זיי שטויסן שוין די אייזערנע טיר, וואָס פירט צום „ראָן פּואַן" פון די אונטערשטע דיוויזיעס. די טיר ווערט אָבער געעפנט פון דער אַנדערער זייט, עס זעט אויס, ווי עמעץ, וואָס ווייסט וואָס ער טוט, וואָלט זי גע־עפנט.

די פאָדערשטע רייען פאַרפלייצן דעם אונטערשטן „ראָן פּואַן" און גיי־ען אַריין אין גרויסן זאַל, וווּ עס געפינט זיך די קאָנטראָל צום אַרויסגיין. פון הינטן שטויסט די מאַסע פון די אויבערשטע דיוויזיעס.

אָט זענען די ערשטע אַרעסטאַנטן ביי דעם פאַרקראַטעוועטן טויער, וואָס פירט אין לעצטן קאָרידאָר, פאַרן הויף. די געוואָלדן זענען אין לשער. עס פלאַצן לעמפּלעך און שויבן. אַ גערודער, אַ געפילדער, מען קאָן אַראָפּ פון זינען.

און מיטאַמאָל ווערן די דאָזיקע אומבאַגרייפּבאַרע געשרייען איבערגע־ריסן דורך אַ רעגולערן „טאַק־טאַק־טאַק" פון מאַשין־געווער.

— מען שיסט, מיטראַליעזן.

דער שטראָם פון די „באַפרייטע" האָט אין איין אויגנבליק געענדערט זיין ריכטונג און די כוואַליעס שטופּן צוריק די לעצטע רייען, וואָס זענען איצט געוואָרן די ערשטע. די לעצטע, די פאָרזיכטיקע זענען איצט גע־וואָרן די ערשטע צום צוריקלויפן.

„טאַק־טאַק־טאַק" — שניידן זיך אין געפּילדער אַ וועג די קוילן. די גע־שרייען דריקן שוין אויס שרעק.

ביי דער טיר פון טויער מיט די קראַטעס בלייבן ליגן אַ פּאָר מענטשן. וויפל קאָן איך נישט ציילן. איך בין צו ווייט. נאָר די צוריקלויפנדיקע רעדן וועגן פינף אָדער זיבן טויטע.

אין דער בהלה פון צוריקלויפן בלייבן נאָך איינציקע אויפן באָדן פון קאָרידאָר נעבן „פּאַרלואַר". מיר זענען שוין ווידער אין דער עלפטער די־וויזיע אויף לינקס, וווּ אַלע קאַמערן זענען אָפן און ליידיק.

מיר כאַפּן אָפּ דעם אָטעם און נעמען גיין פּאַמעלעך צו אונדזערע קאַ־מערן, וועלכע מיר האָבן נאָרוואָס פאַרלאָזן. אָבער ביקסן־שאָטן הילכן אָפּ עפּעס זייער נאָענט.

— פון וואַנען שיסט מען?

דאָס שיסט מען דורך די פענצטער פונעם פּאַרטער, פונעם הויף, ווו עס גייט אַרויס די עלפטע דיוויזיע, דירעקט אין די קאַמערן אַריין. אָבער די קאַמערן זענען ליידיק. נעבן מיר פאַלט אַ יונגער אַלזשיריאַנער פון אַ קויל, וואָס איז אַדורך דורך דער אָפענער טיר. עס איז נישט מעגלעך עפּעס אַנדערש צו טון, ווי צו שטעלן זיך ביי אַ וואַנט צווישן צוויי קאַמערן, כדי אויסצומיידן די שיסעריי.

ווען ס'ווערט אַביסל שטילער, איז שוין דער אַלזשיריאַנער טויט. איך לויף אַרויף אויפן דריטן שטאָק פון מיין דיוויזיע. אַלע מיינע מיט־אַרעס־טאַנטן זענען שוין אין קאַמער. איך גיי צוריק אַרויס אויפן באַלקאָן און גיי איבער צו די פּאָליטישע אַרעסטירטע פון דער עלפטער דיוויזיע. כ'טרעף אויך די חברים יאַקובאָוויטש, מאַקס און שוואַרץ פון מיין „אַפערע". עס איז שוין איינס ביינאַכט. אונדזער דיסקוסיע איז אַ קורצע.

— ס'איז געשען, וואָס עס איז געווען פאָרויסצוזען. זיי האָבן צוגע־גרייט אַ פּראָוואָקאַציע און האָבן זי אויסגעפירט. וואָס מאַר אַ פאַרנעם וועלן אָננעמען די רעפּרעסיעס, איז שווער פאָרויסצוזאָגן.

מיר געזעגענען זיך מיט אַ שווער האַרץ. ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָך זען און ווו?

דערווייל באַנייען זיך די שיסערייען. מיר קוקן אַרויס דורך די פענצ־טער און הערן, ווי אויפן הויף קומען אָן לאַסט־אויטאָס מיט מיליץ און זשאַנדאַרמען.

אַ געראָיש פון אַוויאָנען ציט צו אונדזער אויפמערקזאַמקייט. עס הערן זיך סירענעס און די אַנטי־אַוויאָנען־קאַנאָנען, די „דע־סע־אַ״, נעמען שפּייען אין הימל אַריין.

— אפשר קומען אַוויאָנען באָמבאַרדירן די תפיסה? ווען עס זאָל פאַלן איין באָמבע אויף דער „סאַנטע״, זענען מיר באַפרייט אויף אַן אמת... אָדער דערהרגעט אונטער די חורבות...

די פאַנטאַזיע נעמט אַרבעטן. אַלע שטופּן זיך צו די פענצטער. אַן אויסערגעוויינלעכער צופאַל קאָן מאַכן, אַז די פּראָוואָקאַציע זאָל אויסגיין צו אונדזער גונסטן.

דער קאַמף אין הימל גייט אַן ערגעץ אין דער געגנט פון אָרלי, אויף דרום פון פּאַריז. צום „קאַרנאַוואַל״ פון תפיסה קומען צו די „פייערווערק״ פון אַן אַוויאָן, וואָס רייסט אויף אין הימל, און צוויי פלאַמען באַגלייטן די צוויי העלפטן, וואָס ציען זיך מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט צו דער ערד.

קיין באָמבע וועט אויף דער „סאַנטע״ נישט פאַלן. מיר קומען צוריק צו דער האַלוצינירנדיקער רעאַליטעט. מען שיסט אין די קאָרידאָרן. די מיליץ איז אַריין אין תפיסה און שיסט אין אַלע ריכטונגען, די אַרעסטאַנטן פון פּאַרטער זענען אַרויף אויף די אויבערשטע שטאָקן. די מיליץ שיסט צו די באַלקאָנען. מען מוז אַריין אין די קאַמערן. די מיליץ שפּרייזט אַריבער די טויטע, וואָס ליגן אונטן. אויסער די ביקסן רעדט קיינער נישט.

עס איז שוין 4 פאַרטאָג, ווען אונדזער קאַמער ווערט צוריק פאַרשלאָסן פון דרויסן. עס הויבט אָן צו טאָגן. מיר קוקן זיך אַרום. געענדיקט מיט דער „פרייהייט״.

מיר לייגן זיך צו און הערן, ווי די שליסלען אַרבעטן ביי די שלעסער, מעטאָדיש, שטאָק נאָך שטאָק, טיר נאָך טיר. זיי קאָנען דעם פּלאַן פון דער תפיסה, זיי ווייסן, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

דאָס געפילדער האָט זיך באַנייט אַרום 7 פרי. אָבער שוין ווייט נישט דאָס זעלבע. שליסלען גרילצן אין די שלעסער. די וועכטער שרייען, ציילן די אַרעסטאַנטן און שלאָגן. מען הערט נאָר זייערע קולות און די קלעפּ.

אונדזער קאַמער ווערט אויפגעשלאָסן ברוטאַל. אויף דער שוועל, אָנשטאָט אַ וועכטער, אַ מיליציאָנער מיט אַ מאַשין־געווער, מיט דער לופע אין אונדזער ריכטונג.

— מיטן פּנים צו דער וואַנט! די הענט אין דער הויך! — פאַלט דער באַפעל.

מיר שטעלן זיך אויס לענגאויס די פענצטער און וואַרטן. מען שרייט אינדרויסן ביי דער טיר, אויפן באַלקאָן:

— גייט דאָ אַריין און שנעל!

די קאַמער ווערט מיטאַמאָל אויסגעפּילט פון מענטשן, וואָס מיר זעען נישט. די טיר ווערט ווידער פאַרשלאָסן און מיר דרייען זיך אויס.

— ווער זענט איר? — פרעגן מיר די פריש־אָנגעקומענע.

— אונדזערע טירן פון די קאַמערן זענען צעבראָכן, פירט מען אונדז אַריבער אין די אַנדערע קאַמערן, ווו די טירן זענען גאַנץ.

מען דערציילט, אַז אין איין קאַמער האָט דער מיליציאָנער באַמערקט אַן אַרעסטאַנט, וואָס האָט געהאַלטן נאָר איין האַנט אין דער הויך. נישט וואַרטנדיק לאַנג האָט דאָס מאַשין־געווער אים צעשניטן אויף דער העלפט. ערשט, ווען דער טויטער איז אומגעפאַלן, האָט מען באַמערקט, אַז די צווייטע האַנט איז געווען אין גיפס און אַנגעהאנגען אויף אַ באַנד.

מיר ציילן זיך איבער: 27 אַנשטאָט די פריערדיקע 7.

מען הויבט אָן צו זוכן פּלאַץ, ווו זיך צו לייגן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די פרישע האָבן אפילו נישט געהאַט קיין רעכט מיטצונעמען זייערע זאַכן. כ׳געפין אויס אַ ייד צווישן די אָנגעקומענע. ער איז אַ קרוב פון מצה־פאַבריקאַנט בירמאַן פון רי דע ראָזיע. דער ייד איז אַריינגעפאַלן צוליב אַ אידענטיטעט־קאַרטע און זיצט שוין אַ צייט. זיינע מיט־אַרעסטאַנטן האָבן צעבראָכן די טיר פון זייער קאַמער פון אינעווייניק מיטן ברעט פון טיש.

אַ גאַנצן טאָג פאַרברענגען מיר אין אויסאַרבעטן פּלענער, ווי אַזוי צו געפינען פּלאַץ פאַר יעדן איינעם. פאַראַן אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט ביי אונדזערע אין קאַמער. „מיר" האָבן געסט, וועמען עס דראָט מער פאַר אונדז.

קיין עסן באַקומט מען נישט אַ גאַנצן טאָג. מען שפּילט נישט אין קאָרטן. אגב, איז נישט פאַראַן קיין פּלאַץ, ווו צו לייגן די קאָרטן. מער ווי אַ פּלאַץ צו זיצן, די קני איינגעקאָרטשעט און אָנגעשפאַרט אין צווייטנס פּלייצע האָט מען נישט. 27 פאָר קני שפּאַרן זיך אָן אין פּלייצעס פון אַ שכן, אָדער פון דער וואַנט.

אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט די נאַכט פון 15־טן אויפן 16־טן יולי 1944.

אינדרויסן איז שטיל. אויסער אומפאַרשטענדלעכע באַפעלן פון הויף הערט מען גאָרנישט.

דעם 16־טן באַקומען מיר די ראַציע שוואַרץ ברויט, אָבער קיין געטראַנק. מען ציילט אונדז נישט, מען פרעגט נישט, ווי מיר הייסן. אַרום 11 אַזייגער שטעלט זיך אַריין אַ גרופּע וועכטער, באַגלייט פון אַ מיליציאָנער מיט אַ מאַשין־געווער און הייבט אָן לייענען נעמען. בלויז איינער פון די אויסגערעכנטע נעמען געפינט זיך ביי אונדז אין קאַמער. זיי נעמען אים מיט.

צומאָרגנס גיט מען אונדז ווידער די ראַציע ברויט. ביי דער געלעגנהייט ווערן מיר געוואָר, אַז אין דער נאַכט פון דער פּראָוואָקאַציע זענען אומגעקומען 18 אַרעסטירטע, אַלע קרימינעלע. טייל זאָלן האָבן דערשאָסן געוואָרן אין די קאַנאַליזאַציעס, ווו זיי האָבן זיך באַוויזן אַריינצובאַקומען. מען שמועסט אויך, אַז היינט נאָכמיטאָג וועט אַ שטאַנד־געריכט משפּטן די, וועלכע האָבן צעבראָכן די טירן.

דעם 18־טן אינדערפרי ווערן מיר אויפגעוועקט דורך אַ זאַלפּ אויפן הויף. מיר קוקן אַרויס דורך די פענצטער און זעען גאָרנישט. ערשט מיט דער הילף פון אַ שפּיגעלע באַמערקן מיר אין קוואַר אַ קעטשל, וואָס

שטייט ביי דער וואַנט, וועלכע גייט אַרויס עק רי זשאַן דאַלאַן און רי דע לאַ סאַנטע. מען לאָדט דאָרט אויף טרומנעס.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער הערט זיך אַ פרישער זאַלפּ. ווידער זעען מיר, ווי מען לאָדט טרומנעס. דאָס אָרט פון דער עקזעקוציע זעען מיר אַלץ נישט. זי קומט פאָר, מן־הסתם לענגאויס פון דער וואַנט פון רי דע לאַ סאַנטע.

און אַ דריטער זאַלפּ. און אַ ווייטערדיקע סעריע מיט טרומנעס ווערט געלאדן.

וויפל האָבן זיי דערשאָסן? — פרעגן מיר מיט אַנגסט. אונדזערע „לאָ־קאַטאָרן" פרעגן זיך, צי דער, וועמען מען האָט נעכטן צוגענומען, געהערט שוין נישט צו יענער וועלט.

נאָכמיטאָג האָט מען צוריק אַרויסגעפירט אונדזערע סוב־לאָקאַטאָרן.

פאַרנאַכט האָט מען אונדז צום ערשטן מאָל זינט דריי טעג געבראַכט די זופּ. סערווירט האָבן נישט קיין אַרעסטאַנטן, נאָר די וועכטער אַליין, באַ־גלייט יעדעס מאָל דורך אַ מיליציאָנער מיט אַ מאַשין־געווער. ביים אַרויס־גיין פון קאַמער האָט מען געמוזט אויפהייבן די הענט אין דער הויך. ביים סערווירן די זופּ — אַראָפּלאָזן נאָר איין האַנט מיטן טעפּל.

דאָ האָב איך געהאַט די געלעגנהייט פעסטצושטעלן, אַז עס איז נאָך אַלץ געווען אַן אונטערשיד אין דער באַציאונג לגבי מיר ווי לגבי די קרי־מינעלע.

איך בין אַרויס פון קאַמער מיטביידע הענט אַראָפּגעלאָזט. מן־הסתם האָב איך נישט געטראַכט וועגן דעם און נישט געהערט דעם „די הענט אין דער הויך". אינסטינקטיוו האָב איך געהאַלטן איין האַנט אין דער קעשענע, מיט דער צווייטער האָב איך דערלאַנגט די מאַנאַשקע, פאַרטראַכטערהייט.

— די הענט אין דער הויך — האָב איך שוין דאָס מאָל דערהערט.

— איך בין נישט קיין קרימינעלער — ענטפער איך שטאָלץ.

צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג האָט דער וועכטער גאָרנישט געענטפערט, נאָר מיך שנעל צוריק אַריינגעשטופּט אין קאַמער, אָן אַ זופּ, כדי דער מי־ליציאָנער זאָל נישט זען, וואָס עס איז געשען.

די מיט־אַרעסטאַנטן האָבן זיך געטיילט מיט מיר מיט זייער זופּ.

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די דייטשן האָבן געפאָדערט „אַלס רעפּרעסיע פאַרן בונט" 90 יידן. וועל איך געהערן צו זיי?

עס זענען אַוועק אַ פּאָר טעג אין דער דאָזיקער אומזיכערקייט. ס'האָט געגריבלט ביים האַרצן יעדעס מאָל, ווען מען האָט געטראַכט דערפון. פאַר־טרייבן דעם געדאַנק איז נישט געווען לייכט.

זינט פאַני איז געוואָרן פאַרוווּנדעט, האָב איך נישט באַקומען קיין איין פּעקל. עס איז מיר נאָך געבליבן אַביסל צוקער, מיין שפּייז איז באַשטאַנען פון ברויט, זופּ און 4 שטיקלעך צוקער אַ טאָג. כ'האָב זיך באַמיט צו ציען דעם צוקער וואָס לענגער.

ווען עס זענען באַנייט געוואָרן די שפּאַצירן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די פראַנצויזישע פּאָליציי האָט טאַקע אַרויסגעפירט 90 יידן פון דער „סאַנטע“ אין דער פּרעפעקטור, נאָר, אַז די פּראָקוראַטור האָט אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן די באַפרייאונג, מיטן תירוץ, אַז די אַרעסטירטע פאַלן אַרונטער אונטער איר יוריסדיקציע. די דייטשע פּאָליציי זאָל דאַן האָבן געהייסן אַלעמען צוריק איינשטייגן אין די אויטאָבוסן און צוריקפאָרן אין דער „סאַנטע“. אָבער זיי האָבן פאַרהאַלטן די לעצטע 27 יידן און זיי מיטגענומען מיט זיך, ווייל די פראַנצויזישע מיליץ האָט אַלס רעפּרעסיע דערשאָסן 27 קרימינעלע אויפן הויף פון דער „סאַנטע“, אין יענעם פרימאָרגן, ווען מיר האָבן געזען אַרויספירן די טרומנעס. די 3 זאַלפן האָבן דערמאָרדעט יעדער 9 פערזאָן.

וואָס איז געוואָרן מיט די 27 יידן? טייל האָבן געזאָגט, אַז מען האָט זיי דערשאָסן. אַנדערע — אַז מען האָט זיי געשיקט קיין דראַנסי.

דעם 30־טן יולי האָט אַ וועכטער מיך געהייסן איינפּאַקן מיינע זאַכן און זיין גרייט. אַ נייע ווענדונג אין מיין גורל. ס׳איז דער וועג קיין דראַנסי אָדער נאָך ערגער? אַ טאָג פריער האָב איך ווידער אָנגעקניפּט די באַציאונגען מיט די קאַמערן פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָרט האָט מען מיר געגעבן די לעצטע פריידיקע ידיעות פון פראָנט. די רויטע אַרמיי גייט פאָרויס. די אַמעריקאַנער דערנענטערן זיך צו פּאַריז. וועל איך, הייסט עס, פאַלן 5 מינוט פאַר צוועלף?

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט דאָס קליינע פענצטערל פון דער טיר, דורך וועלכן מען גיט אַריין ברויט, און געשען איז אַ זאַך, וואָס איז דערשטוינענדיק אין דער תפיסה. ביים טירל — אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער, אַן אַרבעטער פון מעטראָ, מיטן נאָמען לע קערע, אַ ברעטאָנער. נעבן אים — אַ וועכטער. דער פּאָליטישער אַרעסטירטער איז געקומען מיר מעלדן, אַז איך ווער איבערגעפירט אין דער תפיסה פון „טורעל“ ביי פּאָרט דע לילאַ, און אַז ער געזעגנט זיך מיט מיר אין נאָמען פון אַלע חברים.

— „קוראַזש, אָן סע רעוועראַ סיר לע באַריקאַד“ (מוט, מיר וועלן זיך ווידערזען אויף די באַריקאַדן).

דערלויבן אַ פּאָליטישן אַרעסטירטן עפּעס אַזוינס איז אַ סימן, אַז די פּראָוואָקאַציע האָט געליטן אַ שרעקלעכן דורכפאַל. פאַר מיר איז דער דאָזיקער וויזיט געווען די העכסטע דערמוטיקונג.

איך האָב פאַרלאָזט די קאַמער פולשטענדיק באַרואיקט. די קרימינעלע האָבן זיך געזעגנט מיט מיר זייער האַרציק און מיר געשאָנקען אַ ציגאַרעט, וואָס איז זייער אַ שיינע מתנה. איינער, וואָס וווינט אויף 12, אַוועני זשאַן זשאָרעס, האָט מיר געגעבן זיין אַדרעס און געבעטן, אַז כ׳זאָל זיך מיט אים אַמאָל טרעפן.

אין אַ פּאָליציי־קעטשל בין איך אָפּגעפאָרן קיין „טורעל“.

קאַפּיטל פופצן:

# די ריימאן-קאמפאניע

די אַמאָליקע קאַזאַרמע פון טורעל ביי פאָרט דע לילאַ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תפיסה. דאָך האָט זי פאַרמאָגט, צוליב איר קאַזאַרמע־סטרוקטור, פיל מער באַקוועמלעכקייטן ווי די „סאַנטע״. די קאַמערן האָבן געהאַט אַ 10 מעטער די לענג אויף אַ 6 מעטער די ברייט, צו 2 פענצטער אויף די אַנטקעגנאיבערדיקע ווענט. ווען מ׳האָט געעפנט איין זייט, האָט מען געמוזט צושליסן די צווייטע, צוליב די ווינטן. די געלעגערס פון הילצערנע ברעטער און שטרויענע זעק, אין צוויי שטאָק, זענען געווען באַקוועמע, די דורכגענג צווישן זיי — ברייטע. עס האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ גרויס קאַזאַרמע־צימער אין וואַלבאָן, מיטן אונטערשיד, וואָס די טיר איז געווען פאַריגלט. אינמיטן צימער האָט מען געקאָנט שפּאַצירן, אָבער כ׳האָב גלייך פעסטגעשטעלט, אַז כ׳קאָן מער נישט פיל גיין. די קאַמער איז געווען צו לאַנג פאַר מיינע פיס. יעדן טאָג האָב איך זיך געאיבט צו טראָגן מיינע שיך. זיי האָבן מיר ווײ געטון. כ׳האָב ליבערשט געטראָגן שטעק־שיך.

מיטן עסן איז דאָ געווען ערגער ווי אין דער „סאַנטע״. קיין רעזערוון האָב איך מער נישט פאַרמאָגט. קויפן האָט מען דאָ גאָרנישט געקאָנט, ווייל קיין קאַנטינע האָט נישט עקזיסטירט. אגב, האָב איך שוין געהאַט אויסגעשעפּט מיין גאַנצן קאַפּיטאַל. די שפּייז איז באַשטאַנען פון אַ נישט־עסבאַרער זופּ פון גרינע קרויט־בלעטער. קיין פלייש האָט מען בכלל נישט געזען פאַר די אויגן. כ׳האָב נאָך פאַרמאָגט אַ פּאָר שטיקלעך צוקער פון פּאַניס פּעקל, וואָס האָבן אויך שוין געהאַלטן ביים ענדיקן זיך.

קיין קאָרעספּאָנדענץ האָב איך דאָ נישט באַקומען און קיין וויזיטן פון אַדוואָקאַט אויך נישט. דאָך איז מען נישט געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט. דערנעבן האָט זיך געפונען אַ געביידע פון פּאָליטישע אַרעסטירטע

און אַביסל ווייטער — פון יוגנטלעכע. פון זיי פלעגן אָנקומען אָן אויפהער ידיעות, גוטע נייעס פון פראָנט.

דעם 5־טן אויגוסט פאַרנאַכט האָט מען מיך גערופן. וואָס איז דאָ ווי־דער געשען? אַ פרישע סענסאַציע? כ׳בין אַרויס מיט האַרצקלאַפּעניש. אין ביוראָ האָט מען מיר געוויזן מיין פעקל מיט זאַכן, געהייסן מיך אי־בערציילן און אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר, אַז אַלץ שטימט. נאָך וואָס? כ׳גיי קיין דראַנסי?

ניין. מען האַלט מיך ביים אָפּשיקן אויף מזרח מיט דער באַן. פאַרטאָג וועל איך פאַרלאָזן „טורעל״ צוזאַמען מיט די פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָס איז בעסער ווי דראַנסי האָב איך געוואָלט זיך טרייסטן: כ׳ווער נאָך אַלץ, זעט אויס, באַהאַנדלט ווי אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער.

כ׳האָב זיך געלייגט שלאָפן, אָבער דער שלאָף איז נישט געקומען. מיטאַמאָל בין איך אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַן אויפרייס. וואָס איז גע־שען? די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אויפגעכאַפּט, אָבער קיינער האָט גאָרנישט געקאָנט פותר חלום זיין. מן־הסתם איז ערגעץ געפאַלן אַ באָמבע.

כ׳האָב זיך אָנגעטון און פאַרפּאַקט מיין טלומעקל: די ביכער, דאָס ביסל וועש, די פּאָר שטיקלעך צוקער. כ׳בין געווען גרייט אין וועג אַריין. נאָר דער טאָג איז אָנגעקומען און מען האָט מיך נישט גערופן. עס איז גע־ווען רואיק אין קאָרידאָר. מיינע נערוון זענען געוואָרן זייער אָנגעשטרענגט.

אַרום 8 איז אָנגעקומען אַ וועכטער און מיר געזאָגט, אַז מיין רייזע איז אָפּגעלייגט. די אַלירטע האָבן ביינאַכט באָמבאַרדירט די באַן־ליניע אין לאַני, ביי פּאַריז. דער וועג אויף מזרח איז דערווייל פאַרשטאָפּט גע־וואָרן. איך האָב געקאָנט באַשטיין, אַז די פאַרשטאָפּונג זאָל דויערן. כ׳בין נישט אייליק געווען צו נעמען דעם צוג. אָבער בייטאָג האָב איך מיט באַ־אומרואיקונג געזען דורכן פענצטער, אַז „גאַרד מאָביל״ איז אָנגעקומען אין הויף אַריין מיט לאַסט־אויטאָס און אויפגעלאָדן די פּאָליטישע אַרעס־טירטע פון שכנותדיקן בלאָק. מיין ריי, הייסט עס, וועט אויך קומען, נישט היינט, איז מאָרגן. אָבער זי איז נישט געקומען. נישט דעם טאָג און אויך נישט די אַנדערע טעג. הלוואי זאָל מען האָבן אין מיר פאַרגעסן, האָב איך זיך געטראַכט.

דערווייל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג מאַכט באַמיאונגען צו באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע פון די תפיסות, נאָך איידער די דייטשן וועלן פאַרלאָזן פּאַריז, כדי אויסצומיידן רעפּרעס־יעס. עס האָט זיך געלאָזט און געוואָלט עס גלויבן. דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו פּאַריז. מען האָט דערציילט, אַז ער געפינט זיך שוין ביי ווערסאיל. וואָס איז געוואָרן מיט פאַנין, פון וועלכער כ׳האָב נישט געהאַט קיין ידיעות זינט דעם „אויפשטאַנד״ אין דער „סאַנטע״? איז זי געבליבן אין שפּיטאָל אָדער האָט זי אים פאַרלאָזט? וואָס וועט זיין מיט די קינדער, ווען דער פראָנט וועט אָנקומען קיין מעניל־סעווען?

אַנטקעגנאיבער דער תפיסה אין דער קאַזאַרמע ביי פּאָרט דע לילאַ האָט מען איינגעשטעלט אַ האַרמאַט קעגן אַוויאַציע. דורכן פענצטער האָט זיך געזען זיין לופע. דערווייל איז ער געווען שטיל.

מען האָט דערציילט, אַז די באַן־אַרבעטער זענען אַרויס אין אַ גענע־ראַל־שטרייק. מ׳האָט איבערגעגעבן, אַז די פּאָסט־אָנגעשטעלטע האָבן פאַר־שטרייקט. די פּריוואַט־אינדוסטריע טוט נאָך זייער ביישפּיל. דער שונא ווערט פּאַראַליזירט און פולשטענדיק איזאָלירט אין אַ ים פון שנאה.

נאָכמער. מען האָט געשמועסט וועגן אַ היסטאָרישער געשעעניש: די פּאָליציי האָט פאַרשטרייקט. אַזוינס האָט מען נאָך קיינמאָל נישט געזען. מען האָט אפילו איבערגעגעבן, אַז פּאָליציאַנטן האָבן אַוועקגעגעבן דאָס געווער. אַ שאָד. בעסער באַנוצן דאָס געווער קעגן אָקופּאַנט. אָבער וואָס קאָן מען פאָדערן פון דער פּאָליציי? עס איז שוין געווען אַ ווונדער, וואָס אַ טייל האָט זיך דעצידירט צו שטערן דעם שונא, נישט צו זיין זיין געהילף ווי׳ ביז איצט. די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין דער פּאָליציי האָט מן־הסתם אויפגעצווונגען דעם באַשלוס.

די מעטראָ־אָנגעשטעלטע האָבן טאָקע אָפּגעשטעלט די ליניעס. מען האָט נישט מער געהערט די צוגן פון דער פּאָרט דע לילאַ־סטאַציע, וואָס פלעגן פריער אויפטרייסלען די שויבן פון דער תפיסה.

מען האָט דערציילט, אַז די לאַסט־אויטאָס מיט די פּאָליטישע אַרעס־טירטע זענען געוואָרן בלאָקירט אין טול, נישט ווייט פון נאַנסי, די אַרעס־טירטע זענען געבליבן אין פראַנקרייך. מיך האָט מען נאָך אַלץ נישט גע־רופן און אויב עס זאָל נישט געשען עפּעס אויסטערלישעס, בין איך גע־ווען זיכער צו זיין אין קורצן פריי. דאָס האַרץ האָט ראַשיק געקלאַפּט. עס האָט זיך יאָ און נישט געלאָזט גלויבן.

אַ שכן האָט זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז ער איז אַ גאָליסט און, אַז זיין פאַמיליע באַמיט זיך אים אַרויסצונעמען פון דער תפיסה. מעגלעך נאָך דעם זעלבן טאָג. ווירקלעך האָבן מיר אים געזען פאַרלאָזן פאַרנאַכט די קאַמער. גאָליסטן האָבן זיך זייערע באַציאונגען און מעטאָדן, וועלכע מיר האָבן נישט געוואָלט באַנוצן. זיין באַפרייאונג האָט באַוויזן דעם אונטער־שיד, וואָס מען האָט נאָך געמאַכט, אפילו אין אַזאַ מאָמענט, צווישן ווידער־שטענדלער. מיר האָבן אים געזען אַרויסגיין פון דער תפיסה־געביידע אויפן ברייטן הויף, וואָס איז איבערגעשניטן מיט שטעכל־דראָטן, וועמענס פאַר־שלאָסענער דורכגאַנג האָט זיך פאַר אים געעפנט. דאָן איז ער אַריין אין צווייטן הויף, וואָס פירט אויף דער גאַס אַרויס. אויך דאָ האָט זיך פאַר אים געעפנט דאָס טויער און האָט אים איבערגעגעבן דער פרייהייט. די פרייהייט! איצט איז זי נאָך טייערער געווען ווי פריער, ווייל זי איז געווען אַזוי נאָענט.

ביינאַכט, אַרום 12 אַזייגער, זענען מיר אויפגעוועקט געוואָרן פון אַ גערויש. אַ קליינער אויטאָ איז אַריינגעפאָרן אין ערשטן הויף פון דער גאַס. איך בין שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און געכאַפּט בגנבה אַ בליק

דורכן פענצטער. אַ נאַצישער אָפיציר איז דאָ געווען, באַגלייט פון אַ ציווילן. וואָס באַדייט דאָס? וואָס וועט דאָ געשען פאַר אַ טראַגעדיע? נאָך וועמען גייט מען?

עס הערן זיך טריט אויף די שטיגן. יעדער קלאַפּ האַמערט אין מיין קאָפּ. זיי זענען אויפן ערשטן שטאָק, אויף מיין שטאָק. כ׳באַמי זיך צו באַרואיקן. די טריט גייען אַרויף אויפן צווייטן שטאָק. מען עפנט אַ טיר. עס הערט זיך אַ גערויש, אַ טומל. עס געדויערט נישט לאַנג און די טריט גייען צוריק אַראָפּ, מער ווי פריער. וויפל? נישט מעגלעך צו ציילן. דורכן פענצטער איז מיר געלונגען צו דערבליקן, אַז זיי האָבן מיטגענומען צוויי מענטשן. ווער איז געפאַלן אַ קרבן?

אַ שרעקלעכע נאַכט איז דאָס געווען. עס האָט זיך מיר געחלומט דער גאַליסט, פאַני, די קינדער, טשאַרני, דער נאַצישער אָפיציר, די צוויי שאָטנס, די בלאָקן פון דראַנסי. איך האָב זיך אויפגעוועקט אין שווייס.

צומאָרגנס האָט שוין דער האַרמאַט פון אַנטקעגנאיבער געשפּיגן אָפּט מיט פייער. אויך ביקסן־שאָסן האָבן זיך געהערט, סיגנאַלן פון אויטאָמאָבילן, פון פּאָליציי־קעטשלעך. עס איז געווען אַ הייסער טאָג, דער 18־טער אויגוסט. עס איז געווען גענוי 17 חדשים, ווי איך בין געוואָרן אַרעסטירט.

אַרום 4 נאָכמיטאָג, נאָכדעם, ווי מען האָט אונדז אויסגעטיילט די זופּ, וואָס איז דאָס מאָל באַשטאַנען פון אַביסל אָפּגעברענטע מעל געקאָכט אויף וואַסער, האָט זיך מיט אַ קלאַפּ געעפנט די טיר און אַ וועכטער האָט אויסגערופן מיין נאָמען.

כ׳בין געזעסן אויפן בעט, די פּיס פאַרלייגט אויף טערקיש און טראָפּנווייז באַמיט זיך אַראָפּצושלינגען דאָס ביסל איבלדיק געקעכץ. דאָך איז מיין ענטפער געווען:

— וואָס טאָן מיט דער זופּ?

— דו ווילסט נישט באַפרייט ווערן, איז נישט — האָט דער וועכטער פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

כ׳בין געבליבן געפּלעפט. מיינע שכנים האָבן מיך מאָדנע אָנגעקוקט. ווער איך טאַקע באַפרייט? כ׳האָב אַזוי לאַנג געוואַרט אויף דעם מאָמענט, אַז כ׳האָב אויפגעהערט אין אים צו גלויבן. „ווען נישט די זופּ" — האָב איך געפּרוווט זיך מאַכן פאַרווורפן. „אויב כ׳בין באַפרייט, וועט ער דאָך מוזן צוריקקומען" — האָט אונטערגעשעפּטשעט דער שכל־הישר. „יעדע מינוט איז דעצידירנדיק" — האָט געגריבלט דער אומרו.

דאָך האָב איך אַוועקגעשענקט מיין זופּ אַ שכן און שנעל פאַרפּאַקט מיינע בעבעכעס. ווי לאַנג כ׳האָב אַזוי געוואַרט? זיכער אַן אומענדלעכקייט. ווען דער וועכטער האָט ווידער געעפנט די טיר, בין איך שוין געשטאַנען גרייט. צענדליקער הענט האָבן זיך צו מיר אויסגעשטרעקט: „אַ רעוואַר", אַסך גליק!

כ׳האָב קוים געזען, וווהין מען פירט מיך. כ׳בין אַריין אין אַן עלעקטריש־באַלויכטענעם קעלער־זאַל, ווו עס האָבן זיך געדרייט שאָטנס. מען

האָט מיר ווידער געוויזן מיין זעקל, וואָס איז געווען גרייט צו דער רייזע אויף מזרח מיט אַ פּאָר טעג צוריק. מען האָט מיר ווידער געהייסן אונטערשרייבן. כ׳ווייס נישט וואָס. עס איז אַלץ איינס וואָס. אָט בין איך אין אַ גרויסן ליכטיקן זאַל. כ׳דערקען איינעם אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן פֿון אונדזערע פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכן כ׳האָב זיך געהאַט באַקאָנט אין דער „סאַנטע". מיר האָבן ביידע געהאַט דעם זעלבן אַדוואָקאַט. זשאַן הייסט ער זיך רופֿן. זאָל זיין זשאַן. ער דרייט זיך שוין אַרום ווי אַ היימישער, מן־הסתם האָט ער נישט געהאַט צו טון מיט קיין זופּ, ווען מ׳האָט געעפֿנט די טיר פֿון זיין קאַמער.

ווי אין אַ חלום בין איך אַרויס אויפֿן ערשטן הויף, אַזוי ווי דער גאַסט נעבעכן. פֿון פֿענצטער האָבן ווידער נאָכגעקוקט אייפֿערזיכטיקע אויגן, דאָס מאָל אויף אַ גאַנצער גרופּע. מען פּאָכעט מיט טאַשן־טיכלעך. מיר זענען שוין אַדורך די עפֿענונג פֿון די שטעכל־דראָטן. אָט שטייען מיר שוין ביים טויער. כ׳דריי זיך אויס און זע פֿון דערווייטנס די טיכלעך פּאָכען צו אונדז. עס גרילצט אַ גרויסער שליסל און איך דערזע אַנטקעגנבער דעם האַרמאַט אין דער קאַזאַרמע. ער נעמט דונערן צום הימל. מיר זענען אויף דער גאַס.

אַ פּאָר צענדליק טריט און מיר געפֿינען זיך ביים מעטראָ פּאָרט דע לילאַ. געשלאָסן. קיין קאַסע. זשאַן זאָגט מיר, דאַכט זיך, אַז ער גייט אַוועק דורך אַוועני גאַמבעטאַ, צו רעפּובליק. יאָ, „אַ רעוואַר". מיר׳ן זיך זיכער נאָך טרעפֿן אינקורצן. אויף יעדנפֿאַלס נישט אין דראַנסי.

ערשט דאַן האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז כ׳שטיי אינמיטן גאַסן, ווו עס געפֿינען זיך ווייניק מענטשן. מען הערט שאָסן פֿון ביקסן. וווהין גיין? מען האָט מיך באַפֿרייט און איך האָב נישט קיין אַדרעס, קיין וווינונג, קיין פֿאַמיליע, וווהין אַריינצושטעלן מיינע ערשטע שריט. דווקא אין 19־טן אַראָנדיסמאַן, ביי פּאָרט דע לילאַ, ווו עס האָט זיך גרופּירט אַזאַ גרויסע צאָל באַקאַנטע פֿאַר דער מלחמה. אַ פּאָר הונדערט מעטער פֿון דאַנען אויף ווילאַ גאַלאַרדיני האָבן געוווינט מיין שוואָגער און שוועגערין עלי און סאַראַ וווראָנסקי און אַ גאַנצע גרופּע באַקאַנטע, גינאַ גאָלדשטיין, פּערעלע קוואַטער, כיל און אַנדערע אַקטיווע טוער פֿון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס. אויף רי דע בעלוויל האָט געוווינט די חברטע אידאַ באָרענשטיין. דאָ, אויף רי ראַמעַנוויל האָב איך געהאַט מיין אומלעגאַלע וווינונג. עס האָט דאָ אויך געוווינט די חברטע קאַזשע. און די אַלע זענען ערגעץ פֿאַרשווונדן. עלי און אידאַ זענען ערגעץ־ווו אין פֿראַנקרייך. סאַראַ און גינאַ זענען דעפּאָרטירט. דאָ בין איך איצט אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

דערווייל רוקט זיך דער זייגער. אַכט אָוונט איז פֿאַרבאָטן צו גיין אין די גאַסן. מיר האַלטן שוין ביי האַלב אַכט. כ׳באַשליס אַראָפּצוגיין מיטן בולוואַר סערירייע צו פּאָרט פּרע־סען־זשערווע, ווו כ׳האָב געוווינט פֿאַר דער מלחמה. אין מיין הויף רי זשאַנסען געפֿינט זיך די וווינונג פֿון אונדזער חבר צבי לעווינסקי, וואָס איז אין קריגס־געפֿאַנגענשאַפֿט און זיין פֿרוי אי־

MINISTÈRE DE LA JUSTICE

Circonscription pénitentiaire d

Maison d

# BILLET DE SORTIE

Le Surveillant-Chef, soussigné, certifie que l... nommé

né à ... arrondissement d

département d ... a été mis en liberté, ce jour, à l'expiration de sa peine

et qu'... a reçu la somme d [redacted]

SIGNALEMENT

Se rend à ... arrondissement d

département d

Le Surveillant-Chef,

דער אַרויסגאַנג־בילעט, וואָס האָט געעפנט די טויערן פון „טורעל"
צו דער פריי. די דאַטע פון אַרעסט — 18־טער מערץ 1943 — איז
דאָ נישט אָנגעגעבן, נאָר דער טאָג פון אָנקום אין תפיסה, דער
28־טער מערץ 1943, ווי אויך די דאַטע פון דער באַפרייאונג, דער
18־טער אויגוסט 1944.

ריען איז דעפּאָרטירט. דער הויז־וועכטער וועט מיר זיכער געבן דעם שליסל פון דער וווינונג אויף איבערצונעכטיקן.

מיט גרויסע שוועריקייטן שלעפּ איך זיך אויף די פיס, וואָס טוען מיר ווײ. דערווײל ווערט אַ געשיסערײ אויפן בולוואַר. כ׳דרײ זיך אַרײן אין רי דע בואַ. כ׳גײ פאַרבײ דאָס הויז, וווּ עס האָט געוווינט מײן פאַרשטאָרבענער קוזין, דער גאָלער לעאָן, זײן פרוי איז אין אומלעגאַליטעט. נאָך אַ פאַרשלאָסענע טיר. נישט ווײט האָט געוווינט חיים איצל גאָלדשטײן און זײן פאַמיליע. וווּ זענען זײ איצט?

אַן אויסטערליש בילד שטעלט זיך פאַר מיר פאָר. אינמיטן דער גאַס שטײען צווײ מענער, בײ פולע זעק, אַרומגערינגלט פון פרויען. די פרויען הויבן אויף די פאַרטוכער און די מענער שיטן דאָרטן אַרײן אַרבעס און לאָקשן אויסגעמישט. דאָס האָט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אויסגעלײדיקט אַ מאַגאַזין פון אַ שוואַרץ־הענדלער. די גליקלעכע פרויען פאַרשווינדן גלײך. די איבעריקע וואַרטן, עס זאָלן אָנקומען פרישע זעק. מיטאַמאָל אַ געפײפערײ. עס הערן זיך געשרײען: די דײטשן.

עס באַווײזט זיך טאַקע אַ גרויסער גרין־גראָער לאַסט־אויטאָ פון דער־ווײטנס. מען דערהערט אַ זאַלפּ פון אײנצלנע שאָסן. די גאַס ווערט לײדיק אין אײן מאָמענט. איך בין אַרײן אין רי זשאַנסען און שנעל אָנגעקומען צום נומער 10. דער זײגער האָט געשלאָגן אַכט.

די אויפנאַמע פון הויז־וועכטער מיט זײן פרוי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך־האַרציקע. זײ האָבן געוווּסט פון אירען לעווינסקי, אַז איך בין געוואָרן אַרעסטירט. זײ האָבן נישט געוואָלט גלויבן, אַז איך בין צוריק דאָ. די אומגליקלעכע אירען איז גענומען געוואָרן אין איר וווינונג, כאָטש זי׳ איז געווען אַ פרוי פון אַ קריגס־געפאַנגענעם. לעווינסקיס וווינונג איז נאָכדעם געוואָרן אויסגעלײדיקט פונעם מעבל און פאַרזיגלט. אָבער מען קאָן מיר אָפּגעבן אַ וווינונג פון אַן אַנדער ייִד אויפן 8־טן שטאָק. אײדער וואָס־ווען האָט מען מיך אַוועקגעזעצט בײם טיש, מיך מכבד געווען מיט אַן אָוונט־ברויט. מ׳ר אָנגעבאָטן, אויב כ׳דאַרף געלט, וועט מען מיר אויסבאָרגן.

כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. מײנע געדאַנקען זענען געווען געוואָנדן אין אײן ריכטונג: קלינגען צו דער גרויסער סילווי. זי האָט אַ טעלעפאָן. צי פונקציאָנירט די טעלעפאָנישע צענטראַלע? צום גליק: יאָ. מען טאָר אָבער נישט אַרויס אויף דער גאַס.

דער הויז־וועכטער עצהט מיר זיך אַריבערצוכאַפּן אין דער שכנותדיקער קאַפע און פון דאָרט קלינגען. די רי דע לילאַ איז רואיק.

מיט וואַקלענדיקע טריט בין איך אַרײן אין קאַפע און גענומען דרײען. די פינגער האָבן געציטערט: ס — י — פ — 6 — 9 — 0 — 1. עס קלינגט. וועט ווער ענטפערן? יאָ, עס איז סילוויס האַרציקע שטים.

— אַלאָ, פרײלין באַרבערע? דאָס בין איך, דער טאַטע פון דער קלײנער מאָניק און פון סילווי.

כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָרטן איז עפּעס געשען. סילווי האָט זיך נישט איינגעהאַלטן פון שרייען פאַר פרייד.

איך, פון מיין זייט, האָב זיך צעוויינט. פּאַני איז אין פּאַריז, אין אַ קליניק אויף רי דע ל׳איניווערזיטע. זי איז לייכט פאַרוואונדעט. כ׳וועל עס מאָרגן אַליין זען, כ׳דאַרף זיך נישט באַאומרואיקן, אָבער וואָס הייסט פאַר־וואונדעט? וויל איך וויסן גענויער. נאָר סילווי ראָט מיר זיך אויסצושלאָפן און צומאָרגנס קומען צו איר, וועלן מיר גיין צוזאַמען אָפּשטאַטן פּאַנין אַ וויזיט. אין צווישנצייט וועט זי קלינגען אין דער קליניק, מען זאָל פּאַנין צוגרייטן צו דער איבערלעבעניש. מיר וויל זי נישט געבן דעם טעלעפאָן־נומער.

פרייד און צער האָבן מיך באַהערשט. שוין באַלד צוויי חדשים, ווי די באָמבאַרדירונג איז פאָרגעקומען, און פּאַני איז נאָך אַלץ נישט אַרויס פון דער קליניק. אָבער איך בין אומבאַהאָלפן. מען מוז וואַרטן.

אַ צערודערטער בין איך אַרויס פון דער קאַפע. די הויז־וועכטער האָבן אויסגעהערט מיין אומגליקלעכע געשיכטע און זיך נאָכגעפרעגט וועגן די קינדער. אָבער מיט דעם האָבן זיי מיך נאָכמער צערודערט. וועגן די קינ־דער ווייס איך בכלל גאָרנישט. זיי געפינען זיך איצט אין דער זאָנע פון פראָנט. צו זיי קאָן איך אפילו נישט טעלעפאָנירן.

די הויז־וועכטערין האָט ביי מיר צוגענומען די שמוציקע וועש. זי וועט זי אויסוואַשן אין אָוונט. שפּעטער האָט מען מיר געגעבן אַ ליכט און מיך אַרויפגעפירט אין דער וווינונג.

אַ דומפּיקייט האָט אונדז באַגעגנט. מען האָט שוין לאַנג דאָ נישט גע־וווינט... ווו איז דער לאָקאַטאָר? כ׳האָב אויפגעפּראַלט די פענצטער. אַנט־קעגנאיבער מיר האָט דער הימל געפלאַקערט, ערגעץ אין פּאַנטען אָדער אין ראַמענוויל. פלאַמען האָבן פאַרדעקט אַ גרויסן טייל פון הימל. עס האָבן געברענט ריזיקע רעזערוון מיט ברען־מאַטעריאַל. כ׳בין געשטאַנען פאַרגאַפט. כ׳האָב זיך אינסטינקטיוו געפרייט. דאָס קאָן אַנדערש נישט זיין ווי אַ רעזערוו־לאַגער פון שונא.

כ׳האָב זיך געלייגט אין פרעמדן בעט און אַרויסגעקוקט מיט פרייד דורכן פענצטער. אָבער דאָס בעט איז געווען פאַר מיר צו ווייך. כ׳בין שוין געווען אָפּגעוווינט. אויף ברעטער מיט שטרוי איז זיך אַזוי גוט גע־שלאָפן.

באַלד אינדערפרי האָב איך פאַרלאָזן די גאַסטפריינטלעכע הויז־וועכ־טער, נישט וויסנדיק, ווי אַזוי זיי צו באַדאַנקען. כ׳בין אַוועק דורך רי מוזא־יאַ צום גאָרטן פון ביטשאָמאָן, מיינענדיק אַזוי אַרום אַדורכצושניידן פּאַריז ביז דאַנפער־ראָשראָ, ווו עס האָט געוווינט סילווי. אָנקומענדיק צום ראָג רי דע קרימע, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קליינעם גרופּקעלע מענטשן ביי אַ פּלאַקאַט. די גאַסן זענען געווען נאָך כמעט ליידיק. אויף דער מויער איז געהאָנגען אַ פריש־געקלעפּטער פּלאַקאַט. נישט קיין שוואַרץ־געראַמטער,

נאָר אַ פּלאַקאַט ווי פאַר דער מלחמה. שוואַרצער דרוק אויף ווייס פּאַפּיר, ווי מלוכה־מעלדונגען.

כ׳האָב איבערגעלייענט מיט איין אָטעם: אַ רוף צום אויפשטאַנד. „בירגער צום געווער". דער אונטערשריפט: די קאָמוניסטישע געוויילטע פון סענער דעפּאַרטאַמענט. דער ערשטער אונטערשריפט: מאַרסעל קאַשען.

פון גרויס גערירטקייט האָב איך זיך צעוויינט, צום צווייטן מאָל זינט מיין באַפרייאונג. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן טראָטואַר. עס איז געווען אַ צו שטאַרקע עמאָציע. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אויף דער פריי! מען גייט באַפרייען די הויפּט־שטאָט! אונדזער פּלאַקאַט רעדט דער ערשטער צו דער מאַסע! מען דאַרף וואָס שנעלער ענטפערן אויפן רוף פון דער פּאַרטיי!

כ׳בין אַריין מיט ענערגישע טריט אין גאָרטן. אָט בין איך שוין ביי מעטראָ זשאָרעס. כ׳נעם דעם קעי וואַלמי, לענגאויס דעם קאַנאַל, נאָר ביי דער ערשטער בריק בין איך שטיין געבליבן. די פּיס זענען אָנגעשוואָלן. בלאָטערן שטעלן זיך אויף די פּיאַטעס. נישט מעגלעך צו מאַכן אַ טריט פאַרויס.

באין ברירה האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. די צייט גייט. ווער ווייסט, ווען כ׳וועל אָנקומען צו פּאַני. קיין באַוועגונג אין גאַס.

מיטאַמאָל באַווייזט זיך אַ וועגעלע פון דער עלעקטריציטעט־קאָמפּאַניע. כ׳הייב אויף די האַנט. דער שאָפער שטעלט זיך אָפּ.

— קאָנט איר מיך מיטנעמען אַביסל, כ׳פאָר אויף דרום? — פרעג איך.

— מיט פאַרגעניגן, כ׳פאָר צו שאַטלע.

אַן אויסגעצייכנטע געלעגנהייט. באַלד וועל איך אויך געוואָר אַ סענסאַציאָנעלע נייעס: דער לאַגער פון דראַנסי ווערט אויסגעליידיקט און באַפרייט. אָט מיט די דאָזיקע וועגעלעך פון דער עלעקטריציטעט־קאָמפּאַניע פירט מען די יידן קיין פּאַריז. מען שמועסט, אַז די פּאַריזער ווידערשטאַנדבאַוועגונג האָט עס געפאָדערט ביים פראַנצויזישן קאָמענדאַנט פון לאַגער, דראָענדיק אים מיט רעפּרעסיעס.

ווען מען האָט אומלעגאַל געמאַכט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, האָט זיך אָנגעהויבן די ערע פון פאַרפאָלגונגען אויך אויף יידן. ווען די פּאַרטיי איז אַרויס פון דער אונטערערד אויף דער ליכטיקער שיין, האָט זיך ליקווידירט דער לאַגער פון דראַנסי.

פון שאַטלע ביז דאַנפער־ראָשראָ בין איך ווידער געפאָרן מיט אַזאַ וועגעלע. קיין אַנדערע פאַרקער־מיטלען זענען נישט געווען.

ווען כ׳בין געפאַלן סילווין אין די אָרעמס, האָבן מיר ביידע פאַרלוירן דאָס לשון. אַזויפיל געמיינזאַמע איבערלעבונגען. אַזויפיל האָבן מיר זיך צו דערציילן, און עס פעלן אויס ווערטער.

— דאָס זענט איר טאַקע? — האָט זי מיך באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ, וועלנדיק זיך איבערצייגן, אַז דאָס בין איך טאַקע.

— וואָס מאַכט פאַני ? פון ווען האָט איר די לעצטע ידיעות פון די קינ־דער ?

מיר זענען אַוועק צו דער רי דע ל'איניווערסיטע. אויפן וועג האָט מיר סילווי דערציילט, אַז די קינדער אַנטוויקלען זיך גוט. זיי האָבן טאַקע גע־האַט אַביסל שרעק, ווען מ'האָט באַמבאַרדירט די שכנותדיקע שטעטלעך. איין באָמבע איז אויך געפאַלן אין אַ גאָרטן פון מעניל־סעוועז. נאָר צום גליק האָט זי קיינעם נישט פאַרוואונדעט. מאַדאַם באדמער פאַרנעמט זיך מיט די קינדער און זי וועט זיי זיכער פאַרהיטן פון צרות.

וועגן פאַניס וווּנד האָט זי נאָך אַלץ נישט גערעדט.

— איצט וועלן די קינדער זיין גליקלעך. זיי וועלן האָבן אַ מאַמען מיט אַ טאַטן. נישט אַלע קינדער פאַרמאָגן אַזאַ גליק, היינטיקע צייטן — האָט זי איינינקע מאָל איבערגעחזרט.

— וואָס איז מיט פאַנין ? — האָב איך זיך שוין נישט געקאָנט באַ־הערשן.

— זי איז פאַרוואונדעט אין פוס, וואָס איז נאָך אין גיפּס. עס וועט נאָך דויערן אַ צייט. ווי לאַנג איז נישט באַקאַנט.

כ'האָב דערפילט אַ ווייטיק. עס איז נישט געווען דער פולער אמת.

— סילווי, כ'בעט אייך, זאָגט מיר דעם גאַנצן אמת.

די גרויסע סילווי האָט נישט געקאָנט פאַרבאַהאַלטן דעם אמת, האָט זי מיך באַרואיקט :

— איר וועט באַלד אַליין זען. זי איז זייער מיד, אויסגעמאַטערט. איך האָב געבעטן אין דער קליניק, מען זאָל זי צוגרייטן צום וויזיט.

מיר זענען אַרויפגעפאָרן מיט דער ווינדע אויפן פינפטן שטאָק. סיל־ווי איז אַריין אין צימער די ערשטע. איך האָב געוואַרט אין קאָרידאָר. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז זי אַרויסגעקומען און מיך אַריינגעלאָזט. איצט איז זי געבליבן אין קאָרידאָר.

אין אַ קליין ליכטיק צימער איז געשטאַנען אַ ווייס בעט, און אין בעט איז געלעגן אַן אויסגעבלייכטע פרוי. מיין פאַני איז נישט געווען צו דער־קענען. אַן אויסגעמאַטערטע, מיט אַן אויסגעצויגן פּנים, געלע באַקן, וויאַ־לעטע ליפּן. אַזוי האָב איך זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט פאַניס אויס־זען, יעדעס מאָל, ווען כ'האָב געחלומט במשך פון די 17 חדשים צעשיי־דונג וועגן אונדזער ערשטן צוזאַמענטרעף.

עס האָט געדויערט לאַנג ביז איך האָב זיך בעהערשט. די גרויסע סיל־ווי איז אַריינגעקומען. כ'האָב מורא געהאַט צו שטעלן די ווייטיקלעכע פראַגע וועגן דער וווּנד. דער שמועס איז געגאַנגען פון איין טעמע אויף דער צווייטער. די גרויסע סילווי האָט זיך געזעגנט מיט אונדז. מיר זענען געבליבן אַליין.

כ'האָב געקוקט אויף פאַני, זי אויף מיר, און עס האָט געוואָרגן אין האַלז.

די קראַנקן־שוועסטער איז אַריינגעקומען מיטן עסן. פאַני האָט זיך דעצידירט מיר צו דערציילן די קורצע און דראַמאַטישע געשיכטע.

דעם 24־טן יוני האָט זי געהאַט אַ מיסיע אויסצופירן אין פּאַריז. גע־וויינלעך פלעגט זי נעמען דעם צוג אין סען־רעמי לע שעווריז. נאָר זינט אונדזער פאַרטיזאַנקע, טייבקע קלעשטשעלסקי איז אין דערנעבנדיקן וואַלד צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך פון אַ באָמבע, וואָס זי האָט געטראָגן מיט זיך, איז די גאַנצע געגנט געווען פאַרפעסטעט פון פּאָליציי.

פאַני פלעגט דעריבער פאָרן דורך ווערסאַיל. אָבער דעם טאָג האָט זי באַמערקט אויף דער סטאַציע, ווו עס זענען געשטאַנען צווגן גרייט אָפּצו־פאָרן, פאַרדעכטיקע פאַרשוינען. זי האָט גענומען זיך צוריקציען, פריער פּאַמעלעך, דערנאָך שנעלער. ס׳איז געוואָרן געפערלעך.

מיטאַמאָל — אַן אַליאַרם. עס פייפן די סירענעס. אַלע נעמען לויפן, זי אויך. זי פאַלט. אויף איר פאַלן אַנדערע. עס פּלאַצן באָמבעס. זי חלשט. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט איר וויי געטון דער רעכטער פוס. אַ מאַטראָז האָט זי אויפגעהויבן פון הויפן מענטשן און זי אַריינגעטראָגן אין אַ פּריוואַטן אויטאָ. שפּעטער איז זי אָנגעקומען אין שפּיטאָל. אַלע זאַלן זענען געווען פול מיט פאַרוווּנדעטע. מען האָט געשמועסט, אַז פיל זענען שוין געווען טויט. מען האָט גערעדט וועגן 300 טויטע און 600 פאַרוווּנדע־טע.

זי געדענקט, אַז זי איז אַריין אין כירורגיע־זאַל.

ווען זי האָט געפרעגט ביי דער קראַנקן־שוועסטער וואָס איר איז, האָט יענע געענטפערט: אַ לאָך אין רעכטן פוס, וואַרשיינלעך פון אַ קויל.

פאַני האָט נישט געוווּסט, צי האָבן די פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער סטאַציע, געשאָסן אויף איר אָדער צי האָט אַ שפּליטער איר אַדורכגעלעכערט דעם פוס. איינס געדענקט זי: מ׳האָט יענעם טאָג נישט געהאַט קיין צופיל צייט אין שפּיטאָל פאַר די פאַרוווּנ־דעטע.

— מ׳האָט מיר אָפּגעשניטן דעם פאָדערשטן טייל פון רעכטן פוס.

כ׳האָב צוערשט נישט באַגריפן גענוי, וואָס עס איז געשען. נאָר מיט־אַמאָל האָט אויפגעבליצט אַ שרעקלעכער געדאַנק. זיי האָבן איר אָפּגע־שניטן דעם פוס.

זי האָט מיר שפּעטער דערציילט אַנדערע פּרטים, נאָר מיין מוח איז געווען פאַרנעפּלט. ער האָט נישט באַנומען די שרעקלעכע רעאַליטעט. עפּעס האָט פאַני געזאָגט, אַז אַ פראַנצויזישער ווידערשטענדלער איז איר געווען שטאַרק באַהילפיק. זי האָט מורא געהאַט, מען זאָל נישט דער־גיין איר אידענטיטעט. איר קאַרטע איז געווען אַ פאַלשע. זי האָט געוואָלט צו וויסן געבן מאַדאַם באַדמער וועגן זיך. צום סוף האָט זי געזען, אַז נאַ־צישע קאָנטראָלאָרן קומען אין שפּיטאָל. זי האָט זיך געשראָקן, נישט גע־טראַכט וועגן פוס, נאָר וועגן אַרויסקריגן זיך פון שפּיטאָל.

דורך אַ צעניעריק מיידעלע האָט זי אַרויסגעשיקט אַ בריוו צו דער מאַדאַם לעסעוור. אויף אַזאַ אופן איז איר „פּאַטראָן", לאַפּאַרט, געוואָר געוואָרן וועגן דער געשעעניש. דער לעצטער האָט גלייך אָנגענומען מאָס־מיטלען, כדי זי אַרויסצופירן פון ווערסאַילער שפּיטאָל.

אַ געוויסע צייט נאָך דער אָפּעראַציע זענען געקומען צו איר 2 מע־נער אין ווייסע כאַלאַטן און האָבן איר צו וויסן געגעבן, אַז נאָכמיטאָג וועט מען זי איבערפירן אין אַן אַנדער שפּיטאָל. ווען זיי זענען אַרויס האָט צו איר זיך אָפּגערופן מיט אַ פילדייטנדיקן שמייכל אַ קראַנקן־שוועסטער:

— איר ווייסט כאָטש ווער עס האָט אייך אָפּגעשטאַט אַ וויזיט? דאָס איז איינער פון די גרעסטע ווערסאַילער דאָקטוירים.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט זיך צו איר געוואָנדן דער כירורג, וואָס האָט זי אָפּערירט:

— מאַדאַם, כ'האָב דעם איינדרוק, אַז די לופט פון ווערסאַיל איז פּאָר אייך אומגעזונט. מען האָט געקלונגען וועגן אייך פון שפּיטאָל „האָטעל דיע". אויך פּריוואַטע דאָקטוירים פרעגן זיך נאָך וועגן אייער געזונט, ספּע־ציעל פרעגט זיך נאָך פּראָפעסאָר פאטעל, צי אייער צושטאַנד דערלויבט, אַז מען זאָל אייך איבערפירן. אַלס כירורג, וואָס האָט אייך אָפּערירט, ווינטש איך אייך שנעל געזונט צו ווערן.

פּאַני האָט מיטאַמאָל באַגריפן, אַז מען באַמיט זיך שטאַרק וועגן איר. אָבער זי האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז עס קאָן ווערן פאַרדעכטיק. זי איז גע־ווען געריִרט פון דער איבערגעגעבנקייט פון די חברים. דער וויזיט פון ווערסאַילער דאָקטאָר האָט זי דערמוטיקט.

דאָס רעדן האָט זי מיד געמאַכט. די פרישע זכרונות האָבן זי געמאַכט דורכלעבן דעם גאַנצן גרויל, די שרעק, די שפּאַנונג פון אירע איבערלע־בענישן. אַ ווײַלע האָבן מיר געשוויגן.

— נאָכמיטאָג — האָט זי פאַרגעזעצט — זענען געקומען צוויי מענער מיט אַ טראָג־בעטל און מיך אַרויסגעטראָגן אין אַ שפּאָגל־נייעם אַמבולאַנס, מיט וועלכן זיי האָבן מיך אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל פון אַ פּאַריזער פאַרשטאָט, כ'ווייס נישט ווו.

פאַרנאַכט איז געקומען צו מיר אַ קליין, דאַר מיידל און זיך פאַר־געשטעלט אַלס שליח פון מיין פאַראַנטוואָרטלעכן. ער שיקט מיר די בעס־טע גרוסן און גיט מיר צו וויסן, אַז מיט די קינדער וועט זיך פאַרנעמען די אָרגאַניזאַציע. זאָל איך, הייסט עס, זיך נישט באַאומרואיקן.

דערביי האָט די חברטע מיר איבערגעגעבן, אַז ווען לאַפּאַרט האָט זיך געוואָנדן צו דער גרופּע פון קאָמוניסטישע דאָקטוירים וועגן מיר, האָבן זיי געראָטן שנעל מיך איבערצופירן, ווייל דער שעף פון דער אָפּטיילונג איז אַ קאָלאַבאָראַטאָר. דעריבער האָט מען מיך אַזוי שנעל איבערטראַנס־פּאָרטירט.

אָבער, ווען די חברטע איז אַוועק, איז געקומען אַן אָנגעשטעל־טער פון דער אַדמיניסטראַציע און מיך געפרעגט מיין אַדרעס און געבעטן

מיין שפּייז־קאַרטע. באין ברירה האָב איך אָנגעגעבן מיין לעגאַלן אַדרעס אויף רי סען־סעבאַסטיען. צומאָרגנס איז ער צוריקגעקומען און רואיק מיך אינפאָרמירט, דאָס וואָס איך האָב שוין געוווסט אָן אים, אַז מיין ווינונג איז פאַרחתמעט. וועלנדיק ראַטעווען די לאַגע, האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אַ יידישע. אויף יעדנפאַל האָב איך באַשלאָסן איבערצורייסן דעם קאָנטאַקט מיט דער חברטע.

צומאָרגנס איז די חברטע ווידער געקומען און זיך אַנטשולדיקט פאַרן טעות, וואָס איז געשען אין דער איילעניש. מען האָט מיך נישט באַדאָרפן אַריינפירן אין שפּיטאָל, ווייל די דייטשע און פראַנצויזישע פּאָליציי קאָנטראָלירן די ליסטעס פון קראַנקע און באַזונדערס פון פאַרווונדעטע. זיי האָבן טאַקע פון ווערסאיל אַרויסגענומען אַ פאַרווונדעטע יוגנטלעכע און זי אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מען וועט מיך דעריבער נאָך דעם זעלבן טאָג, 3 נאָכמיטאָג, אַריבערפירן ערגעץ אַנדערש, מיט דער הילף פון פּראָפעסאָר פּאַטעל, דעם כירורג פון שפּיטאָל. אָבער די חברים זענען געקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון צוויי שעה.

— קאָנסט זיך פאָרשטעלן מיין אויפרעגונג — האָט זי ווידער איבערגעריסן דעם פאָדעם. עס איז איר באמת געווען שווער פאַרצוזעצן. דאַן האָב איך איר דערציילט איינצלהייטן וועגן דעם רעוואָלט אין דער „סאַנטע”.

— לאָז מיך פאַרענדיקן מיין דערציילונג — האָט פאַני פאַרלאַנגט. — אין אַמבולאַנס, וואָס האָט מיך דאָ אַהערגעבראַכט, האָט זיך געפונען אַ מאַן, ווען כ'האָב גלייך דערקענט אַלס איינעם פון די צוויי, וואָס זענען געקומען צו מיר אין שפּיטאָל פון ווערסאיל. ער האָט מיך באַלד גענומען פרעגן, צו וועלכער ווידערשטאַנד־גרופּע איך געהער. דאָס איז מיר נישט געפעלן. זעענדיק מיין צוריקגעהאַלטנקייט, האָט ער מיך געוואָלט באַרואיקן און דערציילט, אַז אַלע גרופּעס זענען איצט פאַראייניקט. ער אַליין איז אַ מיטגליד פון דער גרופּע „קאָמבאַ”, פון פאַך אַ לערער, וווינט אויף רי אַמלאָ, אין פּאַריז. זיין פאָטער איז נאָך, ביי 72 יאָר, געפאָרן מיט אַ מיסיע קיין ליאָן. מיינע ענטפערס זענען געווען קאַרגע.

דעם זעלבן טאָג איז נאָכאַמאָל געקומען די קליינע חברטע. איך האָב זי באַדאַנקט פאַר אירע באַמיאונגען און פאַרלאַנגט, זי זאָל מער נישט ריזיקירן צוליב מיר. כ'האָב זי געבעטן צו זאָגן מיין פאַראַנטוואָרטלעכן, אַז איך האָב נישט קיין ווערטער פון דאַנק פאַר דער זאָרג פון די חברים. אָבער איך ווייס נישט, וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. ווער ווייסט, צי די קליניק איז נישט באַוואַכט. מיר קאָן מען גאָרנישט העלפן. מען דאַרף נישט קיין פרישע קרבנות. זי האָט מיך געפאָלגט און איבערגעריסן מיט מיר. אָבער מיט אַ צייט שפּעטער האָבן זיך אַריינגעשטעלט אין דער קליניק צוויי יידישע חברים, אַבראַם און לאָלאַ יאַגאָדזשינסקי, אָנגעלאָדן מיט כל טוב פאַר די דעמאָלטיקע צייטן. ווען איך האָב געעפנט די אויגן פון פאַרווונדערונג, האָבן זיי געלאַכט:

— איצט קאָן מען שוין גיין פרייער אין פּאַריז. דיין „פּאַטראָן" שיקט דיר אַ גרוס.

זיי זענען געקומען נאָכאַמאָל, אָבער זינט די גאַסן־קאַמפן בין איך אָפּגעשניטן פון דער אָרגאַניזאַציע — האָט פּאַני פּאַרענדיקט איר דערציילונג.

נאָר מיטאַמאָל האָט זי זיך אין עפּעס דערמאָנט:

— כ'וועל דיר דערציילן אַ קוריאָז, צו לאַכן און צו וויינען. ביי מיין „פּאַטראָן" אין פּאַטאָ־טערוויס אַרבעט מיין ברודער, עלי. אויך אים איז געווען באַקאַנט, אַז די „חברטע מאַרי" איז געוואָרן פּאַרוואונדעט אין וואַרשע. אָבער אַ לאַנגע צייט האָט ער נישט געוווסט, אַז דאָס איז זיין שוועסטער.

פּלוצלונג האָבן די שויבן געגומען זינגען. אַ העפּטיקע שיסעריי איז פּאָרגעקומען אויף דער גאַס. די קראַנקן־שוועסטער איז אַריינגעקומען באַרויקן איר פּאַציענטין: די ווידערשטעגדלער אַטאַקירן די דייטשן פון דערנעבנדיקן גאָראַזש. ביי דער געלעגנהייט האָט זי באַטראַכט מיינע צעוויייטיקטע פיס און זיי פּאַרבאַנדאַזשירט.

ווען דער טאָג האָט זיך געהאַלטן ביים ענדיקן, האָט זיך געשטעלט אַ פּראַגע, וועגן וועלכער מ'האָט אַ גאַנצן טאָג נישט געטראַכט: וווּ וועל איך שלאָפן?

פּאַני האָט געפונען אַן אויסוועג. כ'האָב טעלעפאָנירט צו דער טאָכטער פון מאַדאַם באַדמער, וואָס וווינט ביי עטואַל. יאָ, זי האָט פּלאַץ, כ'קאָן גלייך קומען. זי פרייט זיך מיט מיין צוריקקומען. כ'בין אַוועק צו איר דורך פּלאַץ אַלמאַ. נאָר אָנקומענדיק אויפן עטואַל, האָב איך דערזען אָנפאַרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט מענער מיט ווייסע בענדער אויף זייערע אָרעמס. עס ס'איז תיכף אויסגעבראָכן אַ שיסעריי. גלייכער געווען צו לייגן זיך אויף דר'ערד. ווי נאָר עס איז שטיל געוואָרן, בין איך פאַרשוווּנדן פון פּלאַץ.

צומאָרגנס האָט מיר די קראַנקן־שוועסטער נאָכאַמאָל פּאַרבאַנדאַזשירט די בלאָטערס אויף די פיס. מיר האָבן מיט פּאַנין געפּרוווט זוכן אַ קאָנטאַקט צו דער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען דער 20־טער אויגוסט. מען האָט זיך געשלאָגן אין די גאַסן און איך בין נאָך אַלץ נישט געווען אויף מיין פּאָסטן אין דער שלאַכט.

דעם 21־טן האָבן מיר באַשלאָסן, אַז איך וועל אַוועק אין די יידישע קוואַרטאַלן. כ'וועל שוין דאָרט עפּעס דערגיין. נאָר ווייטער, ווי צו דער בריק אַלמאַ בין איך נישט דערגאַנגען. די דייטשן האָבן געהאַט באַזעצט די בריק און האָבן געשאָסן אויף יעדן, וואָס האָט געפּרוווט אַדורכגיין. כ'בין געווען אָפּגעשניטן פון דער רעכטער זייט טייך. מ'האָט געזאָגט, אַז דער אָקופּאַנט וויל אויפרייסן אַלע בריקן, כדי צו שטערן דעם דורכגאַנג פון די אַלירטע אַרמייען דורך פּאַריז. כ'בין צוריק אַוועק אין דער קליניק, אויף די גאַס איז געווען אומזיכער. עס זענען געפאַלן קוילן. מיט אַ מוראדיקן פייף איז פּאַרבייגעפלויגן אַ באָמבע. באַלד האָט זיך דערהערט אַן

אויפרייס. פון דערבייאיקן הויז איז אַראָפּגעפאַלן ביי מיינע פיס אַ שטיק געזימס. לענגאויס די הייזער איז געווען געפערלעך צו גיין. אין מיטן דער גאַס — נאָך געפערלעכער.

אויף רי דע ל׳איניווערסיטע זענען פאָרגעקומען קאַמפןביים גאַראַזש. כ׳האָב געפרווט צוצוגיין, נאַר די חברים מיט ווייסע בענדער האָבן מיך געהייסן אַוועקגיין.

כ׳האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. אָט האָב איך דערלעבט דעם מאָמענט פון גרויסן קאַמף און די חברים שטויסן מיך אָפּ. זיי האָבן מן־הסתם זייערע סיבות. איך בין פאַר זיי אַן אומבאַקאַנטער. די קאָנספּיראַטיווע פּרינציפּן ווערן דאָ אָפּגעהיטן דורך געניטע הענט. די, וועלכע האָבן גערופן דאָס גאַנצע פאָלק צו בויען באַריקאַדן, וואַכן איבער זייער זיכערקייט. אין הלכות באַריקאַדן האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק אַ גרויסע דערפאַרונג. היינט איז עס באַרייכערט מיט דער דערפאַרונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס האָט אויסגעשולט אַזויפיל קעמפער אין דער שלאַכט.

עס איז אָבער אומדערטרעגלעך זיך נישט צו באַטייליקן אין די לעצטע שלאַכטן. כ׳בין צוגעשטאַנען צו אַ גרופּע, וואָס האָט געטראָגן ווייטע טראָג־בעטלעך. די סאַניטאַרע אָפּטיילונג, זעט אויס. ווידעראַמאָל, הייסט עס, אַריינגעפאַלן אין מיין פאַך. דורך זיי בין איך אָנגעקומען אין אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך געגרייט צו בויען אַ באַריקאַדע אויף דער זעלבער גאַס, נישט ווייט פון אינוואַלידן־פּלאַץ. דער פּאַריזער באַפרייאונגס־קאָמיטעט האָט גערופן צו בויען באַריקאַדן און צו שטערן די באַוועגונגען פון שונא אין דער שטאָט. מען האָט דערציילט, אַז די פּאָליציי האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט אין דער פּרעפעקטור, אויף דער סיטע, נאָך דער אָפּטרעטנדיקער אָקופּאַנט זאָל בדעה האָבן אויפצורייסן אַלע בריקן אַרום.

כ׳האָב מיטאַמאָל דערזען אַ באַקאַנטן נאָמען, אַ כמעט באַקאַנטן, בעסער געזאָגט. דער רוף פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג פון דער פּאַריזער ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז געווען אונטערגעשריבן פון ראָל־טאַנגי, דעם ברודער, הייסט עס, פון דעם טאַנגי, וואָס האָט זיך געפונען אין דער קאַמער 7־14, ווען איך בין אָנגעקומען אין דער „סאַנטע". שוין דאַן האָט די פּאָליציי געהאַט באַשטימט אַ פּרייז פאַר זיין קאָפּ. דעם 23־טן אויגוסט האָב איך געבויט צוזאַמען מיט די אַנדערע די באַריקאַדע, אָבער קיין געווער האָב איך נישט באַקומען.

זייענדיק, אַז כ׳בין אָפּגעשניטן פון רעכטן ברעג פון דער סען, האָב איך געטראַכט צו פּרובירן אויף דער לינקער זייט. מעגלעך, אַז סיזעט, די פאַרבינדלערין פון דער „טעכניק", האָט נישט פאַרלאָזט איר וווינונג ביי פּאָרט בראַנסיאָן, ווו מיר האָבן נאָך, אין מיינע צייטן, איינגעשטעלט אַ דרוקעריי. ווי פּאַני האָט געוווסט, איז סיזעט נישט אַריינגעפאַלן. אָבער צי זי איז אין פּאַריז, איז איר געווען אומבאַקאַנט. זי דאַרף מן־הסתם אַרבעטן אַלס פאַרבינדלערין פון חבר אַלבערט יודין, וואָס איז געווען אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכער, אויפן פּלאַץ פון חבר טשאַרני, וואָס געפינט זיך אין ליאָן.

עס איז גאָרנישט געווען קיין לייכט שטיקל אַרבעט אַדורכצומאַכן די פּאָר קילאָמעטער ביז פּאָרט בראַנסיאַן. די פיס האָבן מיך שוין געטראָגן פיל בעסער, אָבער די גאַסן זענען געווען געפערלעך. ביי עקאָל מיליטער האָט מען געשאָסן פון אַ קעלער אויף אַלע פאַרבייגייער. ביים מעטראָ לאַ־מאָט־פּיקע — אַ פרישע שיסעריי. קיין באַריקאַדן זענען נאָך דאָ נישט גע־ווען, נאָר דער ברוק איז שוין געווען צענומען אויף איינצלנע שטיינער. אַ גרופּע איז פאַרבייגעלאָפן מיט אַ טראָג־בעטל, דערויף אַ פאַרבלוטיקטער מאַן. די גאַס איז געוואָרן נערוועז. מען האָט געשאָסן פון אַלע זייטן. מענטשן זענען געלאָפן זיך באַהאַלטן אין די דערנעבנדיקע בלאָק־הייזער. קיין דייטשן האָט מען נישט געזען. זיי האָבן זיך געפונען אין די טאַנקן.

ביים שעכט־הויז אויף וואָזשיראַר בין איך ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ העפּטיקער שיסעריי. כ׳האָב זיך באַהאַלטן אין אַ הויז. כ׳האָב דאָך באַוויזן אָנצוקומען אַ גאַנצער צו פּאָרט בראַנסיאַן.

כ׳האָב זיך אַרויפגעשלעפּט אויפן 8־טן שטאָק. די ווינדע האָט נישט פונקציאָנירט. דאָס הויז איז מיר געווען אַזוי היימיש. צי וועל איך טרעפן סיזעטן? די טיר האָב איך גלייך דערקאָנט. מיטאַמאָל איז אויפגעקומען די פראַגע: וואָס וועט זיין, אויב עמעצער אַנדערש וווינט שוין דאָ? כ׳האָב שוין געהאַט פאַרגעסן סיזעטס פאַלשן נאָמען. אויף וועמען וועל איך פרעגן?

כ׳האָב באַשלאָסן אָנצוקלאַפּן. קיינער האָט נישט געענטפערט. אַ שכנטע איז אַרויס. כ׳בין געוואָרן דרייסטער:

— איז די קליינע פריילין נאָך נישט אַהיימגעקומען? פרעג איך.

— זי קומט זייער שפּעט, אַמאָל אינגאַנצן נישט. די צייטן זענען אומ־רואיקע.

יעדנפאַלס לעבט זי, זי איז אויף דער פריי. כ׳האָב זיך שטאַרק דער־פרייט. אַ וואַרעמער קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזאַציע. איצט בין איך ווי־דער געווען פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג.

אָבער שטיין אויף די שטיגן און וואַרטן ביז סיזעט וועט קומען האָב איך נישט געקאָנט. כ׳האָב אַרונטערגעלייגט אונטער דער טיר אַ בריוול און געמאַכט מיט איר אַ ראַנדעוו. „צומאָרגנס אינדערפרי זאָלסטו אויף מיר אומבאַדינגט וואַרטן״. כ׳האָב אויך באַשטעלט, ווי אין די אומלעגאַלע צייטן, אַ צווייטן ראַנדעוו אויף אַ טאָג שפּעטער.

דער וועג פון דער קליניק און צוריק האָט פאַרנומען כמעט דעם טאָג. די שיסערייען זענען געוואָרן וואָס אַמאָל העפּטיקערע, עס האָבן זיך גע־גרייט מן־הסתם שטאַרקע שלאַכטן. אַ ליאַדע מינוט האָט געקאָנט געשען אַ גרויסע זאַך. אונדזערע פלאַקאַטן האָבן גערופן, אַז די פּאַריזער באַפעל־קערונג זאָל אויפנעמען די אַלירטע סאָלדאַטן אין אַ באַפרייטער שטאָט. דאָס הייסט, אַז דאָס פאָלק זאָל פריער אַליין באַפרייען פּאַריז.

כ׳בין ווידער אַוועק צו דער באַריקאַדע ביי אינוואַליד. די שיסעריי איז געווען אַ שוואַכע, אָבער עס זענען געווען פאַרווונדעטע. די נאַכט איז

צוגעפאַלן. כ׳בין אַריין צו פאַני אין דער קליניק. מיטאַמאַל האָט געפּלאַצט אַ שויב. עס איז געפאַלן אין דער נאָענט אַ גראַנאַט. דער טאַק־טאַק פון אַ מאַשין־געווער האָט געגרילצט רעגולער.

עס האָבן זיך דערהערט געשרייען אין די גאַסן. די קראַנקן־שוועסטער האָט איבערגעגעבן, אַז היינט אָוונט דאַרף דער גענעראַל לעקלער אַריינ־קומען קיין פּאַריז. דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז דער פראַנצויזישער גע־נעראַל וועט האָבן דעם כבוד צו זיין דער ערשטער אַלירטער מיליטערי־שער שעף, וואָס וועט איבערטרעטן די שוועל פון דער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָט.

כ׳בין ווידער אַראָפּ אויף דער גאַס. ביי דער בריק אַלמאַ איז געלעגן איבערגעדרייט אַ פראַנצויזישער אויטאָ. פון יענער זייט בריק האָבן די דייטשן אים צעשמעטערט מיט אַ קליין האַרמאַטל. איצט איז דאָרט אָנגע־גאַנגען אַ שיסעריי. מ׳האָט געזען דאָס פייער. אויף דער באַריקאַדע ביי אינוואַליד איז געווען שטיל.

כ׳בין אַוועק דינגען אַ האָטעל־צימער אויף דער נאַכט. דער האָטעל־אייגנטימער האָט מיך געבעטן אויסצופילן דעם רעגיסטער פון די האָטעל־קליענטן, וואָס איז געווײנלעך באַשטימט פאַר דער פּאָליציי. קיין דאָקר־מענטן האָב איך, אָבער, נישט פאַרמאָגט. איך האָב אים געוויזן דאָס פּאַ־פּירל, וואָס מען האָט מיר געגעבן אין „טורעל" פאַרן אַרויסגיין. ער האָט עס אָנגענומען פאַר אַ דאָקומענט. ווי טראַכט די פּאָליציי אין אַזאַ צייט צו קאָנטראָלירן די האָטעל־רעגיסטערן ?

מיטאַמאָל זענען מיר אויפגעציטערט געוואָרן. די גלאָקן פון די קלויס־טערס האָבן זיך צעקלונגען. כ׳בין אַרויס צו מיין באַריקאַדע. אַלע גלאָקן האָבן געקלונגען יום־טובדיק. מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז דער סימן פון אַריינמאַרש פון גענעראַל לעקלער אין פּאַריז. די גלאָקן האָבן צע־טרייסלט די לופט פון פרייד.

כ׳בין אַרויפגעלאָפן זיך צעקושן מיט פאַני. מיר האָבןביידע דערלעבט דעם דאָזיקן סימבאָלישן מאָמענט פון באַפרייען די שטאָט, וועלכע מיר האָבן נישט געהאַט פאַרלאָזט אויף קיין איינציקן מאָמענט זינט די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע. מיר האָבן געוווסט, אַז דער קאַמף איז נישט פאַר־ענדיקט. לעקלער איז אָנגעקומען, ווייל מ׳האָט אים געעפנט די טויערן פון אינעווייניק. איצט האָט מען געדאַרפט אָפּרייניקן די שטאָט פון שונא און זיינע געהילפן.

צומאָרגנס באַלד אינדערפרי האָב איך זיך ווידער געלאָזט גיין צו סי־זעטן. זי האָט שוין אויף מיר געוואַרט, די טייערע חברטע. ביידע האָבן מיר נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיר טרעפן זיך. וואָס פאַר אַ באַגעגעניש. וויפל געלעגנהייטן האָבן מיר געהאַט צו פאַרלירן דעם קאָפּ, צו פאַרן קיין דראַנסי און ווייטער.

און דאָך טרעפן מיר זיך אין פּאַריז, אָן מורא פאַר דראַנסי, פאַר אוי־שוויץ. מיר זענען ווידער פריי. אונדזער קאַמף האָט דערגרייכט דעם ענד־פּונקט, מיר שלאָגן דעם שונא !

סיזעט האָט מיר אויף דער גיך דערציילט וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין אונדזערע רייען. כ'וועל דאָ געפינען נייע מענטשן, אומבאַקאַנטע, אָבער נאָענטע. דער פאַראַנטוואָרטלעכער איז אַלבערט יודין. אגב, כ'קאָן זיי באַלד זען. מיר האָבן שוין פאַרנומען לאָקאַלן און מיר אַרבעטן ווידער לעגאַל אויף דער ליכטיקער שיין.

ווי אויף פליגלען האָבן מיר אַדורכגעמאַכט דעם וועג פון פּאָרט בראַנסיאָן ביז דער באַסטיליע, צו דער גאַס טורנעל. אונדזער לאָקאַל האָט זיך געפונען טאַקע אין דער שול אויפן נומער 21. ווען כ'בין אַריין אין לאָקאַל, אין גערויש פון מענטשן, האָבן מיינע אויגן באַמערקט איין זאַך: געווער! ביקסן, ביקסן און ביקסן... דייטש געווער, פאַרכאַפּט ביים שונא. זיין אייגן געווער דינט קעגן אים...

מיר האָבן זיך אַמאָל געביסן די פינגער פאַר אַ רעוואָלווער, פאַרן ערשטן רעוואָלווער, און דאָ אַזויפיל ביקסן! אַ נאַציש מאַשין־געווער איז געשטאַנען אין ווינקל. עפּעס אַנדערש האָב איך נישט געזען. די רעשט זענען געווען נעבן־זאַכן. הענט האָבן זיך געשטרעקט צו מיר. ווען כ'וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט איך צעקושט אַ ביקס.

קיינער האָט דאָ נישט געטראָגן קיין געלע לאַטע. די ביקסן האָבן געשיצט אונדזער כבוד.

מ'האָט מיך איינגעלאַדן צו אַ זיצונג פון דער אָנפירונג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַלטע באַקאַנטע חברים: לייבל גאָרדאָן, זשאָזעף גרינער, פּאַלעט ראַפּאָפּאָרט, און אויך אומבאַקאַנטע: דער קאָמענדאַנט זשאַן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פּאַטריאָטישער מיליץ, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די פּאַרטיזאַנער און אַנדערע.

האַרט פאַר דער באַפרייאונג זענען געשאַפן געוואָרן אין פּאַריז יידישע אָפּטיילונגען פון דער פּאַטריאָטישער מיליץ, וועלכע האָבן אַרומגענומען די ברייטסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. זיי האָבן געציילט איבער 500 מיטגלידער, מענער און פרויען, באַזעצט 11 לאָקאַלן. אַלס טייל פון דער אַלגעמיינער פּאַטריאָטישער מיליץ איז זייער אויפגאַבע באַשטאַנען אין באַפרייען מעריס, אַרעסטירן יידישע קאָלאַבאָראַטאָרן, העלפן יידן אין פאַרשידענע פראַגן.

וויפל זענען מיר געבליבן פון די אַלטע? מיר האָבן געליטן גרויסע פאַרלוסטן, נאָר דער קאַמף גייט אָן טיפער און ברייטער ווי אין אָנהויב אָקופּאַציע. נאָך אַלע רעפּרעסיעס זענען מיר שטאַרקער ווי ווען עס איז. מיר זענען די אומבאַזיגבאַרע!

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בין איך געוואָרן באַוואָפנט. דער לאָקאַל איז געווען באַוואַכט. די שלאַכטן זענען אָנגעגאַנגען אין אַלע גאַסן. דער שונא האָט נאָך נישט געהאַט פאַרלאָזט די שטאָט. אויך זיינע געהילפן האָבן נאָך געאַרבעט. זיי האָבן געשאָסן פון די דעכער, פון די קעלערן, פון לעכער.

מען האָט מיך אַוועקגעפירט צו דער באַריקאַדע ביים פאָן סולי. ביי דער זעלבער בריק האָט מיר סאַראַ וואָנסקי דערציילט, די ערשטע, וועגן דער שוידערלעכער אַבלאַווע פון 16־טן יולי. עס איז איצט געלעגן דאָ אַן איבערגעדרייטער דייטשער טאַנק. טאָלעק קוטנער, דער זון פון אונדזער טייערן חבר דוד קוטנער, האָט געוואָרפן אַ פלאַש מיט בענזין און דער טאַנק האָט גענומען ברענען. די טאַנקיסטן האָבן באַצאָלט פאַרן לעבן פון זיין פאָטער דוד.

כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף דער פאַבריקאַציע פון דאָזיקן געווער. אַן עלטערער ייד — ווי קומען עלטערע יידן צו דער פאַטריאָטישער מיליץ ? — האָט מיר אויפגעקלערט דעם סוד פון דער אויפרייס־קראַפט פון די דאָזיקע פלעשער, די מאָלאָטאָוו־קאָקטאילס, רופט מען זיי.

— מען גיסט אָן — זאָגט ער — אַ פלאַש מיט טרערן פון פרויען און קינדער. מען מישט צו דעם ווייטיק פון אַ מאַמען, ביי וועמען מען האָט אַרויסגעריסן דאָס פיצעלע קינד פון די אָרעמס. מען גיט נאָך אַריין אַ פאָר טראָפּנס בלוט פון אומשולדיקע, מען פאַרקאָרקעוועט דאָס פלעשל מיטן לעצטן קרעכץ פון אַ דערמאָרדעטן אין אוישוויץ און מען וואַרפט עס מיטן געשריי פון אַן ערובניק אויפן מאָן־וואַלעריען: אַ טויט די נאַציס!

— קיינער קאָן נישט בייקומען אַזאַ געווער — האָט פאַרענדיקט דער ייד.

מיר נעמען נקמה. מיר שלאָגן דעם שונא. אַ מאַסן־מאָביליזאַציע האָט פאַרטראָטן די שיטער־געוואָרענע רייען. אומעטום קעמפן יידישע יוגנט־לעכע, אויפן בעלוויל, אויפן פלעצל, אויף רעפובליק, אויפן מאָנמאַרטר. אין אַלע גאַסן, אין אַלע ערטער, ווו אַ ייד האָט נישט געטאָרט זיך באַוועגן ערשט נישט לאַנג — פאַלן דאָרט איצט דייטשן און פאַרעטער. מיר נעמען נקמה פאַר די פיר יאָר אכזריות, פייניקונגען, דעפאָרטאַציע און מאָרדן.

די אָנפירונג האָט פאַראָרדנט צו באַזעצן די לאָקאַלן פון „אוזשיף", אויף 29 רי דע לאַ ביענפעזאַנס, אויף 19 רי טעהעראַן, אויף 120 בולוואַר דע בעלוויל, אויף 12 רי דע סאָל, רי זשאָרזש לאַרדענואַ אאַ"וו. אויך די „קאָלאָני סקאָלער" אויף 36 רי אַמלאָ איז געוואָרן באַזעצט.

עס איז אויך פאַראָרדנט געוואָרן צו אַרעסטירן די פירער פון דער „ברוינער קהילה", באַזונדערס דעם פאָרזיצער — עדינגער און דעם פאַר־בינדונגס־אַגענט צווישן „אוזשיף" און דער געשטאַפּאָ, ד"ר שינדלער. אין די לאָקאַלן פון „אוזשיף" האָבן מיר געפונען זיין לעגיטימאַציע אַלס נאַ־צישן אַגענט. מיר האָבן אויך באַשלאָסן איבערצוגעבן דער יוסטיץ אַן אָנ־פירערין פון „אוזשיף", די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער זעקסטער אָפּ־טיילונג.

מען האָט דערציילט אַ שוידערלעכע געשעעניש. די אָרגאַניזאַציע איז געוואָר געוואָרן אָנהויב יולי, אַז די געשטאַפּאָ גרייט זיך צו דעפאָרטירן די קינדער פון די „אוזשיף"־הייזער. די „ברוינע יידעלעך" האָבן די על־



די סינאַגאָגע אויף 21, רי דע טורנעל, ביים באַסטיל, ווו עס האָט זיך געפונען, אין די צימערן פון 1־טן שטאָק, די אָנפירונג פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג בעת די שלאַכטן פאַר באַפרייען פאַריז.

טערן געראָטן זיי אָנצופּאַרטרויען זייערע קינדער ערב דער דעפּאָרטאַציע. די קינדער זענען באַשטאַנען פון צוויי קאַטעגאָריעס: די בלאָקירטע, דאָס הייסט, וועמענס נעמען עס זענען געווען באַקאַנט אין דער געשטאַפּאָ, און די נישט־בלאָקירטע. אונדזער אָנפירונג האָט דאַן פאַרגעשלאָגן דער אויבנ־דערמאָנטער אָנפירערין פון „אוזשיף" צו ראַטעווען די קינדער און זיי אַוועקצופירן אין אַ זיכער אָרט. אויב די „אוזשיף"־פאַראַנטוואָרטלעכע וויל, קאָן מען זי אויך מיטנעמען. מיר שטעלן צו איר דיספּאָזיציע 150 באַ־וואָפנטע יוגנטלעכע. יעדער וועט נעמען איין קינד אָדער צוויי קינדער, וויל עס זענען געווען 240 באַדראָטע.

די פאַראַנטוואָרטלעכע האָט קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. אויך דער פּרע־זידענט פון „אוזשיף" איז געבליבן טויב צו אונדזער דראַמאַטישן רוף. דעם 24־טן יולי, 3 וואָכן פאַר דער באַפרייאונג פון פאַריז, זענען די אומשול־דיקע קינדערלעך אויפגעלאָדן געוואָרן אין די וואַגאָנען צום טויט.

פאַר דער שוץ פון זייער לעבן, פאַר זייער פּראָוויזאָרישער זיכערקייט, האָבן די „אוזשיף"־פירער מקריב געווען 240 קינדערלעך. זיי האָבן בעסער אויסגעקליבן די שוץ אונטערן האָקנקרייץ ווי די רעטונג פון די קינדער.

ווען מען האָט דאָס דערציילט, זענען טרערן געשטאַנען אין אַלעמענס אויגן. ווי קאָן מען באַגיין אַזאַ פאַרברעכן? ווי קאָן נאָך אַזאַ פרוי קוקן אין די אויגן פון אירע אייגענע קינדער? פון אַ וועלכן עס איז קינד?

די „אוזשיף"־לייט דאַרפן באַצאָלן דעם העכסטן פּרייז.

די „קאָלאַבאָראַציע" האָט זיי אפילו נישט שטענדיק געהאָלפן. כ׳בין געוואָר געוואָרן, אַז דער ערשטער פּרעזידענט פון „אוזשיף", אַנדרעי באַר, איז דעפּאָרטירט געוואָרן מיט זיין פרוי און קינדער.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט צו פאַרצייכענען העראָאישע אַקטן בעת דער רעטונג פון די יידישע קינדער. ס׳האָט עקזיסטירט אַ גרויסע צאָל אָפּגעראַטעוועטע קינדער ביי אונדז. זיי זענען, פאַרשטענדלעך, נאָך געווען צעוואָרפן אין פאַרשידענע ערטער, ביי פראַנצויזישע פאַמיליעס, אין שטאָט, אויפן דאָרף, אין קלויסטערס, אין אינסטיטוציעס. מען וועט ערשט דאַרפן זיי צונויפזאַמלען און זאָרגן פאַר זייער צוקונפט. אַ נייע נאָ־בעלע אויפגאַבע!

שעה נאָך שעה האָבן מיר נאָכגעפאָלגט און מיטגעמאַכט די אָפּעראַ־ציעס, כדי אָפּצורייניקן די שטאָט פון אָקופּאַנט, לויט די באַפעלן פון דער פּאַטריאָטישער מיליץ און פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג פון פאַריזער באַפרייאונגס־קאָמיטעט. כ׳בין געוואָר געוואָרן, אַז אין שפּיץ פון דער הויפּט־שטאָט שטייט נישט קיין אַנדערער ווי דער גוט־באַקאַנטער סינדי־קאַלער טוער, אַנדרעי טאָלע, פאַרזיצער פון פאַריזער באַפרייאונגס־קאָ־מיטעט, וואָס איז אָפּט אַרויסגעטראָטן פאַרן קריג פאַר יידישע אַרבעטער. איצט געפינט זיך זיין ביוראָ אין האָטעל דע וויל (פאַריזער שטאָטראָט), דאָס איז נאָך אַ באַווייז פון דער ראָל, וואָס עס האָט געשפּילט דער אַר־בעטער־קלאַס אין דער באַפרייאונג פון דער הויפּט־שטאָט.

אין אַ סך מעריס האָבן די קאָמוניסטישע מערן איבערגענומען די פּאַרוואַלטונג. אין 11־טן אַראָנדיסמאַן איז אַלס מער באַשטימט געוואָרן דער באַקאַנטער אַרכיטעקט, באָנעריק, ביי וועמען איך בין איבערגעשלאָפן אַ נאַכט אין 1941. די שטאָטישע מוניציפּאַליטעטן זענען פּאַקטיש דעראָ־בערט געוואָרן דורך דער פּאַטריאָטישער מיליץ און די איצטיקע מערן גופא זענען ווידערשטענדלער.

דער נאַציישער הויפּט־קאָמענדאַנט פון פּאַריז, פאָן שאָלטיץ, האָט קאַ־פּיטולירט ביים וואָקזאַל פון מאָנפּאַרנאַס. ביים אונטערשרייבן דעם אַקט האָט זיך געפונען צוזאַמען מיטן גענעראַל לעקלער דער קאָלאָנעל ראָל־טאַנגי.

ווער עס האָט נישט געזען די ערשט־נישט לאַנג אַזוי חוצפּהדיקע יע־קעס איצט אַנטוואָפנטע אויפן אינוואַלידן־פּלאַץ מיט די הענט אויף די קעפּ, אַרומגערינגלט דורך באַוואָפנטע מיליציאַנערן, באַגלייט דורך יונג און אַלט, דער האָט פאַרלוירן אַ געלעגנהייט צו קוויקן זיך זיין האַרץ. די ציווילע באַפעלקערונג האָט זיי געשפּיגן אין די פּנימער אַריין, געוואָרפן שטיינער אין די רייען, כאָטש די פּאָליציי האָט געשטערט.

פון פּאָרנט איז געגאַנגען אַ גענעראַל, דעם מאַנטל אויפגעקנעפּלט, גאָרנישט ווי אַ דייטשער מיליטער־מאַן און אוודאי נישט ווי דאַן, ווען די ווערמאַכט האָט אַדורכגעשניטן דעם רעפּובליק־פּלאַץ, דעם 14־טן יוני 1940. נאָך אים אין רייען, אין אומאָרדענונג, האָבן מאַרשירט זיינע „העלדן" אויף מאָרדן אומשולדיקע מאַמעס און קינדער. זייערע באַטשוועקטע שטיוול האָבן מער נישט געקלאַפּט אין איינקלאַנג אין גענזן־גאַנג. דער ריטם איז געוועזן צעבראָכן. דער גאַנג איז נישט געווען קיין זיגערישער. די באַזיגטע „אומבאַזיגבאַרע" זענען געפירט געוואָרן אויפן אינוואַלידן־פּלאַץ.

...איר דערמאָנט זיך, דייטשע גענעראַלן, אייער אַריינמאַרש אין אונ־דזער שטאָט מיט איבער 50 חדשים צוריק? איר האָט דאַן געמיינט מיט אייער קלאַפּן אין גענדזן־גאַנג צו צעקוועטשן אונדזער שטאָלץ. עס האָט אייך דאַן אָנגעקוקט אַ קליינער עולם אויף די גאַסן, אַ צעשראָקענער. היינט זענט איר אַדורכגעגאַנגען אויף דעם אינוואַלידן־פּלאַץ, אויף רע־פּובליק און אויף אַנדערע פּלעצער דורך אַ שפּאַלער פון אַ הודזשענדיקער מאַסע, אַ ים פון האַס האָט אייך אַרומגענומען ווי וואַסער אַן אינדזל. ווען נישט די פּאָליציי, וואָלט מען אייך דאָ געשאָכטן ווי די הינט. עס זענען געפלויגן שטיינער. מען האָט אייך געשפּיגן אין פּרצוף.

אַלפרעד ראָזענבערג האָט געפּרוווט זיך אָפּצורעכענען מיט די אידע־אַלן פון 1789. איצט דאַרף ער זיך גרייטן אַליין אָפּצוגעבן אַ רעכענונג.

און די פראַנצויזישע שותּפים פון די נאַציס? די ליפעראַנטן, די שפּעק־קולאַנטן, די פּראָסטיטוטקעס? ווי געפּגרטע שטשורעס האָט מען זיי גע־פונען אינדערפרי אויף די טראָטואַרן ביי די טויערן. מיט אָפּגעשוירענע קעפּ האָט מען אַרומגעפירט פּרויען איבער די גאַסן צו שאַנד און צו

שפּאָט. דראַנסי איז געוואָרן פול מיט נייע פּענסיאָנערן, די נעכטיקע צושטעלער פון מענטשן האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון זייערע קרבנות.

אין די יידישע קוואַרטאַלן האָבן זיך געגאָסן טייכן טרערן, פון פרייד און פון טרויער. פון די לעכער זענען אַרויס די טעראָריזירטע, די באַהאַלטענע. אַ טייל האָט זיך גלייך געשטעלט אויף די באַריקאַדן. די לעבנגעבליבענע אַנגאַזשירטע פון 1939 און די אַנדערע לעבנגעבליבענע האָבן צום ערשטן מאָל באַקומען אַ ביקס. זיי האָבן איצט געקאָנט באמת אויספירן זייער אַנגאַזשירונג פון דער קאַזאַרמע רעאי און פון אַנדערע קאַזאַרמעס: שלאָגן די נאַציס! זיי האָבן טאַקע נישט געזשאַלעוועט קיין כוחות.

איך האָב ווידער דערזען די גאַסן פון בעלוויל, אָבער אויסגעליידיקטע פון באַקאַנטע יידן. עס זענען דאָ געווען אַנדערע יידן.

זיי האָבן מן־הסתם נאָך פריער דאָ געוווינט, נאָר אויף באַריקאַדן זענען זיי געווען צום ערשטן מאָל. אין 1934, דעם 9־טן פעברואַר, אויף די באַריקאַדן קעגן אָנגרייפנדיקן פראַנצויזישן פאַשיזם, זענען זיי נישט געווען. זיי האָבן נאָך דאַן נישט געזען, אַז דאָס איז געווען די פּרעליודיע צו דער היינטיקער שלאַכט. ערשט אין לויף פון די אָקופּאַציע־יאָרן זענען זיי צוגעטרעטן צום אַנטי־פאַשיזם.

אויף דער זיצונג פון אונדזער אָנפירונג, פאַר מיין אָנקומען, איז באַשלאָסן געוואָרן ווידער אַרויסצוגעבן לעגאַל די „נייע פּרעסע". אָבער עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז געווען אומעגלעך. קיין דרוקערייען, קיין פּאַפּיר, קיין שריפט, קיין עלעקטרישער שטראָם, קיין זעצער, קיין דרוקער. אָבער אַלע שוועריקייטן זענען באַזיגט געוואָרן. דער זעצער פון דער צענטראַלער מ. אָ. אי. האָט געבראַכט יידישע שריפט. די דרוקעריי אויף 32, רי מענילמאָנטאַן איז געווען געשלאָסן? מיר'ן זי עפענען. עס איז נישט געווען קיין שטראָם? מיר'ן דרייען מיט די הענט.

חבר מוניע, דיין אומלעגאַלע צייטונג איז ווידער אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין! אין צוויי זייטן, אין אַ משונהדיקן מיז־אַן־פּאַזש, מיט איין מין שריפט, מיט אַ נישט־אויסגעפּולטער זייט — אָבער זי איז דערשינען!

זי האָט געטראָגן די דאַטע פון 6־טן סעפּטעמבער, אַ מיטוואָך. דער נומער 1 פון דער נייער לעגאַלער סעריע. נאָך 90 נומערן אומלעגאַלע אונטערן נאָמען „אונזער וואָרט".

מיר האָבן אויך באַשלאָסן צונויפצורופן אַ מיטינג פון דער יידישער באַפעלקערונג, אויפן הויף נר' 4 אויף רי דע ראָזיע, אין הויז פון דער טעכנישער שול. עס איז געקומען אַ ריזיקער עולם, אויף וועמענס פּנימער עס איז געלעגן די פּיין פון די איבערגעלעבטע יאָרן און פון די שרעקלעכע פאַרלוסטן, אָבער אויך די פרייד פון דער צוריקגעפונענער פרייהייט. עס האָבן זיך געטראָפן באַקאַנטע און פריינט, וואָס האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט. יעדער האָט קוים באַוויזן צו זאָגן אַ וואָרט וועגן זיין אייגענער רעטונג. יעדער האָט געהאַט אַזאַ לאַנגע געשיכטע צו דער־

ציילן. יונגע קעפ זענען גראָ געוואָרן. קיין קינדער האָט מען כמעט נישט געזען.

צוליב דעם דינאַמיזם פון מאָמענט זענען צו מיר אָנגעקומען נאָר ברעקלעכווייז ידיעות וועגן דעם פאַרצווייגטן פאַרנעם פון אונדזער באַוועגונג אין דער דרום־זאָנע. אין די שטעט און שטעטלעך, געיאָגט און געפלאָגט דורך דער געשטאַפּאָ און דער פאַרעטערישער פּאָליציי פון ווי־שי־רעזשים, זענען די קעמפער האַרטנעקיק און אַנטשלאָסן געגאַנגען אין שלאַכט.

צענדליקער העלדן זענען געפאַלן, צווישן זיי שאַרל וואַלמאַרק און זשיליען זערמאַן אין גרענאָבל, סימאָן פרעד איז געקעפּט געוואָרן אין ליאָן. צענדליקער און צענדליקער זענען אומגעקומען אין אומבאַקאַנטע באַדינגונגען. אין טולוז איז אויסגעוואקסן צו אַ לעגענדאַרער פיגור דער העלד מאַרסעל (מענדל) לאַנגער.

— מיט אַזעלכע מענטשן — האָט געזאָגט דער פּראָקוראָר אויף זיין פּראָצעס — וועלן זיי (געמיינט די ווידערשטענדלער) גיין וווייט, זייער ווייט.

דער זעלבער פּראָקוראָר, וועלכער האָט לאַנגערן פאַרמשפּט גיליאָ־טינירט צו ווערן, איז 8 טעג שפּעטער געוואָרן אַראָפּגערוימט.

אין דער גאַנצער דרום־זאָנע זענען פאָרגעקומען צאָלרייכע אַקטן פון ווידערשטאַנד, וואָס האָבן באַרימט געמאַכט די יידן צווישן די ברייטס־טע שיכטן פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג.

צווישן דער יידישער איז געשטיגן אונדזער אָנזען. אין זומער 1943 איז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו גרינדן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַרטרעטן די „סאָלידאַריטעט”, וועמענס ראַמען זענען געוואָרן צו שמאָל. די נייע אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען דעם נאָמען „פאַרבאַנד פאַר ווידער־שטאַנד און קעגנזייטיקער הילף” (אוניאָן דע זשוויף פור לאַ רעזיסטאַנס ע ל'אַנטר'עד).

און פונקט אַזוי ווי עס איז אַנטשטאַנען אויף דער פראַנצויזישער גאַס דער „נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פון ווידערשטאַנד”, דער ס. נ. ר., אין וועלכן די קאָמוניסטן האָבן געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל, אַזוי האָט מען אויך אויף דער יידישער גאַס ענדלעך פאַרשטאַנען און אָנערקענט די ערשטראַנגיקע ראָל, וואָס די יידישע קאָמוניסטן האָבן געשפּילט אין באַ־פרייאונגס־קאַמף.

דער „פאַריזער יידישער פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט”, ווי מען האָט גע־רופן דעם אייניקייטס־קאָמיטעט, וואָס איז סוף־כל־סוף צושטאַנדגעקומען אין פאַריז, אָנהויב 1944 צווישן אונדז און דער „פעדעראַציע”, האָט אי־בערגענומען די אָנפירונג פון די פאָלקס־קיכן, געטיילט די ערשטע שטי־צע, סובווענציאָנירט אפילו די יידישע פאַטריאָטישע מיליץ און אונדזער אָפּטיילונג פאַר ראַטעווען קינדער. דער קאָמיטעט האָט אויך די יידישע באַפעלקערונג גערופן צום מיליטערישן ווידערשטאַנד קעגן שונא. ער האָט אויך באַשלאָסן צו פאַטראָנירן די יידישע מיליטערישע אייניקייט

אויפן נאָמען פון העלד מאַרסעל רײַמאַן, װעגן װעמען כ׳האָב ערשט איצט געהערט צום ערשטן מאָל.

23 זענען זיי געװען: יידן, אַרמענער, פראַנצויזן, איטאַליענער, בול־גאַרן, שפּאַניער. זייערע נעמען און פּאָטאָס האָבן זיך געפֿונען אויף דער לעצטער קלעפּסידרע, וואָס האָט פֿאַרטרויערט די פּאַריזער מויערן און די מעטראָ־װענט. זייערע אויפֿטוען? צו לאַנג צו דערציילן. צװישן אַנדערע, האָבן זיי ליקווידירט פֿאָן ריטער, דעם פֿאַרטרעטער אין פֿראַנקרייך פֿון מענטשן־הענדלער פֿאָן זאוקעל. אויך דער קאָמענדאַנט פֿון גרויס־פּאַריז, פֿאָן שאומבורג, איז געפֿאַלן פֿון זייערע נקמה־הענט. אויפֿן פּראָצעס, אין פֿעברואַר 1944, האָט רײַמאַן דערקלערט זײַנע ריכטער, די בלוטיקע נאַציס:

— איך בין אַ ייד. אַלס ייד קאָן איך נישט לעבן אָן דעם, אַז איך זאָל נישט קעמפֿן קעגן אייך.

מען האָט מיר מיט שטאָלץ איבערגעגעבן די איינצלהייטן פֿון דער עקזעקוציע, אויסגעפֿירט קעגן קאָמענדאַנט פֿון גרויס־פּאַריז, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון מאַרסעל רײַמאַן.

דער פּלאַן איז שוין פֿאַרטיק געװען פֿון לאַנג. נאָר צוליב פֿאַרשידע־נע סיבות האָט מען אים נישט געקאָנט אויספֿירן.

יעדן פֿרימאָרגן פֿלעגט פֿאָן שאומבורג אַרויספֿאָרן פֿון זײַן װילע ביים בולאָנער װאַלד אין דער ריכטונג פֿון זײַן ביוראָ, אויף רי דע ריוואָלי, פֿון װאַנען ער פֿלעגט אַרויסשיקן זײַנע טויט־אורטיילן.

איין טאָג, ענדע יולי 1943, איז אויך געקומען זײַן ריי. אַרײַנפֿאָרנדיק פֿון רי פּאָל דומער אין דער רי ניקאָלאָ, אין פּאַסי־קװאַרטאַל, האָט דער אויטאָ באַקומען אַ באָמבע און איז זיך צעפֿלויגן אויף שטיקלעך, צוזאַמען מיט די פּאַסאַזשירן: פֿאָן שאומבורג, זײַן אַדיוטאַנט, זײַן שאָפֿער און זײַן באַגלייטער. צוזאַמען פֿיר שמוציקע ברואים.

אַט דער אָנגריף געהערט צו די באַדייטנדיקסטע העלדישע אַקטן, װאָס די באַװאָפֿנטע אָפּטיילונגען האָבן דורכגעפֿירט.

מען האָט מיר אויך דערציילט, װי אַזוי עס איז אַדורכגעפֿירט גע־װאָרן דער אַטענטאַט קעגן פֿאָן ריטער, װאָס האָט דעפּאָרטירט הונדער־טער טויזנטער פֿראַנצויזן אויף צװאַנגס־אַרבעט קיין דײַטשלאַנד.

דאָס איז געשען אין סעפּטעמבער 1943. די אָנפֿירונג פֿון די פּאַרטי־זאַנער האָט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל אויף ד״ר ריטער.

9 אַזייגער אינדערפֿרי האָט געװאַרט אויף אים אַ ספּעציעלע אָפּטיי־לונג, אויף רי פּעטראַרק, אין 16־טן אַראָנדיסמאַן. עס האָבן זיך דאָרט געפֿונען דער שפּאַניער אַלפֿאָנסאָ, דער ייד מאַרסעל רײַמאַן און אַ דײַ־טשער אַנטי־פֿאַשיסט. אַלע דריי האָבן געהאַט בלוטיקע חשבונות מיט די נאַציס.

ווי יעדן טאָג, האָט ריטער פאַרלאָזן זיין גאַראַזש און איז אַרויסגע־פאָרן מיטן וואָגן. ער האָט באַקומען אַ קויל פון אַלפאָנסאָ. ער האָט גע־פּרוּווט אַרויסצושפּרינגען פון אויטאָ, נאָר ריימאַן האָט אויפגעכאַפּט זיין באַוועגונג און אין איין אויגנבליק אַריינגעשאָסן אין אים דריי קוילן.

אָט אַזוי האָט מען ליקווידירט דעם מענטשן־הענדלער נומער 1 אין פראַנקרייך.

אויפן פּראָצעס האָט ריימאַן נישט פאַרבאַהאַלטן זיינע אויפטוען זינט 1942. פאַרקערט, ער האָט מיט זיין שטאָלצער האַלטונג געמאַכט אפילו אויף די נאַצישע ריכטער אַ שטאַרקן איינדרוק.

מאַרסעל ריימאַן איז דערצויגן געוואָרן פאַר דער מלחמה אין די צור־גאָב־שולן פון אַרבעטער־אָרדן. ער איז געוואָרן דער שטאָלץ פון גאַנצן ישוב. אויף זיין נאָמען איז געגרינדעט געוואָרן אַ מיליטערישע איינהייט אין די ראַמען פון די אינערלעכע פראַנצויזישע כוחות — די פ. פ. אי. — די נייע פראַנצויזישע אַרמיי.

די איינהייט איז איינגעשטאַנען אין דער קאַזאַרמע פון רעאי — אין דער זעלבער, אין וועלכער עס זענען געקומען טויזנטער פּריוויליקע, אין סעפּטעמבער 1939, אונטערשרייבן זייער אַנגאַזשירונג „פור לאַ דירעי דע לאַ גער״ — פאַר דער דויער פון דער מלחמה. זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די טויזנטער אין די סטאַלאַגן, אין די קאָנצענטראַציע־לאַ־גערן, אָבער זייער פּלאַץ האָבן פאַרנומען די יוגנטלעכע, וועלכע זענען פאַר דער מלחמה און בעת דער פינצטערער נאַכט דערצויגן געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דורך די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס. איצט זענען ווידער געווען יידישע זעלנער אין דער קאַזאַרמע רעאי. דאָס מאָל אָן אַ פאָרמעלער אַנגאַזשירונג, אָן אַ מונדיר, וואָס אַנטשפּרעכט דעם רעגולאַמין, אָבער מיט ביקסן אין די הענט. יעדער זעלנער האָט געהאַט אַ ביקס. דאָס רוב איז אַדורך דעם פייער פון פראָנט פאָרן אָנקומען אין דער קאַזאַרמע. עס איז געשען דאָס פאַרקערטע ווי אין וואַלבאָן. זיי זענען געגאַנגען באַוואָפנטע מיט אַ נייעם גייסט. אויף זייערע פענער איז געווען אויסגעהאַפטן: נקמה פאַר פּיטיוויע, נקמה פאַר באָן־לאַ־ראָלאַנד, נקמה פאַר דראַנסי, נקמה פאַרן 16־טן יולי 1942, נקמה פאַר אוישוויץ, נקמה פאַר די טאַטעס, פאַר די מאַמעס, פאַר די שוועסטער, פאַר די ברידער.

אין זייער שפּיץ האָט געפלאַטערט אַ פאָן מיט איין וואָרט: פרייהייט!

חבר לייבל גאָרדאָן האָט מיר צו וויסן געגעבן, אַז אין דער קאַזאַרמע רעאי וועט פאָרקומען אַ צערעמאָניע פאַר די אויסלענדישע אָפּטיילונגען פון דער אַרמיי. מ׳האָט פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל באַגריסן די ריימאַן־קאָמפּאַניע.

איך האָב זיך שטאַרק געפרייט און בין געווען שטאָלץ מיטן כבוד, וואָס איז מיר געוואָרן צוגעטיילט.

מיטן חבר לייבל האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן ביים שונא, און מיר זענען פאַרפאָרן צו דער קאַזאַרמע.

פאַר אונדז, פאַר לייבלען און מיר, די אויסלענדער אָן שום דאָקו־מענטן, האָבן זיך געעפנט ברייט די שלאַבאַנעס פון דער פראַנצויזישער קאַזאַרמע, אין וועלכער כ'האָב געהאַט זיך אַנגאַזשירט פונקט מיט 5 יאָר צוריק. די סאָלדאַטן האָבן סאַלוטירט. זיי האָבן נישט געפרעגט נאָך אונ־דזערע דאָקומענטן, נישט אויף די אויסלענדישע, נישט אויף די „פראַנ־צויזישע" מיט פאַלשע נעמען. זיי האָבן סאַלוטירט אונדזערע פאַרדינסטן פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד. נישט בלויז אונדזערע פערזענלעכע, נאָר דער עיקר די פאַרדינסטן פון די יעניקע, וועמען מיר האָבן פאַרגעשטעלט אין דעם מאָמענט. מיר זענען דעמאָלט געווען איבערצייגט: אין דער ניי־ער אַנטי־היטלעריסטישער אַרמיי וועלן די בירגער־פראַגן געלייזט ווערן נישט דורכן קריטעריום פון נאָמען אָדער געבוירן־לאַנד, נאָר דורכן פלאַץ אינעם פרייהייט־קאַמף. אונדזער אָנטייל אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג וועט זיין אַ גאַראַנטיע פאַר אונדזערע רעכט אין דער צוקונפט.

אויפן הויף זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט די קאָמפּאַניעס אונטער דער אָנפירונג פון קאָמענדאַנט אַליוויע. מען האָט מיך אים פאַרגעשטעלט. ער איז געקומען אַהער פון דער מ. אָ. אי., פון דער רומענישער סעקציע. ער האָט אונדז פאַרגעשטעלט פאַר אַלע שעפן פון די קאָמפּאַניעס. איינער פון זיי איז געווען אונדזער גוט־באַקאַנטער אַקטיוויסט פון 10־טן אַראָנ־דיסמאַן, חבר יערושין, דער מאַן פון טייבקע קלעשטשעלסקאַ, וועלכע איז צעריסן געוואָרן דורך אַ באָמבע אין די וועלדער פון וואַלע דע־שעוורעז, נישט ווייט פון פּאַריז.

איינער נאָכן אַנדערן האָבן די שעפן אָפּגעגעבן דעם ראַפּאָרט וועגן זייערע איינהייטן.

איינער נאָכן אַנדערן האָבן די פאַרשטייער פון די פאַרשידענע אימי־גראַציעס זיך געוואָנדן צו זייערע מיטבירגער. מיין ריי איז אָנגעקומען און אין ערשטן מאָמענט האָב איך זיך פאַרלוירן. ס'איז מיר שווער געווען צו לייענען די אָנגעשריבענע פאַר ווערטער. נאָר מען האָט געדאַרפט זיך באַהערשן.

— חברים! — האָב איך קוים אַרויסגעשעפּטשעט. כ'האָב אָפּגעאָ־אָטעמט טיף און געהויבן דעם טאָן: — אין נאָמען פון דער אָנפירונג פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג — מיין שטים, האָב איך געפילט, האָט געקלונגען שוין הילכיקער — זענען מיר געקומען אין אַ דעלעגאַ־ציע אייך באַגריסן, יידישע זעלנער פון דער נייער אַרמיי.

— ווען איר וועט אַרויס אויפן פראָנט מיטן געזאַנג פון דער „מאַר־סעליעזע" — האָב איך ווייטער געזאָגט — זאָלן פאַר אייערע אויגן שוועבן די בילדער פון גרויל און פון מאַרטירערטום. געדענקט, אַז אין יעדער קויל אייערער ליגט אונדזער גאַנצער האַס צו די נאַצישע מער־דער. יעדער גראַנאַט וועט פאַרמאָגן די אויפרייס־קראַפט פון אייער קללה פאַר די קאַניבאַלן פון דער היטלערישער אַרמיי. אַ טויט די נאַ־

ציס! — זאָלט איר איבערחזרן יעדע מינוט. עס איז נישט פאַראַן קיין פלאַץ אויף דער וועלט פאַר אונדז און פאַר זיי. אָדער מיר, אָדער זיי. מיר האָבן יאָרן לאַנג געליטן, מיר האָבן צוריקגעשטויסן דעם שונא, היינט איז געקומען די צייט אים צו פאַרניכטן מיטן וואָרצל. אייער ענד־ציל איז די נאָרע פון דער רוצחישער בעסטיע. דערשטיקט זי דאָרט. אין אייערע אָדערן פליסט דאָס בלוט פון די חשמונאים, פון בר־כוכבא, פון הירש לע־קערט, פון באַטווין, פון די שפּאַנישע מיליציאָנערן... איר טראָגט דעם רום־פולן נאָמען פון מאַרסעל ריימאַן. איר זענט קינדער פון אַלע פרייהייטס־קעמפער פון דער מענטשלעכער געשיכטע. איר זענט אייניקלעך פון די באַסטיליע־שטורמער, פון די קאָמונאַרן, פון די קעמפער פון דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע. איר זענט אַ טייל פון דער קעמפנדיקער מענטשהייט, וועלכע וועט פאַרענדיקן מיט די עפּאָכעס פון פאַרפאָלגונגען, פון אונטער־דריקונגען, פון ראַסיזם, פון אַנטיסעמיטיזם, פון קסענאָפאָביע. זאָל דער שפּיץ פון אייער גלאַנציקן באַגנעט שטענדיק זיין געוואָנדן צום שונא, צום פאַשיזם.

— אַ טויט דעם פאַשיזם, זאָל לעבן די פרייהייט!

איינע נאָך די אַנדערע האָבן די קאָמפּאַניעס ריטמיש, מיט פעסטע, אַנטשלאָסענע טריט, אַרויסגעמאַרשירט פון דער קאַזאַרמע צום וועג. די שלאַבאַנעס האָבן זיך ברייט געעפנט. די סאָלדאַטן פון דער וואַך האָבן סאַלוטירט.

די אַרמיי איז אַרויס אין דער באַפרייטער שטאָט, פאַרפאָלגנדיק די צוריקלויפנדיקע, די צוריקגעשטויסענע פון די פראָנטן דייטשע דיוויזיעס. זי איז אַוועק אויף די וועגן, וואָס האָבן געפירט קיין בערלין.

# אינהאַלט

זײַט

